# אינהאַלט:



## געווען אַמאָל אַ ייִדיש שטעטל אין פּוילן...



## אין די גרינע יאָרן



## מענטשן...

## ווענעסועלאַ



## אַרגענטינע



## פּאַנאַמאַ

געהייליקט דעם אָנדענק פון מײַן פאָטער, ר׳ איטשע פרץ ז״ל, נפטר געוואָרן אין יאָר תרפ״א, מײַן מוטער שרה, מײַנע שוועסטער פרימעט און חנה, און מײַנע ברידער מאיר און זישע, וועלכע זײַנען מיט זייערע משפחות אומגעקומען אין אונדזער לעצטן חורבן צוזאַמען מיט די מיליאָנען קדושים.

# פון מחבר

איך בין אַ ייִד אַ סוחר, אַן אינדוסטריאַל, מײַן גאַנץ לעבן. נישט קיין שרײַבער פון „פאַך"; אָבער, מעגלעך אַז עפּעס יאָ — פון באַרוף. איך האָב שטענדיק געפירט טאָגביכער, געמאַכט פאַר־צייכענונגען, געשריבן לאַנגע בריוו צו פרײַנד, פון צײַט צו צײַט פּובליקירט אַן אַרטיקל אין אַ צײַטונג, און זיך געחברט מיט שרײַ־בערײַ און שרײַבערס. דאָס איז איינע פון מײַנע „שוואַכקייטן"; די צווייטע איז, מײַן שאַרפער אינטערעס פאַר — מענטשן. פאַר מיר איז אַ מענטש — אַ רעטעניש, וועלכע איך זוך מיט ברענענדיקן נײַגער צו באַשיידן. און אַז מיר גיט זיך אײַן אַרײַנצוּבליקן אין דער טיף, אין דער נשמה, און אַרויסברענגען אויף דער ליכטיקער שײַן אַ באַהאַלטענעם מענטשלעכן שטריך, בין איך איבערגליקלעך.

וועט איר טרעפן אין דעם בוך מענטשן, טיפּן, כאַראַקטערן — רעטענישן... עס איז זייער שווער צו באַשיידן דעם סוד פון מענטשלעכן לעבן, אָבער אויף דעם סוד איז פיקסירט מײַן אויפ־מערקזאַמקייט, און דער לייענער וועט האָבן וועגן וואָס צו טראַכטן.

איך בין אַלע יאָרן אַן אַקטיווער געזעלשאַפטלעכער טוער, וואָס האָט געלייגט דעם יסוד פון דעם ייִדישן לעבן אין דעם ווײַטן לאַנד, וועל איך דערציילן אויך וועגן לעבן פון ישוב. איך פיל, אַז אָט „דער ייִד פון אַ גאַנץ יאָר" וואָס איך בין, האָט עפּעס וואָס צו זאָגן דער ייִדישער וועלט און איך האָף, אַז דער לייענער וועט אויך האָבן עפּעס געלערנט.

אין דעם ווײַטן ווינקל פון צענטראַל־אַמעריקע ווו־הין דער ייִדישער גורל האָט מיך פאַרוואָרפן, אין דעם קליינעם ישוב, אָפּ־געריסן פון דער גרויסער ייִדישער וועלט, איז אויך באַגרענעצט

די אינטעלעקטועלע סביבה און דאָס גײַסטיקע לעבן. און אין דער שטרעבונג זיך אײַנצובירגערן אין לאַנד, בירגערט מען אויך זיך אײַן אין דער לאַנד־שפּראַך, און מען געווינט אויך פרײַנד צווישן נישט־ייִדן. איך בין, חלילה, נישט פאַרגוייִש געוואָרן; פאַרקערט, איך האָב נאָך אייניקע גוים — פאַרייִדישט; מענטשן מיט אַן אָפן האַרץ, ברייטער קולטור און טיפע הומאַניטאַרע געפילן, האָבן זיי אַ פאַר־שטענדעניש פאַר דער היסטאָרישער ראָלע פון ייִדישן פאָלק, און אַ וואַרעמע באַציִונג צום ייִדישן מענטשן. איינער פון זיי איז לויִס ווידאַלעס, דער נאַציאָנאַלער פּאָעט פון קאָלאָמביע, וואָס האָט גע־שריבן אַ הקדמה צו אָט דעם בוך, וועלכעס איז פריִער דערשינען אין שפּאַניש.

אין קאָלאָמביע איז נישט פאַראַן קיין ייִדישע דרוקערײַ, און דאָ איז לײַכטער אַרויסצוגעבן אַ בוך אין דער לאַנד־שפּראַך ווי עס לאָזן דרוקן ערגעץ־ווו אין ייִדיש. און אַזוי האָט זיך געשאַפן אַ שידוך פון אַ קאָלאָמביאַנער פּאָעט און קאַטעדראַטיקער מיט אַ זשעלעכאָווער פאָלקס־ייִד, גיב איך אים איבער דאָס — פאָרוואָרט.

שמעון גובערעק

# צו די לייענערס

איין מאָל איז סימאָן גובערעק געקומען צו מיר אין שטוב, אַוועקגעלייגט אויפֿן טיש אַ פּאַק פּאַפּירן, און געבעטן איך זאָל מעיין זייַן אין זייַן שאַפֿונג. ער פֿאַראייביקט דאָ, האָט ער געזאָגט, ווי אַ גוטער צושויער, די אייַנדרוקן, וואָס עס האָט געמאַכט אויף אים דער ספּעקטאַקל פֿון לעבן, דער גורל פֿון מענטשן און פֿון זאַכן... איך בין זיך מודה, אַז עס האָט מיר לכתחילה אויסגעזען נישט „בסדר" דער ענין פֿון אַן אינדוסטריאַל, וואָס דערשייַנט גאָר ווי אַ שרייַבער. אָבער איך האָב גלייַך איבערגעטראַכט, און אַ שמייכל פֿאַר זיך אַליין, האָט גיך אָפּגעווישט דעם חידוש. סך הכל בין איך דאָך אויך איינער פֿון די, וואָס האָט פֿאַר זייַן פּרנסה געמאַכט די „וויסנשאַפֿטלעכע סטאַטיסטיק" און זינגט זייַן גאַנץ לעבן שירה דער געטין פֿון די מוזעס. קאָנטראַסטן דערגאַנצן זיך, דאָס ליגט אין דער נאַטור פֿון מענטשן.

דערציילט דאָ דער מחבר, אַז ער קומט פֿון אַ לאַנד פֿול מיט סתירות, און דאָך האָבן דאָרט זייער פֿייַן זיך געפּאָרט, שווערע מענטשלעכע פּראַצע אויפֿן טעגלעכן שטיקל ברויט מיט אַ פֿיל־פֿאַרביקער רייַכקייט פֿון אַ גייַסטיק לעבן. דאָרט זייַנען אויפֿגע־גאַנגען גרויסע קינסטלערישע קרעפֿטן, וואָס האָבן די יידישע שפּראַך און איר ליטעראַטור, אַרייַנגעפֿירט אין פּאַנטעאָן פֿון דער אוניווערסאַלער קולטור. אין יענער סביבה האָט דאָס בחורל פֿון זעכצן יאָר זיך פֿאַרליבט אין ליטעראַטור, און איז געוואָרן אַ באַ־גייַסטערטער פֿאַרערער פֿון ליטעראַטן. און אָט זיצט דער דאָ פֿאַר מיר, דער קאָלאָמביאַנער אינדוסטריאַל און פּרעזידענט פֿון דער יידישער קהילה — מיט זייַן אייגענעם ליטעראַרישן שאַפֿן. שרייַ־

בער און ביכער פאַלן נישט אַראָפּ פון הימל, נאָר האָבן הינטער זיך אַ לאַנגע געשיכטע, וואָס וואָרצלט אין באָדן פון דורות.

ווי נאָר איך האָב אַרײַנגעקוקט אין די פּאַפּירן, האָב איך דער־זען פאַר זיך דעם פּנים פון אַ שעפערישער פּערזענלעכקייט, פון אַ שאַרפן באַאָבאַכטער, פון אַ דענקענדיקער און עטישער נאַטור, וואָס זוכט דאָס בעסערע און שענערע אין מענטשן. מיר האָבן פאַר זיך אַ שרײַבער מיט אַ פאָרשנדיקן בליק און נײַגעריקן טעמפּעראַ־מענט, וואָס זוכט אַרײַנצוקוקן אין דעם „אינעווייניק" פון מענטשן און פון זאַכן, און וואָס קאָן פאָרשטעלן זײַנע פּערסאָנאַזשן מיט אַ כאַראַקטעריסטישן יידישן שמייכל. דאָס איז די אייגנאַרטיקע אייגנ־שאַפט פון יידישן גײַסט, וואָס שפּײַזט זיך מיט דער טראַדיציע פון דער ביבל, און קוקט אויף דער טראַגיק און לײַדן פון לעבן מיט פאַרחלומטע און צוטרויִלעכע אויגן.

די גרויסע מעלה פון דעם שרײַבער איז זײַן באַשיידענער געמיט, זײַן אויפריכטיקער טאָן, זײַן נאַטירלעכע פּשטות, מיט וועלכע ער שטעלט פאָר אַ גאַנצע גאַלעריע טיפּן, און שילדערט דעם מענטשלעכן גורל אין ליכט פון זײַן יידיש־עטישער פילאָסאָ־פיע פון לעבן. דאָס זײַנען פּאָרטרעטן „פון דער נאַטור" און בילדער „פון לעבן", אָבער געזען מיט פאַרליבטע מענטשלעכע אויגן, וואָס דערוועקן בײַם לייענער די בעסטע געפילן.

גובערעק ווײַזט אונדז די העראָיִק פון דער יידישער עקסיס־טענץ אויף יענער זײַט ים, און דאָס שעפערישע אײַנגלידערן זיך פון יידן אויף דעם נײַעם באָדן. אין קורצע בילדער פון שטייגער־לעבן, ווערט געשילדערט די עפּאָפּייע פון אַ פאָלק, וואָס האָט אַזוי פיל געליטן צווישן פעלקער און אַזוי פיל די פעלקער געגעבן. און עס ווערן אונדז סימפּאַטיש די מענטשן, און מיר אידענטיפיצירן זיך מיט זייער דינאַמישער וויטאַליטעט און מיטן יידישן גורל. און דאָס דערגרייכט דער מחבר אָן קינסטלעכער רעטאָריק און אָן סאָפיס־טישע אָנשטעלן, וועלכע באַלאָדן אַזוי געדיכט די מאָדערנע ליטע־ראַרישע טענדענצן.

דאָן סימאָן באַנוצט נישט קיין פאַרגרעסער ברילן. זײַן בוך

איז אַ טרײַער אויסדרוק פֿון אַ מענטשן מיט אַ וואַרעם האַרץ, וואָס שטרעבט עפּעס מתקן צו זײַן אין לעבן. ס׳איז אַ כאַראַקטעריסטי־שער שטריך אין דער ייִדישער שאַפֿונג. שילדערט ער מיט פֿרייד דאָס גוטע, וואָס ער זעט אַרום זיך, און פֿאַראורטיילט דאָס וואָס איז ווערט פֿאַרדאַמט צו ווערן. ער דערציילט וועגן דעם וואָס ער זעט און וואָס ער אַליין האָט דערפֿאַרן. אָן רעטאָרישע פֿליטערלעך, און אָן דער מינדסטער זאָרג זיך אַרײַנצופּאַסן אין וועלכע נישט איז ליטעראַרישע מאָדעלן. ער איז טרײַ צו זיך און טרײַ צו זײַנע העלדן, און אין דעם איז די גרעסטע מעלה פֿון אָט דעם ווערק.

סימאָן גובערעק פֿאַרמאָגט די זעלטענע פֿעיִקייט צו געפֿינען דעם תּוך, און אַקצענטירן אַזעלכע אַספּעקטן פֿון לעבן און כאַ־ראַקטער־שטריכן אין מענטשן, וועלכע וואָלטן פֿאַר פֿיל אַנדערע פֿאַרבײַ אומבאַמערקט, ווײַל דאָס וואָלט זיי אויסגעזען מינדערוויכ־טיק, אָדער ווײַל די שרײַבערישע רוטין האָט זיי אָפּגעשוואַכט די אויגן. בלויז פֿאַר דער דאָזיקער אייגנשאַפֿט קאָן ער פֿאַרצייכנט ווערן ווי אַ ווערטפֿולער כראָניקער פֿון קאָלאָמביאַנער לעבן, ווײַל זײַן ייִדישע טראַדיציע האָט אים אומפֿאַרמײַדלעך געפֿירט צו די העכערע ספֿערן פֿון הומאַניסטישן וועלטבאַנעם, און ווײַל דער ייִדישער ישוב אין דעם לאַנד, איז שוין געוואָרן אַן אָרגאַנישער באַשטאַנדטייל אין דעם סאָציאַלן פּייזאַזש פֿון דער קאָלאָמביאַנער נאַטור.

לויס ווידאַלעס

# מיין שטעטעלע זשעלעכאָוו

מיט לאַטײַנישע אותיות ווערט דער נאָמען פון שטעטל אויסגעלייגט זשעלעכאָוו, אָבער ייִדן פּלעגן עס רופן זשעליכאָוו, און אַזוי איז עס אַרײַן אין דער ייִדישער געשיכטע, אָדער ריכטיקער אין דער געשיכטע פון דער ייִדישער ליטעראַטור. ייִדן לומדים האָבן אַרויסגעדרונגען פון דעם אַ פּירוש: זה לי חוב, — עס איז אַ חוב צו זײַן אַ ייִד, און עוסק זײַן אין מצוות און מעשים טובים. מיט דעם נאָמען זשעליכאָוו איז פאַרבונדן אַ ליטעראַרישע פּערזענלעכקייט פון גרויסן טאַלענט און פון אַ גאָר באַ־טײַטנדיקן בײַטראָג פאַר דער ייִדישער ליטעראַטור: איטשע (יצחק) מאיר ווײַסענבערג. ווײַסענבערג איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1881, און מײַן ווייניקייט איז געקומען אויף דער וועלט אַ סך שפּעטער. דאָס זאָג איך אגב אורחא, כדי מען זאָל מיך נישט האַלטן פאַר אַ מענטשן פון „פאַרגאַנ־גענעם יאָרהונדערט".

ווייסנבערגס דערציילונגען, נאָוועלן און דראַמעס, און באַזונדער זײַן „שטעטל", געהערן צו אונדזער קלאַסישער ליטעראַטור. זיי זײַנען אומ־צייליקע מאָל איבערגעדרוקט געוואָרן און אויך איבערזעצט געוואָרן אין אַ סך פרעמדע שפּראַכן. י. ל. פּרץ האָט ווײַסענבערגן מקרב געווען און פון אים שטאַרק געהאַלטן. אין זשעליכאָוו איז אויך געבוירן געוואָרן שלמה ברײַנסקי, וואָס האָט אויך אַרײַנגעשריבן זייער אַ שיין בלעטל אין אונדזער ליטעראַטור, און וועלכן איך דערמאָן אין דעם בוך בײַ פאַרשיידענע גע־לעגנהײַטן, ווײַל דער שר פון דער ייִדישער וואַנדערונג האָט אונדז צו־נויפגעפּאָרט און פון זשעליכאָוו ביידן געבראַכט קיין קאָלאָמביע.

אַזוי אַז זשעליכאָוו איז דאָס וויגעלע פון ייִדישע שרײַבער, די לופט אינספּירירט דאָרט צו קינסטלערישער שאַפונג און אַ זשעליכאָווער האָט שוין ווי עס שײַנט דעם באַרוף אין בלוט. אַ סימן האָט איר אין דעם שרײַבער פון די באַשיידענע שורות. פון וואַנען קומט צו זשעליכאָוו ליטע־



דאָס שטעטל זשעלעכאָוו (פאָטאָ: אַלטער קאַצזינע)

ראַטור? איז נישט צו פאַרשטיין מיטן גראָדן שׂכל. ווײַל איר דאַרפט וויסן, אַז זשעלעכאָוו האָט דווקא נישט געשמט אין דער ייִדישער וועלט ווי אַ מקום תורה, נאָר איז געווען באַרימט איבער גאַנץ פּוילן מיט אירע... גאַרבאַרניעס, נישט איבעריק קיין ריינער פאַך, וואָס איז פאַרבונדן מיט גאָר נישט קיין פײַנע ריחות. אין דער געדיכטער אַטמאָספער פון רויע פעלן און לעדער האָבן אָבער געלעבט ערלעכע האָרעפּאַשנע ייִדן, און דער נאָמען פון מײַן געבוירן שטעטעלע איז אַרײַן אין דער מאַפּע פון דער ייִדישער ליטעראַטור.

אויף דער געאָגראַפישער מאַפּע, דאַקעגן, פאַרנעמט זשעליכאָוו אַ גאַנץ קנאַפּן פּלאַץ. אַ שטעטל אין דער שעדליצער געגנט, מיט אַ צוועלף טויזנט אײַנוווינער, ייִדן און גויִים. די ייִדן האָבן דער עיקר געלעבט פון גאַרבערײַ. אין זשעליכאָוו האָבן פון דורות געלעבט הונדערטער ייִדישע לעדער־אַרבעטערס, וואָס האָבן געלייגט זייער חותם אויפן גאַנצן דאָרטיקן לעבן. די דאָזיקע מענטשן האָט עס ווײַסענבערג אַרויסגעבראַכט אין זײַן „שטעטל", אין שייכות מיט די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן פון יאָר 1905, ווען דער אַלטער לעבנסשטייגער האָט זיך געבראָכן, און אין שטעטל האָבן אָנגעהייבן בלאָזן נײַע ווינטן...

די „ווינטן" האָבן אויך אויפגעהויבן דעם גרויסן עמיגראַציע־שטראָם, וואָס האָט זיך געווענדט צו די ברעגן פון די אַמעריקעס, און אויף דעם וועג זײַנען עס שפּעטער געגאַנגען די ווײַטערדיקע שטראָמען, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה און נאָך דער צווייטער. איך וועל נישט באַשרײַבן דאָס לעבן פון מײַן שטעטל, דאָס האָבן עס שוין זייער גוט געטאָן מײַנע חשובע פאָרגייער, און איך נעם זיך נישט אונטער מיט זיי צו קאָנקורירן. אגב, האָב איך גאַנץ יונג פאַרלאָזט דאָס שטעטל, אָבער עס זײַנען געבליבן אין זכרון אײַנגעקריצט אייניקע אײַנדרוקן מיט וועלכע עס ווילט זיך טיילן.

אויך דער גרויסער ייִדישער דיכטער, יחיאל לערער, האָט אַ שייכות צו זשעליכאָוו. ער איז געבוירן געוואָרן אין מראָזי, לעבן קאַלושין, אָבער אין די פריִעָ קינדער־יאָרן איז ער אַריבער מיט די עלטערן קיין זשעליכאָוו, און דאָרטן געלערנט אין חדרים און בײַ פּריוואַטע מלמדים. זײַנע ערשטע לידער האָט ער געבראַכט קיין וואַרשע צו זײַן „לאַנדסמאַן", י. ל.

ווייסענבערג, וועלכער האָט אים אָנגערופן „דער יידישער טאַגאָרע". עס איז גענוג צו זאָגן, אַז וועגן זיינער אַ פּאָעמע האָט שלום אַש געשריבן: „דאָס ווערק איז אַ געשאַנק פון גאָטס גענאָד און געהערט צו די שענסטע שאַ־פונגען, וואָס זיינען ווען אַרויס ביי יידן" („היינט", 12 דעצ. 1937). די דייטשע אינוואַזיע האָט אים פאַרכאַפּט אין וואַרשע. האָט ער אָפּגעוואָרפן פילמאַליקע פאַרשלאַגן זיך צו ראַטעווען אויף דער אַרישער זייט. דער גרויסער דיכטער איז אויך געווען אַ שטאָלצער ייד. ער האָט פרייוויליק געטיילט דעם גורל פון זיינע ברידער אין דער וואַרשעווער געטאָ, און איז פאַרשלעפּט געוואָרן קיין טרעבלינקע, ווו ער איז אומגעקומען...

אויך דער שרייבער, אַברהם וואָלף יאסני, אַ קאָלירפולע פערזענלעכ־קייט, און אַ נאָמען אין דער יידישער ליטעראַטור און אין דער יידישער אַרבעטער באַוועגונג אין פוילן, איז געבוירן געוואָרן אין זשעליכאָוו און שפּעטער אויסגעוואַנדערט קיין לאָדזש, ווו ער איז געוואָרן אַ מיטאַרבעטער אין דער בונדישער צייטונג און איינער פון אירע אָנגעזעענע פירער. אָבער זיין צוגעבונדנקייט צום געבוירן־שטעטל איז פאַרבליבן זיין גאַנץ לעבן. ער האָט רעדאַגירט דעם „זשעליכאָווער יזכור בוך", האָט פאַרעפנטלעכט אַ היסטאָרישע פאָרש־אַרבעט וועגן דער יידישער אַרבעטער באַוועגונג אין לאַנד, און צוויי ווערק וועגן יידישער געטאָ און אומקום אין לאָדזש.

אין 1948 ווען די „אונא" האָט באַשלאָסן צו אָנערקענען ישראל ווי אַ זעלבסטשטענדיקע מדינה, איז ער אויף אַ פאַרזאַמלונג עפנטלעך אַרויס־געטראָטן פון דער פּאַרטיי, און האט אין אַ קורצער צייט אַרום עולה געווען מיט דער משפּחה קיין ישראל. אַ צייט געווען מיטאַרבעטער אין „ניי־וועלט", און נאָכדעם געוואָרן שטענדיקער מיטאַרבעטער אין דער טעגלעכער צייַ־טונג „לעצטע נייעס".

איך וועל זיך סומך זיין אויף אַן אויטאָריטעט און זיין אַרבעטס־חבר, אויפן באַוווּסטן שרייבער און רעדאַקטאָר פון „לעצטע נייעס", וואָס האָט אין שאַרפע שטריכן געצייכנט די פערזענלעכקייט פון א. וו. יאסני.

„אויב ס'איז פאַראַן גבורה אין קאַמף מיטן טויט — שרייבט צאַנין — איז די גבורה געווען אין א. וו. יאסני, אונדזער געטרייער מיטאַרבעטער, וואָס האָט במשך העכער אַ יאָר צייט געפירט אַ מוראדיקן קאַמף מיטן טויט. ווען אַן אַנדערער אין זיין מצב וואָלט שוין געהאַט רעזיגנירט און זיך

אונטערגעגעבן זײַן ביטערן גורל, פלעגט נאָך א. וו. יאסני זיך אַרויס־רײַסן פון שפּיטאָל, און קומען אין דער רעדאַקציע און זיך אַוועקזעצן צום אַרבעטס־טיש.

„אַפילו אין די קריטישסטע מאָמענטן אין שפּיטאָל, פלעגט ער אַרויס פון בעט און זיך אַוועקזעצן שרײַבן זײַן וועכנטלעכן אַרטיקל. דאָס איז געווען אַ וויטאַלער כוח, וואָס ס׳איז נישט צו באַגרייפן. זײַן לעצטער קריטישער אַרטיקל, געדרוקט אין „לעצטע נײַעס״, האָט ער געשריבן אין אַ צושטאַנד, וואָס קליניש איז עס פּשוט געווען אוממעגלעך, אָבער דאָך איז דער אַרטיקל געשריבן מיט אינטעלעקטועלער חריפות און ליטעראַרישן חן.



אַברהם־וואָלף יאַסני ע״ה

„אָט די אומבייגזאַמע עקשנות און וויטאַליטעט זײַנען כאַראַקטעריס־

טיש פּאַר זײַן גאַנץ לעבן. און אַ דאַנק זיי האָט ער זיך אַרויסגעריסן פֿון דער אָרעמקייט אין וועלכער ער איז געבוירן געוואָרן, און מיט די אייגענע כּוחות דערגרייכט זײַן בילדונג און זײַנע שרײַבערישע צילן. ער האָט געגנוי געוווּסט זײַן וועג ביזן סוף. שווער האָט ער באַדאַרפֿט קעמפֿן ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה, בעת ער האָט געלעבט אין זײַן נאַטירלעכער סביבה, צענפֿאַך שווערער האָט ער געקעמפֿט אין די יאָרן נאָך דער מלחמה. אין דער מלחמה האָט ער פֿאַרלאָרן זײַן פֿאַמיליע, האָט ער אויפֿגעשטעלט אַ פֿאַמיליע אויפֿסנײַ, און מיט צוויי קינדער (איצט ביידע אין צה״ל) עולה געווען קיין ישראל.

„ער איז עולה געווען אין אַן עלטער, וואָס בײַ אונדזער שטייגער, ווערט ער באַטראַכט פֿאַר אַ זקן, און באַקומט נישט מער קיין סטאַבילע אַרבעט. אָבער ער האָט געהאַט אַ יונגע פֿעדער, און „לעצטע נײַעס״ האָט אים אײַנגעגלידערט אין איר משפּחה, און געפֿונען אין אים אַן ערלעכן, פֿלײַסיקן און איבערגעגעבענעם מיטאַרבעטער, וואָס האָט במשך פֿון יאָרן געדינט די לייענער מיט אַלע גײַסטיקע כּוחות זײַנע, און מיט אַ מוסטער־האַפֿטער אחריות. נישט בלויז אַ מיטאַרבעטער האָבן מיר פֿאַרלאָרן אין אים, נאָר אַ משפּחה מיטגליד, וואָס האָט די צײַטונג באַטראַכט ווי זײַן צווייטע היים און זײַן גײַסטיקע אכסניה.

„מיטן אַוועקגיין פֿון א. וו. יאסני אין דער אייביקייט, האָט אונדזער צײַטונג און אויך די יידישע ליטעראַטור, געליטן אַ שווערע אַבֿידה. מיר באַוויינען דעם טויט פֿון אונדזער משפּחה־מיטגליד, און מיר טרייסטן די פֿאַראַבלטע פּרוי און קינדער, אַז זייער מאַן און פֿאָטער האָט מיט זײַן עצם לעבן און מיט זײַן שאַפֿן, געוויזן אַ מוסטער פֿון איידעלער עקשנות, מיט אייגענע כּוחות צו דערהייבן זיך אַזוי הויך, ווי נישט קיין אַנדערע אין ענלעכע באַדינגונגען דערגרייכן״.

זשעליכאָוו איז געבליבן אויפֿן זעלביקן אָרט און פֿאַרנעמט דעם זעלבן פּלאַץ אין דער וועלט־געאָגראַפֿיע, אָבער הײַנט שוין אָן יידן. ווער עס האָט עמיגרירט באַצײַטנס, און די וואָס זײַנען געבליבן, זײַנען אומגעקומען אין די נאַצישע גאַז־קאַמערן און די רעשטלעך, וואָס האָבן באַוויזן זיך צו ראַטעווען, האָבן אומגעבראַכט די פּאָליאַקן אָדער זיי פֿאַרטריבן. דאָך האָט

די צײַט, די דיסטאַנץ און די פֿאַרביטערונג, נישט באַוויזן צו פֿאַרטונקלען אײניקע אײַנדרוקן, וועלכע זײַנען פֿאַרבונדן מיטן שטעטל.

עס איז כדאי צו דערמאָנען, אַז דער ייִדישער ישוב אין זשעליכאָוו איז אַנטשטאַנען אין אָנהייב פֿון פֿופֿצנטן יאָרהונדערט, און איז כל ימיו געווען אַ ישוב פֿון האַנטווערקער און אַרבעטער, וועלכע האָבן מיט זייערע פּראָדוקטן און מיט זייער אַרבעט באַדינט די גאַנצע אַרומיקע געגנט. די אײַנגעזעסנקייט אין פֿאַרלויף פֿון הונדערטער יאָרן האָט זיי נישט באַשיצט קעגן נאַציסטישן שטורעם, וואָס האָט דעם ישוב אויסגעריסן מיטן וואָרצל און מיט די רעשטלעך, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט על פּי נס, האָבן, ווי געזאָגט, פֿאַרענדיקט די פּאָליאַקן.

דאָס איז דער לעצטער סך־הכל פֿון ייִדישן לעבן אין מײַן פּוילישן געבוירן־שטעטל, אין מײַן אַלטער „היים". אויך דאָס וואָרט לעבן האָב איך געמעגט אַרײַננעמען אין גענדזנפֿיסלעך, ווײַל עס איז נישט געווען קיין לעבן, נאָר אַ שווערע האָרעוואַניע פֿון אַ שפּראָץ אויף טאָג ביז די שפּעטע שעהען אין דער נאַכט, ביי אַ שמוציקער און שווערער אַרבעט. די הויפּט פּרנסה פֿון ישוב איז געווען גאַרבערײַ, און די קליינע באַלעבאַטימלעך, וואָס האָבן געאַרבעט פֿאַר־זיך אָדער מיט אַ פּאָר אַרויסהעלפֿערס, האָבן נישט געלעבט בעסער פֿון די אַרבעטערס.

באַזונדערס איז שווער געווען אויסצוקומען אין די לאַנגע און קאַלטע ווינטער־מאָנאַטן, אין וועלכע עס האָט זיך דאָס רוב ווייניקער געאַרבעט. חיונה פֿלעגט אויספֿעלן אין אַ סך הײַזער, אַ בינטל האָלץ איז געווען אַ פֿאַרמעגן. אין די נעכט האָבן די חלבנע ליכט — קעראָסען האָט אויסגע־טראָגן צו טײַער — אויסגעשטראַלט זייער שוואַכן שײַן און געוואָרפֿן גרויסע שאָטנס אויף די ווענט, ווי געשפּענסטער אין דער קינדערישער פֿאַנטאַ־זיע. אין יאָר 1925 איז אינסטאַלירט געוואָרן עלעקטרישע באַלײַכטונג אין שטעטל צו אַלעמענס פֿרייד און איבערראַשונג. אין די ווינטערדיקע און האַרבסטיקע גרויע טעג פֿלעגט דער ישוב ווי אײַנדרימלען און באַ־קליידט אין שניי ווי אין ווײַסע תכריכים, האָט מען באַקומען דעם אײַנדרוק, אַז ער וועט שוין נישט אויפֿשטיין קיין תחית המתים.

אָבער די וויטאַליטעט פֿון שטעטל איז נישט צו באַשרײַבן. טאַקע ווייניקער פּרנסה, אָבער מען האָט נישט אויפֿגעהערט צו אַרבעטן. די

וועלט פאָדערט אירס, און „יענע וועלט“ דאַרף מען אויך באַזאָרגן. זיינען ייִדן געלאָפן אין שיל און נאָכדעם געשטאַנען מיט לעדערנע פאַרטאַכער און געריבן די פעלן. די קלייטלעך פון מאַרק זיינען געווען אָפן, די קינדער זיינען געגאַנגען אין חדר און די ווייבער האָבן זיך געפּאָרעט מיט די שטוב־זאַכן. שוסטער זיינען געווען פאַרוואָרפן מיט אַרבעט, אין די בלאָטעס האָט מען געמוזט פאַרלייגן די לעכער מיט שטאַרקע לאַטעס, און גוט



עליה פון זשעלעכאָוו קיין ארץ־ישראל. — צום אָפּפאָר פון משה לערער (אלוף משה צדוק), ברודער פון באַרימטן ייִדישן דיכטער, יחיאל לערער

אונטערשפּאַרן די זוילן זיי זאָלן נישט נאָכגעבן. סטאָליערס און שניידערס, מיט קלומקעס אויף די פּלייצעס, האָבן זיך אַרויסגעלאָזן זוכן אַרבעט אין די דערפער. ייִדעלעך דאַרפן פּרנסה, אין שטוב זיצן, קיין עין הרע נישט, פּיקערלעך און דאַרפן עסן.

אין זש'עליכאָוו זיינען געווען נישט מער ווי אַ צוויי, דריי געמויערטע הייזער, די איבעריקע זיינען געווען געמאַכט פון דעם זעלבן מאַטעריאַל

ווי נחס תּיבה. אין צענטער פון שטאָט איז געווען אַ מאַרק־פּלאַץ, ווו יעדן דינסטיק האָבן דאָרט געלאַגערט פּויערים מיט זייערע פערד און וועגעלעך אָנגעלאָדן מיט דאָרפישע סחורות: הינער, אייער, קאַרטאָפּל, ווייץ, אוגערקעס און שאַר ירקות. אויסגעפּאַרקויפּט דאָס ביסל האָב און גוטס, פלעגן זיי אַרומגיין איבער די דערבייִיקע קלייטן און זיך אײַנקויפן שטאָטישע פּראָדוקטן. אין דער מיט פון מאַרק איז געווען אַן אַלטער ברונעם, בײַ וועלכן די פּויערים פלעגן אָנפּויען זייערע פערד און די שטאָטישע באַלעבאָסטעס פלעגן קומען שעפּן וואַסער. די געוועלבלעך האָבן אַ גאַנצע וואָך געדרימלט, נאָר אין די מאַרק־טעג האָט זיך דאָרט גערודערט און געטומלט. אין די דינסטיקס האָט זשעליכאָוו באַקומען גאָר אַן אַנדער פּנים, דאָס גאַנצע שטעטל איז געווען אויפן מאַרק, מען האָט געקויפט און פאַרקויפט, זיך אײַנגעהאַנדלט אויף אַ גאַנצער וואָך שפּײַז און פּרנסה. און די קינדער פלעגן אויפן וועג אין חדר און פון חדר זיך אַראָפּכאַפּן אויפן מאַרק.

פאַרנאַכט פלעגט דער מאַרק ביסלעכווײַז אָנהייבן זיך אויסליידיקן און אײַנשטילן. די פּויערים זײַנען צוריקגעפאָרן מיט האַלב־ליידיקע פורן, בײַ וועמען עס זײַנען פאַרבליבן באַנקנאָטן האָט ער זיי פאַרוויקלט אין אַ טיכל און פאַרשטופּט אין בוזעם. אויפן וועג האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט בײַ די הינטערשטאָטישע קרעטשמעס, און פאַרענדיקט דעם טאָג מיט אַ פּאָר גלעזלעך משקה. אין די כאַטעס איז מען געקומען בגילופין און די וואָרטשעדיקע ווײַבער און קינדער, האָבן מיט נײַגער גענומען באַטראַכטן און באַטאַפּן די מציאות, וואָס דער טאַטע האָט אײַנגעהאַנדלט בײַ די זשידעס.

די איבערלעבונגען פון דער קינדהייט בלײַבן שטעקן אין זכרון אויפן גאַנצן לעבן. אייניקע זאַכן דערמאָנען זיך מיט פרייד און אַנדערע, הילן אונדז אײַן אין טרויער. איין בילד באַזונדערס לאָזט זיך נישט פאַרגעסן, און ווען איך דערמאָן זיך פון מײַן געבוירן שטעטל, טויכט עס מיר אויף אין זכרון. עס איז געווען איינער פון יענע האַרבסטיקע טעג ווען דער הימל איז געווען באַלאָדן מיט מענגעס געצירטע וואָלקנס, עס האָט נאָכדעם אָנגעהויבן גיסן אַ שלאַקסרעגן. אין שטאָט זײַנען אַרומגעגאַנגען אומרויִקע קלאַנגען, מענטשן האָבן זיך געסודעט, אַרום די קאַזאַרמעס האָט מען געזען אַ באַוועגונג פון פרישע קאָנטינגענטן סאָלדאַטן, מיט מאַשין־געווער, וואָס

מען האָט קיינמאָל נישט געזען אַזעלכע. די נאַכט האָט אײַנגעהילט די שטאָט אין אַ טיפֿן אומרו, קיינער איז נישט געשלאָפֿן. מען האָט מורא געהאַט אָנצינדן ליכט און עס האָט אויסגעזען, אַז די נאַטור אַליין זאָגט אָן עפּעס אַן אומגליק.

נאָך האַלבער נאַכט האָט מען ערגעץ אין דער ווײַט געהערט דונערן פֿון האַרמאַטן, און אין דער פֿרי האָבן מיר מיט אַ געמיש פֿון איבעררעאשונג און שרעק געזען ווי די רוסישע סאָלדאַטן צעשטערן די טעלעפֿאָן־ליניעס, די בריקן און אַלץ וואָס האָט נאָר געקאָנט ברענגען וועלכע נישט איז נוצן דעם שונא. דאָס איז געווען קורץ נאָכן אויסברוך פֿון ערשטן וועלט־קריג און עס איז געווען קלאָר, אַז די דײַטשע אַרמײ דערנענטערט זיך צום שטעטל. אַ געפֿיל פֿון פּחד און האָפֿענונג האָט באַהערשט די הערצער. מען האָט מורא געהאַט, אַז די סאָלדאַטן וועלן בײַם אָפּטרעטן חרוב מאַכן דעם ייִדישן ישוב, און פֿון דער אַנדערער זײַט, האָט אויפֿגעבליצט די האָפֿענונג, אַז מען וועט ענדלעך פּטור ווערן פֿון דער פֿאַרהאַסטער צאַרישער הער־שאַפֿט, וואָס האָט אַזוי שווער געמאַכט דאָס ייִדישע לעבן מיט די אומצייליקע פֿאַרבאָטן „קראָמע יעוורעיעוו״, און מיט שטענדיקע אַנטיסעמיטישע מעשים. אויגן האָבן אַרויסגעקוקט מיט שרעק און מיט ציטער זיך צוגעהערט צו יעדן שאָרך, און הערצער האָבן געפּלאָטערט מיט בטחון, אַז עס דערנענ־טערן זיך בעסערע צײַטן. דאָס איז געווען די שטימונג, וואָס האָט באַהערשט דאָס ייִדישע שטעטל.

דעם טאָג איז מען געזעסן הינטער געשלאָסענע טירן און מורא געהאַט אַרויסגיין אין גאַס, אויף וועלכער עס האָבן אין אַן אומענדלעכער שורה זיך באַוועגט סאָלדאַטן און מיליטערישע עקיפּן. עס איז צוגעפֿאַלן די נאַכט, און מיר האָבן שוין דערהערט אַ סך נענטער די אויפֿרײַסן פֿון קוילן. מען האָט זיך דערפֿילט אַזוי אוממעכטיק און נישט געוווּסט ווו זיך אַהינ־צוטאָן. מענטשן האָבן זיך פֿאַרשטופּט אין די ווינקלען און קעלערס, און זיך אַרומגעשטעלט אַרום די אָנגעשראָקענע קינדער, ווי אויף צו באַשיצן זיי מיט די אייגענע קערפּערס.

פּלוצים האָט מען דערהערט אַ גוואַלטיקן אויפֿרײַס, וואָס האָט געמאַכט ציטערן די ווענט פֿון די הײַזער און די שויבן פֿון די פֿענצטער. מיר האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס האָט מען אויפֿגעריסן די גרויסע בריק איבערן טײַך

און דערפילט, אַז מיט דעם איז פאַרשוווּנדן עפּעס, וואָס איז אַ טייל פון אונדז אַלעמען. זשעליכאָוו איז געבליבן אָפּגעריסן פון גרויס־פּוילן, איזאָלירט פון דער וועלט, מיט אַ צרה וואָס גייט אוועק, אָבער צו וועלכער מען איז שוין געווען צוגעוווינט, און מיט עפּעס וואָס קומט, אָבער מען ווייס נישט וואָס זי ברענגט מיט זיך...

מיט דער בריק איז געווען פאַרבונדן אַ וויכטיק שטיק לעבן פון שטעטל. אין די ווינטערס איז אַרום דער בריק געווען אַ שטאָטישער גליטש



פון רעכטס: חנה־מלכה לערער־ברײַנסקי, שלמה ברײַנסקי, מרדכי איש־טוב, אין די ערשטע 20ער יאָרן אין זשעלעכאָוו

אויפן פאַרפרוירענעם טײַך, וווּ יונגוואַרג פלעגט זיך גליטשן. פרילינג און זומער איז בײַ דער בריק געווען אַ טרעף־פּונקט פאַר פאַרליבטע פּאָרלעך און אויך אַן אָפּרו־פּלאַץ פאַר שטעטלשע ייִדן. אַרבעטער און באַלמעלאָכעס פלעגן שבת נאָך מיטיק אַרויסגיין צו דער בריק „כאַפּן אַ ביסל פרישע

לופט", און זיך אויסציִען אויפן גראָז ווי בײַם טאַטן אין ווײַנגאָרטן. די באַלעבאַטישע ייִדן פלעגן זיצן אַ ביסעלע פון דערווײַטנס. נו? זיי וועלן זיך דאָך נישט אויסמישן „מיט ווייסיך ווען?"... איין קלייניקייט די בריק? מען האָט דאָך צוגענומען בײַ זשעליכאָוו אַ שטיק לעבן! איך געדענק, אַ בר־מצווה ייִנגל וואָס איך בין געווען, אַז איך האָב זיך ביטער צעוויינט.

די נאַכט האָבן מיר ווידער נישט צוגעטאָן מיט קיין אויג. די געדיכטע פינצטערניש איז אָפּט איבערגעריסן געוואָרן דורכן פײַער פון די קאַנאָנען. מיר האָבן געהערט דאָס כאַראַקטעריסטישע מאַרשירן פון סאָלדאַטסקע שטיוול און דעם גערויש פון רעדער, וואָס האָבן אָן איבעררײַס געגאַנגען און געפאָרן, און מיט אָנגעשפּיצטע חושים זײַנען מענטשן געלעגן הינטער די ווענט און מיט קלאַפּנדיקע הערצער זיך צוגעהערט צו דעם דראָענדיקן אומרו.

אַ שפּראָץ אויף טאָג איז געוואָרן שטילער. שטיל, אין גאַנצן שטיל... אַ שטילקייט, וואָס האָט געמאַכט גליווערן דאָס בלוט אין די אָדערן... זיי זײַנען שוין אַוועק, האָבן אַלע געטראַכט, אָבער קיינער האָט נישט געזאָגט. מען האָט מורא געהאַט זיך צו אַנטוישן. ענדלעך האָט מען אויפגעהויבן אַ ביסל דעם לאָדן, אַרויסגעקוקט דורך אַ שפּאַלט פון אַ טיר, און זיך איבער־צײַגט, אַז דער רוס איז אַוועק, אַז דאָס שטעטל איז פרײַ, אָבער ווער ווייס ווער און ווי אַזוי וועט זייער אָרט פאַרטרעטן?

דאָך האָט ענדלעך די אָרומיקע שטילקייט באַרויִקט, דער צווייפל איז ביסלעכווײַז פאַרשוווּנדן און די שרעק האָט נאָכגעלאָזן. און די מער גע־וואַגטע האָבן אָנגעהויבן אַרויסגיין פון די באַהעלטענישן און אַרויס אויפן גאַס. און הינטער זיי זײַנען געקומען אַנדערע, און גאָר גיך איז גאַנץ זשע־ליכאָוו געווען פאַרזאַמלט אויפן מאַרק. מען האָט געדאַנקט דעם רבונו של עולם אין האַרצן, וואָס מען איז באַפרײַט געוואָרן פון צאַרישן יאָך, און געקוקט איינער אויפן אַנדערן מיט פריילעכע אויגן. — אין דײַטשלאַנד האָבן ייִדן אַלע רעכט, האָט באַמערקט איינער. — אָ, ייִדן לעבן דאָרט ווי גאָט אין אָדעס, האָט פריילעך באַמערקט אַ צווייטער — בעסער ווי פּאַניע גנבֿ, וועלן זיי זיכער זײַן, האָט זיך אַרײַנגעמישט אַ דריטער...

מיט אַ מאָל זײַנען אַלע געבליבן שטיל, און אָנגעשטעלט די אויגן צו אַ געסל וווּ עס האָבן זיך באַוויזן עטלעכע דײַטשע רײַטער מיט שטאָלענע

העלמען אויף די קעפּ. עטלעכע ייִדן זײַנען שנעל אַרײַנגעלאָפן אין אַ שטוב און פון דאָרט אַרויס מיט ברויט און זאַלץ אויף אַ טאַץ, און עס אונטער־געטראָגן דעם ערשטן פון די זעלנער, וואָס איז וואַרשײַנלעך געווען דער עלטסטער. יענער האָט עס אָנגענומען מיט אַ פרײַנדלעכן שמייכל: דאַנקע, דאַנקע...

גיך האָט דאָס שטעטל זיך איבערצײַגט, אַז די דײַטשן זײַנען נישט קיין סך בעסער פון די רוסן. קיין האָניק האָט מען בײַ זיי נישט געלעקט. זיי האָבן שוין אין דער ערשטער מלחמה באַוויזן וואָס זיי וועלן ווערן אין דער צווייטער... איין טרייסט איז נאָר געווען, וואָס צו די פּאָליאַקן האָבן זיי זיך באַצויגן נישט בעסער ווי צו די ייִדן. די ייִדן האָבן כאָטש געקאָנט זיך צונויפֿ צוזאַמענריידן מיט זיי, ווײַל וועלכער ייִד קאָן עס נישט קיין דײַטש? מען וואַרפט אַרויס די קמצן און מען רעדט מיט פּסחן — און ס'איז דײַטש! אַ ייִד גיט זיך אַן עצה.

דער אמת איז, אַז ס'איז זייער שווער געווען זיך אַן עצה צו געבן מיט זיי, און דאָס שטעטל האָט פאַרזוכט דעם ביטערן טעם פון הונגער. פון אַלץ האָבן זיי גענומען אַ שטײַער, ווער עס האָט געהאַט אַ בהמה, האָט זיי גע־דאַרפט ברענגען מילך און ווער — היִנער, האָט יעדע וואָך געמוזט צו־שטעלן אַ געוויסע צאָל אייער. ווי איז געווען צו דעם, וואָס האָט נישט אויסגעפאָלגט זייערע אומצאָליקע פאַראָרדענונגען, רעגלאַמענטן און געזעצן. אַ דײַטש ווייס נישט פון קיין רחמנות, זיי האָבן גענומען אויף אַרבעט, און נישט אויסגעלאָזן אַפילו קיין אַלטע און קראַנקע מענטשן. זיי האָבן גענוג פאַרביטערט דאָס לעבן. ייִדן פלעגן, ווי דער שטייגער איז, זיך ווייצלען און זאָגן: „אַ נײַער פּרעה איז אויף אונדז אויפגעשטאַנען, אָבער זיי וועלן האָבן פּרעהס סוף"...

און ווײַל עס איז נישט געווען קיין קמח, האָט מען זיך געשפּײַזט מיט תורה. דער דײַטש האָט געוווסט, אַז די ייִדן בענקען נישט נאָך די צאַרישע סאַטראַפּן, און זיי וועלן אים נישט פאַרראַטן. ער האָט געזוכט וואָס מער אַרויסצופּרעסן פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג, אָבער דערפאַר צוגע־וואָרפן געוויסע בירגערלעכע פרײַהייטן, פון וועלכע מען האָט גאָרנישט געגאָסן בײַ די רוסן. ייִדן האָבן זיך פרײַער באַוועגט, זיך געקהלט און זיך פאַרזאַמלט, און אין דער צײַט פון דער דײַטשער אָקופּאַציע, האָט זיך צע־

בליט אין שטעטל אַן אַקטיוו געזעלשאַפטלעך און קולטורעל לעבן. עס האָבן זיך געשאַפן קרייזלעך, עס האָבן זיך געגרינדעט פּאַרטייען, וועלכע האָבן פריִער גאָרנישט געהאַט קיין דריסת הרגל אויפן זשעליכאָווער באָדן. און יעדער פּאַרטיי און באַוועגונג האָט פון זיך אַרויסגעגעבן פירערס און לידערס, וואָס האָבן מיט חסידישער התלהבות געפּריידיקט פאַר זייערע אידעאַלן, און ס׳איז געוואָרן לעבעדיק אין שטעטל.



יוגנט־אָרגאַניזאַציע „גורדוניה" פון זשעליעכאָוו, בײַם אָפּפאָר פון אַ גרופּע חברים קיין ארץ־ישראל

איינער פון די גאָר אָנגעזעענע יונגע עסקנים, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, איז געווען יצחק בראַנדווין. אַ זון פון זייער אַ חשובער און באַלעבאַטישער ייִדישער משפּחה, האָט ער גיך געוווּנען די באַלעבאַטישע יוגנט, און האָט געשאַפן אַ שיינע אָרגאַניזאַ־

ציע. עס איז אים נישט אַזוי לײַכט אָנגעקומען. עס האָבן אין יענער צײַט שוין באַוויזן זיך צו פּאַרוואָרצלען אין שטעטל אויך אַנדערע פּאָליטישע טענדענצן, און יצחק האָט, באַזונדערס, געהאַט אויסצושטיין אַ גאַנץ ביטערן קאַמף מיטן עקסטרעם לינקן לאַגער. מען האָט אים אַפילו פּערזענלעך גע־רודפט און פיזיש זיך נוקם געווען.

נאָך דער דײַטשער אָקופּאַציע איז געקומען די פּוילישע ממשלה, און אויב פריִער איז דאָס לעבן דער עיקר עקאָנאָמיש געווען שווער, איז עס איצטער געוואָרן ערגער אין אַלע הינזיכטן. דער דײַטש האָט געקוקט אויפן ייִדן ווי אויף אַ פרעמדן, דער פּאָליאַק — ווי אויף אַ שונא. מען האָט גע־פילט טאָג־טעגלעך, אַז עס פעלט פשוט אויס דאָס ביסל לופט צום אָטע־מען. די מפּלה פון די דײַטשן האָט פאַר די פּאָליאַקן געהייסן באַפרײַונג; פאַר די ייִדן איז עס געווען אַ פאַרשקלאַפונג, און עס האָט מיט דער גאַנצער שאַרפקייט זיך געשטעלט די פראַגע — באַזונדערס פאַר דער יוגנט — פון עמיגרירן, פון אַנטלויפן וווּהין די אויגן וועלן טראָגן.

און יצחק בראַנדווײַן איז אַוועק מיטן עמיגראַנטישן שטראָם אין דער ווײַטער קאָלאָמביע. האָט דאָ זײַן היים אויפגעשטעלט, און איז יאָרן לאַנג געשטאַנען בראש פון דער ציוניסטישער באַוועגונג ווי אַן אומדערמידלע־כער עסקן, פאַר וועלכן דער אידעאַל פון ציון איז געווען די טרייסט פון זײַן לעבן. ער איז נאָכדעם אַ לענגערע צײַט געווען אין די פאַראייניקטע שטאַטן, און האָט ענדלעך פאַרווירקלעכט זײַן שטרעבונג און עולה געווען קיין ישראל, ווו ער האָט פאַרבראַכט די לעצטע אַכט יאָר פון זײַן לעבן. עטלעכע הונדערט זשעליכאָווער בני־עיר האָבן אים אַרומגערינגלט, און אים צוגעטײלט פרײַנדשאַפט און אָנערקענונג.

מרדכי גאָטאָוויזנע איז אויך געווען אַ פּראָדוקט פון אונדזער סביבה און פון זשעליכאָווער באָדן. צוזאַמען מיט בראַנדווײַנען האָט ער געטראָגן די פאָן פון ציוניזם, און מיט אַ זעלטענער עקשנות האָט ער זיך געשטעלט פאַר אַ ציל, וואָס גיכער צו פאַרווירקלעכן זײַן אידעאַל אין לעבן. ווי נאָר עס האָט זיך געעפנט די וועלט נאָכן קריג, איז ער אַוועק אין וואַרשע, און נאָך לאַנגע מאָנאַטן אַרומלויפן איבער פאַרשיידענע אַמטן, האָט זיך אים אײַנגעגעבן צו באַקומען דעם לאַנג־דערוואַרטעטן „סערטיפיקאַט״, און עולה זײַן קיין ארץ ישראל.

מרדכי גאָטאָוויזנע האָט אין ישראל אָנגענומען דעם נאָמען איש טוב, ער איז געווען דער ערשטער עולה פון זשעליכאָוו נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. דער נײַער נאָמען וועלכן ער האָט זיך אויסגעווײלט — אָדער מיט וועלכן די חברים האָבן אים געקרוינט — האָט אמריכטיקסטן אויסגעדירקט זײַן פערזענלעכקייט. דאָס איז געווען אַ זעלטן ערלעכער און גוטהאַרציקער מענטש, אַן איש תם וישר, וועלכן ס׳איז גאָר שווער צו געפינען אין דערווירקלעכקייט. בראַנדוויין האָט געוווּנען אָנהענגער מיט זײַן איבערצײַגונגס קראַפט; איש טוב — האָט באַצויבערט מיט דער מענטשלעכער וואַרעמקייט פון זײַן פערזענלעכקייט.

ווי דער ערשטער זשעליכאָווער חלוץ האָט ער דורכגעמאַכט אַלע שווערע עטאַפּן אין דעם וויסטן לאַנד, ווו מען האָט די ערשטע יאָרן גע־דאַרפט טריקענען זומפּן, דורכלייגן וועגן, האַקן שטיינער אין די בערג. „איך האָב עס אַלץ געטאָן, האָט ער מיר געזאָגט, בעת מײַן באַזוך אין ישראל — מיט יוגנטלעכן ענטוזיאַזם און טיפן גלויבן, און איך געניס איצטער פון דעם, וואָס מײַן גלויבן האָט מיך נישט אַנטוישט. דו ווייסט, ברודערל, וואָס הייסט לעבן אין אַ מדינה, וועלכע דו האָסט מיט די אייגענע הענט געבויט? פאָרן אויף אַ כביש — נישט מיט קיין אויטאָבוס, נאָר אין אַן אייגענעם טענדער — וועלכן דו האָסט אַמאָל אין דער יוגנט, מיט די איי־גענע הענט אויסגעלייגט?...

לייבל גרייצער איז אַלט געווען צען יאָר, ווען זײַנע עלטערן זײַנען מיטגעצאַנגען מיט דער גרויסער יידישער וואַנדערונג נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. געדיכטע מענטשן־שטראָמען האָבן זיך געצויגן איבער אַלע וועגן פון דער גרויסער פרעמדער וועלט. נישט אומעטום האָט מען יידן אַרײַנגעלאָזן, איז מען געפאָרן אַהין ווו מען האָט געהאַט אַ קרוב, אַ פרײַנד, אַ לאַנדסמאַן, אַ האָפענונג אויף אַ פרײַנדלעכער האַנט און היימישן פּנים אין דער ווײַטער פרעמד. די משפּחה גרייצער האָט אין ניו־יאָרק געהאַט לאַנדסלײַט, און זי איז געפאָרן — צו די זשעליכאָווער.

און „צווישן יידן ווערט מען נישט פאַרלאָרן", זאָגט אַן אַלט שפּריכ־וואָרט, און בפרט נאָך ווען די יידן זײַנען זשעליכאָווער! דער פאָטער פון דער פאַמיליע האָט געפונען אַ באַשעפטיקונג, און „האָט געמאַכט אַ לעבן". דאַקעגן זײַן זון, לייבל, האָט „געמאַכט אַמעריקע". ער האָט געלערנט און

אַרויסגעוויזן אַן אויסעראָרדנטלעכן פלײַס און גרויסע פֿעיִקייטן. עס האָט אים ממש געברויזט אַ קוואַל פֿון ענערגיע, און דורכאויס איז ער געווען פֿול, און אויף אַלץ האָט ער געהאַט צײַט. געווען אַן אַקטיווער טוער אין נאַציאָנאַלן אַרבעטער פֿאַרבאַנד, אין פּוילישן פֿאַרבאַנד, אין „ייִוואָ", אין עטלעכע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס. מיט צוויי יאָר צוריק האָט ער געקויפט פֿאַר אַכציק טויזנט דאָלאַר „באָנדס", פֿאַראיאָרן פֿאַר פֿופֿציק טויזנט, אָבער ער האָט געגעבן אַ גרויסן בײַשטײַער פֿאַר אַנדערע צוועקן אין ישראל...

און לייבל גרייצער האָט נישט אויפגעהערט צו זײַן קיין זשעליכאָווער! פֿאַרקערט, ער האָט אַלע יאָרן אָנגעהאַלטן אַ נאָענטע באַציִונג מיט די לאַנדסלײַט, און האָט געשטיצט דעם „זשעליכאָווער בולעטין". איך האָב מיט אים, און זײַן פֿרוי, עטלעכע מאָל זיך געטראָפֿן אין מיאַמי, און איך האָב זיך געפֿילט מיט זיי ווי מיט אייגענע האַרציקע זשעליכאָווער ייִדן.

האָט לייבל גרייצער געפּלאַנט לעצטנס אַ לוסט־רײַזע קיין ישראל, וועלכע איז אָבער געווען פֿאַרבונדן מיט „תכלית"; ער האָט אונטערגענומען אַן אַקציע פֿאַר עפּעס אַ סטיפּענדיע פֿאָנד. לאַנדסלײַט האָבן אים אויפֿגענומען, בראש מיט זייער פּרעזידענט, מרדכי שפּייזמאַן, און נאָך דעם פֿײַערלעכן אָוונט איז ער אַ מידער אַנטשלאָפֿן געוואָרן, און מער נישט אויפֿגעשטאַנען. ווי אַ צדיק איז ער שטיל און מיט פֿרידן אַרויף צו זשעליכאָוו של מעלה...

און אין יאָר 1926 האָט דאָס שטעטל זשעליכאָוו געזעגנט אַ גרופּע עולים קיין ישראל. עס פֿאָרט משה גלאַזמאַן מיט זײַן פֿרוי און זייער ערשט קינד, און מײַן ווייניקייט. מען טרינקט לחיים, מען האַלט רעדעס, מאַמעס וויינען, יונגוואַרג זינגט, און מען האָט צום סוף אויך אַרײַנגעכאַפּט אַ הורא.

אויף מאָרגן זײַנען מיר שוין געווען אין וואַגאָן, וואָס פֿירט אונדז אַוועק פֿון דער פֿײַנטלעכער פּוילישער ערד און פֿון דעם פֿאָלק, וואָס פֿאַרטרײַבט מיט אַזוי פֿיל רשעות און שנאה די ייִדן. מיר קרייצן די רומענישע גרענעץ און אָט זיצן מיר שוין אויף דער שיף „בראַגאַ", וואָס פֿירט אונדז צו די אויסגעחלומטע ברעגן פֿון ארץ ישראל.

מרדכי גאָטאָוויזנע, וואָס האָט זיך משנה שם געווען און הייסט איש טוב, נעמט אונדז אויף אין פֿאָרט מיט אָפֿענע אָרעמס. משהן האָט ער באַגלייט קיין הרצליה, וווּ ער האָט זיך אײַנגעגלידערט, און איז געוואָרן אַ זייער

חשובער תושב. מיך האָט מען געפירט אין דער הסתדרות, אָבער דער גורל האָט באַשטימט עפּעס אַנדערש. צוליב משפחה ענינים האָב איך געמוזט זיך צוריקקערן אין גלות, אָבער מיט מײַן גאַנצן װעזן, און מיט מײַן געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, בין איך געבליבן פאַרבונדן מיט ישראל.

דאָס זײַנען אַ בינטל אײַנדרוקן און זכרונות פון חברים און גוטע פרײַנד, װעלכע זײַנען מיר פאַרבליבן פון מײַן געבוירן־שטעטל. אַ שטעטל װי אַלע אַנדערע ייִדישע שטעטלעך אין פּוילן, װוּ ייִדן האָבן הונדערטער יאָרן געלעבט און געשאַפן, און מעגן הײַנט יעדן טאָג דאַנקען גאָט, װאָס זיי האָבן זיך פון דאָרט אַרויסגעכאַפּט מיטן לעבן, װאָס זיי האָבן זיך פאַרבענקט צו נײַע האָריזאָנטן — און עמיגרירט, און װאָס זיי האָבן אויך דעם חלום פון אַן אייגענער היים נישט פאַרגעסן — און אַ ייִדישע מדינה געשאַפן...



ייִדישע סאָלדאַטן פון „באַבערדלטן לעגיאָן" אין פּוילישן אויפשטאַנד קעגן די רוסן



בערעק יאָסעלעװיטש, קאָמאַנדיר פון ייִדישן לעגיאָן אין פּוילישן אויפשטאַנד. געפאַלן אין אַ שלאַכט בײַ קאָצק, אין יאָר 1809




די פאַמיליִע גובערעק בײַם אָפּדעקן די מצבה פון זייער מאַן, פאָטער און זיידן, ר׳ יצחק פרץ ז״ל, אויפן גענשער בית־עולם אין וואַרשע

# אַ גזר פון דער גלות־געשיכטע

דאָס פּוילישע קעניגרײַך איז געגרינדעט געוואָרן אין נײַנטן יאָרהונ־דערט, און האָט אין פאַרלויף פון די אַריבער טויזנט יאָר דורכגעמאַכט אַ שטורמישע געשיכטע, וואָס האָט געהאַט אירע עליות און ירידות. אונטער דער הערשאַפט פון קעניג סאָביעסקי, האָט פּוילן דערגרייכט דעם הויכ־פּונקט פון איר מאַכט אין אייראָפּע, און האָט באַזיגט די טערקן, — אין זיבעצנטן יאָרהונדערט, — און אין קאַרגע הונדערט יאָר שפּעטער הייבט זיך אָן דער דראַמאַטישער באַרג־אַראָפּ פון דער מלוכה, וועלכע איז ביז דעם הײַנטיקן טאָג אַראָפּ פון איר גדולה און פאַרלאָרן איר זעלבסטשטענ־דיקייט.

רוסלאַנד, דײַטשלאַנד און עסטרײַך האָבן צום ערשטן מאָל זיך אײַנ־געטיילט מיט דער פּוילישער טעריטאָריע אין יאָר 1772. די שפּעטערדיקע קאַמפּן פאַר באַפרײַונג, וועלכע זײַנען אויסגעבראָכן אין פאַרשיידענע צײַטן, האָבן געגעבן אַ געלעגנהייט די זיגער נאָך צוויי מאָל צו צעשטיקלען, און זיך אײַנטיילן מיט דער פעל פון דעם פּוילישן קרבן. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט דער חסד פון די אַליאירטע זיך אויסגעשפּרייט אויף דעם פיל געשטראָפטן לאַנד, און די אומאָפּהענגיקייט פון דער פּוילישער מלוכה איז צוריקגעשטעלט געוואָרן, אין גרעסטן טייל פון אירע היסטאָרישע גרענעצן. אָבער נישט אויף לאַנג — נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה איז פּוילן אַרײַנגעפאַלן אין דער אָרביטע פון דער סאָוועטישער אימפּעריע...

ייִדישע ישובים אין פּוילן זײַנען אַנטשטאַנען נאָך פאַר דער גרינדונג פון דער פּוילישער מלוכה. די שפּעטערדיקע מלכים האָבן פּראָטעזשירט די ייִדישע אײַנוואַנדערונג, וואָס האָט אַרײַנגעבראַכט אַ העכערן לעבנס־ניוואָ אין דעם פעאָדאַלן לאַנד, וואָס איז באַשטאַנען פון פּריצים און פּויערים, אין גרעסטן טייל ערדלאָזע, וועלכע האָבן געאַרבעט פאַר זייערע האָרן. ייִדן האָבן אַנטוויקלט אַלע מלאכות און פאַרשפּרייט דעם מסחר, און גע־

עפּנט דאָס לאַנד פאַרן פּראַגרעס אויף פאַרשיידענע געביטן, וואָס האָט זיך שוין צו יענער צײַט אָנגעהויבן אין אייניקע פאָרגעשריטענע לענדער פון אייראָפּע. די ייִדישע ישובים אין פּוילן האָבן דעריבער דערגרייכט צו אַ הויכער מדרגה פון אַליינפאַרוואַלטונג אין זייער אינערלעכן לעבן, די קהילות האָבן געהאַט אַלע רעכט פון אויטאָנאָמע אינסטאַנצן און האָבן געווילט אַ צענטראַלן אָרגאַן, דעם „וועד אַרבע ארצות" מיט אַ צענטראַלן בית־דין, וועלכע פלעגן באַשטימען אַלע אַספּעקטן פון ייִדישן לעבן. דאָס לאַנד האָט דעמאָלט געדאַרפט האָבן ייִדן, און האָט נאָך נישט געהאַט קיין אייגענע מענטשן, וואָס זאָלן זיי פאַרבײַטן.

אָבער ווי נאָר עס האָט זיך געענדערט די לאַגע, זײַנען די ייִדן געוואָרן „גרויס אין די אויגן" און מען האָט זיי אָנגעהויבן טרײַבן: „זשידזשי דאָ פּאַלעסטיני". און אַזוי איז עס געווען נישט נאָר אונטער דער רעליגיעזער הערשאַפט פון קריסטלעכן דערלייזער, נאָר דאָס זעלבע האָט זיך אויך איבערגעחזרט אונטער דער מאַרקסיסטישער הערשאַפט פון די רויטע דער־לייזער, און אויף אַ פראַגע פון אַ גרופּע פאַרלאַמענטאַריער אין מאָסקווע — פאַרוואָס זעט מען נישט קיין ייִדישע פונקציאָנאַרן אין די מיניסטעריומס? האָט אַ קאָמוניסטישער גדול געענטפערט: — מיר האָבן הײַנט אָן אייגענע אינטעליגענץ...

ייִדן האָבן זיך אידענטיפיצירט מיטן גורל פון לאַנד, און אויף וויפל מען האָט זיי געלאָזט ליב האָבן דאָס פאָטערלאַנד זײַנען זיי געווען טרײַע בירגער. די געשיכטע וויס צו דערציילן, אַז זייער פיל ייִדן האָבן אָנטייל־גענומען אין די פּוילישע „פּאָווסטאַניעס" קעגן די פרעמדע אונטערדריקער. אונטער דער פרעמדער הערשאַפט האָט זיך געשאַפן אַ געוויסע דערנענטע־רונג צווישן די צוויי פעלקער, פּאָליאַקן און ייִדן, וועלכע האָבן באַזונדערס געליטן אונטער דער צאַרישער העגעמאָניע אין דעם רוסישן פּוילן. אָבער ווי נאָר פּוילן איז געוואָרן אומאָפּהענגיק איז גלײַך אויסגערונען די „סימ־פּאַטיע", און די נײַע באַלעבאַטים האָבן געמאַכט אומדערטרעגלעך דאָס לעבן פון די ייִדן, פאַר וועלכע ס'איז נישט געבליבן קיין אַנדער אויסוועג ווי נאָר צו אַנטלויפן וווהין די אויגן טראָגן.

פּוילן האָט נישט לאַנג געפײַערט טויזנט יאָר פון איר עקסיסטענץ, וואָס דאָס מיינט אויך טויזנט יאָר ייִדישע געשיכטע אין פּוילן. עס זײַנען

פאַראַן אומבאַשטרײַטבאַרע באַווײַזן, אַז עס זײַנען געווען ייִדן אין פּוילן נאָך איידער די מלוכה איז געגרינדעט געוואָרן. די ייִדישע אײַנוואַנדערער האָבן געבראַכט מיט זיך די דערפאַרונג פון דער מערב קולטור, זיי האָבן פאַר־בונדן דאָס לאַנד מיט די שכנישע לענדער, און געפירט פּוילן אויפן וועג פון פאָרשריט. נישט אומזיסט האָבן די ערשטע פּוילישע קעניגן אָנגעבאָטן די ייִדן כל המינים פּריווילעגיעס, און פאַר זיי ברייט געעפנט די טירן פון לאַנד. ייִדן זײַנען געווען די פּיאָנערן אין דער אַנטוויקלונג פון האַנדל, אינדוסטריע, מלאכות און פּראָפעסיעס. וויכטיקע עקאָנאָמישע צענטערס זײַנען אַנטשטאַנען אַ דאַנק דעם אונטערנעמונגס גײַסט פון די ייִדישע אײַנוואַנדערער. ס׳איז גענוג צו דערמאָנען לאָדזש, ווי אַ בײַשפּיל פון ייִדישן בײַשטײַער פאַר דער אַנטוויקלונג און אויפשטײַג פון פּוילן. דאָס זעלבע אויך קראָקע, וואַרשע און אַנדערע שטעט. ייִדן האָבן געהאָלפן אַרויספירן פּוילן פון איר פּרימיטיווקייט און אָפּגעשטאַנענקייט, וואָס האָט כאַראַק־טעריזירט די סלאַווישע לענדער אין יענער צײַט.

ייִדן האָבן באַאײַנפלוסט און באַרײַכערט אַלע געביטן פון דער פּוילישער גײַסטיקער שאַפונג, און האָבן אין די קאַמפן פאַר פּוילנס אומאָפּהענגיקייט, מיט זייער בלוט דערוויזן זייער בירגערלעכע טרײַהייט און איבערגעבנקייט צום לאַנד. ייִדן האָבן צוגלײַך מיט די פּוילישע פּאַטריאָטן געפּרוּווט אין באַוואָפנטע אויפשטאַנדן צוריק געווינען די פאַרלאָרענע זעלבסטשטענדי־קייט פון פּוילישן קעניגרײַך.

דער פּאָלקאָווניק, בערעק יאָסעלעוויטש, האָט געגרינדעט אַ ייִדישן לעגיאָן אין דער פרײַהייטס אַרמיי, אונטער דער אָנפירונג פון גענעראַל קאָשטשושקאָ אין יאָר 1794, און דער ייִדישער פּאָלק האָט מיט אַ זעלטענעם העראָיזם פאַרטיידיקט פּראָגע קעגן דער אַטאַקע פון רוסישן מיליטער. כמעט ווי אַלע ייִדישע זעלנער זײַנען אומגעקומען, אָבער זיי האָבן נישט אָפּגעטראָטן. ייִדן און פּאָלאַקן האָבן דעמאָלט געהאַט איין לאָזונג אויף די ליפּן: „מיר קעמפן פאַר אײַער און פאַר אונדזער פרײַהייט״. עס קלינגט הײַנט ווי אַ חוזק פון דער געשיכטע.

ווי געזאָגט, האָט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה פּוילן צוריק־באַ־קומען איר נאַציאָנאַלע אומאָפּהענגיקייט. די דרײַ גרויסמאַכטן וואָס האָבן זי באַצווונגען זײַנען געלעגן אין אָנמאַכט, דײַטשלאַנד און עסטרײַך באַ־

זיגט, און רוסלאַנד האָט זיך נאָך געבאָדן אין בלוט פון דער רעוואָלוציע. האָט פוילן אויפגעוואַכט צו אַ נײַ און זעלבסטשטענדיק לעבן מיט אַ באַפעלקערונג פון דרײַ און דרײַסיק מיליאָן נפשות, פון וועלכע צוואַנציק מיליאָן זײַנען געווען פּאָליאַקן און די איבעריקע אוקראַינער, ליטווינער און ייִדן. און ווי נאָר דאָס לאַנד איז באַפרײַט געוואָרן פון פרעמדן יאָך, האָבן זיך אָנגעהויבן אַנטי־ייִדישע עקסצעסן איבער גאַנץ פוילן. די נײַע באַלעבאַטים האָבן עס איצטער געמאַכט אויף זייער אייגענער איניציאַטיוו און חשבון. די דעמאָביליזירטע סאָלדאַטן פון וועלט־קריג האָבן געביטן די אוניפאָרם, האָבן זיך אויסגעפּוצט אין עלעגאַנטע פּוילישע מונדירן, און זיך גענומען שלאָגן ייִדן.

אַזוי האָט פוילן געפײַערט איר באַפרײַונג, און דערמאָנט די ייִדן, אַז די באַפרײַונג מיינט נישט זיי, און אַז צום פּוילישן „פּאָטערלאַנד" האָבן זיי נישט קיין שייכות. פרעמדע זײַנען זיי אין דעם לאַנד אין וועלכן זיי האָבן געלעבט אַריבער די טויזנט יאָר, און פאַרלאָרן איז זייער בײַטראָג פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער מלוכה. עס איז שפּעטער אײַנגעפירט געוואָרן אַ דעמאָקראַטישער רעזשים אין לאַנד, די ייִדן האָבן געהאַט זייערע פאָרשטייער אין סיים, וועלכע האָבן געהאַלטן פלאַם־פײַערדיקע רעדעס קעגן דער אַנטיסעמיטישער פּאָליטיק פון דער רעגירונג, אָבער עס האָט געהאָלפן „ווי אַ טויטן באַנקעס". יעדע נײַע רעגירונג, איז געקומען מיט נײַע פּלענער ווי צו דיסקרימינירן עקאָנאָמיש און פּאָליטיש די ייִדן, און מאַכן אומדערטרעגלעך זייער לעבן אין דעם באַפרײַטן „פּאָטערלאַנד".

קורץ נאָך דער וועלט־מלחמה איז אויך אויסגעבראָכן אַן עקאָנאָמישער קריזיס אין לאַנד, וועלכן אַלע רעגירונגען וואָס זײַנען אויפגעקומען אין פאַרשיידענע צײַטן, האָבן געזוכט צו לייזן אויפן חשבון פון די ייִדן. דאָס איז געווען די פּאָליטיק פון די נאַציאָנאַלע רעגירנדיקע פּאַרטייען, וועלכע זײַנען דערמיט אויסן געווען צו שיסן דרײַ האָזן מיט איין מאָל: פאַרטרײַבן די ייִדן פון דער אינדוסטריע און האַנדל, זייער אָרט איבערגעבן די פּאָליאַקן, און געווינען די סימפּאַטיע פון דער פּוילישער באַפעלקערונג פאַר זייערע „אידעאַלן".

די אַלע דרײַ צילן האָבן זיי דערגרייכט. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַזאַ שאָוויניסטישע פּראָפּאַגאַנדע אין לאַנד, וואָס האָט רויִנירט דאָס ייִדישע

לעבן. דער לאָזונג „סוואָי דאָ סוואָיעגאָ״ — מען זאָל נישט קויפן און נישט האַנדלען מיט קיין ייִדן — האָט אַראָפּגעשריגן פון אַלע ווענט, אין אַלע צײַטונגען און פון אַלע מײַלער, פון איין עק לאַנד ביזן אַנדערן. בײַ ייִדישע אונטערנעמער האָט מען געפּאָדערט שטײַערן לויט דער „אָפּשאַצונג״ פון די פונקציאָנאַרן, און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ כוואַליע פון באַנקראָטן, וואָס האָט אונטערבראָכן די עקאָנאָמישע עקסיסטענץ פון דער ייִדישער באַפעל־קערונג אין פּוילן. דאָס איבעריקע איז שוין געקומען פון זיך אַליין. די פּאָליאַקן האָבן דערזען, אַז דער צאַרישער לאָזונג „בעי זשידאָוו אי ספּאַסאַי ראָסיו״ גיט אין דער פּוילישער איבערזעצונג „שלאָג די ייִדן און ראַטעווע פּוילן״, גאַנץ גוטע רעזולטאַטן פאַר אַ סך פּוילישע פּאַטריאָטן, וועלכע זײַנען פּטור געוואָרן פון זייערע ייִדישע קאָנקורענטן. און פאַר די ייִדן איז נישט געבליבן קיין אַנדער פּערספּעקטיוו ווי נאָר — צו עמיגרירן...

דער שענדלעכער אַטענטאַט אויפן ייִדישן לעבן אין פּוילן, די סיס־טעמאַטישע פּאָליטיק פון דיסקרימינאַציעס אין פאַרלויף פון לאַנגע יאָרן, האָט באַגינציקט נאָר אַ דינעם שיכט פון פּוילישע מיטלקלאַס מענטשן, אָבער האָט נישט געראַטעוועט דאָס לאַנד פון קריזיס. די אַלגעמיינע אומצו־פרידנקייט האָט דעריבער פאַרשטאַרקט די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, דער קאָמוניזם איז דערקלערט געוואָרן אומלעגאַל און די תפיסות זײַנען איבערגעפולט געוואָרן מיט מענטשן, צווישן זיי, צום באַדויערן, אַ סך ייִדן וואָס האָבן זיך אָנגעכאַפּט אין דער אילוזיע ווי אַן אויסוועג פון פאַרצווייפ־לונג. אָבער די „סאָציאַליסטישע״ פּוילן האָט נישט געענדערט איר פּאָליטיק צו ייִדן, און האָט נאָך יאָרן פון אָפענע און באַהאַלטענע דיסקרימינאַציעס, זיי פּשוט פאַרטריבן. פּוילן איז הײַנט ריין פון ייִדן.

אין די צוואַנציקער יאָרן פון אונדזער יאָרהונדערט האָט דאָס פּוילישע ייִדנטום געלעבט מיטן געדאַנק פון עמיגראַציע, ווי אַ גזר פון דער גלות געשיכטע: „לך־לך מארצך״ — גיי דיר אַוועק פון דײַן לאַנד צו אַ לאַנד, וועלכן איך וועל דיר ווײַזן. נישט אַלע האָבן געהאַט מיט וואָס צו עמיגרירן, און נישט געוווּסט וווהין צו עמיגרירן. אַ גאַנץ פאָלק פון אַריבער די דרײַ מיליאָן נפשות, האָט מיט בענקשאַפט געווענדעט דעם בליק צו די לענדער פון אויף יענער זײַט ים. נאָרד אַמעריקע האָט אין יענער צײַט געזוכט צו צוימען דעם שטראָם פון אײַנוואַנדערונג, און אײַנגעשטעלט קוואָטעס. האָט

די עמיגראַנטן כוואַליע זיך פאַרנומען צו די דרום אַמעריקאַנער ברעגן. די ערשטע צײַט איז מען געפאָרן קיין אַרגענטינע, קובאַ, טשילע און שפּעטער קיין ווענעסועלאַ, מעקסיקע, קאָלאָמביע און די צענטראַל־אַמערי־קאַנער לענדער. ייִדן זײַנען געלאָפן פון באַפרײַטן „פאָטערלאַנד", וואָס האָט געברענט זייערע טריט, און זיי געשמיסן מיט שנאה און ביטול: „זשידזשי דאָ פאַלעסטיני!"

אין מײַן משפחה האָט פריִער עמיגרירט מײַן עלטערער ברודער. עס איז געוואָרן ענג אין דעם לאַנד פאַר אַ יונגן ייִדן, וואָס האָט פאַר זיך נישט געזען די מינדסטע פּערספּעקטיוון פאַר אַן אָנשטענדיקן לעבן. וווהין פאָרט מען? צופעליק האָב איך געטראָפן אַ מענטשן, וואָס איז געפאָרן צו אַ ברודער אין קאָלאָמביע. „אַ שיין לאַנד, האָט ער מיר געזאָגט, מען קאָן דאָרט מאַכן אַ לעבן". איז דער נאָמען מיט דער צײַט מיר געוואָרן היימיש און נאָענט. זאָל זײַן קאָלאָמביע! וועט זײַן מיט איין פּראָבלעם ווייניקער. איך האָב שוין געוווּסט וווהין איך וויל פאָרן, און עס איז נאָר געבליבן די פראַגע מיט וואָס צו פאָרן...

אַ ייִדישער שפּריכוואָרט זאָגט: „נויט ברעכט אײַזן". מיליאָנען האָבן אין יענע יאָרן פאַרלאָזן די אייראָפּעיִשע לענדער און זיך געלאָזט צו די אַמעריקאַנער ברעגן. בין איך געפאָרן ווי אַלע אַנדערע, און אויפגעשטעלט מײַן היים אויף דער קאָלאָמביאַנער ערד, וואָס איז שוין אויך די היים פון מײַנע קינדער און קינדס קינדער. דאָך איז פאַרבליבן אין געמיט אַ וואַ־רעמער געפיל צו דער אַלטער היים און אַ פײַנלעכער געדאַנק וועגן גורל פון די ייִדן, וועלכע זײַנען פאַרבליבן אין פוילן...

## שלמה ברײנסקי, דער פֿאַרוואָגלטער יידישער שרייבער

אַ מאמר חז״ל זאָגט ערגעץ, אַז גאָט האָט פֿאַרשפּרייט דאָס ייִדישע פֿאָלק כדי צו זיכערן זײַן קיום. אַזאַ געדאַנק האָט זײַן באַרעכטיקונג. אַזוי לאַנג דאָס פֿאָלק איז אין גלות, איז עס אויסגעשטעלט אויפֿן חסד פֿון זײַנע שכנים, און אויב עס באַגליקט אים נישט אין איין לאַנד, געפֿינט עס אַ טרייסט, אָדער אַ מקום מקלט פֿאַר זײַנע שארית הפּליטה, אין אַ צווייטן...

אַנדערע ווילן אַרײַנטײַטשן אין דער צעשפּרייטקייט פֿון ייִדישן פֿאָלק אַ מעסיאַנישע שליחות צו פֿאַרשפּרייטן וויסן, פֿאָרשריט און שיינע מידות. אויך אין דעם איז פֿאַראַן אַ פּונק אמת. דורכאויס וווהין דער גורל האָט פֿאַרטראָגן די ייִדן אין זייער לאַנגער וואַנדערונג איבערן ערדקויגל, זײַנען זיי דורך אַלע דורות געווען אַ פֿאַקטאָר פֿון פּראָגרעס און קולטורעלער אַנטוויקלונג אויף אַלע געביטן. ייִדן האָבן אַקטיוו זיך באַטייליקט, און אָפטמאָל געווען דער אַוואַנגאַרד, וואָס האָט געשמידט די נאַציאָנאַלע גלאָ־ריע פֿון פֿעלקער, וועלכע האָבן דאָס רוב אָפּגעצאָלט די „פֿרעמדע" מיט רדיפות.

די „צעשפּרייטקייט" האָט אָבער געווירקט צום שאָדן פֿון ייִדישן המשך און גײַסטיקן לעבן פֿון די קליינע ייִדישע ישובים, צעוואָרפֿענע איבערן אומענדלעכן שטח פֿון אַלע קאָנטינענטן. אָפּגעריסן פֿון די קאָמפּאַקטע ייִדישע קיבוצים און גרויסע גײַסטיקע צענטערס, ווערן זיי שנעל פֿאַר־פֿלייצט פֿון די אַרומיקע קולטורן, און וואָס ווײַטער אַלץ מער אויסגעליידיקט פֿון ייִדישע ווערטן, אויסגעשטעלט אויף אַסימיליאַציע און אויף מישונג. אַזוי זעען אויס די קליינע ייִדישע אינדזעלעך אין דער ווײַטער לאַטיין־אַמעריקע — רעטונגס־שיפֿלעך אויף די כוואַליעס פֿון אַ צעשטורעמטן ים — און ווען נישט דער דערפֿרייענדיקער פֿאַקט פֿון מדינת ישראל, וואָס האָט דערוועקט די פֿאַרשלאָפֿענע ייִדישע בלוטן, וואָלטן מיר שוין הײַנט אויף דעם קאָנטינענט, געהאַט נאָר אַ שוואַכן זכר פֿון אַ ייִדישן לעבן.

נאָך ערגער איז די לאַגע פון דעם אינטעלעקטואַל ,פון דעם דינעם שיכט יידישער אינטעליגענץ, וואָס איז פאַרוואָגלט געוואָרן הינטער די הרי־חושך פון דעם יידישן מאָסן־לעבן. אָן אַ גײַסטיקער סביבה אַרום זיך, האָבן זיי פשוט אָנגעהייבן אינטעלעקטועל אײַנשרומפּן. אייניקע האָט דאָס לעבן אײַנגעבראָכן, און זיי האָבן זיך צוגעפּאַסט צו די אַרומיקע באַדינגונ־גען, האָבן דערשטיקט אין זיך אַ סך גײַסטיקע אומרוען, און זיך געלאָזט אויפן וועג פון „מאַכן אַמעריקע". אַנדערע האָבן נישט אויפגעגעבן דעם קאַמף, און האָבן אויף דעם טרוקענעם באָדן, און אין דער קאַלטער אַטמאָס־פער פון געיעג נאָכן טעגלעכן ברויט, זיך געשטעלט פאַר אַ ציל נישט נאָר צו „מאַכן אַ לעבן", נאָר אויך צו באַשרײַבן, באַווירקן און דערהייבן דאָס לעבן. צו די לעצטע, און גאָר ווייניקע, האָט געהערט מײַן לאַנדסמאַן און חבר, דער שרײַבער שלמה ברײַנסקי.

געקומען איז ער קיין באָגאָטאַ אין יאָר 1934, אין עלטער פון 32 יאָר, ווי אַ רייפער שרײַבער און ווי אַ מענטש מיט אַ פאַרמירטער אידעאָ־לאָגיע. ער האָט שוין פאַרעפנטלעכט אין איטשע מאיר ווײַסענבערגס „אונדזער האָפענונג" קאַפּיטלען פון אַ ראָמאַן, האָט אַרויסגעגעבן אַ בוך „ווען פונדאַמענטן טרייסלען זיך" און האָט זיך געדרוקט אין פאַרשיידענע צײַטשריפטן. אָבער אין די 21 יאָר פון זײַן לעבן אין לאַטיין אַמעריקע האָט ער קוים באַוויזן אַרויסצוגעבן צוויי ביכער, וועלכע זאָגן עדות אויף אַן אָריגינעלן טאַלענט, וועלכער איז פאַרוואָגלט געוואָרן אין אַ ווײַטער פּעריפעריע פון דער גרויסער יידישער וועלט, און האָט אויף דעם האַרטן באָדן פון דער נײַער היים נישט געפונען גענוג זאַפטן צו שפּײַזן זײַנע שע־פערישע מעגלעכקייטן.

איך בין מיט שלמהן געווען פאַרבונדן פון די קינדער־יאָרן. אונדזערע וויגעלעך זײַנען געשטאַנען אין זעלבן פּוילישן גאַרבער־שטעטל, זשעליכאָוו, וואָס האָט געשמעקט מיט פעל, מיט שווייס פון האָרעפּאַשנע יידן און מיט תורה. זשעליכאָוו איז אַ ליכטיקער פונקט אויף דער יידישער ליטעראַרי־שער מאַפּע מיט די נעמען פון ווײַסענבערג, יחיאל לערער, שלמה ברײַנסקי און וואָלף יאַסני. אין קעגנזאַץ צו ווייסענבערגן, וואָס האָט גאַנץ ווייניק גענאָסן פון דער זשעליכאָווער ציוויליזאַציע, האָט ברײַנסקי, דאַקעגן, דורכ־געמאַכט אַלע מדרגות פון דער קליינשטעטלדיקער קולטור און האָט גע־

לערנט אין חדרים, אין ישיבה, האָט אויסגעלייענט אַלע ביכער פון דער שטאָטישער ביבליאָטעק, און איז אַריין אין לעבן ווי אַ „פּאַלנער" מענטש אונטער דער פאָן פון די פּועלי־ציון. ער איז דעריבער דריי יאָר געווען אין ישראל, האָט געפּרוּווט זיינע כוחות ביי דער אַרבעט פון כביש און ביי עבודת אדמה.



ש. גובערעק מיט י. י. שוואַרץ און שלמה בריינסקי אין באָגאָטאַ

איך האָב מיך אויסגעקוקט די אויגן נאָך ברייענסקין, מיט וועלכן איך האָב אָנגעהאַלטן אַ פּערמאַנענטע שריפטלעכע פאַרבינדונג, און געוואַרט אויף אים מיט אומגעדולד. מיר האָבן אין יענער צייט געהאַט אַ קולטור קרייז אויפן נאָמען פון י. ל. פּרץ און פון צייט צו צייט פלעגן מיר איינאָר־דענען „לעבעדיקע צייטונגען", וואָס זיינען באַשטאַנען פון לייענען און־דזערע אייגענע שאַפונגען. קיין גרויסע „מאַסן" האָבן מיר נישט פאַרזאַמלט,

דער ישוב איז איבערהויפּט געווען קליין; גרויס איז נאָר געווען אונדזער יוגנטלעכער ענטוזיאַזם, אָבער עס האָבן געפעלט גײַסטיקע מנהיגים, וואָס זאָלן דעם שוואַכן פלאַם אונטערהאַלטן און דערוואַרעמען. מיר האָבן דע־ריבער געלייגט גרויסע האָפענונגען אויף ברײינסקין, און פאַר אים צוגע־גרייט אַ קעניגלעכע אויפנאַמע פון טיי מיט צובײַסן, און מיט אַ דעסערט פון אונדזער ליטעראַרישער פּראָדוקציע, וועלכע חברה האָט פאָרגעלייענט.

קורץ נאָך דער שמחה האָבן מיר זיך פאַרזאַמלט מיטן גאַסט, וועלכער האָט פאָרגעשלאָגן מיר זאָלן אַרויסגעבן אַ צײַטשריפט אָדער אַ מאָנאַט־לעכן זשורנאַל. דער פּלאַן איז „אײַנשטימיק" אָנגענומען געוואָרן, אָבער ווי זאָל מען פאַרווירקלעכן אַזאַ אויפגאַבע, אַז קיין יידישע דרוקערײַ איז נישט געווען אין שטאָט און אויך נישט קיין יידישער שריפט? האָבן מיר זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיטן רעדאַקטאָר פון אַ יידישער צײַט־שריפט אין קובאַ, וועלכער האָט אונדז פאָרגעלייגט פּלאַץ אין זײַן אויס־גאַבע. קיין מאַטעריאַל האָט נישט געפעלט, חברה האָט גאַנץ געשמאַק „געזינדיקט" מיט דער פעדער, און איך האָב אויך צום ערשטן מאָל דע־בוטירט מיט אַ מאמר. יעקב שפּאַנקא האָט צוגעשיקט אַ בילדל פון די קאָלאָמביאַנער פישער, און ברײינסקי האָט שוין געהאַט פאַרטיק אַ דערציי־לונג פון דער קאָלאָמביאַנער ווירקלעכקייט „אַ טשינאָ איז קראַנק געוואָרן", וואָס שילדערט דאָס לעבן פון די פאַרוואָרלאָזטע קינדער אויף די גאַסן פון דער הויפּטשטאָט.

דער באַרימטער דיכטער, לואיס ווידאַלעס, האָט די צוויי דערציילונ־גען איבערזעצט אין שפּאַניש און זיי פאַרעפנטלעכט אין אַ ליטעראַרישער אויסגאַבע. דער אָפּרוף איז געווען אַן איבעררעאַשנדיקער. שפּאַנקאָס, און באַזונדערס ברײינסקיס דערציילונג, האָט שטאַרק אויסגענומען. דער זשע־ליכאָווער אימיגראַנט האָט אויפגעדעקט אַ ווונד, וועלכע אַלע האָבן געזען, אָבער זייער ווייניק האָבן זי געפילט אין זייער אייגענעם ווען. מענטשן האָבן טאָג־טעגלעך געזען הונגעריקע אָפּגעריסענע קינדער אויף די גאַסן פון שטאָט און אין די נעכט, פאַרשטעקט אין לעכער אויף זיך צו באַשיצן פון נעץ און קעלט, זײַנען זיי ווי פאַריאָגטע מײַז, אומרויִק געשלאָפן. — שווער אַלעמען צו העלפן, האָבן גוטע מענטשן געטראַכט, ס'איז אַ יונג לאַנד, וואָס שטעלט זײַנע ערשטע טריט אויפן וועג פון זעלבסטשטענדיקייט;

מיט דער צײַט װעלן מיר לײזן די פּראָבלעמען פֿון אָרעמקײט און פֿון די מאַסן אינדיאַנער, װעלכע הײבן אָן ערשט אַרױסגײן פֿון זײער פּרימיטיװן צושטאַנד...

שלמה ברײנסקי האָט די װוּנד געװיזן אין קינסטלערישן ליכט און עס האָט זיך אַנטפּלעקט פֿאַר דער װעלט דער גאַנצער שוידער פֿון דער מענטש־לעכער מיזעריע. מיטן כּוח פֿון זײַן פֿאַנטאַזיע און װאַרעם ייִדיש האַרץ, האָט ער דעם „טשינאָ״ — דעם קלײנעם אינדיאַנער ייִנגל — װאָס דעקט זיך צו מיט אַ פּאַפּיר־פּלאַקאַט אין אַ קאַלטער נאַכט אויף דער גאַס, פֿאַר־װאַנדלט אין אַ סימבאָל פֿון אױסגאַנגסלאָזער נױט, װאָס הערשט אין דער װעלט, און דאָס האָט אַרױסגערופֿן עמאָציעס, און זיך אײַנגעגעבּיסן אין גע־װיסן פֿון מענטשן, װעלכע האָבן באַגריסט דעם אומבאַקאַנטן שרײַבער, װאָס האָט אַזױ איבערצײַגנדיק געשילדערט דעם סאָציאַלן פּײזאַזש פֿון דער לאַטײן־אַמעריקאַנער װירקלעכקײט און באַרײַכערט די טענדענץ אין דער אָרטיקער ליטעראַטור, װעלכע איז דורכגעדרונגען מיט הומאַניטאַרע סענטימענטן.

צװײ אָפּגעריסענע ייִנגלעך, פֿון אַ יאָר אַכט אָדער נײַן, האָבן אין אַ קאַלטן און נאַסן אָװנט געאײַלט צו זײער „נאַכטלעגער״. אױפֿן װעג האָבן זײ אַראָפּגעריסן אַלע פּלאַקאַטן פֿון די װענט, און האָבן זיך אָפּגעשטעלט בײַ אַ שטוב װאָס האָט געהאַט אַן אָפּדאַך, און װוּ מען האָט געקאָנט זיך שיצן פֿון רעגן. „געצײלטע מינוטן שפּעטער זײַנען בײדע קינדער פֿאַר־װאַנדלט געװאָרן אין אַן אָטעמדיק בערגל פּאַפּיר אױפֿן טראָטואַר. אָבער דאָס בערגל איז נישט געװען קײן בן־יחיד. דאָ, אין דער שטילער הינטער־גאַס, האָבן בײַ די הײַזער װעלכע האָבן געהאַט אַן אָפּדאַך, געלעגן אַ סך אַזעלכע בערגלעך פּאַפּיר און שמאַטעס. דאָ האָבן געהאַט זײער אָפּרו און געלעגער די גאַסן־קינדער, די אַזױ־גערופֿענע „טשינאָס״...

און דער מחבר האָט אַ געפֿיל נישט נאָר פֿאַרן סאָציאַלן פּײזאַזש, ער קאָן אױך שילדערן די נאַטירלעכע פּאַנאָראַמע, אױפֿן הינטערגרונט פֿון װעלכער עס שפּילט זיך אָפּ אַ שטומע מענטשלעכע דראַמע: „עס איז בײַ די דרײַ אַזײגער פֿאַרטאָג. די שטאָט איז פֿאַרזונקען אין טיפֿן שלאָף. דער טונקל־בלױער הימל, װעלכער האָט אַראָפּגעקוקט אױף דער שלאָפֿנ־דיקער שטאָט מיט מיליאָנען פֿינקלדיקע אױגן, איז פּלוצים איבערגעצױגן

געוואָרן מיט אַ שוואַרצן שלייער. אַלע פּינקלדיקע אויגן זײַנען מיט אַ מאָל אויסגעלאָשן געוואָרן, אַ ווינט האָט גענומען בלאָזן. אַ פֿײַכטקייט האָט זיך דערשפּירט אין דער לופֿטן. דינע, שיטערע, קוים מערקבאַרע טראָפּנס האָבן אָנגעהייבן פֿאַלן. דאָס האָט דער רעגן אויסגעפּרוווט זײַנע כּוחות, פּונקט ווי אַ קלעזמער פּרוווט אויס זײַן אינסטרומענט. און באַלד האָט גענומען גיסן אַ רעגן, אַ דרייסטער און אַ פֿאַרשײַטער, גלײַך ער וואָלט געוואָלט אַלץ פֿאַרגיסן. דאָ און דאָרט האָט אַ דרימלענדיקער הונט דערשפּירט דעם רעגן, אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ, אַ קוק געגעבן אין דער נאַכט מיט אויגן פֿול יאוש, און באַלד צוריק פֿאַרגראָבן דעם קאָפּ צווישן די פֿיס, נאָך מער אײַנגעקאָרטשעט זיך און ווײַטער געדרעמלט. אויך די שלאָפֿנדיקע קינדער האָבן געטאָן דאָס אייגענע וואָס די הינט. זיך אײַנגעקאָרטשעט און ווײַטער געשלאָפֿן"...

איך האָב בכיוון געבראַכט אַ לענגערן ציטאַט, כּדי דער לייענער זאָל דערפֿילן דעם שאַרפֿן טעם פֿון ברייִנסקיס סטיל, וואָס באַווײַזט מיט אַזאַ פּשטות פֿון וואָרט און קלאָרקייט פֿון בילד, פֿאָרשטעלן די טראַגיק פֿון אַן עקסיסטענץ, וואָס שפּילט זיך אָפּ שטיל און שטום אין גורל פֿון פֿאַרוואָרלאָזטן הונט און זײַן שכן, דעם הילפֿלאָזן קינד.

און דער מחבר דערציילט, אַז איינער פֿון די קינדער האָט נישט געקאָנט אײַנשלאָפֿן, עס האָט אים געוואָרפֿן אין היץ און אין קעלט. דער גאַנצער קערפּער האָט אים געשטאָכן ווי מיט נאָדלען. אָבער ער האָט נישט געוויינט, נאָר גיכער זיך געוווּנדערט. "אין די אַכט פֿרילינגס — ווי דיכטער האָבן ליב אָנצורופֿן די קינדער־יאָרן — איז ער שטענדיק געשלאָפֿן אויף אַזעלכע געלעגערס און קיינמאָל קראַנק נישט געווען. די גאַס איז געווען זײַן שטענדיקע היים, דער טראָטואַר — זײַן קינדער־בעטל, אַ גלעט פֿלעגט ער באַקומען פֿון ווינט, און זײַנע לערער זײַנען געווען דער הונגער און די נויט. איז וואָס האָט פּאַסירט?... פּלוצים האָט ער דערפֿילט אַ מאָדנע, אָנגענעמע, צאַרטע וואַרעמקייט. עס דאַכט זיך אים אַז אַמאָל, אַמאָל האָט ער שוין עפּעס ענלעכעס דורכגעלעבט, אָבער ווו און ווען געדענקט ער נישט. ער שטרענגט זיך אָן צו דערמאָנען זיך. און ווי אַ בליץ צעשנײַדט אַ פֿינצטערע נאַכט און אויף אַ רגע ווערט אַלץ העל באַלויכטן... יאָ, אַזאַ וואַרעמקייט האָט ער געפֿילט אַמאָל, ווען

ער איז נאָך געווען גאָר אַ פּיצלס און איז געלעגן ביי דער מאַמעס ברוסט. די וואַרעמקייט נעמט אים דורך, ער ווערט צעשוווּמען אין איר. ער ווערט וואָס אַמאָל לייכטער, לייכטער. אָט איז ער נישט מער ווי אַ פעדעמל, וואָס פליט אין דער לופטן"...

עס איז געוואָרן טאָג. די „טשינאָס" זיינען שוין לאַנג אויף זייער טעגלעכער וואַנדערונג איבער די שטאָטישע גאַסן און מיסטן. נאָר דער קראַנקער איז געבליבן ליגן אויפן טראָטואַר, און געשטערט די פאַרביי־גייער, וואָס האָבן אים אויסגעמיטן, אַ בכבודיקער בירגער, מיט אַ פּאַ־ראַסאָל אין האַנט, האָט אַ וואָרטשע געטאָן בייז: — „אַזוי פרי, אַזאַ קליי־נער, און שוין זיך אָנגעשיכורט".

די איראָניע איז כאַראַקטעריסטיש פאַר ברײנסקיס שרייבערישן סטיל. ער האָט געקאָנט קלוג אַריינזאָגן, און מיטן כוח פון דער איראָניע שאַרף אונטערשטרייכן די קאָנטראַסטן, ווייזן דעם פּנים פון דער אויסגאַנגסלאָזער נויט, און פון דער האַרצלאָזיקייט און טעמפּקייט פון די מענטשן. די דער־ציילונג האָט געמאַכט אַ רושם, און דערוועקט גוטע ווונטשן אין אייניקע קרייזן. אָבער גאַנץ אַנדערש האָבן רעאַגירט די „בכבודיקע בירגער", וואָס זיינען אַרויס מיט אַ טענה, אַז אייניקע אויסלענדער „פאַרשוואַרצן דאָס פּנים פון לאַנד", און געפאָדערט מען זאָל זיי אַרויסשטעלן אויף יענער זייט גרענעץ. מען האָט קוים אָפּגעשריגן די גזירה...

*

עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז דער באַדויערנסווערטער אינצידענט האָט אויף לאַנג אָפּגעקילט אונדזער ליטעראַרישן ענטוזיאַזם, האָט צע־בלאָזן ווי אַ שטורעם אונדזערע לופטשלעסער און אויף לאַנג אָפּגעשלאָגן ביי חברה דעם חשק צו שרייבן. אָבער נישט ביי ברײנסקין! עס האָט אויך געווירקט אויף אים, אָבער ער איז געווען אַ שרייבער פון באַרוף, און האָט זיין איינזאַמקייט פאַרטריבן אין אַ דיאַלאָג מיט זיך און מיט טענות צו דער וועלט. אויפגעהאָדעוועט אין אַ פרומער יידישער סביבה, אין שטוב פון שימעלע שוחט, האָט דער טאַטע געהאָפט זיין געראָטענעם זון צו מאַכן פאַר אַ רב. דער זון אָבער האָט איינגעזאַפּט אין זיך די תורה פון משה העס און בער באָראָכאָוו, האָט ער אויסגעקליבן דעם וועג פון ציוניזם



אַ הויז אין קאָלאָניאַלן סטיל פון 16טן יאָרהונדערט אין פייפאַ, קאָלאָמביע

און סאָציאַליזם, און האָט געזוכט די גאולה פון דעם פאָלק און דעם תיקון פון דער וועלט. אָט מיט די אויגן האָט ער געקוקט אויף דער אַרומיקערווירקלעכקייט, און נישט אומזיסט הייסט זײַן ערשט בוך — אַ זאַמלונג פון זעכצן דערציילונגען — „מענטשן אין שפּאַן״.

שלמה ברײנסקי האָט אין זײַן נײַער היים געזען מענטשן אין שווערן סאָציאַלן שפּאַן, וואָס שלעפּן דעם וואָגן פון לעבן ווי די פערד, ווו איין טאָג איז ענלעך אויפן אַנדערן, ווו עס הערשט נישט קיין אַנדער אומרו ווי נאָר דער פיזיאָלאָגישער דראַנג, און דער מענטש וועגעטירט אָן אַ זין און אָן אַ ציל, אָן אַ העכערן תכלית, ווי „אַ שרײַפּל פון אָן אייביק טרײַבנדיקער נשמה־אַרויסיאָגנדיקער מאַשין, וואָס האָט אים אײַנגעקלאַמערט אין אירע אײַזערנע לאַפּעס״. אַזאַ איז וויצענטע גאַלוויס, אַ שטילער און באַשיידענער באַאַמטער אין אַ מלוכה־ביוראָ, וואָס איז געוואָרן אָפּגעריבן ווי זײַן בענקל אויף וועלכן ער זיצט שוין אַ פּאָר צענדליק יאָר, און טוט שטענדיק די זעלבע אַרבעט.

אָבער עס מאַטערט אים עפּעס אַ טעמפּער געדאַנק, און ער דערפילט די לאַסט פון „שפּאַן״ און די אומזיניקייט פון דעם גרויעם מאָנאָטאָנעם לעבן. און דער שטילער און באַשיידענער באַאַמטער, וואָס איז קיינמאָל נישט אַהיימגעקומען שפּעטער ווי האַלב אַכט, האָט איצט אָנגעהויבן זיך צו באַווײַזן אין שטוב נאָך האַלבער נאַכט. אַ ריח פון בראָנפן האָט זיך געטראָגן פון אים. דאָס געהאַלט, וואָס ער פלעגט פּינקטלעך אָוועקגעבן דעם ווײַב, איז געוואָרן וואָס אַ מאָל מאָגערער און די דאָקומענטן, וועלכע ער האָט אַמאָל אַזוי פּינקטלעך קאָפּירט, זײַנען געוואָרן פול מיט גרײַזן. וויצענטע איז צוזאַמענגעבראָכן, און וואָס ווײַטער איז אים אַלץ שווערער געוואָרן דער טאָג־טעגלעכער יאָך.

אָבער דער „שפּאַן״ האָט געזיגט, די געוווינהײַט איז בײַגעקומען אַלע שוועריקייטן. וויצענטע האָט נישט געפונען אין זיך קיין גײַסטיקן כוח אויף צו ברעכן די רוטין, און ער האָט ווידער געהאָרכזאַם אַרײַנגעשטעקט דעם קאָפּ אין שפּאַן פון טאָג־טעגלעכן לעבן. נאָך איינער אַ שלאָפלאָזער נאַכט, האָט ער אָפּגעמאַכט בײַ זיך וואָס ווײַניקער צו טראַכטן, און פּינקטלעך זיבן אַ זייגער אין דער פרי, האָבן זײַנע פיס, ווי שטענדיק, אַרײַנגעפאָרן אין די שטעקלאַטשן און ער איז אַוועק צו דער אַרבעט. פּופצן מינוט

פאַר אַכט האָט ער שוין געהאַט פאַרצערט אַ ברייטל פאַר צוויי סענט, אַן איי און אַ שטיקל קעז, מיט אַ גלאָז קאַווע. אַכט אַ זייגער איז ער שוין געזעסן בײַם שרײַבטיש. קיין איינציקער גרײַז פאַלט מער נישט אַרײַן אין די קאָפּירטע דאָקומענטן. הייליק און פּינקטלעך גיט ער אַוועק דאָס געלט דעם ווײַב, און מיט קיין איין מינוט שפּעטער ווי האַלב אַכט איז ער אין דער היים צום נאַכט־עסן. אמת, בײַ די שלייפן זײַנען די האָר געוואָרן גרוי און צוויי טיפע קנייטשן האָבן אײַנגעקאַרבט דעם שטערן, און די מוילווינקלען זײַנען געוואָרן אײַנגעצויגן. נו, מילא, אַ מענטש ווערט דאָך נישט ייִנגער. מאַריע דאַנקט דער הייליקער בתולה פאַר דעם גרויסן חסד, וואָס זי האָט געטאָן מיט איר מאַן. און וויצענטע גאַלוויס גייט ווידער אין שפּאַן, וואָס דער רבש״ע האָט צוגעגרייט און באַשטימט פאַר זײַנע באַשעפענישן פון סאַמע ששת ימי בראשית״.

די איראָניע לײַטערט אויס דעם געמיט, אָבער מאַכט נאָך בולטער די טראַגיק פון לעבן. ס׳איז נישט קיין נײַע טעמע, און מען דאַרף נישט פאָרן אין דער ווײַטער באָגאָטאַ אויף צו געפינען „מענטשן אין שפּאַן״. שלמה ברייסקי האָט אָבער נישט געזוכט קיין עקזאָטיק און איז נישט געגאַנגען מיטן לײַכטן וועג צו פאַראינטריגירן דעם לייענער מיט אויסטערלישע געשעענישן. אים האָט אינטערעסירט דער מענטשלעכער גורל, און ער האָט געזען די אַרומיקע באַדינגונגען, וואָס פאַרקריפּלען דאָס לעבן, אַזוי גוט אין דער עקזאָטישער קאָלאָמביע ווי אויף אַלע אַנדערע קאָנטינענטן, אין דער נײַער וועלט ווי אין דער אַלטער. און אין דעם איז די באַזונדערע חשיבות פון זײַן שרײַבן.

*

איינע פון די דערציילונגען אין בוך הייבט אָן ברייסקי מיט די ווערטער: „חברים האָבן מיך געוואָרנט: מיט דײַן היציקן כאַראַקטער, ביסטו, בשום אופן נישט צוגעפּאַסט צו „קלאַפּן״ אין די הינטערשטאָטישע געגנטן״...

די ווערטער זײַנען געווען מײַנע. איך ווייס נישט צי נאָך עמעץ האָט אים דאָס זעלבע געזאָגט. איך האָב אים אַראָפּגעבראַכט קיין באָגאָטאַ, און האָב ווי אַן אייגענער ברודער, געזאָרגט פאַר זײַן תכלית. פון דעם ערשטן טאָג האָב איך צו אים געטענהט: דאָס „קלאַפּערײַ״ איז נישט פאַר דיר.

איך האָב געפּלאָנט עפּעס אַנדערש, אָבער ער האָט אַפילו הערן נישט געוואָלט. — לאָז מיר אָנקוקן אַ וועלט, פלעגט ער מיר זאָגן, איך וויל אַרײַנגיין אין די אָרעמע הײַזער, זען זייער לעבן, זיך באַקענען מיט מענטשן...

דער נײַגער האָט אים געטריבן צו דער דאָזיקער מלאכה, מער ווי עפּעס אַנדערש, ער איז ווי אַ קינד געווען נײַגעריק, אַלץ פלעגט בײַ אים אַרויס־רופן אַ חידוש, און ער פלעגט מיט אַ דאָרשטיקער שפּאַנונג זיך צוקוקן און זיך צוהערן צו מענטשן. די נײַגעריקייט איז געווען אַ טייל פון זײַן אינטעליגענץ, פון זײַן אינטערעס פאַרן מענטשלעכן לעבן. נאָך זײַן ערשטן דעבוט מיטן „פּעקל" האָב איך אים אָפּגעוואַרט אין זײַן צימערל און אויף דער פראַגע: — ווי איז עס דיר געגאַנגען? האָט ער מיר נישט דערציילט צי ער האָט עפּעס פאַרקויפט, נאָר האָט מיר מיט באַגײַסטערונג געענט־פערט: — אָ, ס'איז געווען זייער אינטערעסאַנט, זייער אינטערעסאַנט!...

און די זאַכן וואָס האָבן אים פּאַראינטערעסירט און גערירט, האָט ער געקאָנט פאַרשטעלן מיט אַזאַ איבערצײַגנדיקער קראַפט, און רײַכקייט פון פאַרבן און אימאַזשן, וואָס זאָלן אַרויסרופן אַן אינטערעס און דויערנדיקע געפילן אויך בײַם לייענער. און ברײנסקי איז נישט געווען קיין גלײַכ־גילטיקער צושויער פון דער מענטשלעכער דראַמע, נאָר האָט זי פאַרגע־שטעלט אין אַזאַ ליכט, דער לייענער זאָל אַליין מאַכן דעם געהעריקן אויספיר, אין סאָציאַל־עטישן גײַסט פון איר ייִדישן מחבר...

דערציילט ברײנסקי, ווי אַ גרופּע אַרבעטער פון אַ פאַבריק מאַכן זיך אַ שמחהלע שבת נאָך מיטיק. מען טרינקט „טשיטשאַ" — אַ זויערן הייִ־מישן ווײַן וואָס שמעקט מיט שימל — און מען שיכורט אויך אָן די קינדער, וואָס „פאַלן אַוועק פאַרזונקען אין אַ טיפן שווערן שלאָף, ווי די פליגן".

און אַ מעשה וועגן אַ שוסטער מיט אַן אינדיאַנישן פּנים, וואָס האָט געשטאָכן אַ קצב פון דער געגנט, וועלכער האָט זיך געטשעפּעט צו זײַן יונג ווײַבל. פאַרן געריכט האָט ער אָנערקענט זײַן שולד, אָבער דעם מאָטיוו פאַרוואָס ער האָט אויסגעפירט דעם מאָרד — וואָס וואָלט זיכער פאַרלײַכ־טערט זײַן שטראָף, אָדער מעגלעך אַפילו אים אין גאַנצן באַפרײַט פון שולד — האָט ער בשום אופן נישט געוואָלט זאָגן. ער האָט נישט געוואָלט

שטעלן צו חרפּה זײַן פּרוי, און איז פּאַר איר כּבוד גרייט געווען צו באַצאָלן מיטן לעבן.

אָט אַזעלכע אויסטערלישע „מתּנות" פון מענטשלעכן מסירת נפש, האָט ברײנסקי געפונען אין די אָרעמע געגנטן פון דער קאָלאָמביאַנער הויפּטשטאָט. אָבער ער האָט אויך נישט פאַרזען די בילדער פון דער סאָציאַלער און מאָראַלישער מיזעריע, און האָט געוויזן דאָס לעבן אין שפּיגל פון דער רעאַלער ווירקלעכקייט. די דערציילונגען זײַנען דערשינען אין שפּאַניש אין פאַרשיידענע אויסגאַבן, און דער נאָמען פון מחבר איז דערמאָנט געוואָרן מיט לויב און אָנערקענונג אין די אַרטיקלען [?] אין די אָרטיקע ליטעראַרישע קרײַזן.

פון די זעכצן דערציילונגען וואָס גייען אַרײַן אין בוך, זײַנען מער ווי אַ העלפט פון אָרטיקער טעמאַטיק. די אַלע אַנדערע, זײַנען פאַרבונדן מיט דער אַלטער היים, אין גײַסט פון וועלכער ברײנסקי איז געווען אַזוי אינטים און טיף פאַרוואָרצלט. אַ דערציילונג „אין לאַסט פון דורות" איז געשריבן אין דער ערשטער פּערזאָן. דער יונגער העלד פון דער געשיכטע שטייט פאַר אַ שווערן נסיון, און דער פאָטער פון מיידל זאָגט צו אים: „דו ביסט אַן אויסלענדער, עס עפענען זיך פאַר דיר גלענצנדיקע מעגלעכקייטן. איך האָב געהערט וועגן דײַנע ליטעראַרישע אַרבעטן. דער וועג פאַר דיר ליגט אָפן. מיר האָבן גוטע פאַרבינדונגען און אַן אײַנפלוס, און דײַן גליק איז געמאַכט... מיר זײַנען אַן אַלטע רוימיש־קאַטוילישע פאַמיליע, קעגן שידוך האָבן מיר גאָרנישט, אָבער עס מוז זײַן ווי גאָט האָט געבאָטן און אין דער הייליקער קירכע"...

„און פּלוצים איז פאַר מײַנע אויגן אַרויסגעשוווּמען דאָס געשטאַלט פון מײַן געשטאָרבענעם טאַטן... מיט שטילע טריט האָט ער זיך דערנענטערט צו מיר, מיך אָנגענומען פאַר אַ האַנט, און מיט זײַן האַרציק וואַרעם קול, וואָס האָט זיך געגאָסן גלײַך צו מיר אין האַרצן, האָט ער געזאָגט — דו ווייסט, מײַן קינד, וויפל צער און עגמת־נפש איך בין אויסגעשטאַנען פון דיר, ווען דו האָסט אָנגעהויבן אַוועקצוגיין אויף אַנדערע דרכים? איך האָב דיך ליב געהאַט, און קיינמאָל דיך נישט געשטערט אין דײַנע ייִנגלשע וועגן. צום ערשט ארץ ישראל, דו האָסט דווקא געוואָלט אַרויסרײַסן בײַם רבש"ע דעם קץ; דערנאָך האָסטו דווקא געוואָלט אויסבעסערן די וועלט עס זאָלן נישט זײַן קיין אָרעם און רײַך. איך האָב דיר

אין גאָרנישט געשטערט, ווײַל איך האָב געזען אין דיר אַ וואַרעם ייִדיש האַרץ, און איך האָב געטראַכט: „זאָל ער דינען דעם רבש״ע אויף זײַן שטייגער". אין דער איצטיקער מינוט, אָבער, פון גרויסן נסיון, בין איך געקומען דיר זאָגן: — מײַן קינד, אויף דײַנע שוואַכע ייִנגלשע פּלייצעס ליגט אַ מאַסע פון אייביקייט, וואָס דו מוזסט טראָגן אויף זיך ביזן סוף פון דײַנע טעג, און כאָטש עס קומען דיר מחשבות: — ווער און וואָס בין איך קעגן אַזאַ גרויסן ייִדישן כלל? ביסטו, אָבער, אַ ציגל אין גאַנצן בנין, וועלכן מען קאָן נישט און מען טאָר נישט רירן פון אָרט"...

ער האָט מיט אַ צעוויטיקט געמיט אויסגעהערט דעם בכבודיקן מאַן און אויך די אינערלעכע שטים פון זײַן פאָטער, און האָט שטיל געענט־פערט: — „סעניאָר, אויף מיר רוט אַ לאַסט פון דורות, פון וועלכע איך קאָן נישט, און וויל מיך נישט, באַפרײַען"...

נישט וויכטיק צי עס איז אַ רעאַלע געשעעניש אָדער אַ פיקציע, צי עס האָט געטראָפן מיטן מחבר צי מיט זײַנעם אַ חבר. וויכטיק איז, אַז עס האָט געקענט טרעפן מיט יעדן איינעם, און נאָר אַזוי און נישט אַנדערש; מיט אַזעלכע אָדער אַנדערע ווערטער, אָבער מיטן זעלביקן גע־בעט פון פאַרשטאַרבענעם טאַטן. יעדער מענטש טראָגט אין זיך אַ „לאַסט פון דורות" און „גאָלדענע קייטן" פון משפחה און פאָלק, וואָס פאַרבינדן אים מיט ליבשאַפט צו מענטשן און גיבן אַ זין אין לעבן. דער קינסטלע־רישער אמת איז פיל מער ווי אַן „אמתע" געשעעניש, וועלכע האָט געקאָנט פּאַסירן מיט אַ יחיד און נישט זײַן כאַראַקטעריסטיש פאַרן כלל. אַ קינסט־לערישער אמת זוכט אַרויסצוברענגען דאָס בשותפותדיקע, וואָס כאַראַק־טעריזירט דעם כלל מענטשן. און שלמה ברײַנסקי איז געווען אַ קינסטלער.

*

אין דער קורצער הקדמה צום בוך זאָגט דער מחבר: „די פּאָר ווער־טער זײַנען נישט אויסן צו מאַכן קיין פּירוש צום בוך, וואָס האָט צוליב פאַרשיידענע סיבות, געמוזט פריִער דערשײַנען אין אַ פרעמדער שפּראַך, אין שפּאַניש. איך וויל דאָ אויך נישט דערציילן פון דעם דערנער־וועג, וואָס אַ ייִדישער שרײַבער, וועלכער פאַרמאָגט נישט קיין שפּיציקע עלנ־בויגנס, מאַכט דורך, איידער ער דערזעט זײַן אַרבעט אויף דער ליכטיקער שײַן. דאָס וואָס איך וויל מיט די פּאָר ווערטער, איז אויסדריקן עפנטלעך

אַ האַרציקן און טיף־אינערלעכן דאַנק דעם ליבן שכנא רעזניקן, וועלכער האָט מיט אַזוי פיל אינטערעס און וואַרעמקייט אָנטיילגענומען אינעם אַרויסגעבן דאָס בוך, פריִער אין שפּאַניש און איצט אין ייִדיש, און אויך די פרײַנד, וועלכע האָבן מאַטעריעל דערמעגלעכט דאָס דערשײַנען פון אָט־דעם בוך. אָן זייער וואַרעמען אינטערעס און ממשותדיקער הילף — וואָלטן צי די זאַכן אַמאָל אַרויסגעקומען אין בוך־פאָרם״.

אין די „פּאָר ווערטער״ איז פאַרקערפּערט די גאַנצע ביאָגראַפיע פון שרײַבער. ער האָט נישט געהאַט קיין „שפּיציקע עלנבויגנס״, אָבער ער האָט געהאַט טאַלענט, אַ שאַרפן קאָפּ און אַ וואַרעם ייִדיש האַרץ, וואָס האָט געשטרעבט מתקן צו זײַן דאָס לעבן. ער האָט געזוכט גײַסטיקע גבורה אין מענטשן, און איז אַליין פון דעם געווען אַ בײַשפּיל מיט זײַן לעבן און מיט זײַן שאַפן. ער האָט געשריבן ייִדיש פאַר ייִדן, און אַוודאי איז פאַר יעדן שרײַבער אַ פרייד צו זען זײַן ווערק אין פרעמדע שפּראַכן. אָבער נישט דאָס איז ער אויסן געווען. שכנא רעזניק איז אויף זײַן לעבנס־וועג נישט געווען קיין צופאַל, נאָר אַ באַשערטקייט פון צוויי ריינע נשמות, וועלכע די נאַטור האָט געבענטשט מיט אַ העכערער חכמה פון לעבן. זיי האָבן זיך דערקענט פון ערשטן אויגנבליק, און מיט טיפער פרײַנדשאַפט זיך פאַרבונדן איינער צום אַנדערן. וואָס שייך די פרײַנד, וואָס האָבן אַרויסגעהאָלפן מאַטעריעל, בין איך געווען פון די ערשטע און וועל זײַן פון די לעצטע, וואָס וועט אים דערמאָנען אַלע טעג פון מײַן לעבן. שוין נאָך זײַן פּטירה האָב איך דורכן פאַרלאַג פון פּוילישן ייִדנטום אין בוענאָס אײַרעס, אַרויסגעגעבן זײַן בוך „מענטשן פון זשעליכאָוו״, אַ ווירדיקע מצבה נאָכן אומקום פון אונדזער שטעטל אין היטלער חורבן.

אין יאָר 1955, אין עלטער פון 53 יאָר, איז ער אַוועק אין דער אייביקייט, און האָט איבערגעלאָזן אַ פּוסטקייט אין שטאָט און אַ וווּנד אין מײַן האַרצן. פאַרוואָגלט אין אַ ווײַטן און קליינעם ישוב, האָט אים אויסגעפעלט אַ ברייטע גײַסטיקע פעריפעריע, וואָס זאָל סטימולירן זיינע אײַנגעבוירענע שאַפונגס־פּאָטענצן, איז זײַן ליטעראַרישע ירושה, קוואַנטיטאַטיוו, נישט גרויס. ער האָט אויפגעשײַנט ווי אַ מעטעאָר אויף אַ ווײַטן האָריזאָנט, און פון דאָרט איז אויך אַ שטראַל אַרײַן אין דער קרוין פון דעם ייִדישן גײַסטיקן שאַפן. זאָלן די דברים היוצאים מן הלב זײַן אַ בלומענקראַנץ אויף זײַן איינזאַמען קבר אין באָסאַ...

# אַ סך־הכל פון אַ לעבן

איך ווייס נישט ווי בײַ אַנדערע, בײַ מיר איז דער פּראָצעס פון אײַנ־וואָרצלונג אין דעם לאַנד צוגעגאַנגען גאַנץ לאַנגזאַם. אָבער ווי דער פּסוק זאָגט: מה שיעשה הזמן לא יעשה השכל, וואָס די צײַט קאָן אויפטאָן, קאָן עס דער שכל נישט באַווײַזן. מיט דער צײַט, מיט שכל און מיט גוטן ווילן, האָב איך זיך צוגעפּאַסט צו די נײַע לעבנס־באַדינגונגען און געוואָרן אַ... ייִד צווישן קאָלאָמביאַנער ייִדן. איך האָב לכתחילה אָנגעהויבן ווי אַ ייִד — ווי אַ פּעדלער. וואָס דען האָט געקאָנט טאָן אַ מענטש אָן אַ פאַך, און אָן לשון און אָן אַ לעבעדיקן גראָשן אין קעשענע? אין נאָרד אַמעריקע האָבן די פאַבריקן פאַרשלונגען דעם אימיגראַנטן־שטראָם, אָבער אין די דרום־אַמעריקאַנער לענדער איז אין די ערשטע צענדליקער פון אונדזער יאָר־הונדערט, נאָך כמעט ווי נישט געווען קיין אינדוסטריע. אויך דער האַנדל איז געווען שוואַך אַנטוויקלט, און דער פּעדלער האָט דעריבער דערפילט זייער אַ וויכטיקע מיסיע: ער האָט פאַרבונדן דעם קאָמערציעלן צענטער מיט די הינטערשטאָטישע געגנטן און מיט דער אַרומיקער פּעריפעריע. מיטן פּאַק סחורה אויף דער פּלייצע פלעגט ער אויסגיין אַלע גאַסן און ברענגען די אַלע „נײַעסן" פון צענטער צו יעדן איינעם אין שטוב אַרײַן.

אין דערווירקלעכקייט האָט דער פּעדלער דערפילט אַ פּראָגרעסיווע מיסיע, ער האָט פאַרשנעלערט דעם פּראָצעס פון אורבאַניזאַציע, און האָט די פּראָדוקטן פון קולטור און ציוויליזאַציע „אַרײַנגעטראָגן" אין דער לאַ־טײַן־אַמעריקאַנער היים. ער האָט געמאַכט אַ סוף צום פּרימיטיוון לעבנס־שטייגער, וואָס האָט נאָך געהערשט אין אַ סך הײַזער פון דער אײַנגעבוי־רענער באַפעלקערונג.

אין די דרײַסיקער יאָרן, האָב איך נאָך געטראָפן אין אַ סך הײַזער מעבלשטיק פון אייגענער היימישער פּראָדוקציע: קײַלעכיקע קלעצער פון אַ בוים־שטאָם, וואָס האָבן געדינט פאַר בענק, אַ ברעט איבער צוויי אָזעלכע

קלעצער איז געווען אַ טיש, געשלאָפן איז מען אויף דער ערד, און געקאָכט אין איין גרויסן טשוגונענעם קעסל. און דאָס זײַנען געווען פאַמיליעס פון אַרבעטס־מענטשן, פון וועלכער עס האָבן אָפט געאַרבעט אַ פּאָר משפּחה־מיטגלידער. זיי האָבן זיך געקענט דערלויבן אויך עפּעס בעסערס, נאָר דאָס איז געווען דער אײַנגעשטעלטער לעבנס־ניוואָ.

דער ייִדישער פּעדלער האָט פאַר אַ פּאָר פּעזעס אַ וואָך אַרײַנגעפירט



פאַרוואַלטונג פון דער 1טער חברה קדישא אין באָגאָטאַ, אין אָנהייב פון די 30ער יאָרן. — פון רעכטס: ש. גלאַגאַטער, ש. לערנער, מ. רובינשטיין, וואָלאָוויצקי, א. מילער, פּנחס פּעפּער, לייזער באַק, ק. רעכטער

אין אַזאַ היים אַ בעט, עטלעכע שטולן, טעפּלעך צום קאָכן, צײַג אויף אַ קלייד, שיכלעך פאַר די קינדער. דער אײַנגעבוירענער איז אין זײַן כאַראַקטער אַ זאָרגלאָזער מענטש, ער האָט נישט קיין תאווה צו געלט און האָט נישט ליב צו שפּאָרן. זײַנען זײַנע פּאָר פּעזעס אַ וואָך פאַרן „גרינגאָ“ געווען זײַן ערשטער אָפּשפּאָר, און אַזוי האָט ער זיך צוגעוווינט בעסער

צו לעבן, און אַזוי איז ער מיט דער צײַט געוואָרן אַ פֿאַרברויכער, אַ קאָנ־סומענט פֿון אינדוסטריעלע אַרטיקלען.

דאָס איז אַזוי צו זאָגן, דער סאָציאָלאָגישער אַספּעקט פֿון פֿעדלערײַ, וועלכע איז אין אײניקע לענדער, אַזוי פֿון רעכטס און הײַנט אויך פֿון לינקס, שאַרף פֿאַראורטײלט געוואָרן, און איז אַפֿילו אויסגענוצט געוואָרן פֿאַר אַנטיסעמיטישער פּראָפּאַגאַנדע. אין דערווירקלעכקייט האָט דער פֿעדלער פֿיל בײַגעטראָגן אויף צו דערהייבן דעם לעבנס־ניוואָ פֿון דער באַפֿעלקערונג, ער האָט אַרײַנגעבראַכט די ציוויליזאַציע אין שטוב אַרײַן, וואָס האָט פֿאַרבעסערט דעם געשמאַק און די מאָראַלישע זיטן, האָט גע־שאַפֿן אַן אַספּיראַציע פֿאַר אַ בעסערן לעבן און אינספּירירט נײַע באַדער־פֿענישן וועלכע האָבן געשאַפֿן אַן אינערלעכן מאַרק פֿאַר אַ נאַציאָנאַלער אינדוסטריע.

עס דאַרף רעאַביליטירט ווערן די היסטאָרישע ראָל פֿון ייִדישן פֿעדלער, וועלכער איז געווען דער פּראָמאָטאָר פֿאַר דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פֿון די אַמעריקאַנער לענדער. מיך האָט די פֿעדלערײַ — דאָס פֿאַרקויפֿן סחורה אויף אויסצאָלן — געשטעלט אין קאָנטאַקט מיט פֿיל הונדערטער מענטשן. אין די זונטיקס פֿלעג איך גיין אויפֿמאַנען די קוואָטעס און אין פֿיל הײַזער, פֿלעג איך זײַן אַן אָנגעלייגטער גאַסט, וועלכן די פֿאַמיליע פֿלעגט אויפֿנעמען מיט פֿרײַנדשאַפֿט. מען פֿלעגט מיט מיר זיך שואל עצה זײַן וועגן פֿאַמיליען ענינים, וועגן אַרבעט, וועגן קויפֿן זיך אַ „טערענאָ" אויף צו בויען אַ שטיבל און ענלעכע זאַכן. די אַלע פּשוטע, באַשיידענע און ליבלעכע פֿאָלקס־מענטשן, זײַנען פֿאַר מיר געווען פֿיל מער ווי קליענטן. עס איז נישט קיין לײַכטע אַרבעט צו „גיין מיטן פּעקל", אָבער מען איז געווען יונג, פֿאַרגלייבט אין די אייגענע קרעפֿטן און אַנטשלאָסן זיך אײַנ־צובירגערן אין דעם לאַנד, זיכערן אַ צוקונפֿט פֿאַר די קינדער און אַ היים פֿאַר דער משפּחה.

דער מושטאַרד־בוים פֿון קאָלאָמביע געהער צו די העכסטע און דיקסטע ביימער אין וועגעטאַלן קעניגרײַך. אָבער זײַנע זוימען זײַנען קליין, און ער צעוואַקסט זיך פֿאַמעלעך און שיקט טיף זײַנע וואָרצלען. לאַנגזאַם, ווי אַ מוטשאַרד־בוים, האָב איך זיך אײַנגעוואָרצלט אין דעם נײַעם לאַנד, און נאָך יאָרן פֿעדלערײַ בין איך אַריבער צו אינדוסטריע.

איך האָב אָנגעהויבן מיט איינפאַכע וועב־מאַשינעס, וועלכע איך האָב געבראַכט פון אייראָפּע. אין יענער צײַט זײַנען נאָך אין קאָלאָמביע נישט געווען קיין טעכניקער און אויך נישט קיין אַרבעטער, וואָס זאָלן זיך אויס־טויגן צו אַזאַ אונטערנעמונג. עס האָט בכלל אויסגעפעלט ספּעציאַליזירטער פּערסאָנאַל פאַר דער אינדוסטריע, ווײַל אויפן אינדוסטריעלן געביט איז נאָך דאָס לאַנד געווען אין די ווינקעלעך. מען האָט געמוזט פון אַ שוך־פוצער מאַכן אַ טעקסטיל־מײַסטער. מיט דער צײַט האָבן זיך דאָך אויס־געבילדעט טויזנטער מענער און פרויען, וואָס פאַרנעמען הײַנט אַן אָרט אין דער קאָלאָמביאַנער טעקסטיל־אינדוסטריע.

מײַן פאַבריקל האָט מיט מזל אָנגעהויבן אַרבעטן, און עס האָט זיך אָנגעזאַמלט אַ סטאָק סחורה, טייל איז פאַרקויפט געוואָרן אין שטאָט, און עס האָט זיך געשטעלט די פראַגע וועגן פאַרברייטערן דעם מאַרק און גע־ווינען אויך די פּראָווינץ. איך האָב באַשטימט אַליין צו מאַכן די ערשטע רײַזע, און זיך אַראָפּכאַפּן מיט אַ פּעקל מוסטערן קיין טוכנאַ, די הויפּטשטאָט פון דער רײַכער אַגריקולטור געגנט באָיאַקאַ. אין אַ זונטיקדיקן פרימאָרגן האָב איך זיך געלאָזן אין וועג אַרײַן, אויף מײַן ערשטער האַנדלס־מיסיע צו פאַרקויפן מײַן אייגענע פּראָדוקציע.

דער צוטריט צום וואָקזאַל האָט אין יענער צײַט זיך געצויגן דורך אַ בלאָטיקן וועג, וואָס האָט אין די הייסע זומער מאָנאַטן זיך פאַרוואַנדלט אין אַ שטויביקן פעלד, אויף וועלכן עס האָבן געררוט די בהמות און פערד פון די אָרומיקע שטאָט־באַלעבאַטים. ווען מען האָט אין יאָר 1938 געפּײַערט דעם אַניווערסאַר פון באָגאָטאַ, איז נאָך אַ רעגן אַרום וואָקזאַל געווען אַזאַ בלאָטע, וואָס האָט באַלעסטיקט די חשובע געסט, וועלכע זײַנען געקומען צו דער פּײַערונג און האָט אַ היפּש ביסל פאַרשטערט די שמחה. נאָך דער פּײַערונג איז אויסגעפלאַסטערט געוואָרן אַ נײַער וועג, מען האָט איבערגעבויט די באַן־סטאַנציע, און זי אַרומגענומען מיט נײַע און רחבותדיקע אַלייען.

די באַן האָט אָנגעהויבן איר מאַרש גאַנץ פאַמעלעך, גלײַך ווי זי זאָל אויך האָבן אַ רעכט אויפן זונטיקדיקן אָפּרו. דער פרימאָרגן איז געווען אַ קאַלטער, און עס איז געפאַלן אַ דראָבנער און שטעכיקער רעגן. אַ געדיכטער נעפּל האָט אײַנגעהילט די בערג, וואָס האָבן זיך געצויגן פאַזע דעם אײַזנבאַן־וועג. אויף דער ערשטער סטאַנציע ווו די באַן האָט זיך אָפּ־

געשטעלט, איז אונדז אַנטקעגן געקומען אַ כאָר פון קינדישע שטימען, וואָס האָבן אויסגעזונגען נעמען פון צײַטונגען. קינדער מיט פאַרוועלקטע פּנימער און טרויעריקע אויגן, וואָס האָבן אויף מיר געמאַכט אַ שווערן אײַנדרוק.

דער וועטער האָט זיך אויסגעלײַטערט, און וואָס ווײַטער איז די באַן אַרײַנגעדרונגען אַלץ טיפער אין אַ געזעמל פון הויכע בערג. איך האָב זיך פאַרנומען צו באַטראַכטן די לאַנדשאַפט, די מאָלערישע קאָלאָמביאַנער לאַנדשאַפט, וועלכע איך האָב נישט אויף צו באַוווּנדערן און צו געניסן די מאַיעסטעטישע שיינקייט פון דעם אַלערהעכסטן אַרכיטעקט, וואָס איז אַזוי שעפעריש אויף פאַרבן, געשטאַלטן און פאָרמען.

*

עס געשעט אָפט, ליבער לייענער, אַז בײַ געוויסע אומשטענדן פאַל איך אַרײַן אין התפעלות און הייב אָן צו חלומען אויף דער וואָר. איך האָב חסידיש בלוט אין די אָדערן און עס באַגײַסטערט מיך גאָטס באַשאַף, איך האָב הנאה פון נאַטירלעכער שיינקייט און ווער באַגײַסטערט פון מענטש־לעכער גוטסקייט. ווי אַ מענטש פון פּיאָנערן־דור — נישט נאָר אין דער יידישער סביבה, נאָר אויך אין עקאָנאָמישן לעבן פון לאַנד — האָב איך דורכגעמאַכט קאַלט־און־וואַרעם אין מײַנע „גרינע" יאָרן, צוגלײַך ווי אַלע אַנדערע יידישע אימיגראַנטן; אָבער מיט דעם אונטערשייד, וואָס אין די ביטערע מאָמענטן האָב איך זיך געקאָנט פאַרזיסן די שטימונג מיט אַ שיינער לאַנדשאַפט אָדער מיט דער געזעלשאַפט פון אַ גוטן פרײַנד. איך האָב דורכאויס לײַכט זיך געשאַפן גוטע פרײַנד, ווײַל איך האָב ליב מענטשן און בין קיינעם נישט קיין שונא.

ווי עס האָט געזאָגט שלום עליכם: „איך האָב נישט קיין שונאים, ווײַל איך בין אַליין קיינעם קיין שונא נישט". און די וואָס קענען זײַן טביהן און מנחם מענדלען — און הײַנט קען זיי דאָך די גאַנצע וועלט — ווייסן זייער גוט, אַז זיי זײַנען לויטער גוטסקייט און ליבשאַפט צו מענטשן. און אפשר האָב איך טאַקע עפּעס פון טביהן, וועלכער איז געווען אַ ייִד אַ סוחר און האָט געהאַט עפּעס פון מנחם מענדלען, — וועלכער איז געווען אַ שטיקל בטלן?... אָבער די בטלנים האָבן געשאַפן גרויסע זאַכן, אַ סימן

האָט איר: דער גאון פון דער ייִדישער ליטעראַטור — שלום עליכם, וואָס איז אין רעאַלן לעבן געווען אַ מנחם מענדל...

איך האָב געזאָלט, איידער איך ברענגען אין אַ קאָלאָמביאַנער שטעטעלע טוכנאַ, און פאַרפירט האָב איך אייך צו שלום עליכמס העלדן. ווי עס ווייזט אויס, קאָן מען פון זיך נישט אַנטלויפן. דאָס איז די שולד פון די עמאָציעס, ווי מען רופט זיי אויפן הייַנטיקן לשון. ווען מען ווערט עלטער, און מען הייבט אָן באַטראַכטן דעם דורכגעגאַנגענעם וועג אין לעבן, צעשפּילט זיך די פאַנטאַזיע און צוזאַמען מיט איר פליען מיר, געטראָגן פון דעם זכרון. מען ווערט סענטימענטאַל און מען הייבט אָן צו פילאָסאָפירן. און נישקשה, די פילאָסאָפיע קאָן נאָך עמיצן נוצן.

איך האָב אין טוכנאַ געלערנט דעם אַלטן ייִדישן אמת, וואָס האָט אונדז דערהאַלטן בייַם לעבן, אַז „מען טאָר נישט פאַרלירן דעם בטחון". הייַנט איז די שטאָט אַ וויכטיקער קאָמערציעלער צענטער, אָבער מיט עטלעכע און דרייַסיק יאָר צוריק איז געווען גאָר עפּעס אַנדערש.

אַ מענטש לאָזט זיך אַמאָל פאַרטרוימען מיט שיינע זכרונות און מיט גוטע מחשבות, אָבער אַ באַן ווייס נישט די קונצן און לאָזט זיך די צייַן נישט פאַררעדן. צו די זעקס שעה פּינקטלעך, ווי עס איז געווען אָנגעצייכנט אין רייַזע־פּלאַן, זייַנען מיר פון באָגאָטאַ געוועזן אויפן וואָקזאַל פון טוכנאַ, און ביז דער שטאָט האָט זיך געצויגן אַ זאַמדיקער וועג באַרג־אַרויף און באַרג־אַראָפּ. די אָרעמקייט און אָפּגעשטאַנענקייט פון דער לאַטיין־אַמעריקאַנער פּראָווינץ, האָט דאָ באַזונדערס זיך געוואָרפן אין די אויגן דורך דעם הילוך פון די מענטשן. אַ סך אינדיאַנער און מישלינגען, און קיין אײן וואָגן, און אַפילו נישט קיין טרעגער, פאַר די פּאַסאַזשירן. מענטשן מיט פּרימיטיווע הילצערנע וועגעלעך, אויף איין רעדל, האָבן מיך באַלאַגערט, און אַזאַ איינער האָט עס אויפגעלאָדן מייַן פּעקל סחורה אויף דער טאַטשקע און זיי גענומען שטופּן אין שטאָט אַרייַן. באַרג־אַרויף האָב איך „צוגעלייגט אַ האַנט" און אים אַרויסגעהאָלפן. אָבער, נישטאָ קיין בייז וואָס זאָל דויערן הונדערט יאָר, זאָגט דער היזיקער. ענדלעך זייַנען מיר געקומען אין צענטער פון שטאָט, אין דער טאַטשקע־מייַסטער האָט מיך מיט מייַן פּעקל אַרייַנגעפירט אין אַ האָטעלכל, וואָס האָט אַרויסגעקוקט צו דער גאַס מיט אַ האַלב־אָפּגעריבענעם שילד־טאָוול: „האָטעל".

מיד בין איך געווען, און דאָך נישט געקאָנט איַינשלאָפן. עס האָט מיך באַהערשט אַ פּאַרגעפּיל, אַז דאָ וועל איך שוין קיין געשעפטן נישט מאַכן. די אַרומיקע אָפּגעלאָזנקייט, אומבאַוועגלעכקייט און אָרעמקייט האָט נישט געקאָנט דערוועקן קיין געפיל פון אָפּטימיזם. די אילוזיעס אַז מען וועט ביַי מיר אויסכאַפּן די סחורה, אַז מען וועט מאַכן באַשטעלונגען אויף לאַנגע מאָנאַטן, אַז איך וועל עפענען אַן אָפּטיילונג אין טוכנאַ, אַז איך וועל צו־קויפן נאָך אַ פּאָר מאַשינעס...

די אַלע טרוימען האָבן זיך אָנגעהויבן צערינען און איך ווייס נישט פאַר וואָס, דורכן שלאָף און חלום האָבן זיך מיר געפלאָנטערט אין געדאַנק זכרונות פון היימישן שטעטל. די שבתים מיט חברים אין גאַס, די אָוונטן ביַי שלמה ברייניסקי, וועלכער האָט אַזוי אויפגעבליצט אין זיַין קורץ לעבן און זיך אויסגעלאָשן, ער רוט זיַין אייביקן שבת אין דער קאָלאָמביאַנער ערד. ברייניסקיס עלטערן זיַינען נישט געווען רייַך, אָבער שלמה האָט גע־האָט זיַין צימערל ווו חברה פלעגט זיך פאַרזאַמלען און זיך אויסזעצן אויף די פּאָר בענקלעך און בעטל. מען האָט קאָמענטירט די לעצטע ניַיעס פון די וואַרשעווער ציַיטונגען, און מיט באַגיַיסטערונג גערעדט וועגן יידישע שריַי־בערס. יעדער איינער פון אונדז האָט שוין געהאַט זיַין קוק אויפן לעבן און זיַינע פּאָליטישע סימפּאַטיעס, אָבער עס האָט אונדז אַלעמען פאַראייניקט דער דרך־ארץ צום געדרוקטן וואָרט און די בענקשאַפט צו דער וועלט. דער וואָס האָט געלייענט, עס מעג זיַין אַפילו נישט מער ווי אַ ציַיטונג, איז שוין געווען אַ „נאַש בראַט״, און צוזאַמען האָט מען געטראַכט ווי רייַסט מען זיך אַרויס פון שטעטל, וויַיל בלייַבן אין זשעליכאָוו איז נישט קיין תכלית.

ווּהין אַנטלויפט מען? קיין וואַרשע, אַמעריקע, פּאַלעסטינע, רוסלאַנד, אַרגענטינע?... יעדער איינער האָט פאַרטיידיקט זיַין שטאַנדפּונקט און מען האָט דיסקוטירט מיט היץ. פּלוצים האָט אין דער דאָזיקער געדעמפטער און צעהיצטער אַטמאָספער עמעצער אָנגעהויבן זינגען אַ ליד, און עס האָט זיך געטראָגן אין די הימלען ווי אַ תפילה פון גלויבן און האָפענונג. מיר פלעגן זינגען לידער פון ביאַליק, רייזען, נאָמבערג, פּאָפּירערניקאָוו, אַברהם ליעסין און אַנדערע. עס איז געווען אין דעם עפּעס מער ווי יוגנטלעכער ענטוזיאַזם, עס איז געווען אין דעם חסידישע התלהבות, וואָס איז געקומען



אַן אינדיאַנישער גאָט פון קריג, וואָס האַלט אין די הענט אַ שנור, אויף וועלכן עס הענגט אַ מענטשלעכער שאַרבן

פון דער טיפעניש אין האַרצן און פאַרבליבן אין דער נשמה ווי אַ דינאַמישע קראַפט, וואָס האָט מיך באַגלייט דאָס גאַנצע לעבן.

מײַן ליבשאַפט צו דער ייִדישער שפּראַך און ליטעראַטור, מײַן טיפער אינטערעס פאַר ייִדישקייט, מײַן דרך ארץ פאַרן מענטשן וואָס „לייענען אַ צײַטונג", וואָס זינדיקן מיט דער פעדער, און בכלל מײַן סימפּאַטיע צו מענטשן פון גײַסט און קעמפער פאַרן ייִדישן לעבן — אָט דאָס אַלץ שטאַמט פון יענע צײַטן און פון יענע יוגנטלעכע קרײַזלעך, צווישן וועלכע איך האָב זיך אויסגעלעבט אין מײַן ווײַטן פּוילישן שטעטל. דאָס איז די ירושה, וואָס איך האָב פון זשעליכאָוו געבראַכט קיין באָגאָטאַ, און זי מיטגעפירט קיין טוכנאַ, און ווען איך האָב אויפן האַרטן געלעגער פון אָרעמען האָטעל־צימערל פאַראויס געפילט דעם דורכפאַל פון מײַן רײַזע, מיט וועלכער איך האָב פאַרבונדן אַזעלכע שיינע פּלענער, זײַנען אויפן עקראַן פון זכרון געקומען די גוטע איבערלעבונגען פון דער יוגנט, און איך בין פון דער טרויעריקער קעגנוואַרט אַנטלאָפן צו דער ווײַטער פאַרגאַנגענהייט...

*

דאָס אַלץ איז פאַרבײַ מײַנע אויגן ווי אין אַ נעפּל, איך ווייס נישט צי איך בין געשלאָפן צי געחלומט, נאָר אויפגעשטאַנען בין איך מיט אַ לויטערן קאָפּ. די ווײַזערס פון זייגער אויפן וואַנט זײַנען זיך געגאַנגען איבער דעם וועג פון דער אייביקייט, ווײַזנדיק די שעה — זעקס אַ זייגער פאַרטאָג. אָבער זיי האָבן געוויזן נישט נאָר דעם וועג פון דער אייביקייט, נאָר אויך די צײַט פון פרישטיק און די פליכט פון אַרבעט. עס איז מיר ווידער גע־קומען אויפן זינען דער פסוק פון חומש בזעת אפיך תאכל לחם — מיטן שווייס פון פנים זאָלסטו עסן דײַן ברויט — און איך האָב אים איבערזעצט אויף דער שפּראַך פון מײַן אינדוסטריע: מיטן שווייס פון פנים זאָלסטו זיך שאַפן אַ מאַרק פאַר דײַנע טריקאָטאַזש־אַרטיקלען, פאַר די פרויען—מענער און קינדער — סוועטערס...

איך האָב זיך אַרומגעוואַשן, אויסגעפּוצט, אָפּגעגעסן פרישטיק, און אַכט אַזייגער בין איך שוין געווען אין גאַס מיטן ציל צו דעראָבערן די קאָמערץ פון טוכנאַ פאַר מײַנע סוועטערס פון באָגאָטאַ. אָבער, אָבער... אַזוי איז דאָס לעבן פון מענטשן, וואָס ווערט נישט איין מאָל אויסגעשטעלט

אויף גאַנץ אומאַנגענעמע סורפּריזן. אַלץ איז דאָך געווען אַזוי גוט אויס־געפּלאַנט און אויסגערעכנט; גוטע סחורה, צוטריטלעכע פּרייזן, אַ נייער אַרטיקל און דאָך, מײַן סחורה האָט זיך נישט אָנגענומען. טוכנאַ איז נאָך געווען נישט געוווינט צו אַזעלכע זאַכן. מען האָט עס נאָך נישט גענוצט, אין אַ קאַלטן טאָג האָט מען ארויפגעוואָרפן אַ „פּאָנטשאָ״ — אַ וואָלענע שאַל — אויף די פּלייצעס, און פאַרטיק, אַזוי מענער ווי פרויען. איז ווער וועט עס קויפן אַזאַ מין סוועטער גאָר? סוחרים האָבן נישט געוואָלט ריזי־קירן, און נישט געמאַכט קיין באַשטעלונגען.

וואָסזשע האָב איך געזאָלט טאָן? וווּהין זאָל איך גיין? צוריקפאָרן קיין באָגאָטאַ מיטן אומבאַרירטן פּעקל, וואָלט איך זיך אויסגעשטעלט צו חוזק און ביטול. אַגב, האָב איך געטראַכט, טוכנאַ איז נאָך נישט קיין בײַשפּיל פון דער פּראָווינץ, און באָגאָטאַ אַליין איז נאָך אויך נישט גענוג באַאַרבעט. די סחורה וועט אָנגיין, מען דאַרף נישט פאַרצווייפלען, האָב איך זיך צוגע־געבן מוט.

און דער פּעדלער איז געקומען צו הילף דעם פאַבריקאַנט, ס'איז מיר אײַנגעפאַלן אַ געדאַנק זיך אָפּלאָזן פון די קלייטן, און פאַרקויפן אויף די גאַסן, בײַ די שולעס, וווּהין די מאַמעס קומען אָפּנעמען זייערע קינדער, בײַ די קאַזאַרמעס, דורכאויס ווו עס פאַרזאַמלען זיך מענטשן. אַזוי האָב איך געטאָן, און אין פאַרלויף פון טאָג האָב איך פאַרקויפט דאָס גאַנצע ביסל סחורה, און באַקומען טאָפּלט וויפל איך האָב גערעכנט צו לייזן בײַ די סוחרים. איך האָב אַפילו פאַרקויפט די וואַליזעס, אין וועלכע איך האָב די סחורה מיטגעבראַכט, און צוריקגעפאָרן מיט פולע קעשענעס באַנקנאָטן נײַע, צעקנייטשטע און שמוציקע, וואָס האָבן עדות געזאָגט אויפן דערפאָלג פון מײַן קאָמערציעלער מיסיע.

איך בין צוריקגעקומען קיין באָגאָטאַ ווי אַ זיגער, און מיט פאַרטאָפּלטער ענערגיע זיך גענומען צו מײַן יונגיטשקער אינדוסטריע, יונג נישט נאָר בײַ מיר אינדיווידועל, נאָר בכלל אין לאַנד. אין באָגאָטאַ גופא האָב איך אין אַ קורצער צײַט פאַרטאָפּלט מײַן קליענטעלע און איך האָב אײַנגעקויפט נײַע מאַשינעס אויף צו קאָנען באַפרידיקן די נאָכפראַגע. אויך פון דער פּראָווינץ האָבן אָנגעהויבן קומען באַשטעלונגען און אין טוכנאַ האָב איך הײַנט קליענטן, וועלכע נעמען בײַ מיר צו אַ באַדייטנדיקן טייל פון דער

פּראָדוקציע. די שטאָט איז שוין ווײַט נישט דאָס, וואָס זי איז געווען מיט עטלעכע און דרײַסיק יאָר צוריק. טוכנאַ איז הײַנט מאָדערניזירט און זעט אויס מאַיעסטעטיש, מיט ברייטע אַלייען, גרינע בליענדיקע פּאַרקן, שיינע פיל־שטאָקיקע הײַזער, געברוקירטע גאַסן און אויף זיי אַ סך מאָדערן גע־קליידעטע מענטשן, וועלכע שטראָמען אין אַלע ריכטונגען. די אויטאָ עס־טראַדאַ, וואָס פֿאַראייניקט די שטאָט מיט באָגאָטאַ, האָט פֿאַרוואַנדלט טוכנאַ אין אַן עלעגאַנטן טוריסטן צענטער.

מאַסן מענטשן באַזוכן די שטאָט פֿון אַלע טיילן פֿון לאַנד און פֿון אויס־לאַנד. זיכער נוצן פֿיל פֿון זיי די באַקוועמע, וואַרעמע און עלעגאַנטע סוועטערס, אויב נישט פֿון מײַן פֿאַבריקאַציע איז פֿון אַנדערע. אָבער גובערעק איז געווען איינער פֿון די פּיאָנערן, וואָס האָט אָט דעם ברייט־פֿאַרשפּרייטן פֿאָלקס־מלבוש אײַנגעפֿירט אין לאַנד. און דאָס איז אים אָנגעקומען נישט לײַכט, ער האָט געליטן אַ סך אַנטוישונגען און דורכפֿאַלן, און מאַכנדיק אַ שטיקל סך־הכל פֿון לעבן, קאָן ער מיט שטאָלץ זאָגן, אַז ער האָט געזיגט מיטן כּוח פֿון ייִדישן בטחון און גלויבן אין מענטשן, אַז די וועלט גייט פֿאָראויס, פּראָגרעסירט, און לאָמיר האָפֿן אַז צום בעסערן...

## יידישע רעסטאָראַנען

מײַן ערשטער עטאַפּ אין באַגאַטאַ האָט זיך אָנגעהויבן אין דער געגנט לאַס קרוסעס, אין דרום טייל פון דער שטאָט. איך האָב נאָך דעם זיך איבערגעצויגן אויף צפון, אין לאַס ניעוועס. אין דער ריכטונג איז אויך געגאַנגען דער פּראָגרעס פון דער קאָלאָמביאַנער הויפּטשטאָט. אויפן דרום איז געלעגן דער חותם פון דער טראָפּיקאַלישער פוילקייט און אָפּגעלאָזנקייט, און אין צפון האָט שוין געברויזט דער אימפּעט פון אַמעריקאַנישן און אייראָפּעיִשן אונטערנעמונגס־גײַסט: געשעפטן, וואָס האָבן געלאָקט דעם פאַרבײַגייער מיט אַלע מינים אַנטיקלען, און ריינע גרויסשטאָטישע גאַסן מיט אַ שטענדיקן שטראָם פון מענטשן.

אין לאַס ניעוועס האָט זיך אויך געביטן מײַן געזעלשאַפטלעכע סביבה. דער רעסטאָראַן פון דער יונגער אלמנה, גיטל פישמאַן, האָט געגאָסן די פּרעפערענץ פון אַ „געקליבענעם" עולם, און איך פלעג אים אָפּט באַזוכן. איך בין אויך געווען אַן אַרײַנגייער אין רעסטאָראַן פון דער פרוי שאַפּיראָ, אין געגנט פון סאַנטאַ באַרבאַראַ, וווּ מען האָט געקאָנט זייער גוט אָפּעסן, און אויך פּײַן פאַרברענגען צווישן עמך־מענטשן, הערן די לעצטע נײַעס אויף דער וועלט, און אָנטיילנעמען אין אַ דיסקוסיע וועגן וועלט־פּאָליטיק. דאָ זײַנען געווען פאַרטראָטן אַלע יידישע פּאַרטייען, און מען פלעגט זיך גאַנץ אָפּט אַרײַנזאָגן, אָבער דאָס האָט נישט געשטערט דעם שלום בית און אויך נישט דעם אַפּעטיט. פאַרקערט, ערשט נאָך אַ הייסער דיסקוסיע פלעגן די דיספּוטאַנטן זיך אָפּקילן מיט הייסע גלעזער טיי און צובײַסן, צוזאַמען בײַ עטלעכע צוזאַמענגערוקטע טישלעך.

בײַ דער יונגער אלמנה דאַקעגן, האָט מען זייער עלעגאַנט סערווירט, און פון דעם שענסטן און בעסטן, אָבער געמאָסטן און געוויגן, עס זאָל חלילה נישט פאַרשאַטן. און אַזוי זײַנען אויך געווען די שמועסן בײַ די טישלעך, צירלעך מאַנירלעך, שטיל, אײַנגעהאַלטן. געגעסן האָבן דאָרט

מענטשן פון די זעלבע יידישע קליינשטעטלעך אין בעסאַראַביע און פוילן, וואָס האָבן אין באַגאַטאַ זיך אָפּגעגעבן מיט דער זעלבער „פּריוואַטער פּראָפעסיע" און אַרויסגעגאַנגען מיט אַ פּעקל אין די גאַסן, אָבער דאָך אַ ביסל אַנדערע מענטשן, מיט אַן אַנדער געשמאַק אין לעבן...

אַרום צוועלף אַזייגער פלעגן אָנהייבן אָנקומען די קליענטן. איך האָב דאָרט אויך געטראָפן די ברידער שיינבערג, וועלכע זיינען געקומען פון קובאַ און גערעדט שפּאַניש מיט דער כאַראַקטעריסטישער קובאַנער אויסשפּראַך. זיי האָבן נישט געוואָלט פאַרלאָזן שאַפּיראָס רעסטאָראַן מיט זיין משפּחהדיקער היימישקייט און טומלדיקע געשפּרעכן, מען זאָל זיי אין אַ צווייט אָרט אַפילו סערווירן דאָס טעלערל פון הימל.

אונדזערע געשפּרעכן האָבן זיך געדרייט אַרום ערנסטע ענינים. מיר האָבן קאָמענטירט וועלט־געשעענישן און אויך פּאַסירונגען פון יידישן לעבן. אָבער אַ טעמע, וואָס האָט אונדז באַזונדערס אינטערעסירט, איז געווען די לאַגע פון די משפּחות, וועלכע מיר האָבן איבערגעלאָזן אין דער אַלטער היים. מען האָט אויך גערעדט וועגן די איבערלעבונגען פון טאָג, וועגן די אַלע פּאַסירונגען ביי דער אַרבעט און אין גאַס. דאָס אַלץ וואָס מיר האָבן געזען האָט אונדז אויסגעזען אַזוי ניי, אַזוי אַנדערש ווי דאָרט אין דער אַלטער היים. דאַכט זיך דער זעלבער הימל, אָבער אַן אַנדער וועלט און אַנדערע מענטשן. די אָרעמקייט, וועלכע מיר האָבן דאָ אָנגעטראָפן האָט אונדז אויסגעזען ערגער ווי „דאָרט", כאָטש דער קאָלאָמביאַנער נעמט אָן זיין גורל מיט אַן איבעראַשנדיקער רעזיגנאַציע.

עס האָט אונדז שטאַרק באַזאָרגט דער גורל פון אונדזערע משפּחות, ווייל מיר האָבן גוט געוווּסט וואָס זיי לעבן דאָרט איבער. אונדזער טרוים איז געווען צו זען זיי אַלעמען אַרום זיך, ווייט פון אומרו, פון געפאַרן און פון שנאה פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג. מע זהאָט אין די ערשטע „גרינע" יאָרן נישט געטראַכט וועגן „מאַכן אַמעריקע", נאָר וועגן „מאַכן אַ לעבן" אין דעם נייעם לאַנד, צווישן מענטשן, וועלכע קוקן אויף דיר מיט צוטרוי און חשיבות. דאָס איז געווען די שטרעבונג וואָס האָט באַהערשט אַלע געדאַנקען, און באַגאָטאַ האָט מיר אויסגעזען צו זיין דער ריכטיקער אָרט אויף זיך צו בויען אַ נייע היים נאָך די אַלע פּיינלעכע איבערלעבונגען אין פוילן.



1טער קאָנגרעס פון דער „וויצע"־פעדעראַציע אין קאָלאָמביע, אין יאָר 1943

עס זײַנען אויך געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געטראַכט וועגן „מאַכן אַ פּאָר טאָלער" און אַראָפּקומען אין שטעטל ווי אַ „מיליאָנער", זען אפשר עמיצן מיטנעמען, און צוריקפאָרן אין די אַמעריקעס. די בעסאַראַבער זײַנען מער ווי אַלע אַנדערע געווען גענייגט זיך אומקערן „אַהיים", געניסן פון דער מאַמעס מאַמעליגע, און זיך אויסזוכן אַ מיידל און ווערן אַ רײַכער איידעם בײַ אַ פײַנער משפחה. חלומות פון יונגע מענטשן, וואָס האָבן נאָך געהאַט פאַר זיך פאָראויס אַ גאַנץ לעבן...

אייניקע זײַנען צוריקגעפאָרן. זיי האָבן געמאַכט אַ פּאָר פעזעס אין באָגאָטאַ, מעדעלין אָדער קאַלי. מיט שווערער מי האָבן זיי צונויפגעשלאָגן אַ שטיקל קאַפּיטאַל, און געמיינט אַז מען וועט זיי אויסכאַפּן אין דער אַלטער היים מיט גוטע זיווגים און גרויסע געשעפטן. אָבער עס האָט זיך אויסגעלאָזן ווי אין שלום עליכמס אַ מעשה. אין די אַלטע היימען האָט געהערשט אַ שווערע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע לאַגע, און אַ ייִדישער מענטש האָט פּשוט נישט געהאַט צו וואָס זיך צו נעמען. האָבן זיי צעטרענצלט די פּאָר גראָשן און צוריקגעקומען אַנטוישטע. אַנדערע האָבן שוין נישט געהאַט מיט וואָס צו קומען, און זיינען דאָרט פאַרבליבן און אומגעקומען אין חורבן.

אין ייִדישן רעסטאָראַן פלעגן מיר קומען נישט נאָר עסן, נאָר זיך טרעפן מיט מענטשן, הערן וואָס טוט זיך אויף דער וועלט און אויך אין היגן ייִדישן ישוב. מיר זײַנען געווען נישט קיין סך קונדן אין רעסטאָראַן פון דער יונגער אלמנה, אָבער דאָרט האָבן געגעסן אַ פּאָר עלטערע תושבים פון שטאָט, און מיר זײַנען צרײַנגעצויגן געוואָרן אין אָרטיקן געזעלשאַפט־לעכן לעבן. דאָס איז געווען אין יאָר 1929. די צענטראַלע פיגור אין ישוב איז אין יענער צײַט געווען כּהן (יעקב) כאַראָסאָ, אַ רוסישער ייִד וואָס האָט גערעדט אַ פּליסיקן שפּאַניש. און וואָס האָט מיט אמתער פּאָטערלעכער וואַרעמקייט געזאָרגט פאַר אַלע גרינע און צוגעקומענע.

כּהן כאַראָסאָ האָט געהאַט אַ שנײַדערײַ אין „ליעוואַנא בנין" און ער איז געווען דער גרינדער פון „ייִדישן צענטער", ער האָט אויסגעאַרבעט די סטאַטוטן פון דער אינסטיטוציע און איר געגעבן דעם כאַראַקטער פון אַ מין קהילה, וואָס זאָרגט פאַר אַלע ייִדישע הצטרכותן פון ישוב. אַ מענטש מיט ייִדישן וויסן, האָט ער אויך פאַרמאָגט אַן אַריסטאָקראַטישן אויסזען און פײַנע מאַנירן פון איינעם וואָס פאַרקערט אין אַ בעסערער געזעלשאַפט.

קיין קאָלאָמביע איז ער געקומען פון טשילע, און האָט דאָ געוווּנען אַ סך פריינד און אויך אַן אָנזען אין די קרייזן פון דער קאָלאָמביאַנער אינטעליגענץ. ער האָט געהאַט פריינד צווישן די פּאָליטישע מנהיגים און אַ צוטריט צו אָפיציעלע אינסטיטוציעס. עס איז אַ פאַקט, אַז ער פלעגט זיך אימפּאָנירן מיטן צויבער פון זיין פערזענלעכקייט. אין יענער צייט איז געשטאַנען ביי דער מאַכט די קאָנסערוואַטיווע פּאַרטיי, אָבער קיין מיטגליד פון דער פּאַרטיי איז ער, וואַרשיינלעך, נישט געווען. דאָס רוב האַלטן ייִדן אָן אַ געוויסע דיסטאַנץ, און מישן זיך נישט דירעקט אין די פּאָליטישע קאַמפן פון די לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער. פאַר אימיגראַנטן מיט אַ קליינעם פּאָליטישן סטאַזש אין די לענדער, איז אַזאַ האַנדלונג באַרעכטיקט, און דאָך איז כאַראַסאָ שפּעטער געפאַלן אַ קרבן, ווי אַן אָנהענגער פון דער קאָנסערוואַטיווער פּאַרטיי.

אין יאָר 1930 איז געקומען צו דער מאַכט די ליבעראַלע פּאַרטיי. מעגלעך אַז אויף כאַראַסאָן איז געפאַלן אַ חשד, אַז ער האָט זיך געמישט אין פּאָליטיק צוליב זיין פריינדשאַפט מיט די קאָנסערוואַטיווע פערזענלעכקייטן, אָדער עמיצער האָט צוגעשטעלט אַ שטילע מסירה, אַז ער האָט געטאָן עפּעס שלעכטס אין טשילע. אָבער אַזוי צי אַזוי, איז עס געווען גענוג אויף צו דערקלערן כאַראַסאָן ווי אַן אומגעוווּנטשענעם עלעמענט, און ער איז אַרויסגעשיקט געוואָרן פון לאַנד.

די גאַנצע ייִדישע באַפעלקערונג האָט טיף באַדויערט די אומגערעכטע גזירה. עס איז שפּעטער פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז ער האָט נישט געפירט קיין שום אומלעגאַלע געשעפטן אין טשילע, און אַז ער האָט זיך נישט געמישט אין דער אינערלעכער פּאָליטיק פון קאָלאָמביע. די קליינע עדה איז אָבער דעמאָלט געווען צו שוואַך אויף צו פּאַרטיידיקן אַ ייִדן פון אַזאַ בילבול, און נאָך מער, ווען עס איז געווען אַ חשד, אַז דער בילבול איז געקומען פון אַ ייִדן...

דער פּיינלעכער אינצידענט האָט זיך שווער אָפּגערופן אויפן ישוב, וואָס האָט פאַרלוירן אַ פּירנדיקע פערזענלעכקייט, און אויף אַ לענגערער צייט איז די געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט געוואָרן איינגעשרומפּן.

נאָך שווערער, וואַרשיינלעך, האָט עס געווירקט אויף כאַראַסאָן, וועלכער איז צוריקגעפאָרן ערגעץ אין אייראָפּע. שוין עטלעכע און דרייסיק

יאָר זײַנען אַוועק, און מיר האָבן מער נישט געהערט וועגן דעם דאָזיקן האַרציקן און איידעלן ייִדישן מענטשן. אויב ער לעבט נאָך, און עס וועלן צו אים דערגיין אונדזערע ווערטער, זאָל ער וויסן, אַז די יונגע קהילה, וועלכע ער האָט געגרינדעט אין באָגאָטאַ, געדענקט און שעצט אים ווי אַמאָל, און מיר שיקן אים איבער פֿון דער ווײַט אונדזערע ייִדישע ברכות.

## דאָן לויִס פּאָסטילניק

לויִס פּאָסטילניק איז אויך געווען אַן אונדזעריקער, אַ שטענדיקער אַרײַנגייער אין גיטלס רעסטאָראַן. אַ מענטש פֿון אַ יאָר פֿערציק, אַ דיק־לעכער פֿון נידעריקן וווּקס, מיט אַ פֿליכעוואַטן קאָפּ, ברייטן שטערן און בלויע אויגן. שטענדיק מיט אַ גראָבן ציגאַר אין מויל, אַ גרויסער למדן און קענער פֿון תנ״ך. ער איז נישט געווען קיין גרינער אין קאָלאָמביע, ווען מיר זײַנען געקומען נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז ער שוין דאָרט געווען אַן אַלטער תושב. באָגאָטאַ איז געווען זײַן היים און פּאַריז זײַן האַנדלס־צענטער. פֿון יענער „הויפּטשטאָט פֿון דער וועלט״ פֿלעגט ער ברענגען גרויסע פּעק מיט זײַד, סוועטערס, דאַמענטאַשן און אַנדערע אַר־טיקלען. ווען מיר האָבן אים דערקענט איז ער שוין געווען אַ „מיליאָנער״ — אַזוי האָט מען געזאָגט. — און זײַן אויפֿפֿירונג, זײַן האַלטונג, און אויך זײַן באַנעמונג מיט מענטשן, און טאַקע זײַן באַציִונג צו „גרינע״ האָט עס באַ־שטעטיקט.

ווי נאָר עס פֿלעגט קומען אַ גרינער אין שטאָט, פֿלעגט מען אים גלײַך שיקן צו פּאָסטילניקן, וואָס פֿלעגט שוין אים באַזאָרגן מיט אַ פּעקל, מיט אַ קרעדיט, מיט אַ צימער און ווען נייטיק אַפֿילו — מיט אַ פּאָר פּעזעס. פּאָסטילניק איז געווען די געזעלשאַפֿטלעכע אינסטיטוציע, וואָס פֿלעגט נעמען אונטער זײַן שוץ אַלע אורחים. אַן אימיגראַנט האָט די ערשטע צײַט זיך געפֿילט פֿאַרלאָרן אין דער פֿרעמד, אָן אַ שפּראַך, אָן אַ פֿאַך, אָן אַ קאָמפּאַקטער ייִדישער סביבה, האָט די פֿרײַנדלעכע אויפֿנאַמע פֿון פּאָסטיל־ניקן דערמוטיקט און אַרײַנגעבלאָזן ממש אַ רוח החיים פֿון גלויבן און

האָפענונג. ער האָט בײַ אַ סך פון אונדז געשאַפן דעם אײַנדרוק אַז מיר זײַנען נישט אַליין, אַז עס שטייט הינטער יעדן איינעם פון אונדז אַ גוטער פרײַנד, וואָס וועט אין אַן עת צרה אונטערקומען מיט ראַט און מיט טאַט.

די וואָס האָבן אָנגעהויבן מיט פּוסטילניקן און נאָכדעם איבערגעגאַנגען צו אַנדערע סוחרים, אָדער זיך פאַרנומען צו אַרבעטן פאַר זיך, און האָבן שוין געוווּסט די פּרײַזן פון סחורות און אַלע סוחרישע דריידלעך, האָבן זיך ערשט איבערצײַגט ווי אָרנטלעך פּוסטילניק האָט באַהאַנדלט די גרינע, און אַז ער איז נישט אויסן געווען זיי אויסצונוצן, נאָר אויסשליסלעך צו העלפן. ער האָט אַ צײַט לאַנג פאַרטראָטן דעם פּלאַץ פון כּואַן כאַראָסאָ אין ייִדישן צענטער פון באָגאָטאַ. מיר האָבן געפילט אין אים אַן איידעלן מענטשן מיט אַ גוט ייִדיש האַרץ, און חברה — באַזונדערס טאַקע די גרינע — האָבן אַרויסגעוויזן צו אים אַן אויפריכטיקע ליבשאַפט און איבער־געבנקייט.

לויִס פּוסטילניק האָט אײַנגעקויפט אַ שטיק באָדן פון עטלעכע העק־טאַר אין דער הינטערשטאָטישער געגנט — באָסאַ — און באַשטימט עס צו שענקען דער קהילה אויף אַ ייִדישן בית הקברות. אין איינעם אַ זונטיק־דיקן פרימאָרגן, ווען די זון האָט זיך באַוויזן נישט איבעריק קיין שמייכ־לענדיקע, ווער האָט געקאָנט וויסן איר געמיט? זײַנען מיר אַרויסגעפאָרן אין אַ גאַנצן קאַראַוואַן טאַקסיס און אויטאָס, אָנצוקוקן אונדזער „לעצטן רופּלאַץ" אין באָגאָטאַ. עס איז מיטגעפאָרן אויך מיטן עולם, שלמה גוט, אַן אַלטער תושב אין שטאָט, וואָס האָט אויפגעבויט דעם קינאָ „אַפּאָלאָ" און זיך פאַר־נומען מיט גרויסע געשעפטן. קיין מיטגליד אין ייִדישן צענטער איז ער אין יענער צײַט נישט געווען, און בכלל איז געווען אַ גאַנץ היפּשע דיסטאַנץ צווישן אַזאַ אַלטגעזעסענעם שטאָט־באַלעבאָס און גרויסן אונטערנעמער — מיט דער חברה גרינע, וואָס האָבן נאָך געשפּאַנט איבער די גאַסן מיטן פּעקל סחורה צו פאַרקויפן אויף אויסצאָלן.

אין דער אמתן האָט שלמה גוטס אָנוועזנהײַט אונדז אַ ביסל געוווּנדערט. פּוסטילניק איז געפאָרן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און געשוויגן; ווי עס שײַנט, האָט ער געוווּסט, אַז יענער פאָרט אים פאַרשטערן די שמחה. און אַזוי איז געווען. ווי נאָר מען איז געקומען אויפן פעלד האָט שלמה גוט אויפגעהויבן זײַן שירעם אויף פּוסטילניקן, און ס'איז אויסגעבראָכן אַ גע־

שלעג. עס האָבן זיך אַריַינגעמישט די אָנוועזנדיקע און צענומען די שלעגער. ביידע האָבן געשריגן, און כאָטש עס איז נישט געווען גענוג קלאָר אין וואָס עס באַשטייט דער סיכסוך, האָט מען אָבער געהערט אַז גוט באַשולדיקט זײַן קעגנער, אַז ער האָט בײַ אים אויסגעדונגען דעם באָדן. נאָך אַלעמען — איז געשעפט, געשעפט...

געשלעגן בײַ ייִדן זײַנען אַ גאַנץ זעלטענע דערשײַנונג, און בפרט נאָך בײַ אַזעלכע באַלעבאַטישע ייִדן, ווי די צוויי אויבנדערמאָנטע חשובע שטאָט־לײַט. אמת, בײַ אונדז איז „שלום בית" אַ פּאַרהייליקטע אינסטיטוציע, און „שלום" איז דער העכסטער אידעאַל, און „זאָלסט ליבן דעם צווייטן ווי זיך אַליין" איז אַ געבאָט פון דער תורה, אָבער אין טאָג־טעגלעכן לעבן ווערן פאַרגעסן אַ סך קלוגע עצות און גוטע געבאָטן. מען שלאָגט זיך טאָקע נישט בײַ ייִדן, אָבער מען דערלאַנגט מיט דער צונג, וואָס איז נישט בעסער ווי מיט די הענט, „הקול, קול יעקב". עס פעלט נישט קיין אומ־זיסטע קנאה־שנאה בײַ ייִדן, הלוואי וואָלט עס נישט געווען. ווי די זאַך זאָל נישט זײַן, מען האָט די שלעגער צענומען און זיי פאַרבעטן אין „צענטער" אַרײַן. שלמה גוט איז מיטגעפאָרן, און דאָרט האָט מען שוין דווקא אויפן ייִדישן שטייגער — זיך איבערגעבעטן. אָבער דעם באָדן האָט די קהילה נישט באַקומען... ווי עס שײַנט האָבן שלמה גוטס טענות געהאַט עפּעס אַ באַרעכטיקונג. די קהילה האָט שפּעטער געקויפט אַ פּלאַץ מיט אייגענע מיטלען, טאַקע נאָענט פון דעם וועלכן זי האָט געזאָלט באַקומען, ווי אַ מתנה פון פּוסטילניקן.

דער מענטשלעכער גורל זעצט זיך אַמאָל אָן אויפן שוואַכן מענטשן און דערגייט אים די יאָרן. עס איז אַוודאי נישט ריכטיק צו וואַרפן די גאַנצע שולד אויפן „בלינדן גורל"; דער מענטש דאַרף האָבן אַ שליטה אויף זײַן געלט און האָבן אויך אַ דעה אויפן גורל. האָט זיך געמאַכט אַז דער ליבער און האַרציקער מענטש — דאָן לויס פּוסטילניק — איז געגאַנגען פון איין אומגליק צום אַנדערן. ער האָט שפּעטער געדאַרפט פאַרזוכן נישט בלויז טראָפּנס, נאָר אַן איבערפולטן בעכער ביטערניש. ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ שיינער פרוי, פיל ייִנגער פון אים. האָט ליקווידירט אַלע זײַנע געשעפטן אין באָגאָטאַ און איז אַוועק קיין פּאַריז, און אויפגעשטעלט זײַן היים אין דער „שטאָט פון ליכט". אָבער פון דעם ליכט פון דער גרויסער

וועלט־שטאָט איז אים נישט באַשערט געווען צו געניסן. עס זײַנען צוגע־קומען קינדער, אָבער דאָס לעבן איז געגאַנגען באַרג־אַראָפּ, אָדער דער מענטש איז צוזאַמענגעבראָכן... און יאָרן שפּעטער איז צו אונדז דערגאַנגען אַ ידיעה, אַז דאָן לוּיִס פּוסטילניק געפינט זיך אין פּאַנאַמאַ, אינטערנירט אין אַן אַנשטאַלט פאַר גײַסטיק קראַנקע...

## אומפאַרגעסלעכע טיפּן

נאָך אַ חבר פון אונדזער געזעלשאַפט איז געווען שמואל לובעלטשיק, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זײַן יוגנטלעכן געמיט און פריידיקן כאַ־ראַקטער. ער האָט שטענדיק געהאַט אַ זאַק מיט וויצן צו דערציילן און אַ מויל מיט געלעכטער. ווען ער איז געקומען איז געוואָרן פריילעך, און ווו ער האָט זיך געשטעלט איז באַלד אַרום אים געוואָרן אַ קרייז מיט מענטשן. איידער ער איז געקומען קיין קאָלאָמביע — אין יאָר 1927 — איז ער אַ געוויסע צײַט געווען אין באָליוויע, און האָט דעריבער גאַנץ פֿײַן באַהערשט די שפּאַנישע שפּראַך. ער האָט מיט אונדז געטיילט דעם זעלבן גורל, די זעלבע פּרנסה, און אויך דעם זעלבן רעסטאָראַן. מיר פלעגן זיך נישט זעצן צום טיש עסן ביז שמואליק איז נישט געקומען, באַזונדערס אין אָוונט, נאָכן טאָג אַרבעט; און אַז ער פלעגט אַרײַנקומען פלעגט ווערן פריילעך אין שטעטל...

ווען מיר האָבן מיט דער צײַט זיך אויסגעגרינט, אַראָפּגעגאַנגען פון „גיטלס קעסט", און יעדער איינער האָט זיך געגרינדעט זײַן היים און זײַן געשעפט, האָבן מיר נישט איבערגעריסן די באַציִונגען פון די גרינע יאָרן. פאַרקערט, ווען ס'איז נאָר געווען אַ פרײַע מינוט האָט מען זיך „אַרײַנ־געכאַפּט" איינער צום אַנדערן. מען האָט זיך געטראָפן אויף היימישע שמחות און אויף געזעלשאַפטלעכע אַקטן. מען האָט צוזאַמען געפירט „פּאָליטיק". שמואליק איז שטענדיק געווען אַן אָנגעלייגטער גאַסט אין שטוב, און אַ שמועס מיט אים האָט פאַרשאַפט פאַרגעניגן. אַזוי האָב איך אָנגעהאַלטן מיט אים אַ פרײַנדשאַפט אַ יאָר דרײַסיק, ביזן מאָמענט פון זײַן פּטירה,

מיט אַ פינף יאָר צוריק, ווען ער איז אַוועק פון אונדז אויף אייביק, אָבער זײַן אָנדענק לעבט צווישן די באַגאַטאַנער ייִדן. עס פעלן זײַנע גוטע לאַכנ־דיקע אויגן, זיכער האָבן די צדיקים אין גן־עדן זיך פאַרבענקט נאָך אַ פריילעכן ייִדן, און האָבן געשיקט נאָך אים רופן. רוט זײַן געביין אויפן בית־עולם אין באָסאַ, און ווי מען זאָגט בײַ ייִדן: „זאָל אים די קאָלאָמביאַנער ערד גרינג זײַן"...

בערגער, דעם ערשטן נאָמען פון וועלכן איך האָב שוין פאַרגעסן, איז אויך געווען אַן אַרײַנגייער אין גיטל פישמאַנס רעסטאָראַן, און כאָטש מיר פלעגן צוויי מאָל אין טאָג זיך טרעפן, פלעגט ער זיך האַלטן פון עולם אַ ביסל פון דערווײַטנס. בכלל איז ער געווען אַ מענטש פון ווייניק רייד, אַ שטילער, איך וואָלט געזאָגט — אַ שווײַגער, אָבער אַ באַאָבאַכטער, וואָס האָט ליב געהאַט זיך צוהערן וואָס מען רעדט. מיט אַן ערנסטן אויסזען און הויכן שטערן, האָט ער אַרויסגערופן רעספּעקט צו זיך. מעגלעך, אַז זײַן אַמט האָט עס אים געלערנט צו זײַן רעזערווירט אין זײַן האַלטונג. ער האָט פאַרנומען אַ הויכן אַמט אין פּוסטילניקס אונטערנעמונג, געווען זײַן פאַרטרויאונגס־מאַן.

בערגערס געשיכטע איז מיר ווייניק באַקאַנט. איך האָב זיך קיינמאָל נישט פאַרנומען מיטן פאָרשן די ביאָגראַפיעס פון מײַנע מיטמענטשן. נישט וויכטיק וואָס אַ מענטש איז געווען און וואָס ער האָט געטאָן; וויכטיק איז פאַר מיר וואָס ער איז אין דעם מאָמענט, ווי איך פיל אים, און ווי ער רעאַגירט אויף מײַן אָנוועזנהײַט. צווישן מענטשן שאַפט זיך אַן אומגעזעענע פאַרבינדונג, וועלכע האָט אַן אָפּקלאַנג אין האַרצן. אַגב, האָב איך זיך גאָרנישט פאַרגעשטעלט אַז אין דרײַסיק יאָר אַרום וועט מיר אײַנפאַלן אַרויסרופן די געשטאַלטן פון די אַלע מענטשן, וועלכע איך האָב געטראָפן אויף מײַן לעבנסוועג, און זיי פרוּוון פאַרשטעלן, שוואַרץ אויף ווײַס, אויפן פּאַפּיר. ס'איז אַ דעליקאַטע אויפגאַבע, וועלכע קיינער האָט בײַ מיר נישט באַשטעלט, אָבער וועלכע קומט פון אַן אינערלעכן אימפּולס, פון אַ באַ־האַלטענעם דראַנג אויפצולעבן די שוין פאַרגאַנגענע צײַטן. אַזוי לאַנג די פאַרגאַנגענהײַט לעבט אין אונדז האָט זי נאָך אַן אָנהאַלט אין לעבן. מענטשן וואָס זײַנען שוין אַוועק, לעבן אין זכרון פון זייערע מיטמענטשן, און ס'איז

אַ חוב זיי צו דערמאָנען, אויב זיי האָבן איבערגעלאָזן אַ גוטן אָנדענק. אפשר וועט ווער אין דער נאָענטער, אָדער אין דער ווײַטער, צוקונפט זיך פאַר־טיפן אין דעם בינטל זכרונות, און פּרוּוון פון זיי מאַכן אַ באַלערנדיקן אויספיר. און כאָטש איך צווייפל אין דעם, האָף איך דאָך, אַז דער לייענער וועט געפינען אַן אינטערעס אין דער לעבס־דערפאַרונג פון אַ פשוטן מענטשן.

## די גאָלדשטיין דינאַסטיע

די גאָלדשטיין־דינאַסטיע האָט פאַרנומען זייער אַ חשובן פּלאַץ אין אונדזער קרייזל, און גערופן האָבן מיר זיי אַזוי נישט מיט קיין איראָניע, נאָר דווקא מיטן גאַנצן ערנסט. דאָן כאַימע איז געווען אַ מענטש פון מיטעלן וווקס, מיט אַ בלייך פּנים און פאַרטראַכטע אויגן. עס איז אויף אים געלעגן דער חותם פון אַ ווויל־לערנער, וואָס איז פאַרטראָגן אין זאַכן פון רוחניות. אַ געוויסע צײַט האָב איך געוווינט מיט אים און מיט זײַן שוואָגער, מאיר ראָטלעוויטש, אין איין צימער, און קאָן עדות זאָגן אויף זײַן ברייטהאַרצי־קייט און צוטרוי צו מענטשן. ער האָט קיינעם נישט אָפּגעזאָגט צו געבן אַ גאַראַנטיע אויף אַ פּעקל סחורה אָדער אויף אַ צימער, און איז שטענדיק געווען גרייט אַ מענטשן צו העלפן מיט ראַט און טאַט. און זײַן „ראַט" האָט מען באַזונדערס געזוכט אין אַן עת צרה, וואָס האָט קיינמאָל נישט גע־פעלט אין די גרינע יאָרן. דאָס כאַימע אָדער רב חיים, ווי מיר פלעגן אים מיט רעספּעקט רופן, האָט געהאַט אַ שאַרפן גמרא קאָפּ, וואָס האָט געטויגט צום מסחר ווי אויך צו אַלע טריוויאַלע ענינים פון לעבן. ער האָט געשאָטן מיט פסוקים און מאמרי חז"ל, האָט גערעדט וועגן וועלט־פּאָליטיק און האָט געוווּסט וואָס טוט זיך אין לאַנד, און אַ שמועס מיט אים איז באמת געווען אַ פאַרגעניגן.

עס זײַנען מיר געבליבן אין זכרון יענע ראָמאַנטישע יאָרן, ווײַל זיי זײַנען פאַרבונדן מיט אייניקע גאָר ווערטפולע און אינטערעסאַנטע מענטשן. די אַלע אַנדערע האָב איך פאַרגעסן... ווײַל וואָס קאָן איך געבן אַן עגאָיסט,



מיטן 1טן שגריר פֿון מדינת ישראל אין באָגאָטאַ. — פֿון רעכטס: י. אַווערבוך, י. רעניס, האַנס שפּערלינג, חיים פּסח ע״ה, דער שגריר, אַלטער פעלמאַן, פֿאָלע דע פסח, וו. גרינבערג, ש. גובערעק, משה גאַניטצקי

אַ קמצן, אַ גראָבער יונג אָדער אַן אויסוואורף? גאָרנישט! אַזעלכע מענטשן לעבן פאַר זיך, און ווען איר האָט צו טאָן מיט אַזאַ איינעם, בלײַבט אײַך אַ פלעק אויף דער נשמה, פון וועלכן איר ווילט וואָס גיכער פּטור ווערן און פאַרגעסן. אַזעלכע מענטשן האָבן גאָרנישט וואָס צו געבן דער וועלט, זיי קאָנען אַפילו איבערלאָזן גרויסע ירושות, אָבער נישט קיין בענקשאַפט און ליבשאַפט בײַ מענטשן. געדענק איך בלויז די, וועלכע עס איז אַזוי אָנגענעם צו דערמאָנען, ווײַל זיי האָבן איבערגעלאָזן אַ פריידיקן געפיל אין האַרצן, ווײַל איך האָב געהערט פון זיי אַ גוט וואָרט, געזען אַ פײַנעם זשעסט, געלערנט מידות טובות, געפילט מענטשלעכע וואַרעמקייט אין מײַנע שווערע גרינע יאָרן.

די געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויטעט אין ישוב, אין וועלכער מיר האָבן זיך אַרײַנגעוואָרפן מיט אַ סך יוגנטלעכן ענטוזיאַזם, האָט געעפנט אַ נײַע פּערספּעקטיוו אין לעבן פון יעדן איינעם פון די „גרינע" גאַסן־הענדלער. די פאַנטאַזיע האָט באַקומען פליגל און מען האָט דערפילט, אַז מען וואַרפט אַראָפּ פון זיך דעם אימיגראַנטישן פּעקל און מען ווערט אַ תּושב אין שטאָט, וואָס דאַרף זאָרגן פאַר קהל און וואָס דאַרף אַליין אויך ווערן אַ שטיקל שטאָט־באַלעבאָס.

נאָך די שעהען לאַנגע וואַנדערונגען איבער די גאַסן, און דעם קליינעם אָפּרו אין רעסטאָראַן בײַם „טרעפן זיך מיט מענטשן", זײַנען די זיצונגען אין „סענטראָ איזראַעליטאַ" געווען אַ ווײַטערדיקער עטאַפּ פון זיך אײַנ־וואָרצלען אין לאַנד, אַ העכערע מדרגה פון זיך אײַנבירגערן אין לעבן. איך האָב זיך אָפט דערמאָנט דעם קלוגן זאָג, אַז „וויפל די ייִדן זאָלן נישט האָבן געגעבן דעם שבת, האָט דער שבת זיי פיל מער געגעבן". דער שבת האָט אַרײַנגעבראַכט יום טוב אין שטוב, האָט געגעבן מנוחה דער נשמה. דאָס קאָן מען נישט פאַרגלײַכן מיט קיין שום מאַטעריעלע ווערטן.

די טעטיקייט אין ייִדישן צענטער איז פאַר מיר געווען אַ יום־טוב, וועלכער פלעגט אָבער גאַנץ אָפט פאַרשטערט ווערן מיטן אינערלעכן קאַמף פון פאַרשיידענע טענדענצן מיט זייערע קאַנדידאַטן פאַר די וואַלן. ס'איז נישט געווען קיין קאַמף פון אידעאָלאָגיעס, נאָר פון פּערזענלעכע סימפּאַ־טיעס, האָט איין גרופּע אַרויסגעשטעלט די קאַנדידאַטור פון חיים כאַראַסאָ פאַר אַ פּרעזידענט, האָט זיך שוין געפונען אַ צווייטע גרופּע, וואָס האָט

געקעמפט פאַר דער קאַנדידאַטור פון ד״ר יוסף גרוצענהענדלער. אָפט פלעג איך נישט ווילנדיק אַרײַנגיין אין קאָנפליקט מיט גוטע פרײַנד, וועלכע איך האָב נישט אויפגעהערט צו שעצן, אָבער נישט שטיצן זייערע קאַנ־דידאַטן.

דער ד״ר גרוצענהענדלער, ווי אַ מענטש מיט אַן אַקאַדעמישן דיפּלאָם האָט געהאַט אָנזען אין דער יונגער געמיינדע, און וואָלט דעריבער אויך געקאָנט געבן פּרעסטיזש דעם ישוב. אַזוי האָבן געטראַכט די אַלע וועלכע האָבן געשטיצט זײַן קאַנדידאַטור. שפּעטער איז אונדז אויסגעקומען צו באַדויערן דעם טעות. אַן אַקאַדעמישער טיטל איז טאַקע אַ וויכטיקער ענין, און וויסן און בילדונג דאַרפן געשעצט ווערן, אָבער דאָס האָט גאָרנישט צו טאָן מיט געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, און נאָך וויניקער מיטן געפיל און פאַרשטענדעניש פאַרן אויפבוי פון אַ נײַער ייִדישער קהילה. מען קאָן זײַן אַ שלעכטער מענטש, אַן עקשן, אַ פּרא אָדם מיט אַ דאָקטער טיטל. דער ד״ר גרוצענהענדלער איז עס נישט געווען, אָבער קיין סביבה האָט ער אַרום זיך נישט געשאַפן, און די אינסטיטוציע האָט ער נישט אַרויסגעהויבן. עס זײַנען פאַראַן אַ סך דאָקטוירים אין די לאַטיין־אַמעריקאַנער ייִדישע ישובים, אָבער עס פעלן דאָרט גוטע און איבערגעגעבענע געזעלשאַפטלעכע טוער.

אַ שפּאַניש שפּריכוואָרט זאָגט: „וואָס די נאַטור האָט נישט געגעבן, וועסטו אין סאַלאַמאַנקאַ נישט באַקומען". אין סאַלאַמאַנקאַ איז געווען אַ באַרימטע אוניווערסיטעט, און מיינט צו זאָגן אַז די שיינע מעלות, וועלכע די נאַטור שענקט דעם מענטשן קאָן מען נישט „אויסלערנען" אין די אוני־ווערסיטעטן. מען דאַרף מיט זיי געבוירן ווערן. און די עיקרדיקע מעלה, וואָס אַ געזעלשאַפטלעכער עסקן דאַרף פאַרמאָגן איז זײַן אַ נוח לבריות — צוגעלאָזן צו מענטשן, ליב האָבן מענטשן, און אַרויסרופן אויך ליבע בײַ מענטשן צו זיך. דאָס זײַנען אייגנשאַפטן וואָס קומען פון אַנדערע „אוני־ווערסיטעטן"; זיי קומען קודם כל פון אַ גוט האַרץ, פון אַ קלאָרן פאַרשטאַנד, פון אַ גוטן ווילן צו דינען די קאָלעקטיווע אינטערעסן פון כלל. אַ ייִדישער עסקן דאַרף נאָך פאַרמאָגן אַ חוש פאַר אונדזערע גײַסטיקע ווערטן. איך וועל נישט זאָגן אַז ער מוז זײַן אַ תלמיד־חכם, אַז ער דאַרף זײַן בקי אין ש״ס און פּוסקים, אָבער אַ באַציִונג דאַרף ער צו דעם האָבן און אַ פאַרשטענדעניש פאַר דער גײַסטיקער טראַדיציע פון דעם עם הספר. אַ

כלל־טוער דאַרף אַמאָל קאָנען פאַרקוקן זײַנע פּריוואַטע אינטערעסן, און זיך אַרויסהייבן איבער די אַלע קליינלעכקייטן, וואָס מאַכן אַזוי קליין און ביליק דאָס לעבן. ער דאַרף זײַן אַ בויער, אַן אויפטוער, זאָל זײַן כאָטש מיט אַ פונק אידעאַליזם. אַזאַ דאָקטער־טיטל דאַרף פאַרמאָגן אַ ייִדישער עסקן, און מיט אַזאַ טיטל קומט מען פון אַ גוטער ירושה, פון אַ ייִדישער היים, און פון קאָנען לערנען פון לעבעדיקן לעבן, און פון שטענדיקן קאָנ־טאַקט מיט מענטשן...

דער ד״ר גרוצהענדלער האָט אָנגעהויבן זײַן פּרעזידענץ מיט אַ רוגז קעגן דעם פירער פון דער צווייטער ליסטע, כּוֹאָן כאַראָסאָ, און מען האָט אים גאָרנישט געקאָנט איבערבעטן. די שפּאַלטונג האָט אָנגעהאַלטן יאָרן, און האָט אָנגעמאַכט אַ גרויסן שאָדן דעם יונגן ישוב. דער אָנהייב איז לכתחילה געווען אַ שלעכטער, און מען פילט נאָך הײַנט די קאָנסעקווענצן. די משפּחהדיקע חברישקייט, וועלכע מיר האָבן פון רעסטאָראַן אַריבער־געטראָגן אין „צענטער", האָט זיך אָפּגעבריט די פליגל אין פלאַם פון דער „פּאָליטישער" פּאָלעמיק. גוטע חברים האָבן אָנגעהויבן קוקן מיט פאַרדרוס איינער אויפן אַנדערן, און עס האָט געדויערט לאַנג ביז מען האָט זיך אי־בערגעבעטן — בײַ די נײַע וואַלן, אויב מען האָט געאַרבעט פאַר דער זעלבער ליסטע...

אין פאַרלויף פון דער צײַט האָט רב חיים גאָלדשטיין אַראָפּגעבראַכט זײַן משפּחה און האָט דאָ אויפגעבויט אַ מוסטערהאַפטע ייִדישע היים, אויף וועלכער עס האָט גערוט דער חן פון אַן אמתער אשת חיל, וועלכע פלעגט אויפנעמען די געסט מיט אַן אויפריכטיקער פרײַנטלעכקייט, אַרומגערינגלט מיט קרובים און בני בית בײַ אַ גרויסן באַלעבאַטישן טיש ווי עס פּאַסט פאַר דער „דינאַסטיע" גאָלדשטיין, וועלכע איז באַשטאַנען פון צוויי ברידער און קרובים מיט זייערע צאָלרײַכע משפּחות. ווי געזאָגט, איז ר' חיים געווען אַ ייִד אַ למדן און זײַן עלטערער ברודער, סומער, איז געווען אַ בעל־תּורה פון גאָר אַ הויכער מדרגה און, ווי עס שײַנט אויך, אַ שטיקל משכּיל. ער איז תּמיד געגאַנגען עלעגאַנט געקליידעט, און דאָס ווײַסע טיכעלע האָט בײַ אים קיינמאָל נישט געפעלט אין דער אויבערשטער קעשענע פון רעקל. ער האָט אָנגעהאַלטן אַ שטענדיקע קאָרעספּאָנדענץ מיט מנשה אונגער און בן ציון גאָלדבערג, געווען זייערער אַ גרויסער פאַרערער.

די פאַמיליע האָט זיך געהאַלטן צוזאַמען, די שבתים און יום-טובים עסן בײַ איין טיש, צוזאַמען זינגען זמירות, און די גאָלדשטיינס זײַנען געוואָרן אַ בײַשפּיל פון שיינע ייִדישע מידות און פון שלום בית, וועלכע זיי האָבן נאָך, ווי עס שײַנט, מיטגעבראַכט ווי אַ טראַדיציע פון זייער היים־שטעטעלע, שעניצע, לעבן וואַרשע, פון וואַנען די משפחה האָט געשטאַמט.

די גאָלדשטיינס זײַנען נאַטירלעך געווען פּאַרטראַכטן אין אַלע ייִדישע אינסטיטוציעס, און צו זייער וואָרט האָט מען זיך צוגעהערט אויף די אַל־געמיינע פאַרזאַמלונגען. זיי זײַנען געווען די בעלי תפילות אין די שבתים און יום-טובים. יומים נוראים האָט געדאַוונט פאַרן עמוד זייער אַ נאָ-ענטער קרוב, יוסף גאָלדשטיין. אויך זייער שוואָגער, מאיר ראַטלעוויטש ע"ה, איז געווען זייער אַ פײַנער בעל־מנגן און אַ ייִד אַ למדן, וואָס האָט געדאַוונט מיט אַ סך מתיקות און כוונה. אַזוי אַז די „דינאַסטיע" האָט דערהויבן אונדזערע שבתים און יום־טובים אין שול. זיי האָבן באַזונדערס געזאָרגט פאַר די רעליגיעזע הצטרכותן פון ישוב, פאַרן בית הכנסת, פאַר דער שול, און אויך געווען פאַרטראַכטן אין דער קהילה. און צום באַדויערן, מוז דערמאָנט ווערן, אַז אַנשטאָט דאַנקשאַפט און אָנערקענונג, האָט עס בײַ אייניקע אַרויסגערופן אַן אַנטשלאָסענע קעגנערשאַפט, און מען האָט אָנגעהויבן מורמלען: „די דינאַסטיע, די דיקטאַטור, וויל באַהערשן דאָס גאַנצע ייִדישע לעבן"...

מען איז געווען גרייט זיי איבערצוגעבן די אָנפירונג פון דער שול און אַפילו באַפרידיקן פאַר דער טרחה, אָבער זיי זײַנען נישט קיין רבנים און האָבן נישט דעם גײַסטיקן אויטאָריטעט זיך אימפּאָנירן אויף אַלע אַנדערע געביטן אין ייִדישן לעבן — אַזוי האָט מען געטענהט.

די פאַמיליע גאָלדשטיין האָט זייער פיל בײַגעטראָגן פאַרן ישוב, אין דעם איז קיין שום ספק. אָבער די קעגנערשאַפט צו זיי האָט געהאַט אַ געוויסן יסוד און האָט זיך אויסגעדריקט אין דער טענה, אַז „זיי זײַנען טאַקע ייִדן למדנים, און קיינער האָט נישט צו זיי פּערזענלעך, אָבער קיין רבנים זײַנען זיי נישט"... עס האָט זיך געשאַפן אַ קאָנפליקט צווישן דער קהילה און דער „דינאַסטיע", און די פראַגע איז אַפילו באַהאַנדלט געוואָרן אויף אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען. ביז אין איינעם אַ שיינעם טאָג האָט גאָלד־שטיין פאַרגעשלאָגן, אַז היות דער ישוב האָט זיך, קיין עין הרע, צעוואָקסן

און זײַן מאַטעריעלע לאַגע איז אויך נישט קיין שלעכטע, זאָל מען אַנגאַזשירן אַ רב. דער פֿאָרשלאַג איז גלײַך אײַנשטימיק אָנגענומען געוואָרן. קיינער איז נישט געווען קעגן, אַז דער ישוב זאָל האָבן אַן אויטענטישן גײַסטיקן מנהיג, וואָס זאָל אָנפֿירן מיטן רעליגיעזן לעבן פֿון דער עדה.

אָבער די מחלוקת האָט זיך אַזוי גיך נישט אײַנגעשטילט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער רב וועלכן גאָלדשטיין האָט פֿאָרגעשלאָגן איז זײַנער אַ בן־עיר, און דאָס האָט ווידער אַרויסגערופֿן אַ קעגנערשאַפֿט, און האָט אויפֿגעלעבט די אָפּאָזיציע, וועלכע האָט אונטערגענומען אַ קאַמף קעגן קאַנדידאַט פֿון דער „דינאַסטיע״. דער לכתחילהדיקער קאַמף לשם שמים האָט באַקומען אויף אַזאַ מין אופֿן אַ פּערזענלעכע באַפֿאַרבונג, און דאָס איז געווען צום באַדויערן, ווײַל אין תוך גענומען איז די כוונה פֿון די גאָלדשטיינס געווען אַ גוטע, ווי רעליגיעז געשטימטע ייִדן זײַנען זיי מער ווי אַנדערע געווען פֿאַראינטערעסירט אין טראַדיציאָנעל־ייִדישן כאַראַקטער פֿון ישוב. לאַנגע מאָנאַטן האָט זיך געטומלט אַרום דעם ענין, ביז מיר האָט זיך אײַנגעגעבן צו געפֿינען אַ פּשרה. — איך בין אין יענער צײַט געווען דער פּרעזידענט פֿון דער קהילה — און לשבח פֿון דער פֿאַמיליע גאָלדשטיין דאַרף איך זאָגן, אַז זיי זײַנען אויך גערן אײַנגעגאַנגען אויף דער פּשרה. מען האָט אָנגעבאָטן די כסא הרבנות אַ מענטשן פֿון די שארית הפליטה, הרב אליעזר רויטבלאַט, און דער שטורעם האָט זיך אײַנגעשטילט.

די צוויי ברידער גאָלדשטיין זײַנען שוין אויפֿן עולם האמת, אָבער די „דינאַסטיע״ האָט איבערגעלאָזן ווערדיקע יורשים, וואָס זײַנען ממשיך דעם יחוס און די ייִדישע טראַדיציע פֿון זייערע עלטערן. טייל פֿון דער גרויסער משפּחה האָבן שוין פֿאַרלאָזן די שטאָט, אָבער עס לעבן צווישן אונדז די אַלע יאָרן סומערס צוויי זין, שלמה און הערשל, וואָס האָבן נישט נאָר זכות אבות, נאָר טאַקע אויך זכות עצמו, זיי האָבן אַלגעמיינעם וויסן פֿון הײַנטוועלטיקע מענטשן און אויך טראַדיציאָנעלע ייִדישע קולטור, וועלכע זיי האָבן געלערנט בײַ זייער פֿאָטער און פּעטער, און וועגן ר׳ שלמהן זאָגן מומחים, אַז ער איז גאָר אַ גרויסער למדן. אני הקטן נעמט זיך נישט אונטער צו משפּטן אין אַזעלכע ענינים, איך קאָן נאָר פֿעסט־שטעלן דעם פֿאַקט, אַז די גאָלדשטיינס האַלטן אָן מיט כבוד דעם גײַס־

טיקן יחוס פון דער „דינאַסטיע״, וואָס האָט געלייגט דעם גרונטשטיין פון אַ רעליגיעז־ייִדיש לעבן אין שטאָט. הײַנט־צו־טאָג ווען תורה־געשטאַלטן ווערן אויסגעלאָשן און דאָס לעבן ווערט אַלץ גרויער און חומרדיקער, אויס גײַסט — אַלץ מאַטעריע, איז גוט, אַז עס בלײַבן נאָך ווו נישט ווו יחידים, וואָס דערמאָנען, אַז דאָס פֿײַערל פון דער תורה איז נאָך נישט אין גאַנצן אויסגעלאָשן, אַז עס טליעט נאָך אַ פונק פון וועלכן עס קאָן אויסברעכן אַ פלאַם, וואָס זאָל אַ וועלט באַלײַכטן...

## מײַן ברודערס רעסטאָראַן

גיטלס רעסטאָראַן האָט נישט מאריך ימים געווען. האָט מײַן עלטערער ברודער, ישראל, וועלכער האָט געהאַט גאַנץ פֿײַן פּרנסה פון אַנדערע גע־שעפטן, זיך גענומען צו דעם מסחר. עס איז אים געפעלן דער ענין, ער האָט ליב געהאַט זיך צו קהלן, זײַן צווישן מענטשן, שמועסן, און אַז מען פֿאַרדינט נאָך עפּעס צו דעם, איז דאָך עס אַ טאָפּלטער פֿאַרגעניגן. דאָס איז געווען אין יאָר 1930, און אין אַ קורצער צײַט איז ישראלס רעסטאָראַן געוואָרן, ווי זײַנע קליענטן פלעגן אין שפּאַס זאָגן, — „אַ מקום תורה״, ווו מען האָט געקאָנט אָפּעסן אַ גוטן ייִדישן מיטיק, און דער עיקר — זיך טרעפן מיט ייִדן, רעדן פון פּאָליטיק, פון דער אַלטער היים, פון די גע־שעפטן אין דער נײַער היים, און עוסק זײַן בצרכי ציבור.

די מיטיק־שעהען זײַנען אײַליקע, ווער האָט צײַט? מען עסט אָפּ און מען לויפט אַרײַנכאַפּן אַ „סיעסטאַ״, זיך „צושפּאַרן״ אויף אַ האַלבער שעה, ווי מען איז אײַנגעוווינט אין דעם הייסן לאַנד נאָך אַ פרימאָרגן שוויצן. און דער וואָס האָט נישט קיין צײַט און וויל וואָס גיכער „מאַכן אַמעריקע״, לויפט צוריק צו דער אַרבעט. אָבער אין די אָוונטן איז גאַנץ אַנדערש. מען עסט די געפילטע פיש נישט געאײַלט, און מען ווערטלט זיך איבער מיטן שכן. בײַם קאָמפּאָט רעדט מען זיך אַראָפּ פון האַרצן, אָדער מען הערט אויס אַן אַנדערן, און מען לערנט פון דעם אַ קל־וחומר: אויב בײַ אים האָט אַזוי געטראָפן, דאַרף מען עס גוט אין זינען האָבן...

— צווישן מענטשן רײַבט מען זיך אויס, פלעגט אָפט זאָגן מײַן ברו־דער, און מען ווערט אַ מענטש. אַ גאַליציאַנער וואָס איז דערבײַ געזעסן, האָט אים איבערגעשלאָגן: — ר׳ ישראל, אַ מענטש ווערט מען נאָר צווישן גאַליציאַנער! — זײַנען בײַ אײַך גאַליציאַנער גאָר קיין מענטשן נישט? האָט אים ישראל תמימותדיק געפרעגט. דער עולם האָט זיך הויך צעלאַכט, און דער גאַליציאַנער האָט זיך געכאַפּט, אַז ער איז שוין גאָרנישט גאַלי־ציאַניש אַרײַנגעפאַלן.

אין די אָוונטן האָט דער העל באַלויכטענער רעסטאָראַן געשײַנט מיט זײַן פולן גלאַנץ. און בײַ די פײַן סערווירטע טישלעך איז שטענדיק געווען אַ שיינער עולם. עס האָט געזשומעט ווי אין אַ בינשטאָק, ווי עס דאַרף זײַן אין אַ ייִדישן רעסטאָראַן. ווען מען איז געווען פאַרנומען מיט דער אַכילה איז געוואָרן שטילער אַ ביסל, אָבער נאָכן בענטשן — עס הייסט, נאָך דער צײַט ווען פרומע ייִדן בענטשן — איז ווידער געוואָרן אַ גערעדערײַ און געלעכטער אויף אַלע טענער. מײַן ברודער איז אַרומגעגאַנגען צווישן די טישלעך מיט אַ גליקלעכער מינע אויפן פּנים. מען האָט געקאָנט מיינען,



דער קהילה־בנין אין קאַלי, קאָלאָמביע

אַז ער האָט פֿאַרטראַכט דאָס געשעפֿט צוליב זײַן אייגענעם פֿאַרגעניגן. ווײַל קיין געשעפֿטן האָט ער נישט געמאַכט. ער האָט געענדערט גיטלס מעטאָד, און פֿלעגט געבן פֿולע טעלער און האָט אײַנגעשטעלט ביליקע פּרײַזן. — קליינע פֿאַרדינסטן בײַ אַ גרויסן אומזאַץ, פֿלעגט ער זאָגן, גיבן גוטע באַלאַנסן. מען דאַרף לעבן און לאָזן לעבן! פֿלעגט ער צוגעבן.

די דאָזיקע הומאַניסטישע און עכט ייִדישע פֿילאָסאָפֿיע, קאָן אַוודאי געבן גוטע רעזולטאַטן אין גרויסע אונטערנעמונגען, און ווען זי ווערט אָנגעווענדעט מיט אַ סוחרישן קריטעריום. אַ העלפֿט פֿון זײַן פּלאַן האָט מײַן ברודער דערגרייכט: ער האָט פֿאַרגרעסערט דעם „אומזאַץ", ער האָט דרײַפֿאַך פֿאַרגרעסערט די צאָל קונדן ווי בײַ גיטל פֿישמאַן, האָט ער אויסגעברייטערט דעם לאָקאַל, פֿאַרגרעסערט די קיך, אײַנגעקויפֿט טישן, און אינוועסטירט אַ גרויסן קאַפּיטאַל. די צווייטע העלפֿט פֿון פּלאַן: די „באַלאַנסן", האָבן געליטן אַ דורכפֿאַל. עפּעס האָט נישט „געקלאַפּט". דער רעסטאָראַן איז געוואָרן אַ ייִדישער אַדרעס אין שטאָט, דער גאַנצער ישוב פֿלעגט זיך דאָרט טרעפֿן, בײַטאָג און בײַנאַכט איז געווען פֿול, אַרײַן און אַרויס, ווער עס האָט געדאַרפֿט זען אַ ייִדן און ווער עס האָט זיך פֿאַרבענקט נאָך אַ ייִדישן מאכל, איז געגאַנגען צו גובערעקן, אָבער צו די „באַלאַנסן" האָט עס נישט געהאָלפֿן. מײַן ברודער האָט נישט געמאַכט קיין געשעפֿטן, און דאָך האָב איך אויך נישט געוואָלט ער זאָל דעם רעסטאָראַן אויפֿגעבן. ווײַל ס'איז דאָך נישט נאָר אַ רעסטאָראַן; ס'איז דאָך אויך — אַ ייִדישע אינסטיטוציע, ווען דער רעסטאָראַן זאָל זיך פֿאַרמאַכן וואָלט דער ישוב עפּעס פֿאַרלאָרן...

## געסט פֿון אַלע סאָרטן

צווישן די שטענדיקע קליענטן פֿון רעסטאָראַן איז געווען זייער אַן אינטערעסאַנטער יונגערמאַן, אַברהם קנאַבעל. ער איז געווען אָנגעשמעקט — מיט לינקיזם און האָט געפּרעדיקט, אַז די ישועה וועט קומען פֿון מזרח. די ציוניסטן פֿלעגן אים איבעררײַסן די רייד מיט „מציון תצא תורה" און

אַז „פון אײַער קאַלטן מזרח וועט פאַר די ייִדן נישט קומען קיין רעטונג". אָבער ס'איז אין יענער צײַט געווען דער בלי־פּעריאָד פון דער ייִדישער קולטור אין רוסלאַנד, הונדערטער שולן, אַקאַדעמיעס, פּאַקולטעטן, ייִדישע געריכטן, טעאַטערס, צײַטונגען, זשורנאַלן... און מען פלעגט אים אויס־הערן מיט נײַגער און זייער גערן. ער איז געווען אַ מענטש אַן אָנגעלייענ-טער, געקאָנט די אוניווערסאַלע ליטעראַטור, און האָט אויך געהאַט אַ גרינטלעכן ייִדישן וויסן.

אין היץ פון אַ דיסקוסיע האָט אויף אים איינער פון זײַנע אָפּאָנענטן געזאָגט, אַז ער איז „אַ ישיבה בחור, וואָס איז געכאַפּט אין דער מעשה"... און ס'איז פאַר אים געווען זייער אַ טרעפלעכע כאַראַקטעריסטיק. קנאַבעל האָט געהאַט אַן אייגענע שיטה אין זײַן „דיאַלעקטיק", אַ וואָרט וואָס ער האָט גאַנץ אָפט באַנוצט און וואָס מיינט דערווײַז אַן ענין מיט לאָגישע אַרגומענטן. און דאָס „אייגנס" זײַנס איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט געזוכט אַ סינטעז פון דער ייִדישער תורה און דער סאָציאַליסטישער טעאָריע. ער פלעגט שטענדיק אָנהייבן מיט אַ פּסוק פון דער תורה אָדער מיט אַ מאַמר חז"ל, און ענדיקן מיט ציטאַטן פון לענינען און פון מאַרקסן.

זײַנע שאַרפסטע אָפּאָנענטן זײַנען נאַטירלעך געווען די נאַציאָנאַל־געשטימטע מענטשן. און ס'איז מיר געבליבן אין זכרון ווי איינער פון זיי האָט אים קלוג באַמערקט: „פּאַניע קנאַבעל, איך בעט אײַך, צו וואָס דאַרפט איר האָבן די גויִישע שותּפים? פאַר אונדז איז גענוג משה רבינו מיט די נביאים. אײַערע שותּפים וועלן אײַך פירן צום שמד"!... קיינער האָט דע־מאָלט נישט געפילט — מיט קאַרגע פערציק יאָר צוריק — וויפל אמת עס שטעקט אין די ווערטער. די „שותּפים" פירן אונדז דאָרט מיט געוואַלד צום שמד, אָבער די ייִדן קעמפן פאַרצווייפלט און לאָזן זיך נישט. נישטאָ שוין דאָרט קיין ייִדישע קולטור, און די ייִדישע קולטור־שעפער האָט מען גע־פּײַניקט און צוגעשטעלט „צום ווענטל"...

אין איין שיינעם אָוונט האָט דעם רעסטאָראַן באַזוכט אַן אומדערוואַר־טער גאַסט. עס איז געקומען איינער פון די רײַכסטע ייִדן אין שטאָט, דאָן כאָרכע מיטשאַניק. ער האָט די לעצטע יאָרן זיך געהאַלטן דערווײַטערט פון ייִדישן עמך, און האָט בכלל ווייניק פאַרקערט אין דער ייִדישער גע־זעלשאַפט. דער רום פון רעסטאָראַן איז צו אים דערגאַנגען, און ער האָט זיך

פֿאַרבענקט נישט נאָר נאָך געפּילטע פֿיש, נאָר טאַקע צו ייִדישע מענטשן. ער האָט שטיל זיך אַרײַנגעשטעלט אין סאַלאָן, האָט באַטראַכט דעם עולם אַרום, און גלײַך זיך צוגעזעצט צו אַ טיש מיט ייִדן, וואָס האָבן געפֿירט אַ הייסן וויכוח.

דאָן כאָרכע איז נאָכדעם געוואָרן אַן אָפּטער אַרײַנגייער אין רעסטאָ־ראַן. ער פֿלעגט זיך אויסמישן מיטן עולם, אָנטיילנעמען אין אַ שמועס, האַרציק לאַכן פֿון אַ גוטן וויץ און, ווי עס שײַנט, הנאה האָבן פֿון פֿאַר־ברענגען אַן אָוונט מיט ייִדן. אַ ייִדישע נשמה איז נישט אָפּצושאַצן. אַזוי איז עס געגאַנגען ביז די ברידערלעך שיינבערג האָבן זיך דערוווּסט ווער דער גאַסט איז, האָבן זיי אים אָנגעהויבן אַרײַנזאָגן און צושיקן שטעכ־ווערטלעך אויף זײַן חשבון. זיי האָבן כלומרשט גערעדט צווישן זיך, אָבער געמיינט האָבן זיי מיטשאַניקן. — שלמה, האָט געשריגן איינער צום אַנדערן איבערן גאַנצן סאַלאָן, דו דאַרפֿסט האָבן אַ גאַראַנטיע אויף אַ דירה? זײַנען דאָך דאָ פֿאַראַן אַזוי פֿיל גבירים אין שטאָט, וועלן זיי נישט אָפּזאָגן אַרויס־צוהעלפֿן אַ ייִדן... און דער צווייטער האָט אים צוריקגעשריגן: — די היגע גבירים? ביסט משוגע? זיי וועלן זיך אַרויסנעמען אַן אויג פֿאַר אַ סענט!... מיטשאַניק פֿלעגט זיך מאַכן נישט הערנדיק, אָדער פֿלעגט מיטלאַכן מיטן עולם, ווי נישט אים מיינט מען, אָבער ער פֿלעגט שוין אַרײַנקומען זעל־טענער...

ווען ער פֿלעגט זיך דאָך אַמאָל באַווײַזן אין רעסטאָראַן, און מײַן ברודער פֿלעגט אים אויפֿרופֿן, ווי צו דער תּורה, מיטן טראַדיציאָנעלן ייִדישן ניגון: יעמוד!... האָט ער געשמייכלט באַשיידן, ווי עס פּאַסט פֿאַר אַ גביר. אָבער מען האָט געזען, אַז דער שפּאַס איז אים געפֿעלן. עס איז געווען אין יענער צײַט ווען קאָלאָמביע האָט אָפּגעשטעלט דעם פֿרײַעם אימפּאָרט פֿון סחורות. פֿאַר דעם פֿאַרבאָט פֿלעגט מיטשאַניק אימפּאָרטירן טעקסטיל־שטאָפֿן פֿון ענגלאַנד, און פֿאַרדינען שווערע געלטער. האָט ער זיך גענומען צו נײַע געשעפֿטן. ער איז אַוועק אין קאוקאַ־טאָל אין די טײַכן פֿון וועלכן עס פֿליסט נישט קיין מילך, אָבער עס טריפֿט האָניק. און ער האָט אויפֿגעבויט אַ גרויסע צוקער־פֿאַבריק, וואָס האָט געגעבן פֿיל מער ווי דער אימפּאָרט פֿון שטאָפֿן.

דאָן כאָרכעס פֿאַרמעגן איז געוואָקסן ווי אויף הייוון, אָבער אַזוי ווי

ער האָט נאָך נישט דערגרייכט צום געגאַרטן שפּיץ, וואָס האָט זיך געהויבן אַלץ העכער און העכער, האָט ער אָנגעהאַלטן דאָס שווערע קלעטערן אַלץ ווײַטער און ווײַטער, ביז אין אַ געוויסן טאָג האָט דאָס האַרץ נישט אויס־געהאַלטן, און געמאַכט אַ סוף צו זײַן שטײַגן אויפן אומענדלעכן לייטער פון רײַכטום. דער דאָזיקער אומדערמידלעכער מענטש מיט נערוון פון שטאָל, מיט אַ האַרץ פון אײַזן, האָט אין איין רגע צוזאַמענגעבראָכן און איז נפטר געוואָרן פאַר דער צײַט. שלום לעפרו.

## אַ מענטש — אַ רעטעניש

הײַנט צו טאָג אַנטוויקלען זיך די וויסנשאַפטן אויף אַן איבערראַשנדיקן אופן. יעדן טאָג ווערן אַנטדעקט „נײַע וועלטן", מען רעדט שוין גאַנץ קאָנ־קרעט וועגן דער מעגלעכקייט צו באַפעלקערן שטערן. דער דורכשניט־לעכער מענטש ווייס ווייניק פון די אַלע זאַכן, אָבער מיר זעען אין גאַס דעם פּראָגרעס אין דער אַרכיטעקטור, ווי עס ווערן אין געציילטע מאָנאַטן אויפגעשטעלט בבל־טורעמס פון דרײַסיק און פערציק שטאָק, וואָס רײַסן זיך אין הימל. מיט די צוויי פּשוטסטע עלעמענטן: אײַזן און צעמענט, האָט דער מענטש באַהערשט דעם רוים, און האָט באַפעלקערט די פּוסטקייט מיט בינשטאָקן פון מענטשן. און מען מאַכט שוין עס נאָך גיכער און נאָך לײַכ־טער: מיט אַלומיניום און גלאָז, און מען זאָגט, אַז אַזעלכע בנינים זײַנען נאָך שטאַרקער ווי פון אַלע אַנדערע מאַטעריאַלן.

עס איז נאָר געבליבן היגטערשטעליק אַן אַנדער אַרכיטעקטור, וועלכע די נאַטור האָט געשאַפן. מיר מיינען דאָס מענטשלעכע וועזן, און האָבן טענות צום גרויסן אַרכיטעקט פון אַלע וועלטן: — גוואַלד רבונו של עולם! האָסט געשאַפן אַזאַ מין גרויסע און שיינע וועלט, און אַזאַ מין קלוגן מענטשן, פאַרוואָס איז דער מענטש בײַ זײַן גאַנצער חכמה אַזאַ נאַר, און מיר האָבן מיליאָנערן, וואָס ציטערן איבער אַ גראָשן און ייִדן, וועלכע זײַנען גלײַכ־גילטיק צום ייִדישן גורל?

יעדער מענטש איז אַ פּלאָנטער פון קעגנזאַצן, און טאַקע אויך פון

חכמות און נאַרישקייטן, און אַט אַזאַ מין מענטשן־פּלאָנטער איז מיר אויס־
געקומען צו אָבסערווירן אין רעסטאָראַן פון מײַן ברודער, ישראל גובערעק,
ווו איך בין געווען אַ שטענדיקער אַרײַנגייער, צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע
מנינים ייִדן. נישט אַלע פלעגן, פאַרשטייט זיך, עסן מיט אַמאָל; אייניקע
פריִער אַנדערע שפּעטער. ווען איינער פלעגט אַמאָל פרעגן מײַן ברודער
אויף עמעצן, פלעגט ער טאַקע ליב האָבן צו ענטפערן מיט אַ שול־נוסח:
— איר פרעגט אויף חיימען? חיים האָט שוין „אָפּגעדאַוונט" מיטן ערשטן
מנין...

צווישן די שטענדיקע באַזוכער איז אויך געווען מאַרקאָס פוקס. זײַן
פערזענלעכקייט האָט זיך אויסגעטיילט מיט זײַן אייגנאַרטיקן שטייגער.
ווי אַ שטאָט־באַלעבאָס אין שול, אַזוי האָט ער אויך געהאַט זײַן „שטאָט"
אין רעסטאָראַן, וועלכע קיינער פלעגט נישט פאַרנעמען. אַ מענטש פון
נידעריקן וווקס און געפּאַקטער פיגור, מיט שטאַרק קורצזיכטיקע אויגן,
פלעגט ער דורך די גראָבע ברילן־גלעזער קוקן ווי פון אויבן אַראָפּ אויף
די אַרומיקע מענטשן. אפשר האָט ער געטראַכט אַז מען רעדט צו פיל,
ווײַל „רעדן איז זילבער און שווײַגן — גאָלד". ער איז געווען אַ שווײַגער,
און פלעגט עפּענען דאָס מויל נאָר אין זעלטענע פאַלן. אָבער אַז ער האָט
עפּעס געזאָגט, האָט מען עס אונטערגעכאַפּט און איבערגערעדט. עס האָט
געהאַט וואָג און געדאַנק זײַן יעדער באַמערקונג. ווײַטער האָבן די אויגן
פאַרטראָטן די צונג. ער האָט ליב געהאַט צו הערן, און פלעגט מיט זײַן
קורצזיכטיקן בליק ממש זיך אײַנעסן אין מענטשן.

פוקס איז געווען אַ וועטעראַן אויפן לאַטיין־אַמעריקאַנער קאָנטינענט.
ער איז געווען אין טשילע און באָליוויע, און איז געקומען קיין באָגאָטאַ
אין אָנהייב פון די דרײַסיקער יאָרן. מיר האָבן אים שטענדיק געזען אַליין
און מיט אַ מינע פון אַ זאָרגלאָזן מענטשן. אין טשילע האָט ער געהאַט אַ
פרוי מיט קינדער און, ווי עס שײַנט, איז ער אויך געווען זאָרגלאָז אין
באַציִונג צו זײַן משפחה. גיין פלעגט ער מיט אַ שטעקן אָדער מיט אַ
רעגנשירעם, גלײַך ווי ער וואָלט זיך געבויטיקט אין אַן אָנלען פאַר זײַן
שווערן גוף. עס האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן זײַן פולער בויך, וועלכן
ער פלעגט שיקן פאָראויס ווי זיך צו עפענען אַ וועג אין דער לופטן.
לייענען פלעגט ער אָן ברילן, און די צײַטונג צוטראָגן נאָענט צו די אויגן,

און כאָטש ער איז געווען קורצזיכטיק אויף די אויגן איז ער געווען זייער ווײַטזיכטיק אין געשעפטן. ער איז געווען אַ געניטער סוחר און דערפינ־דעריש אויף קאָמערציעלע פּראָיעקטן, אָבער נישט אַזוי רײַך אין קאַפּי־טאַלן. פלעגט ער אָפט זיך צוזוכן שותפים און מענטשן פלעגן זיך „רײַבן" אַרום אים אין דער אויסזיכט אויף אַ לײַכט פאַרדינסטל.

אין באַציִונג צו געלט איז דאָן מאַרקאָס געווען אַ זעלטענער עקזעמ־פּלאַר אין דער סביבה. — איך דין נישט דעם עגל הזהב, פלעגט ער זאָגן. בײַ אים פלעגט מען לײַכט קאָנען קריגן אַ גמילות חסד און אַ נדבה אַוודאי. און ווי לײַכט ער האָט פאַרדינט אַ קערבל, אַזוי לײַכט פלעגט ער אים פּטרן. האָט ליב געהאַט אַ קערטל און פאַר אַ פּאָקערל פלעגט ער ממש אויסגיין, און חברה פלעגן אויסנוצן זיין קורצזיכטיקייט, און אַז מען האָט נישט געקאָנט בײַ אים געווינען אויפן גלײַכן וועג, האָט מען זיך גענומען צו הילף זײַנע קורצזיכטיקע אויגן...

אַ פּאָקערל פלעגט דאָן מאַרקאָס שפּילן מיט לײַב און לעבן, מיט התלהבות, מען האָט געשפּילט, אַז דער מענטש האָט פון דעם פאַרגעניגן. מען האָט טאַקע נישט געשפּילט אין קיין קנעפּלעך און אין קאָן זײַנען געשטאַנען פּעזעס, און אָפט מאָל — די לעצטע פּעזעס, אָבער ער האָט זיך פון דעם נישט גענומען צום האַרצן. מיט אַ גראָבן ציגאַר אין מויל, האָט ער אויסגעזען ווי אַ פּריסטער בײַ זײַן עבודת הקודש אין הייליקן טעמפּל. נישט איין מאָל האָט ער נאָך אַזאַ נאַכט געמוזט אַרײַנגיין צו זײַן בוזעם־פרײַנד, בערנאַרדאָ ראַבינאָוויטש, אַ גרויסער פאַבריקאַנט פון מע־דעלין, און בײַ אים בעטן אַ הלוואה. בערנאַרדאָ, וועלכער האָט קיין מאָל נישט גענומען קיין קאָרט אין האַנט פלעגט אים אויסציילן די פּאַפּירלעך, און ווי אונטער די וואָנצעס באַמערקן: — וואָס? מען האָט דיר אויסגע־ליידיקט די נאַכט?... — אַ באַנדע זשוליקעס, פרעג נישט, פלעגט אים דאָן מאַרקאָס פילאָסאָפיש ענטפערן.

זײַנע קינדער זײַנען געוואקסן אָן אים אין שכנישן לאַנד, אָבער ווען זיי זײַנען געוואָרן פּוליאַריק זײַנען זיי געקומען צום טאַטן און פאַרלאַנגט ער זאָל קומען „אַ היים". מאַרקאָס פוקס האָט זיך אָבער נישט גערירט פון אָרט, ווי אַ בוים וואָס איז פאַרוואָרצלט אין באָדן און קאָן זיך מיט אים נישט שיידן. אָדער אפשר ווי אַ מענטש, וואָס קאָן מער זײַן אַלטע „היים"

נישט פאַרטראָגן?... שווער אַרײַנצודרינגען אין דער נשמה פון מענטשן און באַשיידן די דראַמע פון זײַן לעבן. ס׳איז איינס פון דיביידע, אָדער ביידע צוזאַמען. אַלנפאַלס, איז דאָן מאַרקאָס אין באָגאָטאַ נישט געווען איינזאַם און אַליין. ער האָט געהאַט זײַן היימיש ווינקעלע אין מײַן ברודערס רעסטאָראַן, און עטלעכע גוטע פרײַנד, וועלכע האָבן אים קיינמאָל נישט פאַרלאָזן, צווישן זיי יאָסעלע פרענק, בינם אַשכנזי, דער אויבנדערמאָנטער בערנאַרדאָ ראַבינאָוויטש, און אייניקע אַנדערע. ער האָט אויך געהאַט זײַן „חברה״ צו אַ פּאָקער פּאַרטיע, וועלכע ער האָט אַזוי געליבט, אָדער צו וועלכער ער איז אַנטלאָפן, אויף נישט צו טראַכטן וועגן טרויעריקע זאַכן...

דאָן מאַרקאָס איז דאָך אויף דער עלטער אַוועקגעפאָרן „אַהיים״, צו זײַנע קינדער און אייניקלעך. געווען איז ער אַ צײַט אין סאַנטיאַגאָ, בײַ זײַן יינגערן זון, טיטאָ, און ווען ער איז אַרײַן אין אַכטן יאָרצענדליק איז ער אַוועקגעפאָרן צו זײַן עלטערן זון, חיים, אין אוריקאַ, אַ פּאָרט־שטאָט אין צפון טשילע.

ביידע זין האָבן זיך אויסגעהאָדעוועט אָן אַ טאַטן, און דאָך האָבן זיי די גרויסע יידישע מצווה פון כיבוד אָב נישט פאַרגעסן. חיים און טיטאָ פוקס האָבן אַ גוטן נאָמען אין ישוב, מענטשן מיט ברייטע יידישע הערצער און מיט אַן אַקטיוון אָנטייל אין יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן.

און איך גלייב, אַז אין זײַן לעצטן מקום־מקלט וועט ער דערמאָנען צום גוטן גובערעקס רעסטאָראַן, און די עטלעכע מנינים יידן מיט וועלכע ער פלעגט „דאַוונען״, ווי מײַן ברודער פלעגט זאָגן, מיטיקס און וועטשע־רעס. איך ווינטש אים ער זאָל אויך נישט דערמאָנען צום שלעכטן — צו וואָס זיך פאַרביטערן די יאָרן אויף דער עלטער? — די חברה קאָרטן־שפּילער, וועלכע האָבן אַזוי אומפאַרשעמט אויסגענוצט זײַן קורצזיכטיקייט. אונדזערע געפילטע פיש וועט ער אַוודאי דערמאָנען צום גוטן, ווײַל ווער נאָך קאָן מאַכן אַזעלכע פיש ווי מיר יידן? וועלכע האָבן דאָך דעם טעם פון מן אין חומש, אָדער טאָקע דעם גאַנצן טעם גן־עדן.

## אַן אויסטערלישע פריינדשאַפט

— אַ שול, פלעגט זאָגן מיין ברודער, איז אַ מקום קדוש און מיין רעסטאָראַן איז אַ מקום ייִדיש.

— איר האָט געמעגט זאָגן „להבדיל", פלעגט אים ווער באַמערקן.

— פאַרוואָס להבדיל? פלעגט אויף אים אויסשטעלן מיין ברודער אַ פּאָר פרעגנדיקע אויגן. איר קומט אַהער נישט נאָר עסן, איר קומט אַהער זיך זען מיט ייִדן, איר קוקט אַריין אין אַ ייִדישער צייטונג, איר רעדט וועגן ייִדישע זאַכן, איר זייט מקיים די מצווה ייִדישקייט! פלעגט ער אויס־שרייען. אַז אין שול גייט איר נישט, דאַוונען דאַוונט איר נישט, און אין קיין ייִדישן רעסטאָראַן אויך נישט? אַוּן זיך טרעפן מיט ייִדן אויך נישט? איז וואָס וועט ווערן פון אייער ייִדישקייט?

— מיר וועלן אייך מאַכן פאַר אַ רבי, ר׳ ישראל, פלעגט שוין ווערן דער קליענט אַ ביסל ווייכער, און דער עולם פלעגט קייכן פאַר געלעכטער.

צווישן די וואָס האָבן טריי מקיים געווען מצוות ייִדישקייט אין מיין ברודערס רעסטאָראַן איז געווען מנשה הייבלום. אַ בעקער פון דער אַלטער היים, איז ער דאָ געוואָרן אַ באַלעבאָס פון אַן אייגענער בעקעריי. זיין באַסאָווע שטים, פעסטע פיגור מיטן גרויסן קאָפּ און שוואַרצע וואָנצעס. האָבן באַהאַלטן אין זיך די נשמה פון אַ קינד. זיין גוטסקייט און צוגע־לאָזנקייט האָט אַרויסגעשפּראָצט פון זיין גאַנצן וועזן. דער דאָזיקער „אָפּערן באַס", ווי אייניקע פלעגן אין שפּאַס אים רופן, פלעגט דער עיקר אַריינקו־מען צו פאַרברענגען אַן אָוונט מיט מענטשן. נאָכן אַריינכאַפּן די אומפּאַר־מיידלעכע פּאָרציע פיש מיט כריין און מיט אַ כוסהלע יי״ש — ביי מנשהן פלעגט נישט גיין אָן דעם — פלעגט ער זיך אַריינלאָזן אין אומענדלעכע שמועסן מיט חברה, וואָס פלעגן זיך אָפּט פאַרענדיקן, אין די אָוונטן, מיט אַ — פּאָקערל.

צו מנשהן איז מען נישט געווען גלייכגילטיק. ווי נאָר ער פלעגט זיך באַווייזן אין רעסטאָראַן האָבן אַלע בליקן זיך געווענדעט צו אים, ווי מען זאָל אויף אים וואַרטן, און ער פלעגט יעדן איינעם צושאָקלען מיטן קאָפּ מיט אַ קינדישן שמייכל אויף די ליפּן. עס האָט נישט געפעלט אַז ווער

פון די געסט זאָל אים צוואַרפן אַ „גוטן אָוונט, סעניאָר מנשה"! און ער, וואָס האָט זיך געכאַפּט אַז די באַגריסונג שוועבט צווישן ערנסט און איראָ־ניע, פלעגט אים אָנקוקן מיט אַ כלומרשטן געבייזער, און אַ זאָג טאָן צווישן די ציין: „העי, דו לײדיקגייער, היט דײַנע מיזעראַבלע ביינער, ווײַל איך בין פאַר זיי נישט פאַראַנטוואָרטלעך!"... אָבער דאָס איז געווען נישט מער ווי אַן אומשולדיקער שפּאַס, וואָס פלעגט זיך פאַרענדיקן מיט אַן אַלגע־מיינעם געלעכטער.

מנשה האָט געהאַט אַ דערהויבענעם, איך וואָלט געזאָגט אַפילו — אַ „לוקסוס־פרײַנד", און אָט די דאָזיקע אויסטערלישע פרײַנדשאַפט איז פאַר אונדז אַלעמען געווען אַ רעטעניש. מנשה האָט אָנגעהאַלטן אַ האַרציקע פרײַנדשאַפט מיט איינער פון די אָנגעזעענסטע פערזענלעכקייטן אין דער קאָלאָמביאַנער ליטעראַטור און אין דעם פּאָליטישן לעבן. עס איז געווען איינע פון יענע „שטילע" עפּאָכעס, ווען דער גרויסער שרײַבער און פּאָ־ליטישער פירער פון קאָלאָמביע, דאָן פעליפּע ליעראַס קאַמאַרגאָ, האָט זיך צוריקגעצויגן פון עפנטלעכן לעבן, און האָט זיך אַרײַנגעטאָן בראשו ורובו, מיט לײַב און לעבן, צו געניסן פון זײַן „פרײַהייט" בײַ אַ שוואַרצער קאַ־ווע מיט אַ „ריינעם" ציגאַר אין מויל. און מנשה, דער געוועזענער וואַר־שעווער בעקער, איז אומפאַרמײַדלעך געזעסן קעגנאיבער מיט אַ גראָבן ציגאַר אונטער די שוואַרצע וואָנצעס און אויסגעהערט זײַן מיטשמועסער.

ווי אַ באַשערטע פּאָרל פלעגן זיי שעהען לאַנג אָפּזיצן אין אַ קאַ־פעטעריע, און אויך אין מנשהס שטוב, פאַרטיפט אין געשפּרעכן ביז די שפּעטע שעהען פון דער נאַכט, בײַ קאָוועלעך מיט קאָניאַק אָדער בײַ אַ וויסקי. וואָס האָט פאַרבונדן דעם פשוטן פאָלקס־ייִדן מיט איינעם פון די גרויסע גײַסטער פון קאָלאָמביע? וואָס פאַר אַן אינטערעס האָט דער אינ־טעלעקטואַל, טאַלאַנטירטער שרײַבער און קלוגער פּאָליטיקער געפונען אין מנשהן? דאָס זײַנען פראַגן וואָס האָבן אונדז געמאַטערט, אָבער אויף וועלכע מיר האָבן נישט געהאַט קיין ענטפער. אמת, מנשה איז געווען אַ מענטש מיט גראָדן שכל, אָבער מיר האָבן אַ סך אַזעלכע חכמים, וואָס מיר האָבן אפשר נישט קיין סך — איז אַזעלכע ליבע און האַרציקע מענטשן, וועלכע זײַנען גרייט צו טיילן מיטן צווייטן דעם לעצטן ביסן, וועלכע זײַנען גרייט פאַר אַ חבר דאָס לעבן אָפּגעבן. ווער ווייסט? אפשר האָט דער מענטש פון



הסתדרות־טוערס אין באָגאָטאַ. — פון רעכטס, זיצן: ד״ר פלעמינגער; דער ישראל־שליח, פייגנבוים, ד״ר וואַסער־מאַן, מ. לערנער; עס שטייען: אַנשעל, לייבאָוויטש, גובערעק, יעקב בוכשטיין ע״ה, א. אַדלער

גייסט דערפילט די שיינקייט פון אַ מענטשלעך האַרץ, און ער האָט פאַר־קוקט די שפּיצלעך פון וויסן און פון שכל. ווי אין פּרצעס מעשׂהלע ווו גאָט עפנט דעם שער־הרחמים נישט ביי די תּפילות פון די תּלמידי חכמים, נאָר ביים פייף פון עם־האָרץ, וואָס האָט אין דעם פייף אַריינגעטאָן זיין גאַנצע נשמה...

## געוווּנען אַן איידעם

עס איז פאַראַן אין מנשהן עפּעס אַזוינס, וואָס איז נושא חן אין די אויגן פון אַ בעסערן מענטשן, און ער אַליין זוכט אויך די געזעלשאַפט פון די „אייבערשטע פון שטויסל". עס איז אַראָפּגעקומען צו אונדז אין שטאָט שלום פלינקער, אַ דאַרער יונגערמאַן מיט אַן אויסגעבלייכטן פּנים און איידעלע שטריכן ווי פון אַ כּלי קודש. געקומען איז ער פון דער שכנישער שטאָט מאַיסאַלעס, און איז פאַרפאַרן מיט האַק און פּאַק אין „יידישן רעסטאָראַן", ווו מען האָט אים אויפגענומען ווי אַן אייגענעם מענטשן. דאָס איז געווען אין אָנהייב 1930. אַ בחורל פון וואַרשע, אַ לאַנדסמאַן פון די ברידער שערמאַן, פון די ברידער זעגען, די געשווירענע קליענטן פון מיין ברודער, אין ווהין דען האָט ער געקאָנט קומען? אויך מנשה, אַ געבוירענער בעקער בן בעקער פון דער פּוילישער הויפּטשטאָט, האָט נישט אַראָפּגענומען קיין אויג פון דעם יונגן גאַסט. זיין שווערע האַמעטנע פיגור מיט דער נשמה פון אַ קינד, איז געבליבן ווי פאַרכישופט פון דעם באַשיידענעם און שטילן „קלויזניק", ווי מנשה האָט אים גלייך באַצייכנט.

און זיי זיינען גיך געוואָרן באַפריינדעט. מנשה האָט אים פאַרבעטן צו זיך אין בעקעריי, ווו ער האָט אויך געהאַט זיין וווינונג און אים באַקענט מיט זיין משפחה, און מען האָט זיי אָפט געזען שפּאַצירן צוזאַמען פאַרטיפט אין אַ שמועס.ביידע הויכע און גלייכע, אָבער בעת איינער האָט אויסגעזען ווי אַ דעמב אַריינגעוואַקסן אין באָדן איז דער צווייטער געווען ווי אַ זאַנג, וואָס האָט זיך געריסן צו די הויכן.

אין איין אָוונט זיינען מנשה און שלום אַריינגעקומען אין רעסטאָראַן,

און נאָך דער אומפאַרמײַדלעכער פאָרציע געפילטע פיש מיט כריין, האָבן ביידע זיך צעוועקגעזעצט שפּילן אַ פּאָקערל. דאָס איז נישט געווען קיין נײַעס אין רעסטאָראַן אין די אָוונטן, אָבער דאָס מאָל האָט דאָס פּאָרל געשפּילט אַז געלט און אַ לץ האָט אַרײַנגעשושקעט אין אויער אַ צווייטן, אַז „אין קאָן" שטייט מנשהס עלטערע טאָכטער. געווונען האָט שלום און אין אַ קורצער צײַט אַרום איז באַוווסט געוואָרן אין שטאָט, אַז דער בחור נעמט מנשהס שיין מיידל...

בײַ ייִדן שפּילט מען נישט אויס קיין כלה אין קאָרטן. דער אמת איז וואַרשײַנלעך געווען אַ גאַנץ אַנדערער. מנשהן איז געפעלן געוואָרן דער איידעלער יונגערמאַן, וואָס האָט געשטאַמט פון אַ פײַנער משפּחה און גע־האַט אויך בילדונג, האָט ער אים אַרײַנגעפירט אין זײַן שטוב, און דאָס איבעריקע האָט שוין פאַרענדיקט דער צויבער פון דער יוגנט. מען האָט געפּראַוועט אַ חתונה ווי גאָט האָט געבאָטן, מיט דער ברייטער האַנט, און עס איז בײַגעווען די שמחה דאָס גאַנצע ייִדישע שטעטל.

און מנשה האָט קיין טעות נישט געמאַכט. זײַן איידעם האָט באַרעכטיקט זײַנע שענסטע האָפענונגען. שלומס שטוב איז געוואָרן אַ ייִדישער אַדרעס אין שטאָט, און ווען עס איז געקומען אַ שרײַבער, אַ קולטור־שליח אָדער ייִדישע אַרטיסטן, איז שלום פלינקער געווען דער מכניס אורחים, דער טוער און מיטהעלפער. אין זײַן שטוב איז אַרײַנגעקומען אַ נײַ ייִדיש בוך, מען האָט דאָרט געקאָנט קריגן אַ ייִדישע צײַטונג און אַ זשורנאַל. בײַ אים אין שטוב פלעגן זיך פאַרזאַמלען אונדזערע קולטור־טוער, און עס איז אויך געווען אַן אָפטער גאַסט דער באַוווסטער ייִדישער שרײַבער שלמה ברייני־סקי. עס האָט אויך אויף די מסיבות נישט געפעלט מנשה, ער פלעגט זיצן מיטן ציגאַר אין מויל און שווײַגן, און קלײַבן נחת פון זײַן איידעם און פון זײַן גרעאָטענער טאָכטער, וואָס האָט געשאַפן אַזאַ שיינע באַלעבאַטישע ייִדישע היים, וועלכע האָט באַשײַנט אויך זײַנע עלטערע יאָרן.

עס איז כדאי צו דערמאָנען פלינקערס אַ בלעטל געשיכטע אין קאָ־לאָמביע, וואָס לאָזט אונדז עפּעס הערן. געקומען איז ער פון וואַרשע קיין מאַנִיסאַלעס, אַ שטעטל פון זעכציק טויזנט אײַנוווינערס. אַן אַ פּאַך און אָן אַ גראָשן אין קעשענע האָט ער זיך גענומען ווי אַלע אַנדערע זײַנגלײַכן, צום גאַסן־האַנדל. אָבער זײַן דעבוט ווי אַן אַמבולאַנטן־סוחר האָט לכתחילה זיך

אַנגעשטויסן אויף גרויסע שוועריקייטן. עס האָט שוין געאַרבעט אין דער שטאָט אַ קליינע גרופּע ייִדישע פּעדלערס, און זיי האָבן נישט געוואָלט צולאָזן קיין נײַע קאָנקורענטן, מען האָט געמאַכט יד־אחת און אַפילו זיך גענומען צו הילף די אָרטיקע אויטאָריטעטן. עס איז טאַקע אין סתירה צו דער אייביקער ייִדישער טראַדיציע פון סאָלידאַריטעט, אָבער ס'איז אַ פאַקט, אַז אין מאיסאַלעס האָבן די עלטערע ייִדישע תושבים געקוקט קרום אויף אַ נײַעם אַמבולאַנט און אים דערגאַנגען די יאָרן. אייניקע פון זיי האָבן דאָרט געוווינט פון יאָר 1927 און האָבן זיך באַטראַכט ווי באַלעבאַטים פון שטאָט, אין אַ לאַנד וואָס גאַראַנטירט די פרײַהייט פון האַנדל.

עס זײַנען געווען אַזעלכע וואָס האָבן סימפּאַטיזירט מיטן „גריגעם“, און באַזונדערס טאַקע זײַנע וואַרשעווער לאַנדסלײַט, אָבער מען האָט מורא געהאַט פאַר די פאַר „שטאַרקע“, וואָס האָבן געפירט די גראַנדע. מען האָט אים געראָטן ער זאָל זיך אויסקלײַבן אַ שכניש שטעטל, אָבער פלינקערן איז ענדלעך מיאוס געוואָרן דער אומענדלעכער קאַמף און ער האָט באַשטימט אָפּטרעטן און אַוועק אין דער הויפּטשטאָט, ווו עס האָט געלעבט אַ גרעסערער ייִדישער ישוב, און ווו עס איז געווען אַ ייִדישער דעת־הקהל, און עס קאָנען נישט פאָרקומען אַזעלכע מעשים תעתועים ווי אין מאיסאַלעס. און ער האָט געטראָפן. דאָ האָט ער געפונען זײַן גליק, אָבער נישט אויף לאַנג, עס איז פאַרבאָרגן פאַרן מענטשן דאָס שפּיל פון זײַן אייגענעם גורל...

שלום פלינקער איז יונג געוואָרן אַן אלמן. קורץ נאָך דעם איז אויך מנשה אַוועק אויפן עולם האמת. ברייננסקי איז שוין אויך נישט צווישן די לעבעדיקע, און נאָך אייניקע פון דער גרופּע זײַנען אַוועק אין דער אייביקייט. אָבער דאָס לעבן שטעלט זיך נישט אָפּ! די עטלעכע „מנינים“ פון מײַן ברודערס „מקום ייִדיש“ האָבן זיך איבערגרופּירט. עס איז אונטערגעקומען אַ יוגנט, וואָס גיט דעם ייִדישן לעבן אַן אַנדער ווענדונג. שלום פלינקערן איז אָבער ענג געוואָרן אין באָגאָטאַ, און ער איז אַוועק צו זײַן טאָכטער און איידעם אין בוענאָס אײַרעס, ווו ער וועט זיכער געפינען די געזעלשאַפטלעכע אַטמאָספער, וועלכע ער האָט זיך אַזוי באַמיט בײַ אונדז צו שאַפן. אַרגענטינע שפּרודלט מיט אַ פולבלוטיק ייִדיש לעבן, מיט צענדליקער ייִדישע אינסטיטוציעס פון אַלע מינים, מיט צײַטונגען און

זשורנאַלן אין מאַמע לשון, מיט פּאָרלעזונגען און רעפעראַטן, מיט אַ ייִדי־שער אינטעליגענץ און קולטור־מענטשן, צווישן וועלכע ער וועט זיכער געפינען זײַן פּלאַץ אויף אויסצולעבן זײַן רעשט ביסל יאָרן.

## דער גאַליציאַנער למד־וואָוניק

פּוילישע, ליטוואַקעס, רומענער, בעסאַראַבער, רוסישע, גאַליציאַנער, זײַנען געווען די געוויינלעכע געסט אין מײַן ברודערס רעסטאָראַן. קינדער פון איין פאָלק, און דאָך איז אויף יעדן איינעם געלעגן דער שטעמפּל פון זײַן אַלטער היים. ווען עס פלעגט אַרײַנקומען אַ נײַער גאַסט פלעג איך פּרוּוון טרעפן פון וואַנען ער שטאַמט, און זעלטן ווען איך האָב אַ טעות געהאַט. פון אַ דײַטש איז דאָך שוין אָפּגערעדט, דער יעקי איז אים געלעגן אויפן פּנים. אַ פאָלק וואָס האָט דורך טויזנטער יאָרן אויפגעהאַלטן אַזוי עקשנותדיק זײַן נאַציאָנאַלע אייגנאַרט, און וואָס האָט דאָך אַזוי לײַכט אויפגענומען אויף זיך די אויסערלעכע הויט און די מאַנירן פון די פעלקער צווישן וועלכע עס האָט געלעבט...

די גאַליציאַנער זײַנען גאָר אַ באַזונדער „ראַסע" צווישן אַחינו בני ישראל. בנימין אַשכנזי, אַ קליינוווקסיקער גאַליציאַנער, וואָס איז געוואָרן אַ שטענדיקער קונד אין רעסטאָראַן, פלעגט מיט שטאָלץ זאָגן: „אַ גאַלי־ציאַנער איז — אַ פאַך!" און ער פלעגט דערבײַ ווערן העכער און גרעסער. מען האָט געזאָגט אויף אים, אַז ער האָט נײַן מאָס רייד, ווי אַ ייִדענע, און מען האָט אים היימיש גערופן בינעם. ער איז געווען אַן אינטערעסאַנ־טער מיטשמועסער, האָט זיך פאַרשטאַנען אויף די שוואַרצע פינטעלעך און איז געווען מיט אַלעמען אַ גוט ברודערל. ער האָט געהאַט אַ טבע צו פירן זײַן מיטשמועסער געאַרעמט. ווען ער איז געגאַנגען מיט מאַרקאָס פוקס זײַנען זיי געווען אַ גלײַכע פּאָר, איז ער אָבער אַרויסגעגאַנגען מיט מנשהן, האָט ער אויסגעזען פון דערווײַטנס ווי אַ קינד, וואָס באַגלייט אַן עלטערן מענטשן.

גאַליציע האָט געהערט צו עסטרײַך ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה.

דאָרט האָט געלעבט אַ געדיכטע יידישע באַפעלקערונג, וואָס האָט גענאָסן פון אַלע בירגערלעכע רעכט, געהאַט אַ צוטריט צו העכערער בילדונג און צו מלוכהשע אַמטן, אָן דיסקרימינאַציעס און באַגרענעצונגען. גאַנץ אַנדערש ווי אונטער דער צאַרישער הערשאַפט וווּ יידן זיינען געווען דעגראַדירט צו בירגער פון דער נידעריקסטער קאַטעגאָריע, וווּ פאַר יידן איז געווען אַלץ פאַרבאָטן, „קראָמע יעוורעיעוו". אין גאַליציע האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן צוויי קולטורן, די תלמודישע פון פוילישן יידנטום און די וועלטלעכע פון צענטראַל אייראָפּע, און די גאַליציאַנער יידן האָבן פון ביידע גענאָסן. יידן זיינען געווען שטאַרק פאַרטראָטן אין די פרייע פּראָפעסיעס, אין דער ליטעראַטור און וויסנשאַפט, און אויך אין דער אינדוסטריע און מסחר, אויף וועלכע זיי האָבן געהאַט אַ חזקה פון דורות.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז צעשטיקלט געוואָרן די עסטרייכישע אימפּעריע, און גאַליציע איז צוגעטיילט געוואָרן צו פּוילן. דער גאַליציאַנער ייד האָט זיך אָבער אויסגעצייכנט מיט זיינע פעיקייטן און קולטור, און די אַלע אַנדערע האָבן זיך פאַרטיידיקט קעגן דעם יחסן מיט אַ ביי־סיקער איראָניע מיט דער כוונה אים צו דעגראַדירן. אַזוי זאָגט אַ פּוילישער צו אַ ליטוואַק: — אַז איר גיט שלום אַ גאַליציאַנער, ציילט איבער די פינגער, צי ער האָט ביי אייך נישט אָראָפּגעלקחנט איינעם... די דאָזיקע ריוואַליטעט איז קיינמאָל נישט אַריבער די גרענעץ פון אומשולדיקע וויצן, און די גאַליציאַנער זיינען זייער אַ חשובער „שבט" צווישן אַחינו בני ישראל.

בינעם איז דעריבער געווען געוווינט מען זאָל אים „אַריינזאָגן", אָבער קיין בעל חוב איז ער נישט געבליבן. ער פלעגט אויף אַ ביס ענטפערן מיט אַ שטאָך, און עס פלעגט זיך ענדיקן מיט אַן אַלגעמיינעם געלעכטער. עס זיינען געווען ביי אונדז נאָך אַ פּאָר גאַליציאַנער. איינער, אַ זשוואַווער יידל, אַ דרייקאָפּ, וואָס פלעגט אונדז דערציילן זיינע אַוואַנטורעס, און חברה פלעגט אים אַמאָל אַריינזאָגן מער מיט באַוווּנדערונג ווי מיט פאָרוווּרף: — אַ גאַליציאַנער גנב!... בנימין אַשכנזין האָט מען אַפילו אין שפּאַס נישט געוואָגט אַזוי צו זאָגן, זיין ערלעכקייט איז געשטאַנען אויסער יעדן צווייפל. ער איז נישט געווען קיין פרומער, אָבער ער האָט געזוכט מצוות, אויף אַרויסצוהעלפן אַ מענטשן אין אַ נויט אָדער העלפן אַ קראַנקן איז ער געווען

דער ערשטער. ער האָט געוווּסט פון אַלע „שווערע הערצער", ווו ערגעץ אַ גרינער, וואָס האָט געדאַרפט אַ פּעקל סחורה, אַ סוחר וואָס האָט געזוכט אַ גמילות חסד, אַן איינזאַמער איז אַ שפּיטאָל, אַ קראַנקער וועלכן מען האָט געדאַרפט פירן צו אַ דאָקטער, דאָס אַלץ האָט בינעם געהאַט פאַרשריבן אין זײַן ביכעלע, און ער איז אַרומגעלאָפן צווישן די טישלעך און האָט געזוכט קאַנדידאַטן וואָס זאָלן העלפן, און אַז ער האָט נישט געפונען איז ער אַליין געגאַנגען אָדער אַליין געגעבן.

און בינעם איז זייער ווײַט געווען פון צו זײַן אַ גביר. ער האָט אַפילו נישט געאַרבעט „פאַר זיך", ער איז נאָך אַלץ געווען אַ „מענטש" בײַ יענעם, אַן אָנגעשטעלטער אין דער טעקסטיל פאַבריק בײַ ב. ראַבינאָוויטשן. חברה האָט זיך געוויצלט, אַז ער האָט נישט קיין „קאָפּ" צו אייגענע געשעפטן, אַז ער טראָגט דאָך אויף זײַן קאָפּ אַ גאַנצע שטאָט מיט ייִדן.

און אָט דער ליבער און האַרציקער גאַליציאַנער, וואָס איז געווען גוט „ווי אַ שטיקל ברויט" — ווי די היזיקע זאָגן — האָט אָפּגעטאָן אַ שפּיצל, וואָס איז געווען נישט גאַליציאַניש און נישט ייִדיש, און פאַר וועלכן ער האָט שיר נישט באַצאָלט מיט זײַן לעבן. ער איז געווען אויף אַ שמחה און איז אַרויס פון דאָרט בגילופין. ער איז איבערהויפּט נישט געווען קיין טרינקער, און אַז ער האָט גענומען אַ פּאָר גלעזלעך איז ער געוואָרן שיכור, איז ער אַרויס אין גאַס און זיך פאַרטשעפּעט מיט אַ פּאָר פּאָליציאַנטן, און אַז זיי האָבן אים געוואָלט נעמען אין צירקל האָט ער געשטעלט אַ ווידערשטאַנד, און דער סוף איז געווען, אַז מען האָט אים געמאַכט פאַר אַן אינוואַליד...

ר' בנימין אַשכנזי, ווי מען פלעגט אים אָפּט מיט דרך ארץ רופן, וועלכער האָט זיכער קיינמאָל קיין פליג אויף דער וואַנט נישט אָנגערירט, האָט אין אַ שיכורן צושטאַנד געדאַרפט פּראָוואָצירן אַ געשלעג מיט פּאָליציי! אַ שפּיצל פון גורל, אָדער אפשר האָט אָט דער אומגליק אויך עפּעס אַ באַהאַלטענע לאָגיק... ווײַטער איז ער שוין פון זיך אַליין געגאַנגען באַרג־אַראָפּ. אַ צעבראָכענער און דערשלאָגענער האָט ער געדאַרפט שוין און דער עיקר — אַ היים. אין אַזאַ צושטאַנד האָט ער אין באָגאָטאָ זיך נישט געקאָנט שאַפן קיין ייִדישע היים, און בינעם אַשכנזי, דער טײַערער

ייִד, דער באַהאַלטענער לאַמעד־וואָווניק, ווי איינציקע פּלעגן אויף אים זאָגן, האָט חתונה געהאַט מיט אַ קריסטלעכער קאָלאָמביאַנער פרוי...

## אַ ייִדישע נשמה איז ניט אָפּצושאַצן...

אַ צווייטער גאַליציאַנער, יעקב זעליגמאַן, איז שוין געווען אַ מענטש גאָר פון אַן אַנדער מין, אָבער ער האָט געהאַט אַן ענלעכן סוף. זעליגמאַן איז געווען אַ פעסט־געבויטער יונגערמאַן מיט ענערגישע פּנים־שטריכן, לעבעדיקע אויגן און ברייטע פּלייצעס. אַזעלכע פּלייצעס קאָנען אַ סך אויסטראָגן, און דער גאַליציאַנער האָט שוין אַ סך דורכגעמאַכט אין זײַן לעבן. ער איז שוין געווען עטלעכע יאָר אין פּאַלעסטיניע, ווי דאָס לאַנד האָט דעמאָלט געהייסן, געווען אין דער „גרויסער" אַמעריקע, דאָרט גע־פּוצט שויבן אין די וואָלקנקראַצערס און האָט פאַרזוכט דעם טעם אויך פון אַנדערע פּראָפעסיעס. ער האָט זיך אויסגעטייגט צו אַלץ, און האָט אונדז דערציילט, אַז ער מאַכט מאכלים אויף צו „לעקן די פינגער", און אים האָט מען געמעגט גלויבן.

אין באָגאָטאַ האָט ער זיך געפילט פרעמד, און אין רעסטאָראַן זײַנען אים געווען נישט צום האַרצן, ווי ער האָט געזאָגט, „די בירגערלעכע עלע־מענטן". ער איז געווען לינק געשטימט, און וועגן וואָס מען זאָל נישט ריידן פלעגט ער שטענדיק אַרויספּאָרן מיטן באַקאַנטן פּזמון פון מאַרקסיסטישן חדר, וועלכע האָבן באַזונדערס אין יענער צײַט געקלונגען ווילד פרעמד אין דער קאָלאָמביאַנער סביבה. אַזאַ יונג אַמעריקאַנער לאַנד ווי קאָלאָמביע מיט ריזיקע רײַכטימער, מיט אַ שיטערער באַפעלקערונג, האָט פאַר זיך געהאַט אַנדערע פּערספּעקטיוון. זעליגמאַן וואָלט גערן צוריקגעפאָרן קיין פּוילן, האָט ער אָבער מורא געהאַט, אַז אויך דאָרט וועט ער זיך נישט אַרײַנפּאַסן „אין דער ליניע", און אַז ער וועט דאָרט זיך נישט אַרײַנ־פּאַסן — און דאָס האָט ער גוט געוווּסט — וועט מען אים אַרײַנ־קוועטשן אין אַ סדום־בעטל אויף דער קאַטאָרגע. אַזוי, אַז קיין „פּשיאַ־טעלעס" האָט ער נישט געהאַט, און האָט זיך געפילט פאַריתומט אין שטעטל.

האָט ער גענומען אַ פּעקל „שמאַטעס” אויף די פּלייצעס און אַוועק איבער די גאַסן. חברה האָט אים דווקא אַרויסגעהאָלפן, געגעבן קרעדיט, אָריענטירט און געלערנט ווי מען האַנדלט מיט אַ „מאַריאַ”. און ער האָט שנעל געכאַפּט דעם שניט; אָבער ווי עס שייַנט, האָט ער אויך דעם פּאָלי־טישן פּעקל נישט אָפּגעלאָזט, און דאָס האָט אים טאָרמאָזירט אין דער אַר־בעט. אַנדערע פון זײַן שניט האָבן זיך צוגעפּאַסט, און אין נאָמען פון „פּראָלעטאַריאַט” האָבן זיי גאַנץ פײַן אויסגענוצט די אַרבעטער, און זײַנען געוואָרן גרויסע גבירים. בײַם גאַליציאַנער איז עס נישט געגאַנגען, ער האָט דווקא זיך געשאַפן אַ גאַנץ פײַנע קליענטעלע, און האָט געענדיקט מיט אַן אָנזעץ.

האָט ער געמוזט פאַרלאָזן באָגאָטאַ און זיך זוכן אַ מקום מקלט, וואָס ווײַטער פון דער הויפּטשטאָט. ער איז אַוועקגעפאָרן צום אַטלאַנטישן ברעג און האָט ענדלעך זיך באַזעצט אין ריאהאטשא, אַ קליין שטעטל ווו עס לעבט אַ קליין הײַפל ייִדן, און כאָטש די „בירגערלעכע עלעמענטן” זײַנען איז געווען נישט צום האַרצן, האָבן זיי אים געהאָלפן צו עפענען אַ קלייטל. ווי עס זאָגט דער שפּריכוואָרט „צווישן ייִדן ווערט מען נישט פאַרלאָרן”. אָבער צווישן די עטלעכע ייִדישע משפּחות האָט ער זיך קיין ייִדישע היים נישט געקאָנט שאַפן. די קליינע ישובים זײַנען אויסגעשטעלט אויף דער געפאַר פון געמישטע חתונות. דער גאַליציאַנער האָט חתונה געהאַט, ציוויל, מיט אַ קריסטלעכער פרוי. מיט עטלעכע יאָר צוריק איז ער געשטאָרבן, און זײַן פרוי און קינדער האָבן אים געבראַכט צו קבר ישראל אויפן בית עולם אין באַראנקיזשא. אַזוי האָט ער אָנגעזאָגט אין זײַן צוואה. אַ ייִדישע נשמה איז נישט אָפּצושאַצן...

## דער ליבלינג

אַז דער מענטש קומט אויף דער וועלט מיט אַ ביסל שכל, וועט אים זײַן לײַכטער צו לעבן. דאָס איז די שענסטע מתנה פון דער נאַטור, וועלכע מען לערנט נישט אויס אין די אוניווערסיטעטן, דערמיט דאַרף מען גע־

בוירן ווערן. און ווען חכמה און בילדונג גייען צוזאַמען, איז עס שוין אַ פּילפּאָכע דערגרייכונג. נישט אומזיסט האָט שלמה המלך געבעטן חכמה בײַ גאָט. אָבער אַז ער האָט געמאַכט אַזאַ קלוגע בקשה, איז ער דאָך שוין געווען אַ חכם?... איז דער ענטפער, אַז נאָר אַ קלוגער פאַרשטייט דעם ווערט פון חכמה, אַ נאַר איז נישט קיין מבין אויף אַזעלכע זאַכן. דערמיט זײַנען מיר אויסן צו זאָגן, אַז בערעלע, ווי מיר האָבן אים גערופן אין די אויגן, און בערעלע שוסטער, — הינטער די אויגן, איז געווען אַ ייִד אַ חכם. טאַקע אַ שוסטער, אָבער אַ קלוגער, און צו דעם נאָך אַ שיינער יונג, מיט אַ געדיכטער טשופּרינע האָר, גלײַכע פּנים שטריכן און פאַרחלומטע אויגן, וואָס וואָלטן געפּאַסט פאַר אַ דיכטער נישט פאַר קיין שוסטער.

דער שלימזל האָט אים געזעצט אויפן שוסטער בענקל. צו זעקס יאָר איז ער שוין געווען אַ קלײַנעכיקער יתום אין וואַרשע, און אויס רחמנות האָט אים צוגענומען אין דער לער אַ שוסטער. אַ שווערע לעבנס־שול האָט דורכגעמאַכט בערעלע, אָבער אַ שול פון וועלכער ער האָט אַ סך גע־לערנט. ער האָט זיך צוגעהערט צו דעם וואָס מען רעדט און צוגעזען וואָס אַרום אים קומט פאָר, און זיך געלערנט צו באַנעמען דאָס לעבן און פאַרשטיין דעם מענטשן. דאָס זײַנען געווען די שטורמישע יאָרן פאַרן ערשטן וועלט־קריג, ווען די ייִדישע יוגנט אין פּוילן האָט פאַרצווייפלט געזוכט נײַע האָריזאָנטן, און האָט אויפגעשטורעמט דאָס פאַרגליווערטע לעבן מיט נײַע אידעאַלן. בערעלע האָט עס אַלץ דורכגעמאַכט, און ווען דער עמיגראַנטן שטראָם האָט אים מיטגעשלעפּט צו די ברעגן פון אַמע־ריקע, איז ער געקומען קיין באָגאָטאַ אַ „פאָלנער״ מענטש און אַן ערשט־קלאַסיקער באַלמעלאָכע.

בערעלע האָט זיך שנעל אויסגעגרינט, האָט געכאַפּט די שפּראַך, און האָט זיך גאַנץ פײַן אײַנגעאָרדנט, און כאָטש ער האָט שוין, לויט די היזיקע באַגריפן, געקאָנט אָנגיין ווי אַ „פאַבריקאַנט״, האָט מען אים דאָך נאָך אַלץ גערופן בערעלע שוסטער, אָבער נישט אויס ביטול, נאָר אויס אינטימי־טעט און היימישקייט. אין רעסטאָראַן איז בערעלע געוואָרן אַן אייגענער מענטש און אַ גוטער ברודער מיט יעדן איינעם, עס איז געוואָרן פריילעך אין שטוב ווען ער פלעגט אַרײַנקומען, און יעדער איינער האָט אים גע־וואָלט האָבן בײַ זײַן טישל. ער האָט פאַרמאָגט אַ פײַנעם הומאָר, און איז

געווען אַן אומאויסשעפּלעכער קוואַל פון וויצן און ווערטלעך. אַז עמעצער האָט אים דערציילט אַ וויץ, האָט ער אויסגעכאַפּט דעם סוף און פאַרענ־דיקט. „די מעשה האָט שוין אַ באָרד", פלעגט ער זאָגן. אויף דעם איז ער געווען זייער אייפערזיכטיק, און האָט נישט נאָר געהאַט אַ מערקווירדיקן זכרון צו דעם, נאָר האָט אויך געקאָנט אַ וויץ אימפּראָוויזירן. פוקס פלעגט זאָגן אויף אים, אַז ער איז ווי ירבעם חטא והחטיא׳ וואָס האָט געזינדיקט און געמאַכט זינדיקן, בערעלע לאַכט און מאַכט לאַכן.



אַ גרופּע ייִדישע און ניט־ייִדישע אינטעלעקטואַלן אין באָגאָטאַ. — 3טער פון רעכטס: כאָרכע עליעזער גייטאַן, פּאָליטישער פירער און שרייבער; ד״ר אַר־מאַנדאָ סאָלאַנאָ, ד״ר אַהרן בענטשעטריט, ד״ר יוסף גרוצהענדלער; עס שטייען: ד״ר מיגעל אַדלער, דאָריאָ סאַמפּער, פּנחס פּעפּער, כוליאָ גובערעק, אידל פּאַרביאַזש

דאָס מערקווירדיקסטע אין בערעלען איז געווען נישט אַזוי זײַן חכמה ווי זײַן גוטסקייט, אָדער אפשרביידע צוזאַמען. ער איז נישט געווען קיין כיטראַק, קיין חכם „פאַר זיך", ער האָט נישט אָנגעוואָרפן קיין שרעק מיט זײַן שאַרפזין און אָפּגעשטויסן קיין מענטשן, ווי עס טרעפט אין אַזעלכע פאַלן. פאַרקערט, ער האָט דערוועקט צוטרוי, ער האָט זיך נישט געשטעלט העכער און אַלע האָבן ממש געקלעפּט צו אים. ווער נאָר עס האָט געהאַט עפּעס אַ פּראָבלעם, און דאָס האָט קיינמאָל נישט געפעלט, האָט זיך באַראַטן מיטן „רבין". מען האָט אים געשלעפּט אין די ווינקעלעך און זיך געשושקעט; ער האָט געוווּסט אַלע „שווערע הערצער" און האָט אויך געקאָנט געבן די ריכטיקע עצה. ער האָט אַן אײַנגעבוירענעם שכל און יעדער איינער האָט געפילט אין אים אַ גוטן ווילן.

עס האָט מיך איבערראַשט ווען מײַן ברודער האָט מיר פאַרטרויט אַ סוד, אַז בערעלע איז אַן אַלפאַבעט, ער קאָן נישט שרײַבן און נישט ליי־ענען. די לאַטײַנישע אותיות האָט ער יאָ געלייענט און האָט זיך געקאָנט אונטערשרײַבן. אָבער יידיש נישט. — לערן אים. האָב איך געזאָגט. און מײַן ברודער האָט אים גענומען אין דער לער. אין אַ קורצער צײַט אַרום האָב איך געזען ווי ער מאַטערט זיך איבער אַ יידישער צײַטונג, און וואָס ווײַטער איז אים דער ענין אָנגעקומען אַלץ לײַכטער. איך האָב אים אָבסערווירט און זיך געפרייט מיט זײַן דערפאָלג. בערעלע איז גאָר אַן אַנדער מענטש געוואָרן. די ערשטע זאַך וואָס ער פלעגט טאָן אַרײַנקומענדיק אין רעס־טאָראַן, איז נעמען די צײַטונג. און אַז זי איז געווען פאַרנומען האָט ער אַרײַנגעקוקט אין אַן אַלטן זשורנאַל. עס האָט זיך פאַר אים געעפנט אַ נײַע וועלט, און ער איז צו איר צוגעפאַלן ווי אַ דורשטיקער צו אַ פרישן קוואַל. עס איז ממש נישט צו גלויבן ווי דער מענטש האָט זיך געענדערט. ער האָט פריִער ליב געהאַט צו ריידן וועגן וועלט־פּאָליטיק און וועגן „אַרבע־טער־קלאַס" און „רעוואָלוציע" אין נוסח פון דעם זשאַרגאָן, וועלכן ער האָט געהערט אויף דער פלאַצווקע אין וואַרשע, אָבער ער האָט זיך באַ־פרײַט פון דעם שאַבלאָן און האָט אָנגעהייבן ריידן מיט זײַן אייגענעם לשון.

דער רעסטאָראַן האָט געהאַט גאַנץ חשובע מענטשן, שטענדיקע קונדן, וועלכע זײַנען יאָרן לאַנג אַרײַנגעקומען. אייניקע פון וועלכע האָבן זיך שוין גאַנץ פײַן אַרויפגעאַרבעט און געגאַסן פון אַלעמענס רעספּעקט. אָבער

דער ליבלינג פון אַלעמען איז געווען בערעלע. מיט אים האָט מען זיך געפילט גוט ווי מיט אַ היימישן און אייגענעם מענטשן. ווען עמעצער פלעגט פאַרפאָרן בערעלען אין די רייד און פאַרפירן מיט אים אַ דיסקוסיע, האָט דער עולם צוהערער אויס סימפּאַטיע פאַרטיידיקט בערעלען, אַפילו ווען ער איז נישט געווען גערעכט. ווי עס שיינט, האָט דער פאַקט וואָס נאָך בערעלען האָט זיך נאָכגעשלעפּט אַ שאָטן פון „שוסטער", האָט פאַר אים געעפנט די טירן צו אַלע הערצער. צו אים איז מען צוגעגאַנגען אָן מורא, ווי צו אַ גלייכן, ווי צו אַן אייגענעם ברודער צו וועלכן מען מעג האָבן צוטרוי אַז „ער וועט נישט פאַררייסן די נאָז"...

## דער בעל־כוח

חיים און דוד שערמאַן האָבן געהאַט אַ „שוואָגערל", וועלכן די ליט־וואַקעס האָבן גערופן משה נאָז און די פּוילישע — משה נוז. געהאַט האָט ער אַ גרויסע ייִדישע נאָז, וועלכער האָט זיך אָבער גאַנץ פיין אַריינגעפּאַסט אין זיין גיגאַנטישער פיגור, און ווען עמעץ זאָל עס אים אַזוי זאָגן אין די אויגן, איז ער נישט געווען זיכער מיטן לעבן. געווען איז ער אַ הויכער, אַ רויטלעכער, מיט אַן אַטלעטישער פיגור, מעשה באַלעבאָס. ער האָט גע־שטאַמט, זאָגט ער, פון גבירישן יחוס, כאָטש זיינע שוואָגערלעך פלעגן דערביי שמייכלען אונטער די וואָנצעס.

משה נאָז האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן וואָס דער עולם „צאַצקעט זיך אַזוי", ווי ער האָט געזאָגט, מיט בערעלע שוסטער, וועלכער איז שוין געוואָרן אַ „גאַנצער מענטש אין אַמעריקע, לייענט די גאַזעטן און טראָגט זיך אַרום אין קעשענע מיט אַ טשעק־ביכל". זאָגן פלעגט ער עס נישט שרייענדיק, ווי זיין טבע איז געווען, נאָר דווקא „אונטער דער נאָז", ווי פאַר זיך, קיינער זאָל נישט הערן. ווען דער עולם פלעגט ווי געוויינטלעך אַרומרינגלען בערעלען און אויפמערקזאַם אים אויסהערן, פלעגט משה נאָז זיצן קאַלט און וואַרטן עמעץ זאָל זיך אָפּרופן צום גוטן אָדער צום שלעכטן... דעמאָלט האָט ער גענומען דאָס וואָרט און האָט אונטערגעהאַלטן

דעם קעגנער, אָדער האָט אַטאַקירט בערעלעס חסיד מיט רמזים און שטעכ־ווערטלעך, און האָט באַקרעפטיקט זײַנע ווערטער מיט קלעפּ פון זײַנע ריזיקע פויסטן אין טיש.

משה נאָז האָט געשפּילט די ראָלע פון אַן אַטלעט, און דאָרט ווו ער האָט זיך נישט געקאָנט אימפּאָנירן מיטן שכל, האָט ער געוואָלט געווינען מיט כוח. ער פלעגט רעדן מיט אַ טאָן פון אַן אויטאָריטעט און פלעגט פאַרשרײַען דעם קעגנער. עס איז געווען אַ געפאַר מיט אים צו דיסקוטירן, ער פלעגט אָנוואַרפן אַ שרעק מיט זײַן פיגור, נישט מיט זײַנע אַרגומענטן.

למען האמת דאַרף געזאָגט ווערן, אַז די אַלע יאָרן וואָס ער האָט גע־ווינט צווישן אונדז האָט ער מיט קיינעם נישט געהאַט קיין סכסוך, און מיר האָבן נישט געהאַט קיין געלעגנהײַט פעסטצושטעלן אויף וויפל ער איז געווען אַ בעל־כוח ווי ער האָט אויסגעזען. אַ „ייִדישער גזלן"! ווען ס'איז אָבער אָנגעקומען אַ ייִדישער זשורנאַל פון האַוואַנאַ מיט ברײַנסקיס אַ דערציילונג, און אַ שילדערונג פונעם לעבן פון די „באָגאס" (פישערס) אויפן טײַך מאַגדאַלענאַ, פון יעקב שפּאַנקאַ, האָט אונדז משה נאָז געמאַכט אַן אמתן סקאַנדאַל. — גרינע חיות! האָט ער געשריִען, שמאַראָוואָזניקעס, שמאַטע קלײַבערס! וואָס זײַט איר געקומען קיין אַמעריקע? ווערן פּיסאַטע־לעס? עס שלאָגט דאָך צו דער גאַל אײַער שרײַבעכץ! גייט צו די מאַריעס, אין דער ערד אַרײַן!... אָבער ווי זאָגט מען אויף פּראַנצויזיש? מה שלא יעשה השכל יעשה הזמן; דאָס אַלץ איז איבערגעגאַנגען, און קיין פּאַראיבל איז נישט געבליבן... אָבער אַ פראַגע בלײַבט דאָך: פאַרוואָס איז דער בעל־כוח אַרײַנגעפאַלן אין אַזאַ גרימצאָרן?...

*

ייִדן זײַנען נישט קיין שיכורים, דאָס וועט קיינער נישט לייקענען. אויף אַ הוליאַנקע האָט אַ ייִד ליב צו שפּילן דעם שיכור. ער גיט אַ שמעק פון גלעזל און ווערט שיכור. חסידים לשמה, דער רבי טראָגט צו דאָס גלעזל צו די ליפּן, און די חסידים טאַנצן פאַר דבקות. דער פּרט באַשטע־טיקט נאָר דעם כלל. פון די הונדערטער ייִדן, וואָס איך האָב געקענט זײַנען די ברידער שערמאַן געווען דער איינציקער אויסנאַם.

חיים שערמאַן, דער שוואָגער פון משה נאָז, איז געווען אַ שטילער און זייער ליבער מענטש. ער האָט אָבער ליב געהאַט דעם ביטערן טראָפּן,

און ווי עס שײַנט, האָט ער די מחלה נאָך מיטגעבראַכט פון דער אַלטער היים. אין וואַרשע איז ער געווען אַ באַלעבאָס פון אַ קליין שיך־פאַבריקל, אין קאָלאָמביע האָט ער געביטן דעם פאַך אויף פּעדלערײַ, ווי טויזנטער אַנדערע האָבן עס געטאָן. נאָך פערציק יאָר געניסן פון משקה זײַנען אים אײַנגעשרומפּן געוואָרן די אויגן, אָבער נישט אויף אַזוי פיל, ער זאָל נישט פאַרויסזען די טובה, וואָס קאָן אים אַרויסקומען פון אַרומרינגלען זיך מיט פרײַנד פון די „הויכע פענצטער״, איבערהויפּט מיט די גערעכט־באַאַמטע, מיט וועלכע ער פלעגט אָפט מאַכן אַ כוסה. דערפאַר, ווען עס פלעגט עפּעס טרעפן מיט זײַנעם אַ לאַנדסמאַן, האָט זיך שערמאַן אַרויפּ־געזעצט אויף זײַן ביציקלעט און צוגעפאָרן צום גערעכט־הויז כדי אַרויס־צוראַטעווען זײַנעם אַ מענטשן...

קיינער וועט דאָ נישט פאַרגעסן דוד שערמאַנען, חיימס ברודער, און איך אַוודאי נישט. וואָס שייך מאַכן גלעזלעך האָט ער איבערגעשטיגן חיימען. דאָס כסדרדיקע שיכורן האָט אים אַרויסגעשטויסן פון נאָרמאַלן לעבנסשטייגער. אין יענע גוטע צײַטן האָבן די פּאָליציי־אַגענטן נישט באַנוצט קיין אַנדער געווער ווי נאָר אַזאַ מין שטעקעלע („באָליזשאַ״), האָט דוד געהאַט אויסצושטיין פון ביידן — פון שטעקעלע און פון די פּאָ־ליציסטן — נישט איין מאָל און נישט צוויי מאָל. ווען עס זײַנען געווען ווינציק פּאָליציילײַט האָבן זיי זיך נישט געקאָנט קיין עצה געבן מיט אים, ווײַל ער האָט פאַרמאָגט שמשון הגיבורס כוח. עס זײַנען נויטיק געווען אַ גרעסערע צאָל אַגענטן כדי אים אַרויסצושלעפּן פונעם קאַפע־הויז אָדער פון שענקל, און ביז וואָס ווען זײַנען געפלויגן צייַן פון די קאַפע־באַזוכער. די מעשה פלעגט זיך ענדיקן מיט פאַרשפּאַרן שערמאַנען אין פּאָליציייִשן וואָגן און מיטן איבערגעבן די געוואַלד־סצענע דעם ריכטער. באַלד נאָך דעם האָט מען אים מכבד געווען מיט אַ פּלאַץ אין חד־גדיא, ביז זײַן ברו־דער, חיים, האָט געכאַפּט זײַן ביציקלעט און זיך פאַרשטענדיקט מיט די „קנעפּלעך״ פון טריבונאַל, און דוד האָט צוריק באַקומען זײַן פרײַהייט ביזן נעקסטן שיכורים־סקאַנדאַל.

*

שמעון גובערעק

## סוף המעשה...

נו, ווער עס האָט געהאַט געדולד צו לייענען ביז אַהער, וועט אַוודאי זײַן נײַגעריק צו וויסן וואָס איז געוואָרן מיט די פֿאַרשווינען פֿון מײַן ברודער ישראלס רעסטאָראַן? וואָס שייך צו מיר, האָב איך שטענדיק געהאַט אַן אויסערגעוויינלעכן נײַגיר צו לערנען דאָס לעבן פֿון מענטשן. און איך האָב עס געלערנט נישט פֿון ביכער, נאָר פֿון לעבעדיקע מענטשן און איך בין געקומען צום אויספֿיר, אַז די העכסטע קונסט איז וויסן ווי צו לעבן, און אַ גרויסער גליק איז צו קאָנען האַרמאָניש זיך צוזאַמענלעבן מיט מענטשן. מײַן ברודערס רעסטאָראַן איז פֿאַר מיר געווען אַן אמתע הויכשול. אַ גרויסער טייל „סטודענטן" פֿון אָט דעם „קולינאַרן אינסטיטוט" זײַנען הײַנט די שענסטע באַלעבאַטים פֿון שטאָט, טאַטעס און זיידעס פֿון גרויסע משפּחות קיין עין הרע, פּיאָנערן פֿון אינדוסטריעס, גרויסע פֿאַבריקאַנטן און סוחרים, מנדבים פֿון מגבית, וואָס מאַכן אָפֿטע לוסט־רײַזעס קיין ישראל, אייניקע האָבן שוין אַפֿילו אייניקלעך וואָס האָבן שוין עולה געווען...

נישט אַלע האָבן אָבער באַהערשט די „קונסט פֿון לעבן" און האָבן זיך — פֿאַרקירצט די יאָרן, און אָט וועגן זיי וועל איך איצט דערציילן. איך האָב אויבן דערמאָנט די ברידער שערמאַן. דער עלטערער פֿון זיי, חיים, איז אַוועק פֿון דער זינדיקער וועלט אין יאָר 1946, זײַן ברודער, דוד, איז געוואָרן גאָר אַן אַנדער מענטש; ער האָט מער נישט פֿאַרזוכט דעם ביטערן טראָפּן. אַ שווערע קראַנקהײַט האָט בײַ אים צוגענומען דעם חשק צו משקה. און אין אַ צײַט אַרום אויך — דאָס לעבן. און משה זעגען, אונדזער מעכטיקער משה נאָז, אָדער נוז, האָט זיך איינמאָל געלייגט שלאָפֿן, ווי יעדן אָוונט אין פֿאַרלויף פֿון פֿופֿציק יאָר, און האָט זיך אויפֿגעוועקט אין גסיסה־ווייען. אַ ביסל שפּעטער האָט זיך פֿאַרשפּרייט אין ישוב די טרויעריקע ידיעה, אַז אונדזער אַטלעט איז נפֿטר געוואָרן. טרויעריקע, מיט געבויגענע קעפּ און לאַנגזאַמע טריט, האָבן מיר אים געפֿירט צום בית־החיים אין באָסאָ. זײַן גבורה און רוגזה וואָס האָט אָנגעוואָרפֿן אַ

שרעק אויף מענטשן, האָט נישט געקאָנט בײַקומען דעם אייביקן לויערער, דעם אומבאַזיגלעכן מלאך המוות.

*

און וואָס איז געוואָרן מיט מײַן ברודער ישראל? זײַנע געשעפטן זײַנען געגאַנגען פון שלעכט צום ערגערן. דער רעסטאָראַן איז טאַקע פאַר אים געווען אַ „מקום יידיש", ווי ער האָט געזאָגט, אָבער נישט קיין מקום פּרנסה. ער האָט זיך טאַקע דאָרט אויסגעלעבט, פאַרבראַכט מיט די קליענטן, געשאַפן גוטע פרײַנד, קולטיווירט יידישקייט און הנאה געהאַט פון דער געזעלשאַפט. אַ גוטער פון כאַראַקטער, האָט ער געהאַט צוטרוי צו מענטשן און דעריבער — אַ סך „טשוועקעס"; ער פלעגט זיי רופן „קעסטקינדער, וואָס האָבן, נעבעך, נישט געקאָנט באַצאָלן"...

בײַ אים האָט מען געגעסן, אויף „קרעדיט", און געצאָלט האָט מען ווען מען האָט געקאָנט, און די ערשטע יאָרן זײַנען געווען יאָרן שווערע, און די פאַרדינסטן קליינע. און אַזוי האָט זיך געשלעפּט אַ יאָר נאָך אַ יאָר, עס האָט זיך געדאַכט, אַז ישראל וואַרט אויף עפּעס; ער וואַרט אַז דאָס מזל זאָל זיך צו אים אויסדרייען, אָבער דאָס מזל האָט זיך צו אים נישט אויסגעדרייט, און ישראלס „מקום יידיש" האָט פאַרמאַכט די טיר. איז ישראלן געוואָרן ענג אין באָגאָטאַ, און ער איז אַוועקגעפאָרן אין פּערייראַ און נאָכדעם צוריקגעקומען, און האָט זיך דאָך נישט געקאָנט אײַנוואָרצלען. ענדלעך איז ער אַוועק קיין לאַ פּאַז, באָליוויאַ, דאָרט האָבן גוטע פרײַנד אים אַרײַנגענומען אין אַן אונטערנעמונג, און אין אַ קורצער צײַט איז ער געוואָרן אַ שותף אין דער פירמע. איינמאָל איז ער געשעפט־לעך געפאָרן אויף אַ הויך פון די קאַרגע פינף טויזנט מעטער, דאָרט ווו אַ מענטש מיט אַ הויכן בלוט־דרוק טאָר זיך אַפילו נישט באַווײַזן, און איז געשטאָרבן אויפן וועג פון אַ האַרץ־שלאַג. אַ מענטש וואָס האָט אַזוי ערלעך אָפּגעהיט דאָס געזונט פון זײַנע מיטמענטשן, וואָס האָט אַזוי געציטערט דאָס עסן זאָל חלילה נישט פאַרשאַטן זײַנע קליענטן, האָט זײַן אייגענעם געזונט נישט געוווּסט ווי אָפּצוהיטן...

## אַ קאַפּיטל פון דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט

דער ייִדישער ישוב אין באָגאָטאַ, די הויפּטשטאָט פון קאָלאָמביע, איז אַנטשטאַנען אין די לעצטע צוואַנציקער יאָרן פון אונדזער יאָרהונדערט. אין יאָר 1929 האָט שוין דער קיבוץ געציילט עטלעכע מנינים ייִדן, וועלכע האָבן גיך אויפגעשטעלט אין דער נײַער היים זייערע טראַדיציאָנעלע ייִדישע געצעלטן: אַ חברה קדישא, אַ שילעכל צום דאַוונען, אַ שול צו לערנען קינדער ייִדישקייט, און אַ „ייִדישן צענטער״ וווּ מען פלעגט פּראַווען שמחות און אָפּהאַלטן מסיבות.

בראשית, אין אָנהייב, איז עס טאַקע אַלץ געווען במקום אחד, כמעט ווי אין איין בנין; אָבער מיט דער צײַט זײַנען ייִדן, קיין עין הרע נישט, אויפגעקומען און האָבן זיך פאַרשפּרייט מיט רחבותדיקע בנינים איבער די שענסטע געגנטן פון שטאָט. טאַקע געוואָרן מער בנינים; אָבער, צום באַדויערן, מיט נישט קיין סך מער ייִדישקייט...

מיט אַריבער פערציק יאָר צוריק האָט נאָך קאָלאָמביע נישט פיגורירט אויף דער ייִדישער עמיגראַנטן־מאַפּע. ווער האָט דאַן געוווּסט פון דעם קליינעם לאַנד — קליין אין באַפעלקערונג נישט אין שטח — פאַרוואָרפן ערגעץ אין דער טיף פון דעם ריזיקן קאָנטינענט? אָבער ווען די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן באַגרענעצט די אימיגראַציע, האָבן די ייִדן, צווישן פיל אַנדערע לענדער, אַנטדעקט אויך קאָלאָמביע. געקומען זײַנען דער עיקר ייִדן פון בעסאַראַביע, פּוילן און ליטע. עמך־מענטשן פון מזרח־אייראָפּע, אָבער כמעט ווי אָן די כאַראַקטעריסטישע פאָרשטייער פון דער ייִדישער מזרח־אייראָפּעיִשער קולטור: די וויל־לערנער, עקסטערנען, למדנים, לערער, שרײַבער, כלי־קודש און בכלל אינטעליגענטן.

דאָס האָט זיך אָפּגערופן אויף דער גײַסטיקער אַנטוויקלונג פון ישוב, און באַזונדערס אויף דער דערציִונג פון קינדער. נאָך דער אָרעמקייט און אומזיכערקייט אין דער אַלטער היים, האָט מען מיט אימפּעט זיך צוגע־

כאַפּט צו גשמיות, צו שאַפן אַן עקאָנאָמישע פּאָזיציע פאַר זיך און אַ קאַ־ריערע פאַר די קינדער. איז דער צווייטער דור ווי פאַרלאָרן געגאַנגען פאַר ייִדישקייט, און כאָטש טייל פון זיי האָבן דערגרייכט אַקאַדעמישע מיטלען און שטייען היינט ביי דער אָנפירונג פון ייִדישע אינסטיטוציעס, איז אָבער מיט ווייניק ייִדישער וואַרעמקייט אין האַרצן, מיט אַ סך ביטול צו דער ייִדישער שפּראַך און מיט אַ גלייכגילט צו ייִדישע קולטור ווערטן.

אַוודאי זיינען פאַראַן גליקלעכע אויסנאַמען, וועלכע ענדערן אָבער נישט דאָס אַלגעמיינע בילד פון אַ ישוב, וועלכער ווערט — ווי אַ סך אַנדערע ייִדישע ישובים אויפן קאָנטינענט — וואָס וויַיטער אַלץ מער אויס־געליידיקט פון ייִדישקייט. אָבער לא ינום ולא ישן שומר ישראל, די געשיכטע זאָרגט פאַרן נצח ישראל, און צי דער ייִד וויל צי נישט, לאָזט זי נישט אויסלעשן דעם ייִדישן פונק אין זיין האַרצן. די אומרועען אין פאַרשיידענע לענדער פון דעם קאָנטינענט, פון איין זייט, און די אַטראַקציע פון דער מדינה, פון דער צווייטער, דערהאַלטן די ייִדישע נשמה אין די תפוצות, וועלכע שוועבט צווישן די צוויי וועלטן...

מיר זיינען פאַרלאָפן דעם וועג „דער נישט וויַיטער פאַרגאַנגענהייט", און אַריינגעפאַלן אין די אָרעמס פון דער קעגנוואַרט, וועלכע שטייט אַזוי עקשנותדיק פאַר די אויגן. וועלן מיר אויך אַ וויַילע פאַרמאַכן די אויגן, און זיך אומקערן צו דער געשיכטע פון אַ וויַיטן ייִדישן ישוב אויף דער לאַטיין־אַמעריקאַנער ערד, וואָס האָט אָנגעהויבן מיט אַ שווערן קאַמף אויף זיך איינצובירגערן אין לאַנד, און גלייכצייטיק מיט אַ ווילן אויפצוהאַלטן זיין ייִדישקייט.

אין יאָר 1934, האָט צו אונדז פאַרבלאָנדזשעט אַ ייִדישער אינטעלעק־טואַל, אַ באַגאַבטער שרייבער און קולטור־מענטש, שלמה ברײנסקי ע"ה. נאָך דעם איז צוגעקומען אַן אימיגראַנט פון אָסטראָווצע, פּוילן, יחזקאל גראָסלאַנד, אַ מענטש פון בוך און טיפן וויסן, וואָס האָט אויך געשריבן לידער און דערציילונגען. שפּעטער איז אָנגעקומען ג. ביידערמאַן, אַ תלמיד חכם און טאַלאַנטירטער שרייבער, וואָס האָט פאַרעפנטלעכט זיינע עסייען אין פאַרשיידענע צענטראַלע ייִדישע צייטשריפטן.

אונדזער דאָרף איז מיטאַמאָל געוואָרן אַ שטעטל — אַ ייִדיש שטעטל!
— וואָס האָט טאַקע נישט אויפגעהערט צו זאָרגן וועגן פּרנסה, אָבער וואָס

האָט זיך אויך אָנגעהויבן פאַרנעמען מיט זאַכן פון גײַסט, מיט אידעאַלן, מיט פּאָליטישע טענדענצן. עס זײַנען אָפּט פאָרגעקומען מסיבות, רעפעראַטן אויף פאַרשיידענע טעמעס, און עס האָבן זיך אָנגעהויבן אויסשיילן פאַר־שיידענע פּאָליטישע ריכטונגען, די „לינקע״, וועלכע האָבן אין אָנהייב פון די דרײַסיקער יאָרן, געווען אין אַפּאָגיי פון זייער גלאָריע מיט די גרויסע דערגרייכונגען פון דער ייִדישער קולטור אין רוסלאַנד. זיי האָבן גע־שטרעבט צו מאָנאָפּאָליזירן דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן פון ישוב, און די נאַציאָנאַלע ייִדן האָבן אונטערגענומען אַ פאַרביטערטן קאַמף קעגן דער גרופּע, וואָס האָט אין סך־הכל שווער זיך אָפּגערופן אויף די ייִדישע אינ־



מיטן ייִדיש־אַרגענטינער שרײַבער, שכנא רעזניק ע״ה, אין יאָר 1938. — פון רעכטס: ש. קערפּעל, מאָריס פאַרביאַזש, ברוך גובערעק, שכנא רעזניק, ש. גובערעק, ש. ברײַנסקי, ב. ציוואַק, ר. גוטמאַן

סטיטוציעס, און ס'איז געקומען אַ פּעריאָד פון פּאַסיוויטעט, פון געזעל־שאַפטלעכן „שטילשטאַנד".

אין דער צײַט האָט עס אונדז באַזוכט דער ייִדיש־אַרגענטינער שרײַבער און פאַרלעגער, שכנא רעזניק ע"ה. אַ מענטש מיט אַ ברייטער אַלגעמיינער קולטור און ייִדישן וויסן, האָט זײַן באַזוך ממש אַרײַנגעבלאָזן אַ רוח החיים אין די פאַרשלאָפענע געזעלשאַפטלעכע קרעפטן. וועגן אים דאַרף געזאָגט ווערן, אַז שמו הלך לפניו, זײַן נאָמען איז אים פאָראויסגעלאָפן, זײַן זשורנאַל „כואיקאַ" איז צו אונדז דערגאַנגען, און דער נאָמען רעזניק איז געווען באַוווּסט. דאָך איז ער דרײַ טעג געווען אין באָגאָטאָ און קיינער איז צו אים נישט אַרײַנגעקומען, כאָטש ער האָט געמאָלדן און פאָראויסגעשריבן צו פאַרשיידענע פערזאָנען, אַז ער וועט קומען אין אַ שליחות פון „ייִוואָ" אין בוענאָס אײַרעס.

ווען איך בין צו אים אַרײַנגעגאַנגען אין „גראַנאַדאַ" האָטעל, האָט ער מיר אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס, און מיט פרייד מיר געזאָגט: „ענדלעך זיך דערוואַרט אויף אַ ייִדישן ייִדן"... נאָך אין זעלבן אָוונט האָבן זיך פאַרזאַמלט ביי בריינסקין אין הויז בײַ אַ מנין מענטשן, וועלכע האָבן אָפּגעגעבן דעם ערשטן ברוך הבא דעם חשובן גאַסט, עס איז אויפן אָרט געשאַפן געוואָרן אַ „ייִוואָ־קאָמיטעט" און עס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ פּלאַן פון אַ „ייִוואָ"־אַקציע אין שטאָט.

דאָס איז געווען אין יאָר 1938. אין אַ וואָך אַרום, נאָך דער ערשטער זיצונג איז דורכגעפירט געוואָרן אַן עפנטלעכער אַקט, און דער גרויסער סאַלאָן איז געווען איבערפולט מיט ייִדן. דער גאַסט האָט רעפערירט אויף דער טעמע „גרונד־שטריכן און הויפּט־אידעען אין דער ייִדישער ליטעראַטור". דאָס איז געווען אַ מײַסטערווערק, וואָס האָט געגעבן אַן אויסשעפּנדיק בילד פון דער ייִדישער ליטעראַרישער שאַפונג, און האָט איבערגעלאָזן אַן אומפאַרגעסלעכן אײַנדרוק. עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז דער גרויסער עולם האָט אים געמאַכט אַן אמתע אָוואַציע.

שכנא רעזניק איז געווען אַ גלענצנדיקער רעדנער, ער האָט אַ סך געזאָגט און מיט ווייניק ווערטער. דאָס איז אַ הויכע מדרגה. ער האָט גערעדט אָן אָראַטאָרישער פּאָזע, אָן אָנשטעל, אינטים, האַרציק און באַשיידן. אַזאַ איז ער געווען אין באַציִונג מיט מענטשן, און אַזוי האָט ער

אויסגעזען אויף דער בינע. עס האָט פון אים אויסגעשטראָמט סימפּאַטיע, אַ זעלטענע פּשטות און ערלעכקייט. אין זײַן אָנווועזנהײַט האָט מען זיך געפילט היימיש און זיכער, אַז ער באַטראַכט יעדן איינעם מיט חשיבות און מיט גוטן ווילן. אַ פּערזענלעכקייט פון אַן עכטן אינטעלעקטואַל, פון אַ תלמיד חכם, וואָס האָט אויף אונדז אַלעמען געמאַכט אַן אומפאַרגעסלעכן אײַנדרוק.

ש. רעזניק איז נאָכדעם אויפגעטראָטן אויף פאַרשיידענע מסיבות און די אַקציע פאַרן „ייִווא" איז געקרוינט געוואָרן מיט אַ באַטײַטנדיקן דערפאָלג.

אָבער אויסער דעם דערפאָלגרײַכן אַספּעקט פון ש. רעזניקס „ייִוואָ" מיסיע, האָט זײַן באַזוך געהאַט אַ פּאָזיטיווע ווירקונג אויך אויף אַנדערע געביטן. קודם כל, איז בכלל אויפגעלעבט געוואָרן די געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט אין שטאָט, און באַזונדערס האָט אונטער זײַן אײַנפלוס און אָריענטאַציע, אַ ייִדישער שרײַבער און מײַנער אַ בן עיר, שלמה ברייִנסקי, אַרײַן אין דער קאָלאָמביאַנער ליטעראַטור. קיין אומכבוד האָט עס דעם ישוב נישט פאַרשאַפט. דער באַרימטער קאָלאָמביאַנער פּאָעט, לויִס ווי־דאַלעס, האָט איבערזעצט ברייִנסקיס עסייען, וועלכע זיינען געדרוקט גע־וואָרן אין דער ליטעראַרישער בײַלאַגע פון אַ וויכטיקער צײַטונג „טיעמפּאָ", און רעזניק האָט זיי נאָכדעם אַרויסגעגעבן אין בוכפאָרם, אונטערן נאָמען „מענטשן אין שפּאַן", אין שפּאַניש און ייִדיש.

איך האָב מיט רעזניקן אָנגעהאַלטן אַ שריפטלעכע פאַרבינדונג אין פאַרלויף פון די אַלע יאָרן, און ער האָט אונדז געזאָלט באַזוכן אין יאָר 1946. זײַנע חסידים האָבן שוין צוזאַמענגעשטעלט אַן אויפנאַם־קאָמיטעט. אָבער דער גורל האָט באַשטימט עפּעס אַנדערש...

אין יאָר 1946 איז שכנא רעזניק אַוועק אין דער אייביקייט, און אין די ערשטע פופציקער יאָרן, אין סאַמע בלי פון זייער שעפערישן לעבן, איז אוועק אויך אונדזער „קלאַסישער דרײַלינג", ווי מיר פלעגן אָפט אין שפּאַס רופן אונדזערע דרײַ ייִדישע שרײַבער: שלמה ברייִנסקי, כאַצקעלע גראָס־גאָלד און ג. ביידערמאַן... אונדזער ישוב איז פאַראָרעמט און פאַריתומט געוואָרן פון דער גרויסער אבידה, און קיין אַנדערע זײַנען אויף זייער פּלאַץ נישט אויפגעקומען. זאָלן מײַנע באַשיידענע ווערטער זײַן געהייליקט זייער אָנדענק.

# באָגאָטאַ אַמאָל און היינט

אָפטמאָל צווייפלט מען אינעם אמת פון דעם זייער פּאָפּולערן זאָג, וועלכן אַלטע לײַט האָבן ליב איבערצוחזרן, אַז „אַמאָליקע צײַטן זײַנען געווען בעסער״. און באַזונדערס ווען מען נעמט אין באַטראַכט דעם פאָר־שריט פון דער ציוויליזאַציע, וועלכע האָט אונדז אַרומגערינגלט מיט אומ־צייליקע מכשירים, וואָס האָבן געמאַכט אונדזער לעבן באַקוועמער, לײַכ־טער און שענער. אַמאָל זײַנען די אַלע זאַכן נישט געווען. אַ סך שוועריקייטן און אומבאַקוועמלעכקייטן זײַנען באַזײַטיקט געוואָרן, און די אַרבעט פון דער פרוי אין שטוב, און אויך פון דעם מאַן, איז געוואָרן לײַכטער. דער טעכנישער פּראָגרעס האָט דערמעגלעכט אַ העכערן לעבנס־ניוואָ, גרעסערע מאַטעריעלע אײַנקונפטן אַפילו פאַר די אַרבעטנדיקע קלאַסן, און דעריבער אויך מער מעגלעכקייטן צו געניסן פון לעבן.

פון דער אַנדערער זײַט אָבער, איז מיט אַ דרײַסיק יאָר צוריק דאָס לעבן נישט געווען אַזוי קאָמפּליצירט ווי הײַנט. אַ קילאָ פלייש האָט דע־מאָלט געקאָסט נישט מער ווי פופצן סענט, אַ פּאָר שיך האָט מען געקויפט פאַר פיף פעזעס און דער פרײַז פון דרײַ אייער איז געווען פינף סענט. עס איז געווען אַ צײַט ווען מען האָט פאַרקויפט אַ ברויט פאַר אַ סענט, שיין אײַנגעוויקלט אין אַ ריין פּאַפּיר זעקעלע. דער איבערגעפולטער „פּאַ־מיליען־קויש״, וואָס האָט געקלעקט אויף אַ גאַנצער וואָך, שוין אַרײַנגע־רעכנט אַ פּאָר פעטע הינער, האָט באַטראָפן צוזאַמען אַ שיבוש פון אַ וועלכע אַכט פעזעס. פאַר דרײַסיק אָדער פערציק פעזעס דעם חודש האָט מען געקאָנט דינגען אַ שטוב אויף סאַנטאַ פע, מיט אַ פאַרהויז, מיט אַ הינטי־שער בודע און אַ הויפל מיט עטלעכע פרוכטביימער, אויסגעפלאַסטערט מיט רויטע ציגעלעך צו וועלכע עס האָט זיך נאָר געפּאַסט אַ באַלעבאַטישע וויגשטול. דאָס איבערצי:ען זיך פון איין דירה אין אַ צווייטער איז געווען בחצי חינם.



קאָנטראַסטן פון באָגאָטאַ: אַ קאָלאָניאַלער טעמפל און אַ מאָדערנער בנין פון דער אַוויאַציע־געזעלשאַפט „אַוויאַנקאַ“

פון צײַט צו צײַט פלעגן פאַרבײַגײין די „גוואַנדאָס״, די היימישע טראָג־בעטלעך אויף וועלכע צוויי מענטשן פלעגן טראָגן אַ קראַנקן אין שפּיטאָל, אָדער אין איינער פון די צוויי קליניקס, וואָס זײַנען צו יענער צײַט געווען אין באָגאָטאַ. ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַן אָרעמען חולה, איז דאָס טראָג־בעטל באַשטאַנען פון אַן איינפאַך בענקל מיט צוויי צוגעבונדענע שטעקנס, וועלכן צוויי מענטשן האָבן געטראָגן מיטן קאַנדידאַט אויף „יענער וועלט״...

די הײַזער האָבן נישט געהאַט קיין באָד־צימערן. געווען בלויז עטלעכע עפנטלעכע בעדער אין פאַרשיידענע טיילן פון דער שטאָט. דער ענין פון באָדן זיך איז נישט אָנגעקומען אַזוי לײַכט, אַזוי אַז דער אַלגעמיינער סאַניטאַרער צושטאַנד איז געווען אַזאַ, נאָך וועלכן עס איז נישטאָ וואָס צו בענקען. אין די שבתים פלעגט מען זיך באָדן בײַ דער וואַש־שיסל אויפן צווייטן הויף אָדער מיט אַ בעקן וואַרעם וואַסער. די נישט געפלאַסטערטע גאַסן זײַנען געווען באַדעקט מיט שטויב אָדער מיט בלאָטע, אָפּהענגיק פון דעם יאָר־סעזאָן, פון די היצן און רעגנס.

וועגן די פאַרווײַלונגען איז אַ גאַנץ באַזונדער און אינטערעסאַנטער קאַפּיטל. אויף דעם געביט האָט שוין דער קינאָ אין יענער צײַט אָנגעהויבן שפּילן אַ וויכטיקע ראָלע. דער ערשטער קינאָ־טעאַטער איז געווען „קינאָ אוניווערסאַל״, אויף דער 24סטער גאַס, מיט אַ קליינעם סאַלאָן פאַר פּריווילעגירטע צושויער און אויפן הויף, אונטערן פרײַעם הימל זײַנען געווען אויסגעשטעלט לאַנגע בענק פאַר די יעניקע צו וועמען דער גורל האָט נישט צוגעשמייכלט. דערנאָך איז צוגעקומען דער „אָלימפּאָ״, אַ טרעף־פּונקט פאַר דער הויפּט־שטאָטישער געזעלשאַפט, און דער „באָגאָטאַ״, אויף דער 20סטער גאַס. אין יענער צײַט איז עס געווען אַ פאַרוואָרפענע געגנט. אויך אויף דער גאַס רעאַל איז געעפנט געוואָרן אַ קינאָ מיטן זעלביקן נאָמען און דער „פּאַענדאַ״ אויף דער 22סטער גאַס. דער קינאָ־זאַל איז נאָך טעטיק ביז הײַנט, הגם אין זייער אַן אָפּגעלאָזענעם צושטאַנד.

קיין אַנדערע עפנטלעכע פאַרווײַלונגס־פּלעצער זײַנען כמעט ווי נישט געווען. אין טעאַטער־סעזאָן פלעגן קומען קיין באָגאָטאַ וואַנדערנדיקע אָפּערע־און אָפּערעטן־טרופּעס, וועלכע פלעגן אַרומפאָרן איבערן קאָנטינענט און זיך אויך אַראָפּלאָזן קיין באָגאָטאַ אויף אַ קורצן סעזאָן. דער קינאָ איז

געווען אַן עפּאָכע־מאַכנדיקע דערשײַנונג, וואָס האָט נישט קיין פאַרגלײַך אין דער געשיכטע פון דער קאָלאָמביאַנער הויפּטשטאָט. די עלעגאַנטע סאַלאָנען האָבן געמאַכט דעם אײַנדרוק פון געזעלשאַפטלעכע זאַמל־פּלעצער, און בשעת די לאַנגמעטערדיקע פילמען פון דער נאָרד אַמעריקאַנער פּראָ־דוקציע זײַנען געלאָפן איבערן עקראַן, מיט די אַוואַנטורעס פון פּוירל ווהייט אָדער מיטן באַנדיטיזם פון ווײַטן מעריב (פאַר וועסט), האָבן גנבהשע בליקן געבלאָנדזשעט פון פאַרטער צו די לאָדזשעס און פאַרקערט, די בליקן פלעגן זיך באַגעגענען און זיך צוזאַמענשטויסן, און זיך אויסלאָזן מיט ראַנדעוווס אין די צווישן־אַקטן, און נאָך דעם אויך אויף אַנדערע פּלעצער, ווי עס פּירט זיך בײַ לײַטן.

דער פלירט איז געווען אַ פאָרשטעלונג „אויסער דער פּראָגראַם״. די מענער פלעגן שפּאַצירן איבער די קאָרידאָרן, אַרויסלאָזן רויך־וואָלקנס פון די פּאַפּיראָסן און אײנוועגס געשפּיזלט זייערע בליקן אויף די יונגע דאַמעס מיט די אײַנגעצויגענע טאַליעס אין די שטײַפע קאָרסעטן. אַנדערע האָבן פּאָזירט פאַר דעם שיינעם מין, וועלכער איז אויך נישט געזעסן מיט קיין פאַרבונדענע אויגן. די פילמען זײַנען געווען שטומע, אָבער דער אָרקעסטער האָט געהאַט אין זײַן רעפּערטואַר נאָטן פון קלאַסישער מוזיק און האָט מיט זײַן ריטעם זיך באַמיט אַרײַנפּאַסן אין דער סיטואַציע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אויפן עקראַן. אַזוי למשל ווען די ווהייט האָט זיך אַראָפּגעגליטשט פון אַ הונדערט־מעטערדיקער הויך, און על פּי לאָגיק, געדאַרפט ברעכן האַלדז און נאַקן, האָט דער אָרקעסטער פּאַטעטיש גע־שטורעמט הענדלערס הללויה, און ווען די אַקטריסע האָט נאָכן שרעקלעכן אַראָפּפאַל זיך געוויזן אַ שמייכלענדיקע אויפן באָדן פון אָפּגרונט, איז דער אָרקעסטער איבערגעגאַנגען צו אַ ריטמישן וואַלס...

אין „אָלימפּאָ״ איז איין טייל פון זאַל געווען באַשטימט פאַר דער „בעסערער״ געזעלשאַפט און דאָס פאָלק איז געגאַנגען אין „הינער־שטײַג״, ווו מען איז געזעסן קאָפּ אויף קאָפּ, אָבער דערפאַר זיך געפילט פרײַ, ווי בײַ זיך אין דער היים. מען האָט זיך געוויצלט, זיך איבערגערופן, אַרײַנ־געזאָגט די אַרטיסטן אויפן עקראַן אָדער אויסגעדריקט זייער באַגײַסטערונג מיט אַפּלאָדיסמענטן און טופּען מיט די פיס, וואָס האָט צוגעגעבן דער פאָרשטעלונג אַן אמתן פאָלקס־כאַראַקטער מיט אַ געוויסן חן...



באָגאָטאַ — דער צענטער פון שטאָט

*

„אַך, וואָס פאַר אַ שיינע צײַטן דאָ זײַנען געווען"! ווען אַוודאי אָפּ־זיפצן אַ סך אַלטיטשקע, אָבער אין דער אמתן זיפצן זיי נאָך זייער פאַר־גאַנגענער יוגנט, וועלכע מען קאָן שוין צוריק נישט כאַפּן. און ווי מאָדנע דאָס זאָל נישט אויסזען איז מיר געבליבן שטעקן אין זיכרון פון יענער צײַט (איך ווייס נישט פאַרוואָס) די מאַסן „קאַלונגאָס", די הינט, וועלכע פלעגן זיך אַרומשלעפּן איבער די גאַסן פון באַגאַטאַ. דאָס זײַנען געווען סימפּאַטישע חיהלעך, נאַקעטע, אָן האָר, מיט טרויעריקע אויגן פלעגן זיי זיך לאַשטשען צו די פאַרבײַגייער. וואָס איז פון זיי געוואָרן? זיי זײַנען מיט אַ מאָל פאַרשווונדן, קיין זכר פון זיי נישט געבליבן, און דווקא איצט ווען די נאַקעטקייט איז אַרײַן אין דער מאָדע!... דאָס איז איינס פון די שפּיצ־לעך פון גורל, וועלכע אַ בן אָדם קאָן גאָרנישט משיג זײַן מיטן שכל.

דאָס שענסטע בילד אין באַגאַטאַ האָט זיך אָבער אָפּגעשפּילט אין די אָוונטן, ווען די זון האָט זיך געזעצט, און ס'איז שוין נישט געווען ליכטיק, אָבער אויך נאָך נישט גענוג פינצטער, — בין השמשות. ווײַל וואָס ס'איז פאַרגעקומען שפּעטער, וועט בלײַבן אַ סוד פון דער געשיכטע און פון דער לבנה, די גאַסן זײַנען אין יענער צײַט געווען שוואַך באַלויכטן, און ס'איז געווען לײַכט זיך אויסצוהיטן פון נײַגעריקע בליקן... ווי נאָר די זון איז אַראָפּ, פלעגן פלעגן מיידלעך, ווי אויף אַן אויסשטעלונג זיך באַווײַזן אין די פענצטער און באַלקאָנען פון זייערע היימען, אויסגעפּוצטע אין עסיק און אין האָניק. צו אייניקע איז גלײַך צוגעקומען דער זיווג, און עס האָט זיך אָנגעהייבן אַן אומענדלעכער שמועס, אונטער דער שמירה, אָדער אָן אַ שמירה, פון די עלטערן. אַנדערע, די ווייניק באַגליקטע, זײַנען געשטאַנען שעהען לאַנג, ווי געדולדיקע פישער מיט אַ פאַרוואָרפענער ווענטקע אין די אויסגעבענקטע אויגן. די בחורים, אויסגעפּראַוועטע אין שענסטן און אין בעסטן, פלעגן מאַרשירן פון איין ראָג צום אַנדערן, און גאָרנישט געקאָנט זיך זאַט אָנקוקן. מען האָט זיך איבערגעוואָרפן מיט ווערטלעך און מיט בליקן, וואָס האָבן ווי בליצן געשניטן די טראָפּיקאַלישע לופט פון אָוונט.

אָפט פלעגן די פראַנטן גיין אין באַגלייטונג פון איינעם, וועלכן מען האָט גערופן מיטן בילדערישן צונאָמען „לײַכטער", ער האָט אונטערגע־האַלטן „דאָס ליכט פון ליבע", און אַרום אים פלעגן זיך קלעפּן די מער

שעמעוודיקע, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין קוראַזש אַליין צוגיין צו אַ מיידל. די בחורים האָבן שטרענג אָפּגעהיט דעם עטיקעט, און דער וואָס האָט נישט געטראָגן קיין שטײַפן קראַגן, פֿײַנעם אויסבינדער און שיך, וואָס האָבן געגלאַנצט ווי אַ שפּיגעלע, האָט געדאַרפֿט זוכן זײַן גליק אויף די זײַטיקע גאַסן...

איך האָב גיך געכאַפּט די שפּראַך פֿון לאַנד, און געהאַט חברים פֿון מײַן עלטער צווישן די קאָלאָמביאַנער, וועלכע זײַנען בטבע צוגעלאָזן און האָבן נישט קיין פּאַראורטיילן צום אויסלענדער. אָפֿט פֿלעג איך אַרויסגיין מיט זיי און מיט גרויס אינטערעס באַטראַכט זייער לעבן, און געזוכט צו פֿאַרשטיין די לאַגע פֿון לאַנד אויף אַלע געביטן. אין דער אָרטיקער טאָג־צײַטונג האָב איך דאָס ערשטע געזוכט אינפֿאָרמאַציע וועגן עקאָנאָמישע ענינים. די לאַנד־פּאָליטיק האָב איך די ערשטע יאָרן גאָר ווייניק פֿאַר־שטאַנען, און נישט געוווּסט דעם אונטערשייד פֿון איין פּאַרטיי צו דער אַנדערער. דאַקעגן אין עקאָנאָמיק בין איך גיך געוואָרן אַ שטיקל מומחה, און פֿאַר מיר איז געווען אַן אַנגענעמע איבערראַשונג זיך צו דערוויסן, אַז נישט קוקנדיק אויף דעם וואָס דער לעבנס־ניווא פֿון פֿאָלק איז נאָך אַ גאַנץ נידעריקער, פֿאַרמאָגט אָבער דאָס לאַנד אַן אוצר פֿון נאַטירלעכע רײַכטימער, און עס איז נאָר אַ פֿראַגע פֿון צײַט, פֿון טעכניק און פֿון אַרבעט אויף אַרויסצוהייבן דעם לעבנס־סטאַנדאַרד פֿון דער באַפֿעלקערונג און אַנטוויקלען גרויסע אינדוסטריעס.

אין יענער צײַט האָט די פּראָדוקציע פֿון קאַווע פֿאַרנומען דעם אויבנאָן אין דער לאַנד־עקנאָמיק. אָבער חוץ קאַווע האָבן אויך זייער גוט געוואַקסן אַנדערע טראָפּיקאַלישע פּרוכטן, ווי באַנאַנעס, למשל, וואָס האָבן שוין פֿאַר־נומען אַ וויכטיקן אָרט אין עקספּאָרט, וועלכער האָט געגעבן דיוויזן. די גרעסטע רײַכטימער פֿון לאַנד זײַנען נאָך אָבער געווען פֿאַרבאָרגן אין די אינגעווייד פֿון קאָלאָמביאַנער באָדן, וואָס פֿאַרמאָגט גאָלד, זילבער, פּלאַטין, קוילן און אויך פּעטראָל. אַ לאַנד מיט אַ גרויסן פֿאַרמעגן, די מענטשן האָבן אָבער פֿאַרמאָגט זייער ווייניק, מיטן אויסנאָם פֿון אייניקע, וואָס האָבן פֿאַרמאָגט אַ סך...

און דאָך האָט בײַ די פּרימיטיווע לעבנס־באַדינגונגען דער אַרבעטער און פֿאָלקס־מענטש געהאַט געגנוג אויף זײַן אויסקומעניש, לויט די רעדו־

צירטע באַדערפעניש פון יענער צײַט. אַן אַרבעטער האָט פאַרדינט בײַ די פינף פּעזעס אַ וואָך, אַ פּעזע איז געווען אַ גרויסע מטבע מיט וועלכער מען האָט געקאָנט קויפן אַ סך מער זאַכן ווי הײַנט. עס איז געווען גענוג אויפן טעגלעכן „סאנקאָטשא" פאַר דער פאַמיליע, וואָס באַשטייט פון אַ געמיש פון אַ שמץ פלייש, רײַז, גרינס און די אומפאַרמײַדלעכע קאַרטאָפל. אין די יום־טובים האָט מען זיך דערלויבט צו עסן אַ טעלער „טשיטשאַראָנעס" פון שטיקלעך געבראָטן חזיר פלייש און נאָך צו דעם אַ קופּל „טשיטשאַ", אַ מין ביר פון פערמענטירטער קוקורוזע. אין די פרײַע שעהען האָט דאָס פאָלק געשפּילט אַ „טעכאָ", אין ווארפן אַ דיסק אין אַ באַשטימטן צילפונקט. אַזוי האָט אויסגעזען דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן פון די אַרבעטנדיקע מענטשן אין קאָלאָמביע אין די ערשטע יאָרן פון אונדזער אײַנוואַנדערונג.

אײַזקאַסטנס זײַנען נאָך אין יענער צײַט געווען אַ יקר המציאות, און אין די יאַטקעס און מערק איז דאָס פלייש געווען אויסגעהאַנגען אויף אײַזערנע האָקנס, אויסגעשטעלט אויף אַ געזעמל פון פליגן און אַנדערע אינזעקטן. ווארשײַנלעך זײַנען מיט עטלעכע און דרײַסיק יאָר צוריק נישט געווען קיין בעסערע סאַניטאַרע באַדינגונגען אויך אין די אייראָפּעיִשע שטעט און שטעטלעך. דאָס זעלבע מיט דער הלבשה. דער אַרבעטער האָט פאַרדינט אויף עסן, אָבער עס האָט אים נישט געקלעקט אויף קיין אַנצוג, און ער איז אַרומגעגאַנגען באָרוועס און האַלב־נאַקעט. אַ זון פלעגט ירשענען אַ פּאָר הויזן און אַ רעקל פון טאַטן אָדער פון אַן עלטערן ברודער, נאָך דעם ווי די פּעיִקע הענט פון דער מאַמען האָבן זיי פאַרקירצט. געגנוי ווי בײַ דער אָרעמקייט פון די אַמאָליקע ייִדישע שטעט און שטעטלעך, נאָר מעג־לעך — נאָך אַ ביסעלע ערגער...

*

מען איז געגאַנגען מיט פּאַמעלעכע טריט, מיטן ריטעם פון פוסגייער און פערדישע קאַפּיטעס (אַן אויטאָמאָביל איז נאָך געווען אַ קוריאָז, נאָך וועלכן קינדער פלעגן נאָכלויפן), און אַן עקאָנאָמישע „פּראָבלעמעס". בײַם סוף פון די דרײַסיקער יאָרן האָט פּלוצים דער ריטעם זיך געענדערט אויף אַן אײַנדרוקספולן אופן. אין יאָר 1929 איז אויסגעבראָכן אַ וועלט־קריזיס, וואָס האָט געענדערט דאָס פּנים פון אַ סך זאַכן. אין קאָלאָמביע האָט דער קריזיס געדויערט ביזן יאָר 1932, ווען די רעגירונג האָט אָפּגעשטעלט צו




אַ האָטעל אין באָגאָטאַ

צאָלן די חובות, האָט דעקרעטירט אַ מאָראַטאָריע, און האָט אָנגענומען דראַסטישע מיטלען אויף צו פּראָטעזשירן די נאַציאָנאַלעווירטשאַפט.

און דאָס האָט אַרײַנגעבלאָזן אַ רוח החיים פון אַ נײַ לעבן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּעריאָד פון אינדוסטריאַליזאַציע און פון אַן איגטענסיווער עקאָנאָמישער טעטיקייט אויף פאַרשיידענע געביטן. עס האָבן זיך געעפנט נײַע האָריזאָנטן און דאָס לאַנד האָט אָנגעהויבן אַרויסגיין פון קאָלאָניאַלן צושטאַנד. עס איז באַשווערט געוואָרן דער אימפּאָרט פון אינדוסטריעלע פּראָדוקטן, און עס איז געשאַפן געוואָרן אַ באַזע פאַר דער אַנטוויקלונג פון אַן אייגענע נאַציאָנאַלער אינדוסטריע. אין די באַדינגונגען זײַנען אַנטשטאַנען ברייטע מעגלעכקייטן פאַרן אונטערנעמונגס־גײַסט פון די יידישע אימיגראַנטן.

עס איז אײַנגעפירט געוואָרן אַ שטײַער פון איין סענט פאַר יעדן קילאָ מאַשין־און געצײַג־אימפּאָרט, און פופצן סענט פאַר אַ קילאָ וואָל־פאָדעם. דאָס איז געווען גענוג, אַז די נאַציאָנאַלע אינדוסטריע זאָל אין אייניקע אַרטיקלען קאָנען קאָנקורירן מיט די אימפּאָרטירטע פּראָדוקטן. דאָס לאַנד האָט געמאַכט דעם ערשטן טריט אויפן וועג צו עקאָנאָמישער אומאָפּהענגיקייט און אינדוסטריעלער פּראָדוקציע. די פּראָטעקציאָניסטישע פּאָליטיק פון דער רעגירונג האָט ברייט געעפנט די טירן פאַר אַן אייגענעם טעכנישן פאָרשריט, און אין לאַנד האָבן אָנגעהויבן וואַקסן פאַבריקן און פאַבריקלעך ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן. עס איז געהעכערט געוואָרן דער לעבנס־ניוואָ פון דער באַפעלקערונג, געוואָקסן די באַדערפעניש און גיך איז פאַרשוווּנדן דער וואָגן געשפּאַנט אין פערדלעך, דאָס טראָגבעטל, דער טראַמוויי געשלעפּט פון מױלאייזלען, און אַפילו די באַלעבאַטישע הײַזער אויף די צענטראַלע גאַסן האָבן באַקומען דעם ריח פון „פאַרגאַנגענע צײַטן". זיי ווערן צעמאָלן און אויף זייער אָרט וואַקסן וואָלקנקראַצער. דאָס לאַנד האָט אָנגעהויבן אויפקומען, וואַקסן אין דער ברייט און אין דער הויך.

און ווען אין קאָלאָמביע האָבן אָנגעהויבן בלאָזן די פרישע ווינטן פון פּראָגרעס, איז שנעל אויפגעקומען אַן אייגענע טעקסטיל־אינדוסטריע מיט גרויסע פאַבריקן, וועבערײַען און פאַרבערײַען. אין שטאָט בעליאָ פון דער פּראָווינץ אַנטיאָקיאָ איז אַנטשטאַנען אַ טעקסטיל צענטער, וואָס באַשעפ־

טיקט פיל טויזנטער אַרבעטערס. עס געפינען זיך גרויסע טעקסטיל־אונ־טערנעמונגען אויך אין אַנדערע שטעט, אָבער כאַראַקטעריסטיש איז דער פאַל וואָס דער מאַנטשעסטער פון קאָלאָמביאַ, איז אין אַ קורצן צײַט־אָפּ־שניט פון אַ וועלכע דרײַ יאָר צענדליק געוואָקסן פון דרײַ הונדערט טויזנט ביז אַ מיליאָן אײַנוווינער.

און פונקט ווי קאָלאָמביאַ האָט געהאַט דעם כבוד צו זײַן די פּאָר־גייערין פון דער גרויסער קאָלאָמביאַנער טעקסטיל אינדוסטריע, וועלכע איז הײַנט דער שטאָלץ פון לאַטיין־אַמעריקע, אַזוי איז אין באָגאָטאַ אויפֿ־געשוווּמען די קליין־אינדוסטריע, וועלכע האָט פֿריִער גאָרנישט עקסיסטירט. עס זײַנען יאָ געווען קליינע האַנטווערקער, וועלכע זײַנען אָבער איבער־געגאַנגען צו אַ מעכאַנישער אינדוסטריע, וואָס ווערט דערגאַנצט און אַרויסגעהאָלפן מיט דער גאַנצער פאַבריק־סיסטעם פון לאַנד, וועלכע איז גוט אָרגאַניזירט. אין באַקליידונגס־סעקטאָר, למשל, האָט דער שנײַדער־מײַסטער שוין לאַנג אויפגעהערט צו אַרבעטן מיטן אַלטן ריטעם, און כאָטש ער טראָגט נאָך דעם ערן־טיטל פון אַ „שנײַדער־מײַסטער״, אַרבעט ער שוין פאַרן ברייטן מאַרק, שאַפט אַ מאַסן־פּראָדוקציע, און באַשעפטיקט פיל צענדליקער און אַפילו הונדערטער מענטשן.

אין דער באַקלייד־אינדוסטריע זײַנען פאַרטראָטן פיל ייִדן, און עס דאַרף באַזונדערס אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז די קאָנפעקציע פון קאָלאָמ־ביע, האָט זיך שטענדיק אויסגעצייכנט מיט איר הויכער קוואַליטעט. מיט דרײַסיק יאָר צוריק האָבן נאָך די רײַכע לײַט פון קאָלאָמביע זיך אײַנגע־קויפט נאָר אימפּאָרטירטע באַקליידונג, וואָס פלעגט קומען פון לאָנדאָן און פּאַריז. אויך שיך פלעגן אימפּאָרטירט ווערן. שוין לאַנג אַז דער אימפּאָרט פון די אַרטיקלען איז אָפּגעשטעלט, און נישט צוליב די הויכע שטײַערן — ווײַל דער ענין פון געלט איז פאַר די לײַט נישט קיין שטערונג — נאָר פשוט צוליב דעם, ווײַל די עלעגאַנטסטע מענער און פרויען, די מפונקים אין באַקליידונג, קאָנען אין די מאָדע־הײַזער פון באָגאָטאַ געפינען די פײַנסטע אַרטיקלען און די בעסטע אַרבעט, וועלכע קאָנען קאָנקורירן מיט די אייראָפּעיִשע מאָדע־צענטערס.

אין יאָר 1930 זײַנען שוין אין לאַנד געווען אַ באַטײַטנדיקע צאָל ייִדישע אימיגראַנטן, וועלכע זײַנען אַנטלאָפן פון די אַלע אומגליקן, וועלכע

זיי האָבן דורות לאַנג געליטן אויפן אייראָפּעיִשן קאָנטינענט. די פּאָליטיק פון אָפּענע טירן, וועלכע קאָלאָמביע האָט דעמאָלט אָנגעווענדעט, האָט באַגינציקט דעם עמיגראַציע־שטראָם, און פיל ייִדן האָבן דאָ געפונען אַ נײַע און פרײַנטלעכע היים. די דאָזיקע אימיגראַנטן האָבן עס פּאַרזייט די ערשטע קערנדלעך פון וועלכע עס איז מיט דער צײַט אויסגעוואקסן דאָס וואָס מיר רופן „די קליינע נאַציאָנאַלע אינדוסטריע".

זיי האָבן אָנגעהויבן מיט קליינע וואַרשטאַטן, אָבער מיטן כּוח פון לאַנגע שעהען אַרבעט, מיט אויסדויער און אָפּשפּאָר, האָבן זיי באַוויזן אַרײַנצופירן נײַע מאַשינעס און אַנטוויקלען אַ מאַסן־פּראָדוקציע. די ערשטע יאָרן האָט מען געמוזט אויסבאַהאַלטן דאָס אָפּשטאַם פון די אויסגעאַרבעטע פּראָדוקטן און זיי באַצייכנט ווי אויסלענדישע, מיט עקזאָטישע נעמען, כּדי דער קליענט זאָל זיי וועלן קויפן. אַ נאַציאָנאַלער אַרטיקל איז געווען דעמפּרעסטיזשירט און פּאַרברויכער האָבן געפּאָדערט „אימפּאָרטירטע" סחורות. אָבער מיט דער צײַט האָט דער געשמאַק פון עולם ראַדיקאַל זיך געענדערט, גיך האָט מען זיך איבערצײַגט אַז די פּראָדוקטן פון דער קאָלאָמביאַנער אינדוסטריע זײַנען נישט ערגער פון די אימפּאָרטירטע, און שיך, קליידער, דאַמענטאַשן, סוועטערס און אַנדערע אַרטיקלען האָבן אָנגעפילט דעם מאַרק. פּראָדוקטן וועלכע האָבן פריִער געמוזט אַריבערשפּאַנען ימים ביז זיי זײַנען אָנגעקומען קיין קאָלאָמביע, האָבן אָנגעפילט די מאַגאַזינען.

הײַנט צו טאָג דערגרייכט דער אַלגעמיינער קאַפּיטאַל פון רעם דאָזיקן אינדוסטריע־סעקטאָר צו די הונדערטער מיליאָנען פון אַ „האַרטער" מטבע. די אַרבעטס־הענט, וואָס באַדינען דעם אינדוסטריע־צווײַג איז ריזיק געוואָקסן. די קויף־קראַפט פון דער באַפעלקערונג איז געשטיגן. מענטשן זײַנען בעסער געקליידט, לעבן אין בעסערע באַדינגונגען, עסן בעסער, און פאַרשאַפן זיך אַזעלכע זאַכן פון וועלכע מען האָט אַמאָליקע צײַטן אַפילו נישט געחלומט, ווי למשל ראַדיאָ־אַפּאַראַטן, טעלעוויזאָרן, אויטאָמאָבילן, מאָדערנע קיכן, באַד־צימערן, שטויב־אײַנזאַפּערס און אַנדערע שמאָכטעס, וועלכע מאַכן באַקוועמער די היים, פאַרשפּאָרן אַ סך אַרבעט און מאַכן שענער דאָס לעבן.

אַזוי אַז ס׳איז נישטאָ וואָס צו בענקען נאָך די „אַלטע גוטע צײַטן", הגם ס׳איז נאָך אַ פראַגע צי אָט דער ראַשיקער אויפבלי פון פּראָגרעס האָט

געגעבן מער רו און גליק דעם מאָדערנעם מענטשן, וועלכער איז געוואָרן „פאַרשקלאַפט צו זאַכן", ווי עס זאָגן אייניקע פילאָסאָפן...

ווי עס האָט געזאָגט אונדזער זיידע מענדעלע: „נישט דאָס בין איך אויסן", דאָס איז שוין אַן ענין אַן אַלגעמיינער, אַן אַלוועלטלעכער, און קאָלאָמביע, ווי אַלע אַנדערע לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער, באַמיט זיך אַרויסגיין פון איר אָפּגעשטאַנענקייט און עקאָנאָמישער אָפּהענגיקייט, און וואָס גיכער אַרויס אויפן ברייטן וועג פון ציוויליזאַציע און פּראָגרעס.

און דאָס טאַקע בין איך יאָ אויסן צו זאָגן: פאַר די לעצטע עטלעכע צענדליק יאָר האָט קאָלאָמביע שטאַרק פּראָגרעסירט, אירע שטעט איז נישט צו דערקענען, באָגאָטאַ איז פון אַ דאָרף געוואָרן אַ מעטראָפּאָליע, אַ צענטער פון קולטור און ציוויליזאַציע, און פאַר דעם האָבן בײַגעטראָגן אַ באַטײַטנ־דיקן טייל די ייִדישע אימיגראַנטן.

## העלדן אָדער קרבנות פון לעבן?

מיט אַ דרײַסיק יאָר צוריק, ווען די זוילן פון מײַנע שיך, האָבן זיך נאָך נישט אײַן גאַנצן באַפרײַט פון דעם אײַנגעזאַפּטן ערד־שטויב, וועלכן זײ האָבן מיטגעבראַכט פון דער אַלטער היים, בין איך אָנגעקומען קיין קאַלי, די הויפּטשטאָט פון דער קאָלאָמביאַנער פּראָווינץ וואַליע דעל קועקאַ. קאַלי האָט דאַן פאַרמאָגט בײַ די הונדערט מיט פופציק טויזנט נפשות. זינט דעם מאָמענט ווען איך האָב באַטראָטן די קאָלאָמביאַנער ערד און דערפילט אַ פעסטן באָדן אונטער מײַנע פיס, האָט מיך באַהערשט אַ דראַנג צו פאַרצייכענען מײַנע אײַנדרוקן, אָדער בעסער געזאָגט: אַ דראַנג אויסצודריקן אַ לויב דעם דאָזיקן געבענטשטן און אויסערגעוויינלעך שיינעם לאַנד, ווו איך האָב זיך געפילט אַזוי פרײַ, חשוב און גלײַכבאַרעכטיקט ווי די אײַנגעבוירענע אײַנוווינער, וועלכע האָבן געקוקט אויף מיר מיט פרײַנטשאַפט, און מיך באַהאַנדלט מיט מענטשלעכער וואַרעמקייט.

דער הימל איבער דעם דאָזיקן טאָל איז ווי אַ מתנה, וואָס די קאָלאָמביאַנער באַשערטקייט האָט באַשאָנקען די שטאָט קאַלי. די מחיהדיקע זונשטראַלן, און דער מילדער קלימאַט אַ גאַנץ יאָר, גיסן ממש אָן די אברים מיט קראַפט און מיט ווילן צו לעבן און שאַפן. אַ ווילן צו באַנעמען און אויסדריקן מיט וואָרט, די נאַטירלעכע שיינקייטן פון דעם דאָזיקן גאָט־געבענטשטן טאָל...

אָבער דאָס איז אַן ענין פאַר פאָעטן און אין דער פאָסיקער צײַט. איצט בין איך אויסן גאָר צו דערציילן וועגן אַזעלכע, וועלכע זײַנען באַוווּסט פון לעבן.

צווישן דעם געווירבל פון מענטשן, וועלכע קרייצן די גאַסן הין און צוריק און צווישן דעם געיעג פון אויטאָס, ליגט ווי אַ גרין אינדזעלע דער קאַסעדאַ בולוואַר, און אין שאָטן פון זײַנע באַיאָרנטע פאַלמען־ביימער פעלט קיינמאָל נישט די שטענדיקע גרופּע שיכפּוצער, וואָס בילדן אַן אָרגאַנישן

טייל פון דער גאַסן־פּאַנאָראַמע, ווי די שטיינער פון ברוק, ווי די בענק פון פּאַרק, ווי דיביימער פון וועלכע עס פאַלן פאַרוועלקטע בלעטער.

כאָטש דער בולוואַר איז אין פאַרלויף פון דער צייט היפּש באַנייט געוואָרן, האָט ער דאָך נישט פאַרלאָרן זיין עיקרדיקע כאַראַקטעריסטיק, ווי איך האָב אים געזען מיט פיל יאָרן צוריק, אין פאַרלויף פון וועלכע עס איז שוין פאַרביי אַ האַלב מענטשלעך לעבן. אַ פּאָר ווינקלען נאָר פון דעם שיינעם פּאַרק האָבן באַקומען אַ גאַנץ נייעם אויסזען. גרויסע מאָדערנע בנינים האָבן פאַרטראָטן דאָרט די קליינע הייזקעס, וועלכע איך האָב אַמאָל געזען, און וואָס זיינען בלויז פאַרבליבן אין מיין זכרון. איצט איז די געגנט פאַרוואַנדלט אין אַ פּרעכטיקן און עלעגאַנטן האַנדלס־צענטער פול מיט לעבן און באַוועגונג.

און אויפן זעלבן אָרט ווי מיט אַריבער דרייסיק יאָר צוריק, ווי אַן אינטעגראַלער טייל פון דעם אַרומיקן שטאָטישן פּייזאַזש, זיצן נאָך אַלץ ביי זייערע קליינע הילצערנע קעסטעלעך, די אָרעמע און באַשיידענע מענטשן, אויף וועלכע קיינער קוקט זיך נישט אום, און וואָס רופן נישט אַרויס קיינעמס אויפמערק. מעגלעך, אַז דאָס זיינען נאָך די זעלביקע פון אַמאָל, וועלכע האָבן ביים אָנקום פון יונגן זעכצניאָריקן אימיגראַנט, אַזוי שטום און פאַרגליווערט געזעסן ביי זייערע קליינע וואַרשטאַטלעך.

כי לא לנצח ישכח אביון, נישט אויף שטענדיק וועט פאַרגעסן זיין דער אָרעמאַן, האָב איך זיך דערמאָנט אַ פּסוק פון תהילים. אין אַ לאַנד וואָס איז פול מיט שפע, וועלכן די נאַטור האָט באַגליקט מיט אַזוי פיל רייכקייט, און פאַרן בכיר היצירה געעפנט אַזעלכע אומבאַגרענעצטע מעגלעכקייטן, איז ווי קומט עס, האָב איך געטראַכט, וואָס מענטשן אין פולן בלי פון זייערע קרעפטן, קאָנען זיך נישט געפינען קיין אַנדערע מער בכבודיקע באַשעפטיקונג?

גענוי ווי אין די ערשטע טעג פון מיין אָנקום אין לאַנד, אַזוי ביי יעדן איינעם פון מיינע וויטערדיקע באַזוכן אין קאַלי, פלעג איך זיך צוקוקן מיט נייגער צו די שיכפּוצער. אפשר האָב איך אומבאַוווסטזיניק פאַרגליכן די ערשטע אומזיכערע טריט פון אַ „גרינעם" בחורל אין אַ פרעמדן לאַנד, וואָס האָט אין געציילטע עטלעכע וואָכן שוין פיין פאַרדינט אויף זיין אויסקומעניש, מיט דער לאַגע פון אָט די מענטשן, וועלכע זיינען געבוירן גע־

וואָרן אין אַזאַ באַטירלעכער רחבות, אָבער אָן דער מעגלעכקייט פון איר צו געניסן?..

איך האָב זיי באַטראַכט ווי זיי זיצן איבער זייערע קעסטעלעך, אין וועלכע עס ליגן בערשטלעך, שוואַקס און שטיקער לייוונט. זיי טוען זייער אַרבעט מיטן איפער פון פריסטער ביי אָן עבודת הקודש, שמירן מיט גרויס כוונה די שיך פון זייערע קליענטן, און דער פּאַס לייוונט אין זייערע הענט פליט מיט דער שנעלקייט פון אַ מאַגישער טאַשמע. איך שטעל אַוועק מיין רעכטן פוס אויפן געווערקשטאַטל, און וויל עפּעס זאָגן אַ גוט וואָרט, וואָס זאָל אַרויסרופן אַ צופרידענעם שמייכל אויפן טונקעלן פּנים פון שיכפּוצער, וועלכער קוקט אויף מיר מיט אַזעלכע טרויעריקע און הכנעהדיקע אויגן. אָבער איך געפין נישט קיין ווערטער און בלייב פאַרשטומט און, ווי אין די פאַבריקע פאַלן, הייב איך אָן צו טראַכטן וועגן גורל פון אָט די מענטשן און פיל ענלעכע צו זיי, וועגן זייער לעבן, זייערע ליידן און פריידן אין אָט דעם שיינעם און פרייעם לאַנד.

די זאַך קאָן אפשר אויסזען באַנאַל, אָבער אַן אינערלעכער דראַנג האָט מיך געצווונגען וועגן די זאַכן צו טראַכטן. ווען איך וואָלט מיט וועמען געטיילט מיינע געדאַנקען, וואָלט מען מיך אַוודאי באַטראַכט ווי נישט ביים פולן זינען. אָבער די געפילן האָבן אַרויסגעשטראָמט פון האַרצן, ווי עמע־צער וואָלט אַרויסגערעדט פון מיין ברוסט, ווי מען וואָלט געמאָנט ביי מיר אַ חוב וועלכן איך דאַרף צאָלן; אַ חוב וועלכן איך בין שולדיק די אָרעמע מענטשן, און זיך טיילן מיט די יעניקע, וועלכע זיינען וויליק מיך צו הערן...

איך בין געשטאַנען אַ לאַנגע ווייַלע און באַטראַכט די שורה שיכפּוצער, וואָס זיצן איינגעבויגן איבער זייערע הילצערנע וואַרשטאַטלעך. אַזוי האָב איך זיי געזען אין קאַלי אין מיינע ערשטע אימיגראַנטישע יאָרן. פאַר דער לאַנגער צייט האָט אַ סך זיך געביטן. דער טעכנישער פּראָגרעס האָט גע־ענדערט דעם פּנים פון דער שטאָט, פון די גאַסן, פון די הייזער און אַפילו פון די מענטשן. נאָר ביי זיי איז אַלץ געבליבן ביים אַלטן. מיט די זעלביקע הילצערנע קעסטעלעך, שוואַקס און באַרשטן, נעמען זיי אויף זייער לעבן מיט סטאָאיציזם, ווי העלדן אָדער ווי קרבנות פון גורל. אויף זייערע קברים

וועט מען נישט שטעלן קיין מאָנומענטן און אויך נישט אָנצינדן קיין נר תמיד ווי פאַרן אומבאַקאַנטן סאָלדאַט.

און דאָך גיבן זיי צו מיט זייערע האַרטע פאַרהאַרעוועטע הענט אַ טראָפּן שיינקייט דעם שטאָטישן מענטשן. זיי דערפילן אַ געוויסע נוצלעכע מיסיע, מיט וועלכער אַ גרויסער טייל פון זיי גיט זיך אָפּ דאָס גאַנצע לעבן. די גע־זעלשאַפט באַנוצט זיך מיט זייער מי, אָבער האָט נישט צו זיי קיין שום פליכטן. אַרבעטער געניסן פון סאָציאַלער פאַרזיכערונג, נאָר זיי זײַנען געבליבן מחוץ למחנה, פאַרגעסענע פון גאָט און פון מענטשן.

איך האָב זיך דערוווּסטערט פון בולוואַר מיט אַ מאָדנעם געפיל אין האַרצן, ווען דאָרט זײַנען געבליבן זיצן די שיכפּוצער איבער זייערע היל־צערנע וואַרשטאַטלעך אין דערוואַרטונג אויף קליענטן. און ווען איך האָב עס באַוויזן צו דערציילן, גוט אָדער שלעכט, וועגן לעבן פון די דאָזיקע אָרעמע און באַשיידענע מענטשן, פיל איך אַ פאַרלײַכטערונג אין געמיט פאַרן דערמאָנען צום גוטן די דאָזיקע אַנאָנימע העלדן אָדער קרבנות פון לעבן.

# אַ רייזע קיין „סיביר“

אין איינעם פון די העלע און לויטערע פרימאָרגנס, וואָס בלענדן מיט אַזאַ צאַרטער שײַן, איז מיר אויסגעקומען צו מאַכן אַ רײַזע צוליב געשעפטלעכע ענינים אין דער אומגעגנט פון לאַ קאַלעראַ. איידער איך האָב אונטערגענומען די נסיעה האָב איך זיך גאָרנישט פאָרגעשטעלט, אַז אַזאַ טאָג־טעגלעכער און פּראָזאַישער ענין זאָל זיך פאַרוואַנדלען אין אַ וווּנדערבאַרן שפּאַציר מיט אַזוי פיל אומפאַרגעסלעכע אײַנדרוקן. אָבער דאָס לעבן האָט זיך זײַנע קאַפּריזן, עס טראָגט אונדז אַמאָל צו פײַנלעכע אַנטוישונגען, אָדער דערפרייט מיט אומדערוואַרטעטע סורפּריזן.

ווען איך האָב זיך אַרויסגעלאָזט אויף דער רײַזע האָב איך זיך פאָרגעשטעלט, אַז עס דערוואַרט מיך אַ היפּש ביסל לאַנגווײַליקייט און אַ סך נודנע שעהען, האָב איך בײַ זיך אָפּגעמאַכט צו דערליידיקן מײַנע געשעפטן וואָס גיכער, און זיך אומקערן וואָס פריִער אין שטאָט. אָבער ווען איך בין אָנגעקומען אין לאַ קאַלעראַ האָב איך דערזען, אַז די זאַך זעט אויס אין גאַנצן אַנדערש. דער גורל האָט מיר צוגעטיילט אַן אומפאַרגעסלעכע איבערלעבונג, וואָס האָט מיר פאַרשאַפט גרויס פאַרגעניגן, עפּעס אַזוינס וואָס די מוטער־נאַטור — וועלכע איז נישט שטענדיק קאַרג — טיילט צו פון צײַט צו צײַט אויף צו דערפרייען דאָס האַרץ פון מענטשן.

באָגאָטאַ איז אַרומגערינגלט און באַצירט מיט אַ קייט פון בערג ענלעך צו אַ קאָמפּאַקטער אַרמיי, וואָס באַוואַכט אַ קעניג. דער וועג אין לאַ קאַלעראַ איז פול מיט גריבער און שטרויכלונגען, אַ וועג וואָס האָט נאָך נישט פאַרזוכט דעם טעם פון אַספאַלט, און האָט נאָך נישט געפילט דעם דרוק פון קיין פלאַניר־מאַשין. איך האָב זיך אַרײַנגעזעצט אין אויטאָ און זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן. ווי נאָר איך האָב געלאָזן הינטער זיך דעם שטאָטישן הור־האַ מיט די מיזערנע הינטערגעסלעך פון דער בײַשטאָטישער געגנט, האָט פאַר מײַנע אויגן זיך אַנטפּלעקט אַ פּרעכטיקע לאַנדשאַפט: פונדערווײַטנס, אויף

וויפל דאָס אויג האָט נאָר געקאָנט אַרומנעמען, האָט זיך אויסגעשפּרייט די שטאָט אין איר גאַנצער פּראַכט, מיט איר מאָדערנער אורבאַניזאַציע, די נײַע שטאָט־געגנט „על טשיקאָ״ ווי אַן אויסגעצערטלט מיזיניקל אויפן בילד פון דער מעטראָפּאָליע. די פּאַנאָראַמע האָט ממש באַצויבערט מיט אירע אויסטערלישע קאָלירן און פאָרמען. די ברייטע אַלייען, וואָס ציִען זיך פון מזרח צו מערב און די נעץ פון גאַסן, ווי פאַרשיידנפאַרביקע לענטעס, וואָס שנײַדן זיי איבער; די גרינע לאָנקעס אויסגעבעט מיט פרישן גראָז ווי דאָס אויג געפינט אַ מחיהדיקע מנוחה; די ביימער, בייטן, און צווישן זיי רויטע דעכער פון די חנעוודיקע הײַזקעס.

דער אויטאָ קלעטערט באַרג־אַרויף ווי אַ ווילדע ציג, און בײַ יעדן אויפשטײַג דערשײַנט אַ נײַער באַרג־שפּיץ. מען זעט נישט מער ווי הימל און בערג. בערג און הימל און אַ געשלענגלטעד וועג צווישןביידן. ווי זעט אויס די וועלט, וואָס ליגט דאָרט הינטער די הימלען? פּלוצים, דערשײַנט פאַר די אויגן אַ טײַך, וואָס פליסט אין דער זעלביקער ריכטונג ווי דער וועג. מיט אַ שטילן גערויש טרײַבט ער זײַנע וואַסערן פאָראויס, און ווו נאָר זיי שטויסן זיך אָן אויף אַ שטיין ווערן זײַנע כוואַליעס באַדעקט מיט אַ געבייזער פון ווײַסן שוים. ווי גוט וואָלט געווען, טראַכט איך, ווען מען קאָן דאָ אויסבויען אַ קליין שטיבעלע מיט אַ גערטנדל, מיט אַ שטיקל באַלעבאַטישקייט, ווי אין אַ מושב וואָס איך האָב געזען אין ישראל. אָבער ווי וועט אַ ייִד קאָנען לעבן אַליין? טאַקע אויף אַ באַרג, נאָענט צו גאָט, אָבער ווײַט פון ייִדן און פון ישראל?...

די וואָלקנס שוועבן פאַרבײַ, זיי דעקן מיר אײַן ווי מיט אַ פּוך פון צויבער פעדערן. די בלויזן צווישן די וואָלקנס זעען אויס ווי בלויע סאַזשעלקעס. די מאַסיווע באַרג־קייטן ווי גיגאַנטישע לייטערס גרייכן מיט די שפּיצן אין דער אייביקייט, און די נשמה שטרעבט אין דער דאָזיקער שטילקייט אויפשטײַגן אין די ספירות פון דער אומענדלעכקייט. אַלץ איז דאָ פרידן, רו און שיכחה. די נאַטור שטעלט אונדז אין אַ קאָנטאַקט מיטן אַלעמהעכסטן דורך אַן אינערלעכן ניגון, וואָס זינגט אָן קלאַנג און אָן ווערטער. איצט פיל איך דעם באַטײַט פון פּסוק כל עצמותי תאמרנה, אַ געזאַנג וואָס זינגט אין מאַרך פון די ביינער, וואָס קומט פון דער טיפעניש פון הארצן.

ווען איך ניכטער זיך אויס פון מײַן אַנטציקונג, באַהערשן מיך פאַר־שיידענע מחשבות, וועלכע זײַנען פאַרבונדן מיט פּראַזאַישע אינטערעסן פון אַ פּראַקטישן מענטשן, וועלכן עס פאַלט אײַן, אַז אַט די מתנה פון דער נאַטור וואָלט מען געקאָנט זייער גוט אויסנוצן אויף צו מאַכן שענער און בעסער דאָס לעבן. אויף דעם פּלאַץ, האָב איך געטראַכט, וואָלטן דאָך מענ־טשן פון שטאָט געקאָנט געפינען אַן אָפּרו און ווידערהאָלונג. דעם גן־עדן ווינקעלע וואָלט מען געדאַרפט שטעלן צו דינסט דעם שטאָטישן מענטשן. די שטאָט צעשרויפט דאָך זײַנע נערוון און פאַרקירצט אים די יאָרן. און אין מײַן דמיון זע איך אויף די אַרומיקע היגלען און בערג גרופּעס פיל־פאַרביקע שטיבלעך, אַרײַנפאָר־הײַזער, האָטעלן, אָפּרופלעצער אויף אַלע הויכקייטן ווו מען פילט דעם אָטעם פון גאָט, ווו די לופט איז לויטער, ווו דער הימל איז אַזוי טיף בלוי און די וואָלקנס — מיטן האַנט צו דער־לאַנגען...

דער וועג באַרג־אַראָפּ איז לײַכט, די רעדער גליטשן זיך שטיל, עס לויפן פאַרבײַ פאַרן אויג אויסטערלישע פּייזאַזשן, עס אָטעמט זיך טיפער און עס אַנטפּלעקט זיך אַן אומענדלעכער טאָל און אויף אים פאַבריקן מיט הויכע קוימענס, גרויסע הײַזער, סקלאַדן, מאַשינען, וואָס פּראָדוצירן צעמענט. דער רויך שטײַגט הויך, זייער הויך, עס דאַכט, אַז ער וויל דערגרייכן דעם שפּיץ פון באַרג און צופוסנס, אויף ריזיקע טאָוולען, איז אָנגעשריבן סיביר, נישט דער קאַלטער סיביר פון ווײַטן רוסלאַנד, נאָר דער טראָפּי־קאַלישער סיביר פון קאָלאָמביע, ווו מען האַקט שטיינער אין די בערג און מען פאַרוואַנדלט זיי אין צעמענט פאַרן לאַנד און פאַרן עקספּאָרט אין אַנ־דערע לענדער.

די צעמענט אײַנריכטונגען זײַנען אײַנגעקריצט אין די אינגעווייִדן פון די בערג. דאָס קליינע |באַנדעלע אויף אײַזערנע שטריק אין דער לופטן, באַוועגט זיך הין און צוריק. די קליינע וואַגאָנדלעך זײַנען אָנגעלאָדן מיט מאַטעריאַל וואָס ענדערט דעם אויסזען פון שטעט, וואָס שטעלט אויף צעמענטענע גיגאַנטן, וועלכע קאָנקורירן מיט די בערג. אויף אַ הויך פון הונדערטער מעטער גליטשן זיך די קליינע וואַגאָנדלעך אָנגעלאָדן מיט צע־שטויבטע שטיקער בערג, עס הערט זיך נאָר אַ שטילער סקריפּ פון די רעדער ווי אַ געזאַנג צום לעבן און מענטשלעכן פּראָגרעס.

די גרויסאַרטיקע ביוראָ אויסגעשטאַט אַזוי סאָליד, מיט אַ זעלטענעם געשמאַק, פּאַסט זיך אַריין אין דער אַטמאָספער פון דער גרויסער אינדוס־טריעלער אונטערנעמונג. דערליידיקט מיין ענין בין איך צוריק ביים רעדל פון קאַר, און אויף די שטאָטישע גאַסן בין איך ווידער אין דעם טעגלעכן גערודער פון מיין וועלט, וואָס איז אַזוי אַנדערש פון דער, וועלכע איך האָב נאָר וואָס באַוואונדערט. די פאַרביי־גייער האָבן גאָרנישט קיין אַנונג און ווייסן נישט, אַז מיין נשמה האָט זיך צוזאַמענגעגאָסן מיטן ווונדער פון דער נאַטור און אין מיין האַרץ זינגט אַ שבח צום באַשעפער.

# מיינע טראָפּיקאַלישע דאַטשעס

## אַן אַריסטאָקראַטישע דאַטשע

גיי דערצייל אַן איראָפּעער, אַז ס׳איז ערגעץ אויף דער וועלט מעגלעך אין איין טאָג איבערגיין פון אַ ווינטערדיקן פעברואַר אין אַ זומערדיק־ברענענדיקן יולי. ער וואָלט דאָס פאַר קיין פאַל נישט געגלייבט. אין קאָלאָמביע קאָן מען אַזאַ שפּרונג דורכמאַכן אין איינע צוויי שעה: מען דאַרף זיך נאָר אַרײַנזעצן אין אויטאָ און אַראָפּפאָרן פונעם קאַלטן הויכלאַנד צום גליִענדיקן כיראַרדאָ, אונטן, וואָס נאָר דער מאַגדאַלענאַ־טײַך ווייעט אָן אויף אים פון צײַט צו צײַט אַ קיל ווינטעלע. אַ וווּנדער־שפּיל פון דער טראָפּיקאַלישער נאַטור, וואָס באַדעקט מיט שניי די בערג־שפּיצן, מיט אַ מילדן פרילינג־וועטער דעם באַרג־אַראָפּ פון די אַנדן, און מיט בריִענדיקע היצן די אונטערשטע טאָלן.

אין מײַן געבוירן־שטעטעלע זשעליכאָוו, אַז עס האָבן זיך אָנגעהויבן די היצן, האָבן יידן — געשוויצט. קינדער זײַנען געגאַנגען צום טײַכל זיך באָדן. שלום עליכמס יעהופּצער גבירים פלעגן פאָרן אויף דאַטשעס. אָבער אין קאָלאָמביע קאָן מען צו יעדער צײַט זיך אַראָפּכאַפּן פון 16 גראַד אין דער הויפּטשטאָט צו 40 גראַד היץ אין דער נידער, און פאַרקערט די מעשה: אין איינע צוויי שעה פון אונטן אויף אויבן, ווי אין חומש שטייט — עולים ויורדים.

מײַנע קאָלאָמביאַנער שכנים דערציילן מיר ,אַז בײַ די באַלעבאַטישע אײַנוווינער פון לאַנד הערשט אַ טראַדיציע, זינט דורות, אין חודש דע־צעמבער צו פאַרלאָזן די שטעט און פאָרן אויף דאַטשעס. אין דעם חודש פלעגן זיך אָנהייבן מאַסן וואַנדערונגען, ויסעו ויחנו, ווי אַמאָל די יידן אין דער מדבר, גאַנצע משפחות פלעגן זיך אַריבערציִען, קינד און קייט, אויף גרויסע בוידן, אָנגעפּאַקט מיט אַלעם נויטיקן אויף עטלעכע מאָנאַטן: בעטן,

קאָלדרעס, געשיר, שפּײַז, אַ פּיאַנע אַפּילו, די דינערשאַפּט, די גיטאַרע, די הינט און אַלע אַנדערע שטוב־חיות. געפאָרן איז מען אויסצושטיין אַ סך אומבאַקוועמלעכקייטן פון אַ קאַפּריזנעם טראָפּיקאַלישן קלימאַט, און די פּרימיטיווע לעבנס־באַדינגונגען פון די דערפער. אָבער דאָס אַרויספאָרן אויף אַ דאַטשע איז געווען אַ ענין פון „כבוד", און די וועלכע האָבן דאָס נישט געקאָנט באַווײַזן, האָבן געלאָזט זייערע טעכטער זיך „ברוינען" אויף דער זון אין היימישן הויף אָדער אויפן דאַך. אַבי נישט פאַרשעמט צו ווערן פאַר מענטשן.

מיטן פּראָגרעס פון לאַנד, און מיט דער אַנטוויקלונג פון דער האָטעל אינדוסטריע אין „מאָדערנעם גײַסט", האָבן יענע ריזיקאַלישע נסיעות זיך געענדיקט. די ראָמאַנטיק פון אַ רײַזע אויף אַ דאַטשע, מיט אַלע אירע שיינ־קייטן און געפאַרן, איז שוין געוואָרן אַן ענין פון געשיכטע, וועלכע ווערט ביסלעכווײַז פאַרגעסן. עס איז אָבער געבליבן אַ מינהג אין שטאָט אַראָפּ־פאָרן מקבל־פּנים זײַן דעם פרילינג, אַ טויזנט מעטער נידעריקער אויפן אַנדן־לייטער, דאָרט ווו די פּאַלמען־און באַנאַנעביימער שטאָלצירן מיט זייער פילפאַרביקער פּראַכט צוזאַמען מיט אַנדערע אָרטיקע געוויקסן.

אין דער איצטיקער אַוויאָנען־תקופה ווען צום ווײַטסטן עק־וועלט איז נישט מער ווי אַ קאַצנשפּרונג, זײַנען די קאָלאָמיבאַנער גענייגט צו פאַר־ברענגען זייער אָפּרו אין אויסלאַנד. אמת, עס קומען אויך אַ סך אויסלענדער צו פאַרברענגען זייערע וואַקאַציעס אין קאָלאָמביע. מענטשן ווילן קענען די וועלט, און עס קומט פאָר אַן אויסטויש פון טוריסטן.

איך האָב געהערט צו דעם קלאַס „גרינגע", וואָס האָבן זיך שנעל אויס־געגרינט. דאָ איז אומגעגאַנגען אַ ווערטל: ווילסטו שנעל „כאַפּן" די שפּראַך, פאַרליב זיך אין אַ שיקסע... איך האָב זיך נישט געדאַרפט פאַרליבן אין קיין שיקסעס, ווײַל איך האָב שוין דעמאָלט ליב געהאַט מײַן געוועזענע כלה, טאַקע מײַן הײַנטיקע פרוי זאָל מיר געזונט און שטאַרק זײַן, נאָר וואָס דען? מײַן פעדלערײַ־פּראָפעסיע האָט מיך געצווונגען צו האַלטן לאַנגע רעדעס, אַ רעדע בײַם פאַרקויפן און אַ רעדע בײַם אײַנמאָנען דעם חוב, אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט, ביז איך האָב געכאַפּט אי די שפּראַך אי די קונסט פון רעדן. צווייטנס, בין איך סתם געווען נײַגעריק פון דער נאַטור און לײַכט אויף די פיס, און איך האָב אַלץ געוואָלט זען און הערן.

אין זשעליכאָוו האָב איך געהערט פון דאַטשעס, אָבער מיט וואָס מען עסט דאָס האָב איך נישט געוווסט. ווי זעט אויס אַ „דאַטשע"? דאָס האָב איך געוואָלט וויסן. ביי שלום עליכמען האָב איך געלייענט וועגן אַ מלמד מיט קראַנקע לונגען, וואָס פלעגט אַ גאַנצן טאָג שווער קנעלן מיט זיינע תּלמידים, וועלכע פלעגן אים אויסעסן דאָס האַרץ, און אויף ביינאַכט פלעגט ער אָן אָטעם לויפן אַרײַנכאַפּן עטלעכע שעה שלאָף אויף דער דאַטשע הינטערן שטעטל. אין באָגאָטאַ האָב איך געהערט וועגן אַן אַריסטאָקראַטישן דאַטשע־ישוב: אוטיקאַ, וווהין עס פלעגן פאָרן די פּני פון שטאָט, און אַהין טאָקע האָב איך באַשטימט אָפּצושטאַטן אַ וויזיט אַני הקטן.

דאָס איז געווען מיט אַ פערציק יאָר צוריק, איך בין דעמאָלט געווען אַ גאַנץ לײַכטער פּאַסאַזשיר, מיט עטלעכע פּעזעס אין קעשענע און מיט אַ קלומיקל וועש האָב איך מיר געלאָזן אויף דער אַריסטאָקראַטישער דאַטשע. נאָכן אײַנקויפן דעם באַן־בילעט האָב איך איבערגעציילט דעם רעשט וואָס איז מיר געבליבן, און ס'איז מיר געוואָרן מוטנע אויף דער נשמה... געציילטע עטלעכע פּעזעס. נו, פאַרפאַלן, אויפן ערגסטן אופן — האָב איך געטראַכט — וועל איך צוריקגייען צופוס... פינף שעה באַן איז פיר, פינף טעג גאַנג; אויפן וועג זיינען פאַראַן ישובים; נשקשה, מען ווערט נישט פאַרפאַלן! (עד, ווו נעמט מען די אַמאָליקע יונגע יאָרן?)

פינף שעה צייט האָט די באַן זיך געשלעפּט באַרג אַרויף, באַרג אַראָפּ, און ענדלעך האָט זיך באַוויזן די שטאָט ווי אַן אָדלער־נעסט, ווי אַ פּאַלאַץ, פון אַ כישוף־מאַכער. איך האָב זיך געטרייסט מיטן געדאַנק אַז ס'איז כדאי געווען די רייזע כדי דעם וווּנדער אָנצוקוקן., כאָטש עס האָט מיך געמאַטערט דער געדאַנק אויף ווי לאַנג מיין „פאַרמעגן" וועט מיך דערלויבן דאָ צו בלייבן.

ווי געזאָגט, איז אוטיקאַ דאָס באַליבטע דאַטשע פּלאַץ פון דער הויפּט־שטאָטישער אַריסטאָקראַטיע, וואָס פלעגט אויפנעמען די געסט מיט די פרישע וואַסערן פון טייך נעגראָ, וועלכע האָבן זיך פאַרמאָגט אַ וווּנדערבאַרע היילקראַפט צו אַ סך קראַנקייטן, וואָס דאָקטוירים פלעגן רעקאָמענדירן. דער אַרומיקער טאָל, וואָס האָט זיך געצויגן איבער אַ ריזיקן פלאַכלאַנד ביזן ווייטן האָריזאָנט, האָט ממש פאַרבלענדט דאָס אויג מיט דער פילפאַרביקייט פון קאָלירן. די לופט איז געווען געדיכט אָנגעזאַפּט

מיט אַ ריח פון בלומען; אַ טעפּיך פון בלומען אונטן און פון אויבן באַבלימלטעביימער־שפּיצן. אַזוינס קאָן מען זען נאָר אין די טראָפּיקאַלישע קלימאַטן. אין דעם גן־עדן ווינקעלע פלעגן עס קומען די חשובֿסטע משפּחות פון דער הויפּטשטאָט, די רעגירונגס־לײַט, די אָנגעזעענסטע פערזענלעכקייטן פון עפנטלעכן לעבן און דאָ פאַרברענגען זייערע זומער־מאָנאַטן. דער קלימאַט איז דאָ ווי אין זשיראַרדאָ, אָבער אוטיקא האָט איר אייגנס אַ מילד ווינטעלע, וואָס קומט ערגעץ פון די בערג און קילט אָפּ די זומערדיקע היצן. דער זשעליכאָווער בחורל האָט געקוקט און געגאַפט, און געטראַכט זיך ערגעץ אָפּקלײַבן אַ שיין ווינקעלע אונטער אַ בוים און מאַכן נאַכטלעגער, און פאַרשפּאָרן אַ פּאָר גראָשן...

אָבער אַ שטילער רויש צווישן גראָז האָט אָפּגעווענדט מײַן בליק, און אין שרעק האָב איך אָפּגעטראָטן צוריק. אַ שלאַנג האָט מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ געקוקט אויף מיר, און געדרייט מיט איר געשפּאָלטענעם צינגל. איך האָב שטיל אַהינטער אָפּגעטראָטן נאָך עטלעכע טריט, און זיך געלאָזט לויפן צום שטעטל. צו דאַטשעס, האָב איך געטראַכט, דאַרף מען זיך ערשט צוגעווינען; איך בין דאָך נאָך אַ גרינער, איך דאַרף נאָך שלאָפן אונטער אַ דאַך, צווישן מענטשן, ווי עס פּאַסט פאַר אַ זשעליכאָווער ייִדן...

איך האָב אָנגעקלאַפּט אין אַ הײַזקע, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַן אָרעמע אכסניא און געבעטן אַ פּלאַץ אויף אַ נאַכט איבערשלאָפן. די באַלעבאָסטע האָט מיר געזאָגט אַ פּרײַז, און ס׳איז מיר געוואָרן לײַכט אויפן האַרצן. איך וועל האָבן אויף נאַכטלעגער און נאָך צו דעם — אויף רײַזע־קאָסטן!

האָב איך דאָך שוין געמאַכט בעסער פון שלום עליכמס מלמד, איך בין געווען אויף „אָפּרו" אין דער שענסטער דאַטשע פון קאָלאָמביע, אין דער אַריסטאָקראַטישער אוטיקא! אויף מאָרגן גאַנץ פרי האָב איך געמאַכט מײַן לעצטן שפּאַציר איבערן שטעטל; טאַקע אַ פײַנע דאַטשע, הלוואַי וואָלט איך דאָ געקאָנט פאַרברענגען אַ פּאָר וואָכן, איך האָב גוט אָנגעקוקט אַלע ווינקעלעך, טאָמער וועט מען מיך עפּעס פרעגן, זאָל איך וויסן וואָס צו זאָגן... און אַז איך בין נאָך דעם זעלביקן טאָג געווען צוריק אין באָגאָטאַ, בעט איך אײַך, איר זאָלט עס קיינעם נישט דערציילן...

שמעון גובערעק

# אַ היסטאָרישע דאַטשע

אין חודש דעצעמבער הייבט אָן די שטאָט זיך אויסליידיקן; מענטשן ציִען אין פאַרשיידענע געגנטן פון לאַנד, אויפֿן שויס פון דער נאַטור, צו די טײַכן און ים. הײַנט פליט מען אין די ווײַטע לענדער. מען זעט עס אין די גאַסן פון שטאָט, וועלכע ווערן האַלב־אויסגעליידיקט. מיטן אָנקומען פון פרילינג פלעג איך שוין אין שטאָט נישט קאָנען אײַנרוען. יונג בלוט, איך האָב אויך די וועלט געוואָלט אָנקוקן! כאָטש אָנקוקן... איך האָב געהערט אַ סךריידן וועגן ווילעטאַ, אַ דאַטשע־דאָרף, וואָס איז אויסגעבויט געוואָרן אַרום אַ היסטאָרישן סעיבאַ־בוים. דער ריזיקער בוים איז געשטאַנען אין אַ טאָל און האָט ברייט אַרום זיך פֿאַרשטעלט דעם הימל מיט אַ דאַך פון גרינע צווײַגן און בלעטער. דאָרטן, אונטער דעם בוים, האָט עס באַליוואַר — דער נאַציאָנאַלער העלד פון לאַנד — זיך אָפּגערוט נאָך אַ קאַמף מיט די שפּאַניאָלן.

הונדערטער יאָרן זײַנען שוין אַוועק און דער בוים איז נאָך אַלץ גע־שטאַנען פעסט פאַרוואָרצלט אין באָדן און שטאָלץ דערהויבן זײַן קרוין צום הימל, ווי אַ זכר אויף דער גלאָריע פון אַ פאָלק, וואָס האָט געקעמפט פאַר זײַן פרײַהייט און פאַר זײַן באָדן. אַרום דעם היסטאָרישן סעיבאַ־בוים איז מיט דער צײַט אויסגעוואַקסן אַ דאַטשע־שטעטל, וווהין די מיוחסים פון לאַנד פלעגן עולה רגל זײַן אויף באַערונג, און אין די זומער מאָנאַטן אויך אויף אָפּרו. נו, איז פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב דאָרטן אויך נישט געקאָנט פעלן...

געקומען בין איך שוין אָבער לאחר המעשה... געפאָרן בין איך שוין דווקא דאָס מאָל פאַרזאָרגט אויף עטלעכע טעג „אָפּרו”, און דער באַלעבאָס פון מײַן האָטעלעכל האָט מיר מיט פאַרביטערונג דערציילט, אַז איינער אַ בירגערמײַסטער האָט געהייסן אײַנשליסן דעם בוים אין אַ צעמענטענער ראַם, ווײַל געליבטע פאַרלעך פלעגן אויף אים מאַכן אויפשריפטן, האָט דער אַלטער סעיבאָ נישט געקאָנט בײַקומען די חכמה פון יענעם קלוגן אינטעני־דענט, אָדער ער האָט נישט געקאָנט לעבן אָן ליבע, און ער האָט אָנגעהויבן אײַנדאַרן, און צום סוף אָפּגעגעבן זײַן נשמה דעם בורא־עולם. מען האָט

דרינגענדיק אַרויסגערופן אַגראָנאָמען פון דער הויפּטשטאָט, אָבער זיי האָבן גאָרנישט געקאָנט העלפן. און אָן דעם היסטאָרישן סעיבאָבוים איז ווילייטאַ, דאָס דאַטשע־שטעטל געבליבן נאַקעט, וואָכעדיק. עס האָט נישט געהאָלפן די ווונדערבאַרע שיינקייט פון דער טראָפּיקאַלישער נאַטור, די גוטע פאַרבינדונגען מיט דער הויפּטשטאָט; יעדעס יאָר קומען אַלץ ווייניקער טוריסטן, זאָגט מיר טרויעריק דער באַלעבאָס, און איך האָב צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי איינער וואָס ווייסט שוין פון לאַנג — נאָך פון זשעליכאָוו — די גרויסע באַטײַטונג פון „היסטאָרישע" ווערטן...

## די שטאָט פון אַקאַציעס

אין די לעצטע צוואַנציק יאָר האָבן די תושבים פון באָגאָטאָ גענומען אַראָפּגידערן ביז זשיראַרדאָ, און איך מיט זיי. זשיראַרדאָ איז אַ שטאָט פון אַקציעס, ווו מען הערט כסדר דאָס גראַגערן פון פעלדגרילן, וועלכע לאָזן זיך אַראָפּ, אין שטיקנדיקן האַרבסט, פון די אַרומיקע בולוואַר־ביימער. די שטאָט ליגט ביים טייך מאַגדאַלענאַ, וואָס טרייבט מאַיעסטעטיש זיינע טיפע וואַסערן אין דער אומענדלעכער ווייט. די רייכע לייט פאָרן ווייטער, צו די ברעגן פון קאַריבישן ים. דעם נאָמען אירן האָט די שטאָט צו פאַרדאַנקען אַ קאָלאָמביאַנער העלד, אַנטאָנאַסיאָ זשיראַרדאָ, וואָס איז געפאַלן אין קאַמף פאַר דער פרייהייט. צי האָט ער זיך גאָר געקאָנט פאָר־שטעלן, אַז זיין קרבן וועט אַמאָל באַקומען אַ תיקון אין אָט דעם שיינעם טייך־פּאָרט, אין סאַמע האַרץ פון טראָפּיק?

איך דערמאָן זיך אַזאַ מין „שפּאַציר" קיין זשיראַרדאָ מיט אַריבער צוואַנציק יאָר צוריק, שוין מיט ווייב און קינדערלעך, זאָלן געזונט זיין, ווי עס פּאַסט פאַר אַ שטאָט באַלעבאָס. אַ פּאַמעלעכע און שטויביקע באַן האָט זיך געשלעפּט זעקס שעה צייט פון דער הויכער געגנט ביז די וואַרעמע ברעגן פון מאַגדאַלענאַ. אַ סך פּאַסאַזשירן האָבן געפירט מיט זיך צובייסן און אַפילו געטראַנקען, אַנדערע האָבן זיך פאַרלאָזט אויף די קראָמען פון די באַן־סטאַנציעס. נאָך דער ערשטער שעה פאָרן זיינען מיר געקומען אין

פּאַקאַטיוואַ. דאָרטן האָט זיך געטומלט מיט פּאַרקויפּערס פון קעזן און נאַשוואַרג. אַ ביסל ווייטער, ווען די באַן האָט שוין גענומען פאָרן באַרג־אַראָפּ, פלעגן אויף די סטאַנציעס זיך נעמען באַווייזן ברוינע אינדיאַנישע מוידן און דאַרע זקנות מיט קוישן „ארעפּא“ — זיסקייטן, און מיט געבראָטענע הינער. וויצלערס פון צווישן די פּאַסאַזשירן פלעגן מיט זייערע געשרייען אויפהייטערן די היינט שוין פאַרשווונדענע שטעטלעך: „פּאַר אַ געפּגרטער הון, וויפל?“ — און די פּאַרקויפּערינס פלעגן אָפּענטפערן מיט געלעכטער און גוטמוטיקע קללות.

די פאַרשיידענע מינים מאַכלים האָבן באַצייכנט די שטאַפּלען פון מאַרשרוט, און די כאַראַקטעריסטיק פון דער געגנט. אויף אייניקע סטאַנציעס — טאַצן מיט אַלערליי מינים פּרוכטן מיט וועלכע דער טראָפּיק איז אַזוי רייך, און אויף אַנדערע — פליישׁ און עופות, פּעטע יויכן, זשוקאָ־ברויט און אַנדערע אָרטיקע מאַכלים, וואָס האָבן געגעבן אַ באַזונדער קאָלאָריט דעם לאַנדשאַפט־געמעל פון יענער הייסער געגנט.

עס האָט איין מאָל פּאַסירט, אַז צוליב די רעגנס און בלאָטעס, וואָס האָבן געגאָסן פון די בערג, האָבן מיר געדאַרפט בייטן די באַן. דער עולם פּאַסאַזשירן איז אויסגעשטיגן און שעהען לאַנג געוואַרט, און אַז די צווייטע באַן איז אָנגעקומען פון שטאָט, איז מען מיטן געפּעק און מיט די קינדער אויף די הענט געלאָפן זי נעמען איבערן פאַרזומפּיקטן באָדן. די היץ האָט געשטיקט, אָבער מיט יעדן פרישן פייף, וואָס האָט אָפּגעמערקט נאָך אַ סטאַנציע, האָבן זיך די פּנימער אַלץ מער אויסגעלייטערט. אַלע זיינען געווען אומגעדולדיק וואָס גיכער אָנצוקומען אויף דער „דאַטשע“, ווייל מענטשן האָבן זיך איינגערעדט, אַז ווי נאָר מען שטעלט אַ פוס אויפן וואַרעמען באָדן פון זשיראַרדאָ, און מען טונקט זיך אָפּ אין די הייליקע וואַסערן פון מאַגדאַלענאַ גייען אַוועק אַלע קראַנקייטן; דעם רעוומאַטיזם נעמט עס צו „ווי מיט דער האַנט“, דער קאַטאַר פאַרשווינדט ווי דורך אַ כּישוף. און נישט זעלטן פלעגט עס טאַקע אַזוי פּאַסירן.

אין יענער צייט, האָט מען בלויז אין דמיון געקאָנט דורכמאַכן דעם וועג פון באָגאָטאַ קיין זשיראַרדאָ אין פאַרלויף פון קאַרגע צוויי שעה. היינט קאָן מען עס טאָן מיט לוקסוס אָמניבוסן און אויך מיט דער באַן, וואָס פאָרט מיט דיזעל־מאָטאָרן, און איז באַזאָרגט מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן. שוין

אָפּגערעדט פון פליען, מיט אַן אַוויאָן מאַכט מען די רייזע נישט מער ווי אין צוואַנציק מינוט.

אין דער היינטיקער וועלט דרייט זיך אַלץ אַרום דעם געדאַנק פון שפּאָרן צייט, ווייל „צייט איז געלט". שפּאָרן צייט, קירצן מרחקים, לויפן גיכער און וואָס גיכער. די רוסן ווילן איבעריאָגן די אַמעריקאַנער, די אַמעריקאַנער — די רוסן; די כינעזער — זיי ביידן. אַלבערט איינשטיין האָט פעסטגעשטעלט, אַז ביי אַ פליצוג מיט אַ שנעלקייט פון אַ ליכטשטראַל; עס הייסט, פון 300 טויזנט קילאָמעטער אין אַ סעקונדע, ווערט אָפּגעשטעלט די צייט, און די מאַטעריע ווערט פאַרוואַנדלט — אין ענערגיע. צו אַ שיינעם תכלית שטרעבט אונדזער צעדרייטע וועלט: פליען גיכער און וואָס גיכער, ביז מיר וועלן סוף כל סוף דערגרייכן — צו איינשטיינס רעלאַטיוון גאָרנישט...

# דער „צדיק“ פון יעדעניץ

דער לייענער, וואָס האָט געהאַט דעם געדולד נאָכצופאָלגן מײַנע פשוטע רייד, ביז אָט די דברים היוצאים מן הלב, איז פאַר מיר אַ פריינד און אַ שטאָלץ. ווייס ער שוין מסתמא, אַז איך געהער נישט צו די גדולי הדור און אַז אין זשעליכאָוו — מיין געבוירן שטעטעלע — זיינען קיין אוניווערסיטעטן נישט געוועזן, און ווען זיי זאָלן אַפילו יאָ זיין, וואָלט איך אין זיי מסתמא נישט געלערנט. אין באָגאָטאַ זיינען שוין יאָ געווען אוניווערסיטעטן; בין איך אָבער אין די גרינגע יאָרן פון נויט, אַריין אין דער לער צו גאַסן־פעדלעריי. נישקשה, אַז מאַקסים גאָרקין איז אָנגעשטאַנען צו זאָגן: „מיינע אוניווערסיטעטן זיינען געווען אין לעבן“; דאַרף אַני הקטן, וואָס איז „אַ ביסעלע“ קלענער פון גאָרקין אַוודאי זיך נישט שעמען מיט די „אוניוורעסיטעטן פון לעבן“. און דאָס לעבעדיקע לעבן האָב איך שטודירט מיט גרויס התמדה, איך האָב זיך צוגעקוקט צו מענטשן, צו זייערע געֿנג, צו זייער פירונג, אין שטוב און אין גאַס, צו זייער האַנדלונג מיט מענטשן, און געטראַכט און איבערגעטראַכט, און אַפילו אָפטמאָל עפעס פאַרצייכנט, און אָפטמאָל אַ נאַכט נישט געשלאָפן... האָב איך עפעס געלערנט אין די „אוניווערסיטעטן“ פון לעבן; און אַז דער לייענער וועט פון דעם אויך עפעס געניסן, וועט עס זיין פאַר מיר אַן אמתער שכר, די שענסטע באַלוינונג, וואָס איז באַשערט אַ מענטשן.

יעדן איינעם איז „באַשערט“ זיין גורל, און איך וואָלט געזאָגט, בישט אַזוי לויט זיין פאַרמעגן, ווי לויט זיין כאַראַקטער. איך האָב געזען גרויסע גבירים, וואָס האָבן געלעבט ווי מיזעראַבלע קבצנים און דאַקעגן, מענטשן וועלכע זיינען גאָר נישט אַזוי רייך, זיינען געווען גוט „אי צו גאָט אי צו לייט“. איינער איז אַ מסתפק במועט. ער באַנוגנט זיך מיט ווייניק, — און אַזוי וויל איז צו אים! — און אַ צווייטער וואָלט די גאַנצע וועלט געוואָלט איינשלינגען. פאַראַן אַזעלכע, וואָס פילן זיך גליקלעך ווען זיי האָבן

אַ געלעגנהייט וועמען צו העלפן; דאַקעגן זיינען אויך פאַראַן אַזעלכע, וואָס בלייבן גלייכגילטיק צו פרעמדן צער, און זיי לעבן נאָר מיט דעם געדאַנק, וואָס איז געוואָרן אַ מורא: מען זאָל זייערס נישט אָנרירן...

אין די יונגע יידישע אימיגראַנטן־ישובים איז דער מענטש גיך גע־וואָרן „פאַרמענטשלעכט". אַ ייד איז געקומען צו יידן, האָט זיך אָנגעשלאָסן צו זיין לאַנדסלייט־פאַראיין, געשיקט די קינדער אין אַ יידישער שול, געוואָרן אַ מיטגליד אין אַ יידישער אינסטיטוציע, אין אַ קהילה, און אַט דער איינפלוס פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט האָט אַרומגענומען דעם מענטשן מיט אַ סאָציאַלער ראַם, וואָס האָט אין אים אַנטוויקלט אַלטרו־איסטישע כאַראַקטער שטריכן. אין תלמוד ווערט שוין געזאָגט, אַז יידן זיינען רחמנים בני רחמנים; עס הייסט, אַז זיי ווערן געבוירן מיט אַ רחמנות געפיל, און אַנדערע דאַקעגן, דאַרף מען אויסלערנען — צו געבן. אָבער עס זיינען פאַראַן אויסנאַמען, סיי צום גוטן ווי אויך צום שלעכטן.

ר' יעקב לעמפערט איז געווען אַזאַ אויסנאַם, און דווקא צום גוטן, און וועגן אַזאַ יידן איז אַ מצווה צו דערציילן. ר' יעקב האָט געשטאַמט פון יעדעניץ, אַ קליין שטעטל ערגעץ אין בעסאַראַביע. געווען איז ער אַ פשוטער פאָלקס־מענטש און אַ יראת־שמים, אַ פרומער ייד. אין די קינדער־יאָרן געגאַנגען אין חדר און פאַרשטאַנען פירוש המילות. געדאַוונט ביים ערשטן מנין און נאָכדעם געאַרבעט אַ גאַנצן טאָג ביז מנחה.

אַ פּאָך שפּיגלט זיך אָפּ, אויף אַזאַ אָדער אַנדער אופן, אויף דער פיזיאָנאָמיע פון מענטשן. אַ מענטש, וואָס באַשעפטיקט זיך יאָרן לאַנג מיט איין באַשטימטער פּראָפעסיע, מוז פון איר אַ וועלכן נישט איז אויסערלעכן אָדער אינערלעכן צייכן באַקומען. ר' יעקב געהאַט אָנגעצויגענע מוסקולן ווי שטאָל, און האַרטע הענט ווי באַצויגענע מיט אַ טרוקענער פעל און פינגער ווי צוואַנגען, אָבער מילדע שמייכלענדיקע אויגן, וועלכע פלעגן מיט אַ מין קינדישן צוטרוי קוקן אויף מענטשן.

ר' יעקבס זון — דאָן כאַימע — איז שוין געווען גאַנץ פיין איינגע־בירגערט אין לאַנד, און ער האָט עס אַהער אַראָפּגעבראַכט דעם פאָטער, צו וועלכן ער האָט זיך באַצויגן מיט גרויס דרך ארץ. אָבער דער אַלטער האָט נישט געוואָלט, ווי ער האָט געזאָגט, לאַנג זיצן „ביי די קינדער אויף קעסט". אָן חשק האָט ער געמוזט בייטן דעם פאַך און זיך נעמען צו פּעד־



געזעלשאַפטלעכע עסקנים און יוגנטלעכע טוערס פון באָגאָטאַ, אויף אַן אויפנעם אין דער קהילה

לערײַ — נאָר זײַן לעבנס־סדר האָט ער נישט געביטן. מיט קיין מנין אין דער וואָכן האָט ער אין באָגאָטאָ נישט געקענט דאַווענען, האָט ער געדאַווענט פאַר־זיך אין זײַן צימערל. אַמעריקע איז טאַקע אַ „נײַע וועלט“, אָבער ר׳ יעקב האָט זיך נישט אָפּגעזאָגט פון זײַנע אַלטע איבערצײַגונגען, דאָ האָט אים טאַקע קיינער נישט געטראַכט נאָכצוטאָן, אָבער ער האָט אויך נישט בדעה געהאַט נאָכצוטאָן אַנדערע. שבת, דאַקעגן, האָט ער געדאַוונט אין שיל און איז געווען זייער חשוב בײַ די מתפללים.

*

און אָט דער פּשוטער ייִד, איז מיר געוואָרן באַזונדערס ליב און טײַער. עס טרעפט אַמאָל, אַז בלויז דורך איין איינציקן זשעסט דערקענען מיר דעם אמתן כאַראַקטער פון מענטשן. אמת, עס קאָן אַמאָל זיין, אַז דער בעסטער מענטש זאָל אין אַ מאָמענט פון אויפרעגונג פאַרלירן דעם קאָנטראָל און אָפּטאָן די ערגסטע זאַכן. אָבער דאָ האָט זיך געהאַנדלט נישט אין אַן אימפּולסיוון זשעסט; נאָר אין אַ גוט דורכגע־טראַכטער האַנדלונג, וואָס איז געקומען פון אַ גוט מענטשלעך געפיל, פון אַ גוט ייִדיש האַרץ... מעשה שהיה, כך היה. געשען איז עס אַזוי:

אין יאָר 1933 האָב איך מיך אַוועקגעלאָזט אויף די שטורמישע כוואַ־ליעס פון דער אינדוסטריעלער אַקטיוויטעט. קיין דערפאַרונג אויף דעם געביט האָב איך נישט געהאַט, און ווי אַלע פּיאָנערן אָנפאַנגער — קיין קאַפּיטאַלן אויך נישט. איך האָב אָנגעהייבן, ווי מען זאָגט: „מיט די אייגענע צען פינגער“, מיט זייער פיינע פּלענער, שיינע פאַנטאַזיעס און — ייִדישן בטחון. איך האָב אויפגעשטעלט אַ גאַנץ פיינע אינדוסטריע, אָנגעהייבן אַרבעטן, און באַקומען קרעדיט. און אָט דער „קרעדיט“ האָט געשטעלט אין געפאַר מיין גאַנצע אונטערנעמונג. מען האָט מיך ממש פאַרוואָרפן מיט סחורה, מיט אינסטאַלאַציעס, מיט מאַשינעס. סוחרים האָבן געוואָלט לייזן, און די „גרינגאָס“ האָבן געהאַט אַ גוטן שם, מען האָט געוווּסט, אַז זיי זײַנען אונטערנעמעריש, און קאָנען „געבן אַ פליייצע“.

און איך האָב טאַקע „געגעבן אַ פליייצע“. אין פאַבריק האָט מען גע־שאַפן סטאָקן סחורה, איך בין אַרומגעלאָפן און אַרומגעפאָרן פאַרקויפן און פאַרקויפט האָט מען, ווי געווײנלעך אויף לאַנגע טערמינען, און ביז עס איז אַרייגעקומען געלט, האָב איך שוין געדאַרפט הייבן וועקסלען אויף גאַנץ

גרויסע סומעס... און איידער וואָס ווען, בין איך שוין געווען אויף צרות. כ'האָב זיך פאַרבאָדן אין חובות ביז איבערן קאָפּ, און איך האָב שוין נישט געהאַט קיין גוטן נאָמען אין מסחר... און פּונקט ווי פריִער האָט מען אויף מיר אָנגעוואָרפן סחורה אויף קרעדיט, וועלכע איך וואָלט געקאָנט קויפן צו ביסלעך, און זיך נישט פאַרשולדיקן אַזוי שטאַרק; אַזוי האָט מען איצט אומברחמנותדיק מיר אָפּגעהאַקט יעדן קרעדיט, און איך האָב אַלץ געמוזט קויפן במזומן, און נאָך צו דעם צאָלן די חובות. אָבער איך האָב געקעמפט מיט די לעצטע כוחות. יעדן סענט, וואָס איז אַריינגעקומען אין פאַבריק פלעג איך אַוועקשיקן צו די קרעדיטאָרן, און זיך האָב איך נישט דערלויבט קיין איבעריקן ביסן...

איך פלעג נישט שלאָפן קיין נעכט, און אין פאַבריק בין איך געווען דער ערשטער, און פלעג אַוועקגיין דער לעצטער. און אַזוי האָט עס גע־דויערט לאַנגע מאָנאַטן און איך האָב זיך נישט אונטערגעגעבן, דעמאָלט האָב איך עס אָנגעהייבן אַריינגיין צו איניקע דאָקטוירים זיי זאָלן מיר העלפן „אויסהאַלטן“...

אָבער געדאַרפט האָב איך נישט קיין גוטע דאָקטוירים נאָר גוטע פריינד, און צום גליק זיינען נאָך פאַראַן גוטע מענטשן אויף דער וועלט, און גאָט דאַרף נאָך דעם מבול אויף אונדז נישט אַראָפּשיקן. לויט דער יידישער טראַדיציע שטייט דאָך די וועלט אויף מעשים טובים... מיין פאַבריק האָב איך אין יענער צייט געהאַט אויף דער קארערא אָקטאַוואַ, צווישן די גאַסן 17 און 18, און אין אַ פרימאָרגן ווען איך בין געזעסן דאָרט אַ פאַרזאָרגטער איבער אַ פּעקל חשבונות, באַוויייזט זיך פאַר מיר דאָן באַימע, ר' יעקב לעמפּערטס זון, מיט וועלכן איך פלעג זיך טרעפן כמעט ווי יעדן טאָג אין די צייטן פון מיין פּעדלעריי. זייט איך בין געוואָרן אַ „גרויס־אינדוסטריאַל“ האָב איך קיין צייט נישט געהאַט פאַר מיינע אַלטע פריינד. ער האָט מיר לאַנג אָנגעקוקט מיט פרעגנדיקע אויגן און אַ זאָג געטאָן:

— וויפל ביסטו שולדיק אַרום און אַרום און אַרום?...

איך האָב אים גלייך אָנגעגעבן אַ קיילעכיקע סומע און צוגעגעבן: דאָס איז ביז איצטער, אָבער מיר דאַרף אין פאַרלויף פון דער צייט אַריינ־קומען...

ער האָט מיר איבערגעשלאָגן די רייד. — איך פאַרשטיי, איך פאַרשטיי, געלט קומט אַריין און גייט אַרויס, ס׳איז אַ געשעפט; איך בין אויך אַ סוחר. דו דאַרפסט דאָך נאָך אויסצאָלן די אינסטאַלאַציעס, די מאַשינעס... וויפל דאַרפסטו צאָלן די נאָענטסטע דריי מאָנאַטן?

איך האָב אים אָנגעגעבן אַ סומע.

— אַזוי? אַ סך! נו, גוט! די צאָלונגען נעם איך אויף זיך... דו וועסט דערווייל איבערכאַפּן דעם אָטעם, עס וועט דיר אַריינקומען געלט פון דיינע קליענטן, און דו וועסט מיר צו ביסלעך אויסצאָלן, איך האָב צו דיר צוטרוי... ער האָט מיר גוטברודעריש אַ קלאַפּ געטאָן אין פּלייצע און צוגעגעבן: נישט געזאָרגט דאָן סימאָן! און איז נישט געוואָרן.

איך האָב נישט געגלויבט מיינע אויגן און אויערן. זאָל דאָס זיין אמת? יאָ, עס איז אמת. דאָן כאַימע איז אַן ערנסטער מענטש, און מיינער אַ גוטער פריינד זייט דעם ערשטן טאָג, וואָס איך בין געקומען אין לאַנד. ער איז נישט קיין גביר, אָבער ער האָט ליב צו העלפן אַ מענטשן. נישט איין גרינעם האָט ער אַרויסגעהאָלפן אין אַ נויט. ס׳איז מיר אַראָפּ אַ באַרג פון די פּלייצעס, און אַ גאַנצן טאָג בין איך געווען ווי אַ שיכור פון פריידי.

אָבער ביינאַכט אויפן געלעגער האָט מיך באַהערשט אַ צווייפל. גאָט מיינער, האָב איך געטראַכט, אויב איך וועל חיימען בלייבן שולדיק, אָט דעם טייערן און ליבן מענטשן, וועל איך דאָס נישט איבערלעבן, ווי וועל איך אים קוקן אין די אויגן? ווּהין וועל איך אַנטלויפן?... די נאָענטסטע פיר, פינף מאָנאַטן זיינען פאַרלאָפן אין אַ שווערן קאַמף צווישן צווייפל און האָפענונג. איך האָב אויסגעצאָלט אַ סך חובות, און אַפילו געסילוקט חיימען אַ טייל פון חוב, אוןָ דאָס איז פאַר מיר געווען דער גרעסטער פאַרגעניגן. אָבער פאַר רוי־מאַטעריאַל האָב איך נאָך אַלץ געמוזט צאָלן מיט מזומן, און ווי אַן אָנפּאַנגער, וואָס איז געצווונגען וואָס גיכער צו פאַרקויפן, און איז נישט איבערקלייבעריש מיט די קליענטן, האָב איך אַריינגעכאַפּט אַ סך „טשוועקעס". עס איז אַריינגעקומען ווייניק געלט, און עס איז געקומען אַ מאָמענט ווען איך האָב נישט געהאַט אין פאַבריק קיין רוי־מאַטעריאַל מיט וואָס צו אַרבעטן. איך האָב נישט געגעסן און נישט געשלאָפן. איך האָב גוט געוווּסט, אַז חיים וועט זיך נישט אָפּזאָגן מיר צו העלפן, און נאָך מער, ווען ער האָט זיך שוין איבערצייגט אין מיין ערלעכ־

קייט און גוטן ווילן. אָבער איך האָב זיך געשעמט פאַר אים זיך צו באַווייזן מיט אַ בעטנדיקן פּנים. „איך וועל שוין די פאַבריק נישט ראַטעווען״, האָב איך בײַ זיך אָפּגעמאַכט, „איך בין דורכגעפאַלן״...

עס האָט מיך באַהערשט אַ מוראדיקע אַפּאַטיע, און עס איז נישט געווען „אין איין שיינעם טאָג״, ווי עס שרײַבט זיך אין די ראָמאַנען, נאָר עס איז געווען אין איין מיאוסער נאַכט, האָב איך באַשלאָסן צו מאַכן אַ סוף... צו באָגאָטאַ. אָן „ענדגילטיקן סוף״, האָב איך געטראַכט, וועל איך קיינמאָל נישט פאַרשפּעטיקן. איך האָב אײַנגעפּאַקט מײַן ביסל וועש און באַשלאָסן זיך אַוועקלאָזן קיין צפון, וווּהין די אויגן וועלן טראָגן. איך האָב דאָרט געהאַט אַ פּאָר באַקענטע און געהאָפט דורך זיי צו עפּעס זיך דערשלאָגן, צוריק קומען קיין באָגאָטאַ און זיך רעהאַביליטירן. אַז מען טרינקט זיך, כאַפּט מען זיך אָן אַ שטרוי...

און ווי נאָר עס האָט אָנגעהייבן טאָגן האָב איך זיך געלאָזט צו דער באַן־סטאַנציע. איך בין געגאַנגען לאַנגזאַם, געקוקט אויף די געשלאָסענע קלייטן און שטילע גאַסן, וועלכע האָבן ערשט זיך אָנגעהייבן וועקן פון שלאָף, און איך האָב אין געדאַנק זיך געזעגנט מיט זיי. ביים קרייצן די 15טע גאַס בין איך געבליבן שטיין, דאָ קעגנאיבער וווינט דער אַלטער ר׳ יעקב לעמפּערט, ער דאַוונט איצטער אַוודאי אײַנגעוויקלט אין טלית און תּפילין. איך גיי צו נעענטער צום שטיבל, עס עפנט זיך אַ לאָדן און פּלוצים באַווײַזט זיך ר׳ יעקב, ווי עס ווייזט אויס טאַקע ערשט נאָכן דאַוונען, אין אַ יאַרמלקע אויפן קאָפּ קוקט ער אָן דעם אײַנזאַמען פאַרבייגייער... ער האָט מיך גלײַך דערקענט, און מאַכט צו מיר מיט דער האַנט איך זאָל צוגיין נעענטער.

— גוט מאָרגן, ר׳ יעקב, זאָג איך צו אים.

— גוט מאָרגן גוט יאָר, ר׳ שמעון, וווּהין איז עס אַזוי פרי מיטן רענצל?

— איך דאַרף צופאָרן דאָ אין אַ שטעטל צו אַ קליענט.

— צו אַ קליענט?... קומט אַרײַן אין שטוב, אַז איר זייט שוין דאָ... מײַן חיים האָט מיר דערציילט אַז איר האָט גרויסע שוועריקייטן מיט דער פאַבריק; נו, אַ נײַע זאַך, עס וועט זיך אײַנאַרבעטן, מען דאַרף האָבן בטחון... זעצט זיך, ר׳ שמעון!

איך האָב זיך געזעצט. דער אַלטער איז געזעסן קעגנאיבער און שטיל מיך אָנגעקוקט. איך האָב ממש געפילט ווי ער לייענט מיינע געדאַנקען, ווי ער קוקט מיר אַריין אין דער נשמה. איך האָב אין דעם מאָמענט זיך געפילט ווי אַ פאַרשולדיקט קינד, וואָס וואַרט אויפן משפט פון טאַטן. אָן ווערטער האָט זיך אויפגעהויבן דער אַלטער און איז צוגעגאַנגען צו אַ גרויסן קופערט, וואָס איז געשטאַנען אין אַ ווינקל פון צימער. ער האָט זיך לאַנג געפּאָרעט ביי אַ שלאָס, האָט אויפגעהויבן דאָס דעקל פון קופערט, און זיך געווענדעט צו מיר מיט די ווערטער:

— הערט, ר׳ שמעון, איך האָב דאָ אָפּגעשפּאָרט, דאַנקען גאָט, אַ פּאָר טאָלער, איך דאַרף זיי איצט נישט האָבן. נעמט אייך וויפל איר דאַרפט, איר וועט מיר אָפּגעבן, איך בין בטוח, גאָט וועט העלפן... און ער האָט אַוועקגעלייגט אויפן טיש אַ פּעקל פאַפּירלעך אייַנגעוויקלט אין אַ פאַרביק טיכל...

מער האָב איך נישט געקאָנט אויסהאַלטן, עס האָבן מיר אַ פּלייץ געטאָן טרערן פון די אויגן, און איך האָב זיך צעוויינט ווי אַ קליין קינד... דער אַלטער האָט מיט ציטערנדיקע פינגער מיך אָנגערירט און מיט אַזאַ פאָטערלעכער וואַרעמקייט מיך געטרייסט:

— מען טאָר זיך נישט מייאש זיין מיין זון, מען טאָר זיך נישט מייאש זיין!...

איך האָב גענומען נאָר אַ קליינעם טייל פון דעם געלט, וואָס איז געווען אויפן טיש, אָבער גענוג אויף זיך צו באַזאָרגן מיט רוי־מאַטעריאַל אויף אַ קורצער צייט און באַצאָלן אַ דרינגענדיקן חוב, און... גאָט האָט געהאָלפן! די ברכה פון דעם יעדעניצער ייִד, ר׳ יעקב לעמפּערט זכרונו לברכה, איז מיר בייגעשטאַנען, און איך האָב אויסגעצאָלט אַלע מיינע חובות, און איך האָב, לויט מיינע באַשיידענע מעגלעכקייטן, דערפילט מיין שליחות אין לעבן, ווי גאָט האָט געבאָטן: איך האָב געפלאַנצט אַ פאַבריק, און האָב אויך יורשים, וואָס וועלן גיין אין מייַנע ייִדישע וועגן, און מייַן נאָמען וועט אויך שטיין אויף די טאָוולען פון אַ ייִדישן ספר...

און ר׳ יעקב לעמפּערט איז נישט נאָר צו מיר געווען אַזוי ברייטהאַר־ציק, און זייַן האַנדלונג איז נישט געווען קיין אויסנאָם, נאָר ער איז פון

דער נאַטור געווען געבענטשט מיט אַזאַ כאַראַקטער. איך זאָג „געבענטשט" ווײַל, ווי עס שײַנט, איז עס געווען אין הסכם מיט די פאָדערונגען פון זײַן געוויסן, ווי מען האָט עס געפילט פון זײַן גוטמוטיקן טאָן און פון זײַן צו־טרויִלעכן שמייכל, וואָס האָט מיט פאָטערלעכער ליבשאַפט געקוקט אויף מענטשן. ער האָט ביזן לעצטן טאָג פון זײַן לעבן זיך אָפּגעגעבן מיט פעד־לערײַ. און ווען זײַן זון פלעגט אים זאָגן: — טאַטע, צו וואָס דאַרפסטו דאָס? פלעגט ער אים שטיל ענטפערן: — מײַן זון, מײַנע קליענטן דאַרפן מיר... ער פלעגט נישט טיילן קיין נדבות, ער פלעגט נישט צעטיילן זײַן סחורה אומזיסט; זײַנע קליענטן וואָלטן עס גאָר נישט אָנגענומען. דאָס זײַנען, דאָס רוב, געווען אַרבעטער פון די הינטערשטאָטישע געגנטן. אָבער ער פלעגט קומען צו זיי ווי אַ פרײַנד, ווי אַן ערלעכער מענטש, ווי אַ בעל־יועץ, וואָס פלעגט זיך באַגנוגענען מיטן קלענסטן פאַרדינסט פאַר זײַן טרחה, און געבן די ריכטיקסטע עצה און די בעסטע סחורה.

— אָפטמאָל ווען איך פלעג קומען אויפמאָנען די וועכנטלעכע קוואָטע — פלעגט מיר דערציילן ר׳ יעקב — פלעג איך נאָך דאַרפן אויסלײַען אַ קליענט אַ פּאָר פּעזעס אויף דער הוצאה אָדער אויף אַ רפואה. דאָך האָב איך קיינמאָל נישט געהאַט קיין „טשוועקעס"; אַז עס זײַנען געווען אייניקע, איז מסתמא האָבן זיי טאַקע נישט געקאָנט באַצאָלן... איך האָב נישט גע־וואַרט, אַז אַ קליענט זאָל בײַ מיר בעטן סחורה, אַז איינער האָט אויסגעצאָלט אַ בעט, און איך האָב געזען, אַז עס פעלט אַ געלעגער פאַר אַ קינד, האָב איך אים אַליין געבראַכט, און מען האָט מיר אויסגעצאָלט ווי זיי האָבן געקאָנט.

— גלייבט מיר, ר׳ שמעון, האָט ער צוגעגעבן, אַז איך פלעג אַרײַנ־קומען צו אַ קליענט, פלעגט ווערן אַ שמחה אין שטוב: — דאָן כאַקאָבאָ איז געקומען! און עס פלעגט מיר גלײַך אַרומרינגלען די גאַנצע משפחה... דאָס איז געווען מײַן לעצטער שמועס מיט אים שוין אויפן טויטן־בעט... ער האָט גערעדט וועגן זײַנע קליענטן מיט אַן אויסגעלײַטערט געזיכט, ווי איינער וואָס טראַכט: „איך האָב געטאָן פאַר זיי, וואָס איז געווען אין מײַנע מעגלעכקייטן". אין ר׳ יעקבס פעדלערײַ איז געווען אַ ייִדישע „של מעלה", אַ לב טוב — מעשים טובים! אַן אַזעלכע מעשים און אַן אַזעלכע

מענטשן, וואָלט קיין קיום נישט געהאַט אונדזער צעטומלטע וועלט און עס וואָלט קיין טעם נישט געהאַט דאָס לעבן.

•

איך וויל נאָך ביי דער געלעגנהייט צוגעבן, אַז דער יעדעניצער צדיק — ווי איך פלעג וועגן אים טראַכטן — האָט געזאָלט ווערן אַ העלד אין אַ ראָמאַן פון זייער אַ טאַלאַנטירטן און אָנערקענטן שרייבער, מיין בן־עיר און פריינד, שלמה ברייניסקי. איך האָב דערציילט ברייניסקין וועגן דעם זעלטענעם „פאָלקס־טיפ", וועגן דעם למד־וואָווניק, וואָס האָט אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן און פּאָזיטיוון איינדרוק. ברייניסקי האָט זיך באַקענט מיטן אַלטען און מיט זיין זון, האָט זיי אַ לענגערע צייט שטודירט, און נאָכדעם אָנגעשריבן אַ נאָוועלע, וועלכע ער האָט אַ נאָמען געגעבן „אַ ייד אויף דער אַמעריקאַנער ערד".

ברייניסקי איז געווען אַ גאָט־געבענטשטער קינסטלער און פון אונטער זיין פעדער איז אַרויס אַ מייסטער־ווערק, וואָס האָט מיך באַגייסטערט. איך בין נאָך אין יענער צייט אַריין אין דער „אינדוסטריע" און נישט אין גאַנצן אַרויס פון דער „באָהעמיע"; אָדער ריכטיקער: איך האָב שטענדיק געשוועבט צווישןביידן, האָב איך אַנגאַזשירט אַ „ליטעראַרישן מיטיק" ביי זיך אין שטוב, און פאַררופן די ליבהאָבערס פון דער יידישער ליטעראַטור אויף אויסצוהערן אַ פּאָר קאַפּיטלעך פון ברייניסקיס נייער שאַפונג.

עס זיינען געווען מיגעל אַדלער, לואיס בערענשטיין, יעקב ראָזענבאַנד, בענאַ ווייזער, עטלעכע געסט פון אויסלאַנד, און פאַרשטייט זיך, דער הויפּט־מחותן, שלמה ברייניסקי. ווייזער איז געווען דער דעלעגאַט פון דער יידישער אַגענץ אין ירושלים, מיר האָבן אים געקענט ווי אַ גלענצנדיקן זשורנאַליסט און רעדנער, אָבער ביי דער מסיבה האָט ער זיך אַנטפּלעקט אויך ווי אַ דיכטער. ער האָט פאָרגעלייענט עטלעכע לידער, וואָס האָבן עדות געזאָגט אויף אַ גאַנץ באַטייטנדיקן פּאָעטישן טאַלאַנט.

ווען ברייניסקי האָט אָנגעהויבן זיין פאָרלייענונג, לאַנגזאַם אָבער זיכער, אַזוי ווי ער זאָל וועגן און מעסטן יעדעס וואָרט, זיינען מיר געבליבן איינגעהילט אין אַ מין קדושה שטילקייט פון וועלכער עס איז אויפגעגאַנגען דאָס קול פון נאַראַטאָר, וואָס האָט געהאַלטן געשפּאַנט די צוהערער. עס

זײַנען מיר געבליבן אין זכרון אַ סך בילדער, וועלכע נישט דאָ איז דער פּלאַץ איבערצוחזרן, און ווי מערקווירדיק דאָס זאָל נישט אויסזען, האָט דער קינסטלער ווי פאַרויסגעזען די געשעענישן, וועלכע האָבן זיך אָפּגעשפּילט אין יאָרן אַרום, באַזונדערס דעם כאַראַקטער פון די העלדן האָט ער ריכטיק אָפּגעשאַצט, און האָט געשילדערט דעם יעדניצער ווי אַ העלדישן קעמפער, וואָס שטעלט אײַן דאָס לעבן בעת די גויִים הייבן אָן באַפאַלן אין אַ מאַרק־טאָג די ייִדן פון פוילישן שטעטל. נאָך ברײַנסקיס טויט איז די נאָוועלע פאַרלוירן געגאַנגען, איך האָב גענישטערט אין אַלע זײַנע פּאַפּירן, געזוכט אין אַלע ווינקעלעך, און נישט געפונען... אַ פאַרלוסט פאַר אונדזער ליטעראַטור און אַ פאַרדרוס, וואָס האָט מיר פאַרשאַפט אַ סך לײַדן.

# די געשיכטע פון אַ יידישן עסקן

מיט יודקע פאַרביאַזש האָב איך זיך באַקענט נאָך אין מײַן פריִער יוגנט. ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ זשעליכאָווער מיידל, און פלעגט אָפט אַראָפּקומען אין שטעטל. שפּעטער האָט ער זיך באַזעצט אין וואַרשע, און דאָס האָט אים שטאַרק דערהויבן אין מײַנע אויגן. ער איז דאָרט מיט דער צײַט אויך געוואָרן אַ גרויסער אונטערנעמער. וואַרשע איז געווען עפּעס מער ווי אַן עיר ואם בישראל — אַ שטאָט און אַ מוטער בײַ יִדן, — ווי עס ווערט אַזוי שיין געזאָגט אין תנ״ך (שמואל ב׳ כ־יט) וועגן אַ יִדישער שטאָט. עס הייסט, אַז אַ שטאָט איז נישט נאָר אַ וווין־אָרט, וואָס גיט אַ דאַך איבערן קאָפּ, נאָר איז אַ מוטערלעכע היים, וואָס גיט שפּײַז פאַר דער נשמה אויפן גאַנצן לעבן.

וואַרשע איז געווען אַ גרויסער גײַסטיקער יִדישער צענטער, וואָס האָט אויסגעשטראַלט זײַן ליכט אויפן גאַנצן פּוילישן יִדנטום, און גע־שפּײַזט מיט יִדן און יִדישקייט אַלע תפוצות העולם. בערך דרײַ הונדערט טויזנט יִדן האָבן פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה געלעבט אין דער שטאָט, ווו עס זײַנען געווען קאָנצענטרירט די אויטאָריטעטן פון רעליגיעזן יִדנטום, די נאַציאָנאַלע און פּאָליטישע פּאַרטייען, די וויכטיקסטע צײַטונ־גען, אַ נעץ פון יִדישע שולן, טעאַטער, פאַרלאַגן און די אָנגעזעענסטע יִדישע שרײַבער. אויסער דעם, איז די יִדישע וואַרשע געווען אַ גרויסער צענטער פון אינדוסטריע און האַנדל, וואָס האָט באַזאָרגט מיט אַלע מינים סחורות גאַנץ פּוילן.

פאַר אונדזערן אַ מענטשן איז אַ רײַזע קיין וואַרשע, עס מעג זײַן אַפילו אויף געציילטע טעג, געווען אַ גרויסע איבערלעבונג. די יוגנט האָט גע־חלומט וועגן דעם, און איינער וואָס האָט באַזוכט די שטאָט האָט וואָכן־לאַנג געהאַט וואָס צו דערציילן. פאַרביאַרזש, דאַקעגן, איז געווען אַן אָפטער גאַסט אין שטעטל, ווו ער האָט געהאַט משפּחה און פרײַנד און ווו

ער פלעגט זיך אָפּרוען, ווי ער פלעגט זאָגן, פון גרויסשטאָטישן טומל. אַזוי איז עס געווען שיינע עטלעכע יאָר, ביזן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די דײַטשע אינוואַזיע האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן לאַנד ווי אַ שוידער־געשפּענסט מיט טויזנטער אויגן, וואָס האָט נאָכגע־שפּירט די טריט פון יעדן מענטשן און וואָס האָט צוגעטיילט יעדן ביסן.



געסט שרײַבן־אונטער דעם ספר־הזהב אויף אַן אויפנעם אין דער ייִדישער שול פון באָגאָטאַ. — פון רעכטס: ד״ר דעמבנער, ערן־פּרעזידענט פון דער שול; שגריר פון מדינת ישראל; ד״ר זולואַגאַ, שול־דירעקטאָר; ד״ר גאָנסאַלעס, וויצע־מיניסטער פון בילדונג, יוליוס שולמאַן, פּרעזידענט פון דער שול־פאַרוואַלטונג

פאַרביאַזש איז בעת דער דײַטשער אָקופּאַציע פאַרבליבן אין זשעליכאָוו, און דער בשותּפותדיקער מלחמה־גורל האָט אונדז פאַרבונדן אין אַ אויפ־ריכטיקער פרײַנדשאַפט. מיר האָבן צוזאַמען געהונגערט, און צוזאַמען זיך אויסגעלעבט אין אַ קרייז פון נאָענטע מענטשן, ווו ער ווי אַן עלטערער

און מער דערפֿאַרענער צווישן אונדז, איז געווען דער ראש המדברים, וואָס האָט גענאָסן פֿון אַלעמענס רעספּעקט און אָנערקענונג.

נאָך דער מלחמה האָט דער עמיגראַציע שטראָם אונדז געבראַכט צו די זעלביקע ברעגן, אין דער הויפּטשטאָט פֿון קאָלאָמביע — באָגאָטאַ. זײַן פֿרײַנד יצחק בראַנדווײַן, מײַנער אַ בן־עיר, האָט אים אַראָפּגעבראַכט אין לאַנד, ווען דאָס ייִדישע לעבן אין פּוילן האָט שוין אָנגעהויבן גיין באַרג־אַראָפּ. ער איז געקומען אין יאָר 1930 צוזאַמען מיט אַברהם טשאָדנעק, און אין אַ קורצער צײַט אַרום האָבן זיי באַוויזן צו גרינדן אַ שטריקער אונטערנעמונג, וועלכע זיי האָבן אַ נאָמען געגעבן „טריקאָט". יודקע איז שוין געווען אַ שטריקער פֿאַבריקאַנט אין וואַרשע, און אַ דאַנק זײַן דער־פֿאַרונג און אײַנגעבוירענע פֿעיִקייטן, האָט ער גיך באַוויזן צו פֿאַרוואַנדלען די פֿאַבריק אין אַ באַטײַטנדיקער אינדוסטריע, צו וועלכער עס איז שפּע־טער אויך צוגעשטאַנען, מאַקס וואָלף, און וואָס האָט באַשעפֿטיקט פֿיל הונדערטער מענטשן.

ווי אַן עכט ייִדישער מענטש האָט פֿאַרביאַזש פֿון דעם ערשטן מאָ־מענט זיך אינטעגרירט אינעם ייִדישן געזעלשאַפֿטלעכן לעבן. דאָס קהלשע לעבן פֿון דער קליינער עדה איז נאָך צו יענער צײַט געווען שוואַך אַנט־וויקלט, אָבער דער אונטערנעמערישער גײַסט פֿון יודקען האָט אים געגעבן אַ ברייטן שוווּנג, און ער האָט ווי אַן אַלגעמיין אָנערקענטער מנהיג גע־וווּנען די סימפּאַטיע און צוטרוי פֿון גאַנצן ישוב. ער איז געווען פּרעזיצער פֿון ייִדישן צענטער אין באָגאָטאַ, און אין דעם פּעריאָד זײַנען פֿאַרצייכנט געוואָרן וויכטיקע דערגרייכונגען. אין יענער צײַט בין איך מיט יודקען — אַזוי פֿלעג איך אים רופֿן — געוואָרן זייער נאָענט, מיר פֿלעגן זיך טרעפֿן כמעט ווי יעדן טאָג, ווײַל אין משך פֿון זײַן פּרעזידענץ האָב איך פֿאַרנומען דעם אַמט פֿון סעקרעטאַר אין דער אינסטיטוציע. „די זשעלי־כאָווער האָבן מאָנאָפּאָליזירט דעם ישוב" פֿלעגן זאָגן די בעסאַראַבער, אָבער מען האָט עס נישט געזאָגט מיט קיין שלעכטער כוונה, נאָר מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן.

שלמה ברײַנסקי איז צו יענער צײַט געזעסן על התורה ועל העבודה. ס'איז געווען דער שעפֿערישער פּעריאָד פֿון זײַן ליטעראַרישער טעטיקייט. צו דער גרופּע האָט אויך געהערט טשיפּעקיעוויטש, דרעזנער, די ברידער

שפּאָנקער, חצקעלע גראָסגאָלד, ד״ר גרוצענהענדלער און אייניקע אַנדערע. די גרופּע האָט געשאַפן אַ גײַסטיקן ייִדישן לעבן אין שטאָט, און באַווירקט אויך אין דעם זין די קלענערע ייִדישע ישובים פון לאַנד. מען פלעגט זיך פאַרזאַמלען, עס זײַנען געווען רעפעראַטן, מען פלעגט אויפנעמען קול־טור־געסט, אַרטיסטן, שליחים — ס׳איז געווען אַ ייִדיש־געזעלשאַפטלעך לעבן.

די דינאַמישע באַוועג־קראַפט אין דעם דאָזיקן געזעלשאַפטלעכן און אינסטיטוציאָנעלן ייִדישן לעבן איז געווען יודקע פאַרביאַזש. ער האָט זיך אימפּאָנירט מיט זײַן פערזענלעכקייט, מיט זײַן מיושבדיקן טאָן, מיט זײַן פאָלקסטימלעכן הומאָר, מיטן צודרינגלעכן בליק פון זײַנע קלוגע אויגן. עס איז נישט געווען קיין גרויסער אונטערשייד אין עלטער צווישן אונדז, אָבער צו אים איז געווען אַ באַציִונג ווי צו אַן עלטערן ברודער, וואָס איז דורכגעדרונגען מיט אַ געפיל פון ערנסט און אחריות.

ווען יודקע האָט פאַרלאָזן באָגאָטאַ און זיך איבערגעצויגן קיין מע־דעלין, איז די גרופּע געבליבן ווי פאַריתומט, און מיר האָבן נישט אויפ־געהערט צו פילן זײַן אָפּוועזנהײַט. ער האָט אויך דאָרטן אויפגעבויט אַ שטריקער פאַבריק, און כאָטש מענטשן פון דער בראַנזשע האָבן אים גע־וואָרנט, אַז „אין מעדעלין און אין דער אומגעגנט איז אַ הייסער קלימאַט, און אַ סוועדער וועט דאָרט נישט אָנגיין, האָט ער געטאָן זײַנס, האָט אַרײַנגע־לייגט אַ גרויסן קאַפּיטאַל אין דער אונטערנעמונג, און מיט זײַן סחורה אַרײַנגעדרונגען אין אַלע ווינקלען פון לאַנד.

נאָך איידער ער איז געוואָרן אַ תושב אין מעדעלין, איז ער שוין געווען אַ מיטגליד אין אַלע דאָרטיקע ייִדישע אינסטיטוציעס. און ווען ער האָט זיך באַזעצט אין דער שטאָט האָט ער אַקטיוו זיך באַטייליקט אין דער אַרבעט, און האָט מיט זײַן בײַשפּיל און בײַטראַג אויך אַקטיווירט די ייִנגערע דורות. ער האָט זײַנע געזעלשפטלעכע אַמטן לעצטנס איבערגעגעבן דער יוגנט, אָבער דאָרט וווּ מען דאַרף אים, פעלט קיינמאָל נישט זײַן אָנוועזנהײַט. הײַנט שטייט בראש פון דער קהילה, משה פאַרבעראָוו (אַ קרוב פון דער משפּחה ראַבינאָוויטש), וואָס האָט באַוויזן צו שאַפן אַרום זיך אַ קרײַז פון יונגע און איבערגעגעבענע טוער, אָבער צום פּאַטריאַרך — דאָן כוליאָ פאַרביאַזש, ווי זיי רופן אים — באַציִען זיך אַלע מיט יראת

הכבוד און זײַן וואָרט האָט אַן אָפּקלאַנג אין ישוב, און זײַן דעה איז ווי אַ געבאָט וואָס ווערט אויסגעפירט.

דאָס שעפערישע לעבן פון כוליאַ פאַרביאַזש איז זייער כאַראַקטעריס־טיש פאַר אַ סך פון די יידישע פיאָנערן אין די לאַטיין־אַמעריקאַנער לענ־דער. זיי האָבן געבויט פאַר זיך, פאַרן לאַנד און פאַרן יידישן פאָלק. זיי זײַנען אינטעגראַלע מענטשן, ווײַל זיי זײַנען גאַנצע יידן. זיי האָבן זיך אינ־טעגרירט אין די לענדער אין וועלכע דער עמיגראַציע־שטראָם האָט זיי פאַרטראָגן, האָבן מיט זייער אונטערנעמונגס־גײַסט פיל בײַגעטראָגן פאַר דער אַנטוויקלונג פון די לענדער, און געוואָרן בירגער און פאַטריאָטן צוגלײַך מיט דער אײַנגעבוירענער באַפעלקערונג. אָבער זיי האָבן זייער יידישן אָפּשטאַם נישט פאַרגעסן, פונקט ווי דאָס האָבן נישט פאַרגעסן די שפּאַנישע אימיגראַנטן, וועלכע רעדן מיט ליבשאַפט וועגן זייער „מאַדרע פּאַטריאַ״, און דאָס זעלבע אויך די אָפּשטאַמיקע פון אַלע אַנדערע קולטורעלע נאַציאָנאַליטעטן, ווי די ענגלענדער, דײַטשן און אַנדערע.

אַ מענטש וואָס איז געקומען אין אַ נײַ לאַנד מיט אַ קולטור־ירושה, דאַרף זי ווײַטער פאַרזעצן און קולטיווירן. און נאָך מער דער יידישער מענטש, וועלכער איז אַ טרעגער פון אַן אוניווערסאַלער „מוטער־קולטור״ און פון אַ שווערער היסטאָרישער דערפאַרונג, וואָס האָט געלערנט דעם יידן, אַז אַ סך לענדער וועלכע ער האָט באַרײַכערט מיט זײַן מאַרך און בלוט, האָבן אים פאַרטריבן... איז דאָך פוילן פון שוואַרצן צווײ־קעפּיקן אָדלער, ווי פון רויטן סערפּ און האַמער, פון דעם דער בעסטער בײַשפּיל.

עס קאָן דאָך נישט זײַן, אַז אַן אימיגראַנט, וואָס באַטרעט דעם שוועל פון אַ לאַנד, זאָל אַרײַנוואַרפן אין ים אַרײַן זײַן רעליגיעזן גלויבן, זײַן שפּראַך, קולטור און טראַדיציע און פון דאָסנײַ געבוירן ווערן, און אָנהייבן פון אָנהייב. אין די קאַזאַרמע־לענדער פון שוואַרצן און רויטן פאַשיזם באַקומען אַלע בירגער ווי די יוונים — איין פּנים. ווי אין צײַט פון פינצטערן מיטלאַלטער ווערט אויף אַלעמען אַרויפגעצוווּנגען איין געדאַנק און איין גלויבן. „דער וואָס איז נישט מיט אונדז״ איז אַמאָל געגאַנגען אויפן שײַטערהויפן, הײַנט גייט ער — אין משוגעים הויז..

אין אַ דעמאָקראַטיש לאַנד קומען פרײַ צום אויסדרוק פאַרשיידענע קולטור־טענדענצן, און נאָך מער אין די יונגע לענדער פון דעם אַמערי־

קאַנגער קאָנטינענט, ווו עס לעבן נאָך רעשטן פון די פרע־היסטאָרישע קולטורן, וואָס מישן זיך אויס מיט אייראָפּעיִשע אײַנפלוסן, און בילדן צוזאַמען דעם זאַפטיקן באָדן אויף וועלכן עס אַנטשטייען נײַע נאַציאָנאַליטעטן. אַ מאָזאַיִק פון פאַרשיידענע פאַרבן, בוקעטן בלומען פון אַלע קאָלירן, אין וועלכע יעדע איינע האָט אַ רעכט אויף לעבן און אויף בײַטראָגן איר חן פאַרן גאַנצן.

האָט מען אויפגעבויט אַ גאַנצע נעץ פון ייִדישע אינסטיטוציעס און עס איז אַנטשטאַנען אַ ייִדיש לעבן. און איין ישוב איז געווען פאַרבונדן מיטן אַנדערן און אַלע צוזאַמען מיט ארץ ישראל און שפּעטער — מיט מדינת ישראל, וואָס איז שטענדיק געשטאַנען אין צענטער פון נאַציאָנאַלן געפיל און געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט.

יודקע, יודל און שפּעטער, כוליאָ פאַרביאַזש, איז אַ פּאַרדינסטפולער ייִדישער עסקן פון לאָקאַלן פאַרנעם, אָבער זײַן געזעלשאַפטלעכע אַקטואַציע פון אַ גאַנץ לעבן גייט ווײַט אַריבער די ראַמען פון ישוב, און גיסט זיך צוזאַמען אין כאָר פון ענלעכע ייִדישע עסקנים אין אַלע אַנדערע ישובים איבער דער גרויסער ייִדישער וועלט, ווו מיר הערן הײַנט שטאַרקער ווי שטענדיק די קלאַנגען פון נצח ישראל.

איך האָב מיט אַ קורצער צײַט צוריק זיך געטראָפן מיט פאַרביאַזשן, און ווי דער שטייגער איז, דערמאָנט די פריידן און לײַדן פון דער „אַלטער היים". די האָפענונגען, וועלכע בײַ אונדז האָט דערוועקט די דײַטשע אָקופּאַציע בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה און די אַנטוישונג, וואָס איז געקומען קורץ נאָך דעם, נאָכן פאַרהאַסטן רעזשים פון צאַרישן אַנטיסעמיטיזם, וואָס האָט געהאַלטן אין אַ געטאָ פון תחום המושב מיליאָנען ייִדן, האָט מען געהאָפט אויף אַ ישועה פון די נײַע הערשער. און ווירקלעך האָט די ערשטע מאָנאַטן זיך באַוויזן אַ שטראַל פון האָפענונג, אָבער דער האָניק־חודש האָט געדויערט פון אסתר־תענית ביז פורים. ייִדן זײַנען די ערשטע צײַטן געווען די איבערזעצער און פאַרמיטלער צווישן די דײַטשן און פאָּליאַקן, אָבער דאָס האָט נישט מער ווי אויפגערייצט די געמיטער, און די גרויזאַמע האַנט פון דער דײַטשער דיסציפּלין, פון אַבליגאַטאָרישער אַרבעט פאַר דער אַרמיי און פון מלחמה־הונגער האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף דער גאַנצער באַפעלקערונג...

פֿאַרביאַזש האָט דערמאָנט אַן אומפֿארגעסלעכן עפּיזאָד, וואָס איז מיר געבליבן שטעקן אין זכרון. ער איז דעמאָלט אַלט געווען אַ יאָר אַכצן און איך יינגער מיט זעקס יאָר, זײַנען מיר אַרויס זוכן ברויט אין אַ שכנותדיקן דאָרף, יאַנאָסאָווקאַ. עס האָט אונדז אָפּגעגליקט, און אין אַ פּויערישער כאַטע האָט מען אונדז מכבד געווען מיט זויערמילך און קאַרטאָפֿל. דעם טעם פֿון יענעם מאַכל וועל איך קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן...

*

האָט אונדז דער גורל פֿאַרטראָגן פֿון זשעליכאָוו און יאַנאָסאָווקאַ קיין באָגאָטאַ און מעדעלין. שוין פֿאַרבײַ אַ האַלבער יאָרהונדערט און מיר גייען צוריק פֿון „לעבנס־יאַריד", אָבער מיט אַ גאַנץ שיינעם באַלאַנס פֿאַר זיך, פֿאַר די קינדער, פֿאַרן פֿאָלק און פֿאַרן לאַנד. אַ שיינער סך־הכל פֿון אַ פּראָדוקטיוו און שעפֿעריש לעבן פֿאַר זיך און פֿאַר אַנדערע. דאָס לעבן איז אייביק, און אויך אונדזער בײַטראָג איז פֿאַראַן אין דער אייביקייט. זיצן כוליאָ פֿאַרביאַזש און בערנאַרדאָ ראַבינאָוויטש און רעדן וועגן דער קהילה. בראש פֿון דער קהילה שטייען שוין הײַנט יינגערע, אָבער צו זיי קומט מען נאָך אַן עצה און זיי האָבן נאָך אַ דעה, און אַזוי לעבט זיך אַרײַן איין דור אין גײַסט פֿון צווייטן, און דאָס ייִדישע לעבן גייט קיינמאָל נישט אונטער...

## דאָס „פּינטעלע ייד״

דאָן סאַלאָמאָן גוט איז געווען אַ פּיאָנער פון דעם ייִדישן ישוב אין קאָלאָמביע. ער איז פּאַקטיש געווען דער ערשטער ייִדישער אימיגראַנט אין לאַנד, אַן ערשטע שוואַלב, און אַט דער פּאַקט אַליין איז גענוג מיר זאָלן אים נישט אויסלאָזן אין דער פאַרצייכעניש. ער האָט אָבער אויך גע־האַט זכות עצמו. ער, דער אַריסטאָקראַט און גביר, האָט זיך אידענטיפי־צירט „מיטן פאָלק״, און האָט אין אַ מאָמענט פון קריזיס געקעמפט אויף אויפצוהאַלטן די ייִדישע קהילה, ווי מיר וועלן עס ווײַטער דערציילן באַריכות. נאָך אים זײַנען געקומען זײַנע קרובים, צווישן זיי דער באַקאַנטער געשעפטסמאַן מאָריס גוט.

געווען איז דאָן סאַלאָמאָן אַ מענטש פון מיטעלן וווקס, קליינע קלוגע אויגן, אַן אָפן פּנים, קלאָר און פריילעך ווי די זון, ווו די גוטמוטיקייט האָט קיינמאָל נישט אויפגעהערט צו לײַכטן. ווער עס האָט זיך מיט אים באַקענט האָט דערפילט, אַז אַט דעם מענטשן האָט דער גורל נישט באַ־שטימט פאַר קיין באַשיידענע טועכצער, נאָר האָט אים צוגעטיילט אַ פּריווי־ליגירטן גורל. געטראָגן האָט ער אַן עלעגאַנטן ענגלישן מאַנטל; אויפן קאָפּ — אַ האַרטן הוט, לויט דער דעמאָלטיקער מאָדע, אַ דינעם שירעם — אויך ענגלישע — האָבן געדינט ווי אויסערלעכע סימנים, מען זאָל וויסן מיט וועמען מען האָט דאָ צו טאָן, אַפילו טרעפנדיק אים אַזוי ווײַט פון זײַן אַלטן רוסישן היימלאַנד.

ווען מיר זײַנען געקומען אין לאַנד, איז דאָן סאַלאָמאָן שוין געווען דאָ אַ תושב און געפירט גרויסע געשעפטן. אָבער ער האָט זיך געהאַלטן דער־ווײַטערט פון ישוב. בשעת כאַקאָבאָ כאַראָסאָ און לויִס פּוסטילניק האָבן גענומען אויף זיך דעם עול צו שאַפן אַ קהילה, איז דאָן סאַלאָמאָן נאָך אַלץ געבליבן מן הצד. דאָך האָט מען צווישן אונדזערע מענטשן אים דערמאָנט אַלע מאָל מיט גרויס דרך ארץ. אין אַ טאָג, האָט ער אומדערוואַרטעט זיך

באַוויזן אין לאָקאַל פֿון „ייִדישן צענטער״, צוזאַמען מיטן ד״ר בענשעטריט, און די דאָזיקע האַנדלונג איז פֿאַר אונדז געווען אַ ווײַכטיקע געשעעניש. דאָס איז אויסגעטײַטשט געוואָרן ווי אַ פֿײַנער זשעסט פֿון אַ מענטשן, וואָס ווײַזט אַרויס אינטערעס פֿאַר די ענינים פֿון ייִדישן כּלל.

בעת די צוגרייטונגען צו די פֿײַערונגען פֿון 400 יאָריקן אַניווער־סאַר פֿון דער שטאָט באָגאָטאַ, וואָס איז אויסגעפֿאַלן אין יאָר 1938, האָט דאָן סאָלאָמאָן גוט פֿאָרגעשלאָגן אַז דער ייִדישער ישוב זאָל, צוגלײַך ווי די אַלע אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן, זײַן פֿאַרטראָטן אויף דעם יום טוב מיט זײַן בײַטראָג. ער האָט פֿאָרגעלייגט עס זאָל אויסגעשטאָט ווערן אַ מאָדער־נער הייל־אַנשטאַלט, וואָס זאָל אויסטיילן אומזיסטע מעדיצינישע הילף אין אַ וואָסערער נישט איז אָרעמער געגנט. דער פֿאָרשלאָג איז אָנגענומען געוואָרן, און דער גרויסער בנין אויף דער גאַס 63, צווישן די שאָסייען 15 און 16, טראָגט אויפֿן פֿראָנט דעם נאָמען פֿון רמב״ם, דעם גרויסן ספֿר־דישן מעדיצינער און געלערנטן. בײַם לייגן דעם גרונטשטיין איז בײַגעווען דער באַרימטער אינטענדענט פֿון דער הויפּטשטאָט, ד״ר גוסטאַוואָ סאַנטאָס; אויפֿן צווייטן יאָר, האָט דער נײַער בירגערמײַסטער, ד״ר כערמאַן הער־נאַנדעס איבערגענומען די מתּנה פֿון ייִדישן ישוב.

קיין שטענדיקער מיטאַרבעטער פֿון „ייִדישן צענטער״ איז דאָן סאָלאָ־מאָן נישט געוואָרן. ווי נאָר עס האָבן זיך אָנגעהייבן אין יענער צייט, — אין די ערשטע דרײַסיקער יאָרן — די מחלוקתן צווישן „רעכטס״ און „לינקס״ האָט ער זיך צוריקגעצויגן. אָבער ייִדן האָבן גורל־פּראָבלעמען, וואָס פֿאַר־אייניקן זיי איבער אַלע אידעייִשע און קלאַסן־אונטערשיידן, און אין אַזעלכע גורל־מאָמענטן פֿאַרן ישוב, פֿלעגט זיך באַווײַזן דאָן סאָלאָמאָן נישט נאָר ווי אַן עלעגאַנט געקליידעטער ענגלישער דזשענטעלמען, נאָר אויך ווי אַ וואַרעמער ייִד... אָבער דאָס האָט שוין אויך אַ שײַכות צו זײַן פֿרײַנד, ד״ר בענשעטריט, וועגן וועלכן איך וועל דערציילן ווײַטער.

*

איך האָב שטענדיק געוואָלט שרײַבן וועגן אים, אָבער עס האָט מיך אָפּגעהאַלטן אַ געפֿיל פֿון — יראת־הכּבֿוד. אַ פּערזענלעכקייט פֿון הויכן אינטעלעקטועלן יחוס אַזוי אין זײַנע מאַנירן, אין זײַן לעבנסשטייגער ווי אויך אין זײַן פּראָפֿעסיע. נעכטן אָבער, בין איך פֿאַרבײַגעגאַנגען די גאַס

15 ראָג 73, און באַשטימט צו דערמאָנען אָט דעם ליבן און טײַערן ייִדן. אַ בראָנדזענער טאָוול איז אויף דעם ראָג געהאַנגען אין אָנדענק פון דעם מענטשן וועגן וועלכן איך וויל דאָ שרײַבן.

מיט אַ פערציק יאָר צוריק האָט אין דעם רײַכן הויז געוווינט ד״ר אַהרן בענשעטריט. ער האָט אויסגעזען ווי אַן אַריסטאָקראַט אין פולן זין פון וואָרט, הויך, גראַציעז, מיט האַרמאָנישע פּנים שטריכן, נאָר אַן עטוואָס געבערגלטע נאָז, טונקעלע אויגן און האָר, האָבן געקאָנט עדות זאָגן אויף זײַן ייִדישן אָפּשטאַם. אַ פּראָמינענטער מעדיצינער, איז ער געווען הויך געשעצט אין די וויסנשאַפטלעכע און אינטעלעקטועלע קרייזן פון לאַנד, און אין זײַן הויז פלעגן זיך אָפט צוזאַמענקומען די וויכטיקסטע מענטשן פון לאַנד — פּאָליטיקער, שרייבער און קינסטלער. ס׳איז כדאי געווען צו זען דעם גאַסט־געבער, ווי ער איז אַרומגעגאַנגען צווישן די פאַרבעטענע, און זיך אָפּגעגעבן מיט יעדערן פון זיי באַזונדער, בשעת די טאַצן מיט משקאות און צובײַסנס האָבן אַרומגעקרייזט אויף די הענט פון שוואַרץ באַקליידעטע סאַרוועערס. ד״ר בענשענטריט האָט זיך נישט געשעמט מיט זײַן ייִדישקייט און נישט מיט זײַנע ייִדן; אָפט בין איך געווען צווישן די פאַרבעטענע, און ער פלעגט מיך פאָרשטעלן ווי אַ „פּאַיסאַנאָ״, ווי אַ לאַנדסמאַן.

זײַן פּראָפעסיאָנעלן אויפנאַם־קאַבינעט האָט ער געהאַט אויף קאַררעראַ 9, צווישן דער 18טער און 20סטער גאַס. דאָרט פלעגן מיר זיך צוזאַמענקומען כמעט ווי יעדע וואָך. אונדז האָט צוגעצויגן זײַן פּאָזיציע און אינטעליגענץ; אים — אַ נאַטירלעכער אימפּולס זיך צו טרעפן מיט ייִדן. מיר פלעגן צווישן זיך רעדן: ער אויף אַ ריינעם שפּאַניש, און מיר אויף אַ געמישטן לשון, ווײַל ער האָט קיין ייִדיש נישט געקאָנט, קיין וואָרט נישט, און מיר האָבן קוים פאַרמאָגט אַ פּאָר ווערטער פון דער קאַסטילישער שפּראַך. זײַן אײַנ־געבוירענע אהבת ישראל האָט אָבער אַלץ פאַרגלעט. ער איז דעמאָלט געווען איינער פון די געציילטע מעדיקערס, וועלכע האָבן זיך אָפּגעגעבן מיטן פאָרשן צרעת, אונטער דער אָנפירונג פון ד״ר פעדעריקאָ ליעראַס אַקאָסטאַ, דער פאָטער פונעם איצטיקן פּרעזידענט. און מיר זײַנען אין יענער צײַט געווען... גאַסן־הענדלער.

נאָך פינף יאָר אָנשטרענגונגען צו גרינדן אַ קהילה האָט דער ייִדישער צענטער געמוזט שליסן זײַנע טירן. ווי גרויס איז אָבער געווען אונדזער

איבעררָאַשונג ווען אויף זײַן אָרט איז אויפגעקומען אַן אינסטיטוציע פון אַ קליינער גרופּע מיוחסים. אַ קלוב פון פערציק מיטגלידער, אויף קאַרערא 7 ראָג 21סטע גאַס. מען האָט דעם קלוב אויסגעשטאַט מיטן גרעסטן לוקסוס, און אײַנגעשטעלט אַ מיטגליד־אָפּצאָל, וואָס איז גאָרנישט צוטריטלעך פאַר עמך. קורץ: אַ קלוב פאַר די „אויבערשטע פון שטויסל". מען האָט אַהין אַריבערגעפירט טייל זאַכן פון „צענטער", און אויך צוגענומען די ביב־ליאָטעק, וועלכע מיר האָבן אָנגעהייבן צו שאַפן. אַזוי איז אַנטשטאַנען דער „קלוב פון די לאָרדן", ווי מיר האָבן אים אַ נאָמען געגעבן.

מיר זײַנען אַרומגעגאַנגען מיט אויפגעשטורעמטע געמיטער און באַ־שלאָסן נישט צו שווײַגן. עמיץ האָט געוואָרפן אַ לאָזונג צו שאַפן אַ „קלוב פון די באָרוועסע". אָבער פון לאָזונגען ביז מעשים איז אַ ווײַטער מהלך. און דאָ האָט מען נישט געדאַרפט קיין צו־להכעיס קלוב. נאָר — אַ יידישע קהילה, מיט אַלע אַטריבוטן פון אַ צענטראַלער יידישער אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל זאָרגן פאַר אַלע רעליגיעזע און סאָציאַלע הצטרכותן פון ישוב. מיר האָבן געמאַכט אַ פּרווו אויפצולעבן די אָרגאַניזאַציע, אָבער עס האָט אונדז נישט אָפּגעגליקט מיטן סעקרעטאַר, חיים פײַנבוים, און דער ישוב איז ווידער געבליבן אָן אַ רעפּרעזענטאַטיווער אינסטיטוציע...

*

אין דער צײַט איז אַראָפּגעקומען קיין באָגאָטאָ, אַ הויך־טאַלענטירטער שרײַבער און גלענצנדיקער רעדנער פון בוענאָס אײַרעס, יעקב באָטאָשאַנסקי. ער האָט געמאַכט אַ טור איבערן קאָנטינענט און האָט באַזוכט אויך אונדזער שטאָט. ער האָט אַ ביסל אויפגעלעבט דעם ישוב און האָט איבערגעלאָזן אַן אומפאַרגעסלעכן אײַנדרוק; דאַקעגן דער אײַנדרוק, וואָס מיר האָבן אויף אים געמאַכט איז שוין גאָרנישט געווען אַזאַ אָפּטימיסטישער, ווי איך וועל עס באַלד איבערגעבן מיט זײַנע אייגענע ווערטער.

באָטאָשאַנסקי איז געווען אַ קינסטלער נישט נאָר אין שריפט און וואָרט, נאָר אין דער נאַטור. אַ קינסטלערישע נאַטור, וואָס האָט געשפּרודלט מיט הומאָר, און וואָס איז געווען פאַרליבט אין לעבן און אין מענטשן. דרײַסיק טעג איז ער געווען מײַן גאַסט, לאַנגע שעהען האָב איך מיט אים פאַרבראַכט, און אים אָפטמאָל געזען ווי אַ קינד, וואָס קען אָפטאָן אַ שטי־

פּערזי, אַ שפּיצל; אָבער קיין מאָל נישט מיט דער אויסגערעכנטער כוונה שלעכטס צו טאָן מענטשן. ער האָט פאַרמאָגט אַ סך זיכערקייט אין זיך, אַן אײַגנשאַפט וועלכע איז כאַראַקטעריסטיש פאַר מענטשן, וועלכע די נאַטור האָט געבענטשט מיט טאַלאַנט. אַזעלכע זײַנען פרײַ פון קנאה און פון שנאת חינם. ער האָט גערעדט וועגן ייִדישער ליטעראַטור און ליטעראַטן, וועגן טעאַטער און אַרטיסטן, נישט נאָר ווי אַ ליבהאָבער פון קונסט און קינסטלער; נאָר פאַר אים איז יעדער ייִדישער שרײַבער און אַרטיסט — און מיר דאַכט, אַז ס'איז נישט געווען קיין איינער וועלכן ער זאָל נישט קענען פערזענלעך — איז געווען פאַר אים ווי אַן אייגענער ברודער, ווי אַן אָר־גאַנישער טייל פון זײַן אייגענעם וועזן — ווי נאָך אַ באָטאָשאַנסקי.

וועל איך נעמען פאַר אַן אָביעקטיוון עדות אַזאַ באַאָבאַכטער ווי יעקב באָטאָשאַנסקי, וואָס האָט אין אַ זאַמלשריפט „דער קאָנטינענט", וועלכע איז דערשינען אין מעקסיקע אונטער דער רעדאַקציע פון מלך ראַוויטש, אין יאָר 1941, זיך געטיילט מיט זײַנע אײַנדרוקן פון באָגאָטאַ. אין אַ קליינעם רעסטאָראַן אויף דער „קארערא סעפּטימאַ", שרײַבט ער, האָט מען קיין אַנדער שפּראַך אויסער ייִדיש נישט געהערט. מען האָט גערעדט וועגן דער מלחמה, וועגן די צרות פון דער אַלטער היים, וועגן די שוועריקייטן אין דער נײַער. „בײַ איין טיש האָט מען גערעדט, וואָס די פאַר הונדערט פאַ־מיליעס אין באָגאָטאַ טוען גאָרנישט אויף אײַנצופירן אַ שטיקל ייִדיש לעבן; זיי האָבן נישט קיין שול פאַר קינדער, נישט קיין ביבליאָטעק און קלוב פאַר דערוואַקסענע". די „לאָרדן" האָבן אַלץ חרוב געמאַכט, און די „באָרוועסע" רעדן און טוען גאָרנישט"...

און באָטאָשאַנסקי קומט צו אַזאַ אויספיר: „די ייִדן פון באָגאָטאַ, זאָגט ער, זײַנען ייִדן אויף אַלע הונדערט פּראָצענט. זיי באַקומען ייִדישע בלעטער אי פון ניו־יאָרק, אי פון בוענאָס אײַרעס. באָגאָטאַ געפינט זיך פּונקט אין דער מיט, און די פּאָסט גייט פון ביידע שטעט געצוי אַלץ איינס. פאַראַן דאָרט אַ ייִדישער קולטור טוער, וואָס הייסט טימאָן גובערעק, און ער איז אַ גרויסער עקשן און אַ פאַנאַטישער קעמפער פאַר דעם ייִדישן וואָרט. פאַרשפּרייט ער זיבעציק צי אַכציק עקזעמפּלאַרן פון יעדן נומער „די צו־קונפט". (ווען עס וואָלטן געווען צען אַזעלכע גובערקעס אין דרום אַמעריקע, וואָלט „די צוקונפט" געהאַט אַ געזיכערטע צוקונפט). און מיינט

נישט אַז מען קויפט נאָר, מען לייענט אויך! עס זײַנען פאַראַן ייִדן, וואָס האָבן גאַנץ פײַנע ייִדישע ביבליאָטעקן. זיי וואָלטן געוואָלט זיך אויסלעבן ייִדיש־געזעלשאַפטלעך אויך, אָבער זיי האָבן נישט קיין מעגלעכקייט... מען איז אַ קליינער קרייז, און מען קריגט זיך און מען איז צעריסן, ווי אין אַ קליינער משפּחה... איז מען הײַנט הונדערט פּראָצענטיקע ייִדן, און אין צווייטן דור וועלן בלײַבן נאָר רעמיניסצענצן און אין דריטן דור — אויב עס וועט נישט צוקומען קיין נײַער אמיגראַציע שטראָם — וועלן בלײַבן נאָר געוועזענע ייִדן"...

אין אַזאַ פּעסימיסטישער פּערספּעקטיוו האָט אונדז באָטאָשאַנסקי פאָר־געשטעלט די צוקונפט פון קאָלאָמביאַנער ישוב אין יאָר 1941. עס הייסט, ער האָט אים געגעבן נישט מער ווי צוויי דורות לעבן, דער דריטער דור וועט שוין זײַן אַ דור פון „געוועזענע ייִדן". אין פאַרלויף פון די לעצטע דרײַסיק יאָר איז דער אימיגראַציע שטראָם נישט שטאַרק פאַרגרעסערט געוואָרן. עס איז אָבער אויפגעקומען אַ נײַער פאַקטאָר: מדינת ישראל, וואָס האָט אַרײַנגעבראַכט אַ שטראָם פון ייִדיש לעבן אין די תּפוצות, און געבראַכט צום לעבן נײַע געזעלשאַפטלעכע כּוחות, און דער עיקר: דערוועקט אַן אינטערעס פאַרן פאָלק און פאַר דער מדינה בײַ אַ גרויסן טייל פון דער ייִדישער יוגנט. און אָט האַלטן מיר שוין טאַקע בײַ דעם „דריטן דור" אין קאָלאָמביע, און ער איז נישט קיין „געוועזענער", נאָר אַ גרויסער טייל פון די ייִדישע קינדער גייען אין ייִדישע שולן פון באָגאָטאַ, מעדעלין, קאַלי, באַראַנקיליאַ און אַנדערע שטעט, ווו ייִדן האַלטן אָן זייער טראַדיציאָנעלן און קולטורעלן לעבנסשטייגער, און הערן נישט אויף צו זײַן — ייִדן.

*

נאָך איין פאַקטאָר דאַרף גענומען ווערן אין באַטראַכט: „דאָס פּינטעלע ייִד", דער אײַנגעבוירענער ייִדישער סענטימענט, וואָס ציט דעם ייִדן צו ייִדן און צו ייִדישקייט, און וואָס האָט אויך געלייזט דעם קריזיס, וועלכן עס האָט פאַראורזאַכט דער קאַמף צווישן די „לאָרדן" און „באָרוועסע". די אויפגעקומענע גבירים האָבן אויפגעלייזט די קהילה, אָדער ווי זי האָט דעמאָלט געהייסן „דער ייִדישער צענטער", און זי פאַרוואַנדלט אין אַ קלוב פאַר אויסדערווײלטע. די „באָרוועסע" האָבן נישט אויפגעגעבן דעם

קאַמף; אָבער די וואָס האָבן געקאָנט געבן אַ דעצידירנדיקן קלאַפּ די אוזור־פּאַטאָרן, און צוריק אויפלעבן די צענטראַלע ייִדישע אָרגאַניזאַציע, זײַנען געווען סאָלאָמאָן גוט און דער ד״ר אַהרן בענשעטריט, וועלכער איז שוין דעמאָלט געווען פּראָפעסאָר אויף דער פּאַקולטעט. דאָס זײַנען געווען פּאַק־טיש די צוויי חשובסטע פּערזענלעכקייטן פון ישוב, אָבער גלײַכצײַטיק אויך די, וועלכע זײַנען אויך אַמנאָענטסטן געווען פּאַרבונדן מיט עמך.

און אין אַ שיינעם טאָג איז געשען עפּעס אומגעוויינלעכעס: דער ד״ר אַהרן בענשעטריט און דאָן סאָלאָמאָן גוט זײַנען אַרויס וועררבירן מיטגלידער אויף אויפצולעבן דעם „ייִדישן צענטער״, וואָס זאָל אויך ווערן די קהילה פון ישוב. זיי זײַנען אַרומגעגאַנגען איבער די ייִדישע גאַסן, וועלכע דאָן סאָלאָמאָן האָט גוט געקענט, געגאַנגען פון קלייט צו קלייט, פון שטוב צו שטוב, און אין עטלעכע טעג געשאַפן אַ גרויסע צאָל מיטגלידער, און אַ גענוגנדיקע סומע אויף אויפצולעבן דעם „צענטער״ און שאַפן די קהילה!...

ווי נאָר די „באַרוועסע״ האָבן זיך דערוווּסט, אַז אונדזערע ליבע „צוויי אַריסטאָקראַטן״ — ווי מען פלעגט זיי מיט דרך ארץ רופן — זײַנען אַרויס וועררבירן מיטגלידער פאַרן „ייִדישן צענטער״, האָבן זיי שוין אויפן צווייטן טאָג מיטן גאַנצן ברען זיך אַרײַנגעוואָרפן אין דער אַרבעט. מען האָט נישט אויסגעלאָזן קיין איין ייִדישע פאַמיליע, און פאַר מיר, צוזאַמען מיט משה שערמאַן ע״ה, איז צוגעטיילט געוואָרן די אויפגאַבע אײַנצוקויפן מעבל פאַר דער נײַער אינסטיטוציע.

קורץ נאָכדעם זײַנען פאַררופן געוואָרן זיצונגען, ס׳איז דורכגעפירט געוואָרן אַ פאַרזאַמלונג, עס זײַנען פאָרגעקומען וואַלן... דאָס זײַנען שוין ענינים פון רוטין; אויב עמעץ וועט שרײַבן די געשיכטע פון ישוב וועט ער זיך דערמיט פאַרנעמען, און וועט אָנגעבן דאַטן און נעמען. איך האָב נישט בדעה עס צו טאָן, מיך אינטערעסירט די הערויִק פון מענטשן, דער אידעאַליזם, דער ייִדישער באַוווסטזײַן, דאָס „פּינטעלע ייִד״, וואָס האָט געצווונגען אַזעלכע צוויי חשובע לײַט בײַ גויים צו אַרבעטן פאַרן „ייִדישן צענטער״, און אַ דאַנק זייער מיטאַרבעט און אינטערעס איז געשאַפן גע־וואָרן די ייִדישע קהילה, און באָגאָטאַ האָט באַקומען אַ ייִדישן אַדרעס און ס׳איז געוואָרן אַ ייִדיש לעבן...

*

דער ד״ר בענשעטריט איז געקומען פון צענטראַל־אייראָפּע, און האָט זיך געפילט אומבאַקוועם, וואָס ער קאָן זיך מיט אונדז נישט אײַנפאַרשטיין אויף ייִדיש. ער האָט געזוכט די ייִדישע געזעלשאַפט, און האָט אַרויסגעוויזן אַ גרויסן אינטערעס פאַר אַלגעמיינע און אַרטיקע ייִדישע ענינים. ער האָט זיך געפילט גוט אין דער סביבה פון „גרינע״, און פלעגט אונדז נישט לאָזן „זיך מאַטערן״ אויף שפּאַניש, נאָר פלעגט אַליין רעדן אַ געבראָכענעם ייִדיש. — אַזוי וועל איך זיך אויסלערנען, — פלעגט ער זאָגן. אָבער ס׳איז צוגעגאַנגען לאַנגזאַם דאָס „אויסלערנען״, און ער האָט זיך אָפּגעזוכט אַ ייִדיש־לערער, יעקב זיצער. דאָס איז געווען אַן אויסגעטריקנט, אײַנגעבויגן מענטשל, וואָס פלעגט גיין אָנגעשפּאַרט אויף אַ שטעקן. ער איז נאָך נישט געווען קיין פּופּציקער, אָבער אויסגעזען האָט ער ווי אַ זיבעציק יאָריקער זקן. אין דער אַלטער היים איז ער געווען אין „בונד״. אַ שוואַכער און צעקנייטשטער, פלעגט ער אויף די פאַרזאַמלונגען און קולטור־אַקטן מגולגל ווערן אין גאַר אַן אַנדער מענטשן, אַ דאַנק זיין קלוגן, דורכגעטראַכטן און איבערצײַגנדיקן רעדנערישן טאַלאַנט.

עס האָט לאַנג נישט געדויערט דעם דאָקטערס לערע פון ייִדיש. מיר זײַנען אים אַנטקעגנגעלאָפן מיט אונדזער שפּאַניש. זײַן פאַרשריט אויף דעם געביט האָט אין מיטן וועג זיך אָנגעטראָפן אויף אונדזערע דערגרייכונגען אין דער לאַנדשפּראַך, אַזוי אַז די מחיצה איז ווי דורך אַ כישוף פאַרשוווּנדן, אַזוי אַז אויף די זיצונגען פלעגט מען רעדן האַלב ייִדיש און „פּאַלאָווינאַ״ שפּאַניש, און מען האָט זייער גוט זיך אײַנגעפאַרשטאַנען, אַזוי ווײַט און ברייט, אַז דער ד״ר אַהרן בענשעטריט איז אַוועק אויף אונדזער וועג, אָדער ריכטיקער: מיר אַלע זײַנען אַוועק אויף איין וועג, אויפן וועג פון ציוניזם, און דער ד״ר בענשעטריט האָט אָנגעשריבן אַן אויסגעצייכנטע מאָנאָגראַפיע וועגן ציוניזם, וואָס האָט באַקומען זייער גוטע אָפּרופן.

דער ד״ר אַהרן בענשעטריט איז איינער פון די ייִדישע אינטעלעקטואַלן, דער נאָמען פון וועלכן האָט צוגעגעבן חשיבות דעם ייִדישן ישוב, און אין די ייִדישע קרייזן ווערט זײַן נאָמען אָפט דערמאָנט אין פאַרבינדונג מיט זײַן פרײַנד, דאָן סאַלאָמאָן גוט.

זינט יענער „הערצישער״ צײַט פון די ווײַטע פּיאָנערן יאָרן, זײַנען אַ סך וואַסערן פאַרבײַ אונטער די בריקן, און עס האָבן אַ סך פאַרוואַלטונגען

זיך געביטן בײַ דער אָנפירונג פון דעם ייִדישן צענטער, וועלכער דערפילט
די אויפגאַבן פון אַ קהילה. אין דעם פעריאָד איז אויסגעפאַלן אויף מײַן
גורל צו שטיין בראש פון דער אינסטיטוציע, און איך וויל בײַ דער גע־
לעגנהײַט דערמאָנען מיט אָנערקענונג די נעמען פון די אַלע, וועלכע באַ־
גלייטן מיך אין דער פאַרוואַלטונג, און וואָס האָבן מיט זייער איבערגע־
געבנקייט און האַרמאָנישער צוזאַמענאַרבעט דערמעגלעכט די קהילה זאָל
מיט דערפאָלג דערפילן אירע אויפגאַבן צום וווילשטאַנד פון ישוב:

אינזש. בערנאַרדאָ אַקערמאַן, ד״ר בערנאַרדאָ שאַפּיראָ, ענריקע לאָם,
בערנאַרדאָ באָרענשטיין, דניאל ראָזענבוים, כוליאָ גובערעק, כאָסע קאָרן.

עס דאַרפן אויך בײַ דער געלעגנהייט דערמאָנט ווערן אייניקע פאַר־
דינסטפולע עסקנים פון באָגאָטאַ, וועלכע זײַנען טעטיק אויף פאַרשיידענע אַנ־
דערע געביטן, ווי: עזריאל פלינט, פּרעזידענט פון מגבית; מאַקס מאָרעניס
און יהודה היינפלינג, די ראשונים פון קרן היסוד; סאַמועל ראָלניק, דוד
ווײַנבערג, מאָטל ליפשיץ, ד״ר סאַלוואַדאָר ראָזענטאַל, איסידאָראָ רעינס,
מאַרקאָס לערנער, ד״ר וואַסערמאַן. און אין קאַלי: אַרנאָלד באַרגעניכט ע״ה,
כוליאָ פּאַנצער ע״ה און נאָך אַנדערע, וועלכע קומען מיר נישט אין דעם
מאָמענט אויפן זכרון, און איך בעט זיי עס נישט אויסטײַטשן צום שלעכטן.

# די אינטעליגענטן

עס מאַכט זיך אָפּט, אַז מענטשן וואָס האָבן קיינמאָל נישט באַזוכט קיין הויכשולן און אוניווערסיטעטן, דערהייבן זיך צו די העכסטע שטאַפּלען אויפן געזעלשאַפּטלעכן לייטער, און געווינען אַלגעמיינע אָנערקענונג און חשיבות. אין אַמעריקע רופט מען זיי „סעלף מעיד מען״ — מענטשן וואָס האָבן זיך אַליין געמאַכט — וואָס האָבן זיך געמאַכט מיט זייער אַרבעטס־זאַמקייט, איינגעבוירענער אינטעליגענץ און אויסדויער. אַזעלכע זיינען אויך געווען אין אונדזער סביבה. זיי האָבן געשטאַמט פון די ייִדישע שטעטלעך און דערפֿלעך פון דער אַלטער היים, אַ גרויסער טייל פון וועלכע זיינען געקומען מיט אַ „קולטור סטאַזש״ פון אַ פּאָר יאָר חדר, תלמוד תורה און אַפילו ישיבה. די פון די גרעסערע שטעטלעך און שטעט האָבן שוין גע־ווּסט פון פּאַראַיינען, פון פּאַרטייען, פון טריף־פּסולס.

אויפן אַמעריקאַנער באָדן האָבן פאַרן עמיגראַנט זיך געעפנט נייע מעגלעכקייטן. באָגאָטאַ און די אַלע אַנדערע גרויסע שטעט, האָבן אים אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס און אים אָנגעבאָטן אומגעהייערע גע־לעגנהייטן, וועגן וועלכע ער האָט פריִער אַפילו נישט געחלומט. אַ פריינד־לעך פאָלק, אַ גוטער קלימאַט, אַ שיינע נאַטור, אַ לאַנד וואָס פליִיצט מיט מילך און האָניק, קום און געניס. און דער עיקר העיקרים: דאָס וואָס מיר, גרינע, האָבן באַזונדערס געפילט אין די ערשטע יאָרן: טייערע, האַרציקע מענטשן, די קאָלאָמביאַנער, וואָס זיינען פריי פון אַנטיסעמיטישע פאָראור־טיילן, פון וועלכע מיר האָבן אַזוי פיל געליטן אין פוילן...

האָבן ייִדן מיט התמדה זיך גענומען צו דער אַרבעט. ווער צום „פּעקל״, און ווער עס האָט געהאַט אַ פאַך אין האַנט איז אַריין אין אַ פאַבריק; אָבער נישט אויף לאַנג, ווי נאָר ער האָט „געכאַפּט״ די שפּראַך האָט ער געעפנט אַ וואַרשטאַט און אָנגעהויבן אַרבעטן „פאַר זיך״. מיט קרעדיט האָט מען זיך אָנגעבאָטן און דווקא צום „גרינגאָ״ האָט מען געהאַט צוטרוי,

מען האָט געוווּסט אַז ער איז אַרבעטסזאַם, אויסגערעכנט און שפּאָרזאַם. ער האָט נישט אַרויסגעוויזן קיין אויסערגעוויינלעכע אויפטוען, העלדיש־קייטן און ספּעציעלע טוגנטן. אָבער מען דאַרף אָנערקענען דעם פאַקט, אַז די ייִדישע אימיגראַנטן האָבן אין אַ גרויסער מאָס אויסגענוצט דעם סטימול פון דער אַרומיקער סביבה, און טייל פון זיי האָבן עקאָנאָמיש זיך אַרויסגעהויבן און געוווּנען דעם רעספּעקט פון דער באַפעלקערונג, און אויך געשאַפן דעם יסוד פאַר אַ געזעלשאַפטלעכן ייִדישן לעבן.

אַזאַ מין פּאָרל, וואָס האָט זיך באַזונדערס קונה שם געווען מיט אירע



מיט געסט אויף אַן אויפנעם אין דער קהילה פון באָגאָטאַ. — פון רעכטס: חיים אַלפּערין, פון בוענאָס־איירעס; אַברהם ירושלמי, זשורנאַליסט פון תל־אָביב; ניקע מונבלאַט, ענריקע לאַם, חיים האַלפּערין, כאָסע קאָרן, כוליאָ גור־בערעק, אינזש׳ ב. אַקערמאַן, וויצע־פּרעזידענט פון דער קהילה, דניאל ראָזענ־בוים, ד״ר ב. שאַפּיראָ, סעקרעטאַר פון דער קהילה.

שיינע מידות, און וואָס איז באַליבט געוואָרן אין ישוב, איז געווען ר׳ אַברהם שטערן און זײַן פרוי לאה, וועלכע מען האָט אויך גערופן „די אינ־טעליגענטן״, אָבער נישט, חלילה, צום שפּאָט, נאָר דווקא צום שבח. זיי זײַנען געווען פון די ווייניקע, וואָס האָבן אַבאָנירט אַ ייִדישע צײַטונג, וואָס האָבן באַקומען זשורנאַלן און געהאַט אַ פֿײַנע ביבליאָטעקל. אין קיין אוניווערסיטעטן זײַנען זיי נישט געגאַנגען, אין קיין מיטלשול אויך נישט, און דאָס ביסל וויסן פון חדר און ליבע צום בוך, האָבן זיי געבראַכט פון זעלביקן ייִדישן קליינשטעטל אין פּוילן.

די שטערנס — אברהם און לאהלע — זײַנען געווען אַקטיווע לייענער. אין די אָוונטן, ווען איך פלעג זיי אָפּט באַזוכן, פלעג איך זיי טרעפן אַרײַנ־געטאָן אין צײַטונגען און ביכער. אין בוך איז פאַרקערפּערט די חכמה פון דורות; דער גײַסט פון דער מענטשהײַט איז פאַרבאָרגן צווישן זײַנע בלע־טער, און ווייל איז צו דעם וואָס טרינקט פון זײַנע זיסע קוואַלן. דאָס בוך עפנט אָן אַרײַנבליק צו נײַע און אומבאַקאַנטע וועלטן, און צו די באַהעל־טענישן פון דער אייגענער נשמה. ביכער דינען אָפט ווי שפּיגלען, אין וועלכע דער מענטש דערזעט זיך אַליין; נישט איין מאָל דערזעט ער באַ־שריבן זײַן אייגן לעבן, זײַנע מעלות און חסרונות, און ער הייבט אָן בעסער זיך פונאַנדערצוקלײַבן אין די פּראָבלעמען פון זײַן אייגענער עקסיסטענץ.

פון זייער פּוילישן קליינשטעטל זײַנען די שטערנס פּריִער געקומען קיין אָקאַניא, אַ קליינע קאָלאָמביאַנער שטאָט. דאָס איז געווען אין די אָנהייב פערציקער יאָרן. אין יענער צײַט איז מיט דער הויפּטשטאָט נישט געווען קיין אַנדער פאַרבינדונג ווי נאָר — דער טעלעגראַפן דראָט, די באַן, און אַ שווערער זאַמדיקער וועג. זיי האָבן זיך דאָך פאַרבענקט נאָך אַ גרעסערן ייִדישן ישוב, און אין עטלעכע יאָר אַרום זײַנען זיי געקומען קיין באָגאָטאַ. אין יענער צײַט איז געווען די „גאָלדענע עפּאָכע״ אין ייִדישן לעבן. עס זײַנען פאָרגעקומען קולטור־אַקטן, טעאַטער, רעפעראַטן, קאָנצערטן, געווען באַזוכן פון אָנגעזעענע פּערזענלעכקייטן אין דער ייִדישער וועלט. טייל גרינע און אויסגעגרינטע, האָבן נאָך נישט געהאַט קיין זיכערע פּרנסות, אָבער מען האָט זיך אויסגעלעבט גײַסטיק, און ס׳איז געווען חי — געלעבט, די שטערנס האָבן זיך געפילט ווי פיש אין וואַסער. ער איז געווען זייער אַ פֿײַנער רעציטאַטאָר, און זייער שטוב איז געוואָרן

איינע פון די הײַזער, ווו מיר, אַ גרופּע קולטור־טוער, פּלעגן זיך אָפט פאַרזאַמלען — אַמאָל בײַ איינעם און אַמאָל בײַ אַ צווייטן — נישט אויף צו מאַכן אַ פּאָקערל, נאָר טאַקע אויף צו רעדן וועגן „תוך זאַכן"; עס הייסט, וועגן אַ רעפעראַט, וועגן אַ וועלכער נישט איז געזעלשאַפטלעכער אַקציע, אָדער וועגן אַ גאַסט וועלכן מען האָט געדאַרפט אויפנעמען.

אַברהם שטערן האָט דערגרייכט זייער אַ פײַנע עקאָנאָמישע פּאָזיציע. עס זײַנען געווען אין שטאָט פיל גרעסערע גבירים פון אים, אָבער ער האָט געהאַט אַן אָפענע האַנט, און לאהלע, ווי אַלע האָבן זי גערופן מיט ליבשאַפט, האָט ליב געהאַט אויפנעמען מענטשן. ער האָט נישט אָפּגעזאָגט אויף קיין שום הצטרכותן פון ישוב, און פון אים איז קיינער נישט אַוועק מיט קיין ליידיקע הענט. ער איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט איניקע ייִדישע שרײַבער, וועלכע האָבן אים צוגעשיקט זייערע ביכער, און לאהלע איז זיי געגאַנגען פאַרשפּרייטן...

*

אונדזער לאהלע איז נישט לאַנג צוריק נפטר געוואָרן. זאָלן די ווערטער זײַן אַ טרייסט פאַר די אַלע, וועלכע האָבן זי געשעצט בײַם לעבן. עס זײַנען געבליבן פאַריתומט נישט בלויז אירע קרובים, נאָר דער גאַנצער ישוב, און באַזונדער די קליינע גרופּע ייִדישע קולטור־טוער.

איך דערמאָן איר לעצטן באַזוך בײַ מיר אין שייכות מיט איר שטענדיקער מיסיע, מיט אַ פּעקל ביכער.

— גוט מאָרגן, לאהלע, ווענדע איך זיך צו איר פרײַנדלעך, מיט אַ שליחות מיצווה?

— אַוודאי, ענטפערט זי מיר, קויפן אַ ייִדיש בוך איז אַ גרויסע מיצווה, און אַז נישט איר, און נאָך אַזעלכע ווי איר, איז ווער דען? און זי לייגט אַוועק אויפן טיש אַ בוך...

ר' אַברהם שטערן איז שוין אויך נישט דער זעלבער וואָס געווען. די יאָרן גייען טאַקע אַוועק, אָבער זיי בלײַבן אין מענטשן. נישט לאַנג האָב איך אים געהערט אויף אַ געזעלשאַפטלעכן אַקט רעציטירן אַ פראַגמענט פון י. ל. פּרצן. נאָך פאַראַן אַ סך שטאָל אין זײַן שטים און עלעגאַנץ אין זײַן האַלטונג, ווירדע פון אַ מענטשן וואָס באַשטעטיקט אַז אינטעליגענץ ווערט נישט אַלט...

## דער „פּראָסער"

איך בין געקומען אין די לענדער אַ יונג בחורל. אַזוי אַז כמעט ווי אַ גאַנץ לעבן האָב איך אָפּגעלעבט אויף דעם לאַטיין־אַמעריקאַנער קאָנ־טינענט, זיך אַרײַנגעלעבט אַ ביסל אין דער היגער שפּראַך און קולטור, און דאָך, מיט אַלע מעגלעכקייטן זיך באַמיט אָפּצוהיטן די ריינקייט פון מײַן גערעדטן און געשריבענעם יידישן לשון. איך ווייס, אַז די יידישע שפּראַך איז געגוג רײַך, און דאַרף נישט זוכן קיין קרעדיט, און אפשר וואָלט אַ גרעסערער למדן פון מיר געפונען דעם ריכטיקן אויסדרוק אין יידיש. אין שפּאַניש מיינט „פּראָסער" אַ גרינדער פון אַ נאַציע, פון אַ פאָלק, אָדער פון א ישוב. איז „גרינדער" צו אַבסטראַקט, „חלוץ" איז פאַר־בונדן מיט דער קדושה פון ארץ ישראל; „פּיאָנער" איז יעדער איינער. וואָס איז ווו נישט איז דער ערשטער. עס איז דאָ אין העברעיִש אַ פּאַסיק וואָרט: „מיסד", אָבער אין יידיש איז דאָס וואָרט נישט פּאָפּולער.

און אַלבערטאָ פעלדמאַן איז אַ „פּראָסער" אין באָגאָטאַ, נישט עפּעס אַנדערש. אמת, נישט דער איינציקער. מיט זײַן נאָמען איז פאַרבונדן די אַנטשטייונג פון די וויכטיקסטע יידישע אינסטיטוציעס, ער האָט געהאָלפן אויספורעמען און לייגן דעם יסוד פון דעם היגן יידישן לעבן. פעלדמאַן איז אָנגעקומען אין דער קאָלאָמביאַנער הויפּטשטאָט, פּונקט דעמאָלט ווען ס'איז אַנטשטאַנען דער „יידישער צענטער", אָדער ווי מען האָט אים גע־רופן אין שפּאַניש „סענטראָ איזראַעליטאַ". דאָס איז געווען אין יאָר 1929. אין יענער צײַט איז אָנגעקומען אַ געדיכטער מאַסן־שטראָם פון אייראָפּע, און דער גרעסטער טייל איז נאָך געווען „גרין" אין אַלע הינזיכטן, און באַזונדערס טאַקע אין זין פון שפּראַך. נאָר פעלדמאַן איז געווען אַ גליק־לעכער אויסנאַם, ער האָט גוט באַהערשט די שפּאַנישע שפּראַך, האָט אויך געשריבן אַ פײַנעם יידיש און האָט בכלל זיך געקענט אויף די שוואַרצע פּינטעלעך.

ער איז אַלט געווען אַ יאָר 19—20 ווען ער האָט פאַרלאָזט זײַן היימשטעטל נײַ־זוליצע, אין בעסאַראַביע. ער האָט זיך געלאָזן אויף די ברויזנדיקע עמיגראַציע־כוואַליעס פון יענער צײַט און אין 1924 האָבן זיי אים פאַרטראָגן צו די ברעגן פון לימאַ. אין 1927, נאָכן אַרומרײַזן אויף פאַרשיידענע שיפן איבערן פאַציפיק, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אין בוענאַ־



די ייִדישע שול אין באָגאָטאַ באַערט דעם אָנדענק פון די העלדן פון וואַרשע־ווער געטאָ־אויפשטאַנד. אַן אָרקעסטער פון מיליטערישן גאַרניזאָן אין דער הויפּטשטאָט נעמט אָנטייל אין דער באַערונג

ווענטורא, מיט דער האָפענונג צו בויען זײַן היים אין דעם דאָזיקן פּריווי־לעגירטן טאָל, אָבער אויך דאָרט איז ער נישט פאַרבליבן, און דער גורל האָט אים אַוועקגעטראָגן קיין זשיראַרדאָט — וואָס האָט נאָך דעמאָלט נישט געהאַט קיין פּאָרט, אָבער האָט געהאַט זײַט יאָרהונדערטער אַ פײַער־הימל. זאָל דאָרט שוין זײַן זײַן רו־פּלאַץ? ניין, אויך דאָרט האָט ער נישט געפונען וואָס ער האָט געזוכט: זײַנע ייִדן... און נאָך פינף יאָר וואַנדערונגען

איבער לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער, האָט ער זיך דערזען אין אַ געזעמל פון בעסאַראַבער, פוילישע און ליטווישע ייִדן, וואָס האָבן אין אַ זונטיק זיך פאַרזאַמלט אין נײַעם „סענטראָ איזראַעליטאַ" פון באָגאָטאַ, און דאָ איז ער שוין פאַרבליבן.

אַלבערטאָ (אַלטער) פעלדמאַן האָט געפונען זײַן וועלט, וועלכע ער האָט אַזוי לאַנג געזוכט, און מיר האָבן אין אים געפונען דעם מענטשן, וועלכן דער „ייִדישער צענטער" האָט געדאַרפט האָבן. פעלדמאַן האָט געקאָנט גוט ייִדיש און שפּאַניש, ער האָט געהאַט, ווי מען זאָגט אין דער היזיקער שפּראַך, „אַ זעלבסטשטענדיקע רעדאַקציע", עס הייסט, ער האָט געקאָנט רעדאַגירן אַ בריוו איןביידע שפּראַכן, הגם אין ייִדיש האָבן מיר אויך געהאַט ווער עס זאָל זיך אַן עצה געבן, איז ער געווען דער ריכטיקער מענטש, וועלכן עס האָט געדאַרפט האָבן די ערשטע פאַרוואַלטונג. און נישט טראַכטנדיק לאַנג, האָבן מיר אים באַשטימט פאַר אַ סעקרעטאַר. זײַנע ערשטע פּראָטאָקאָלן אויף ייִדיש האָבן, פאַרשטייט זיך, דערמאָנט מער מענדעלען און פּרצן ווי סערוואַנטעסן, נאָר דער יונגערמאַן האָט זיך אויסגעטייגט, און מיט דער צײַט איז ער געוואָרן אַ וויכטיקער פאַקטאָר אין אונדזער געזעל־שאַפטלעכן לעבן. עס האָט אים נישט געפעלט קיין דרייסטקייט און אויך נישט קיין אינטעליגענץ. אַ מענטש מיט אַ סך גייסטיקן אומרו און גוטן ווילן, האָט ער דערוואָרבן גוט פאַרדינטן פּרעסטיזש אין די קהלשע קרײַזן, און ער האַלט אים אַן מיט חשיבות ביז הײַנט.

ווי נאָר עס האָט זיך פאַרשפּרייט אין דער ייִדישער וועלט די נײַעס, אַז אין דער ווײַטער מדינה מיטן קלינגענדיקן נאָמען „קאָלאָמביע", האַלט זיך אין אויספּיקן אַ נײַער ייִדישער ישוב, האָבן אונדז אָנגעהויבן צו באַזוכן שליחים פון ייִדישן גײַסט: שרײַבערס, אַקטיאָרן, פּרעליגענטן, פּאָלי־טישע פירער, נישט אומזיסט זײַנען מיר דאָך עפּעס אַן „עם הספר"! דער „עם עולם" האָט אונדז ברייטהאַרציק געגעבן בירגער־רעכט און אַרײַנגענומען אין זײַן וועלט־משפּחה. פון די ערשטע זײַנען געקומען עפּעס אַ גרופּע אַרטיסטן און נאָכדעם דער ד״ר שמואל גרייוועה, אַ ציוניסטישער מנהיג, וואָס האָט מיט באַגײַסטערונג גערעדט, פאַר אַ פולן זאַל, — ווי איך געדענק נאָך אין יענער צייט — יונגעלײַט מיט שוואַרצע קעפּ, טייל פון וועלכע האָבן אים אויסגעהערט קאַלט, מיט סקעפּטיציזם, וועגן די „אילוזיעס" מיט ארץ

ישראל. איך קען זיי די אַלע יונגעלײַט, זיי זײַנען שוין הײַנט אַלט און גרוי, אָבער זיי האָבן געביטן נישט נאָר דעם קאָליר פון די האָר נאָר אויך זייערע מיינונגען. הײַנט זײַנען זיי טרײַע און אומקאָנדיציאָנעלע פרײַנד פון דער מדינה. נישט נאָר די מענטשן האָבן זיך געביטן, די אומשטענדן האָבן זיך געביטן...

אַלבערטאָ פעלדמאַן איז געוואָרן אין ישוב דער אמתער „איטראָדוקטאָר דע עמבאַכאַדאָרעס". זאָל מען מיר אַנטשולדיקן פאַרן אַרײַנפירן אין דעם אַרטיקל שפּאַנישע טערמינען. פאַר פעלדמאַנען פּאַסן זיי. אַן אויסערן מי־



30סטער אַניווערסאַר פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד אין דער ייִדישער שול פון באָגאָטאַ. — זעקס מענטשן פון די שארית־הפליטה צינדן־אָן 6 ליכט

ניסטעריום האָט אַ באַאַמטן, וועלכער פירט אַריין און פּרעזענטירט די אַמ־באַסאַדאָרן פאַרן פּרעזידענט, ביי אונדז אין ישוב האָט דערפילט די מיסיע פעלדמאַן; ער פלעגט אַריינפירן קולטור־אַמבאַסאַדאָרן אין שטאָט און זיי פאָרשטעלן פאַרן עולם, דאָס איז געווען זיין מיסיע. ער פלעגט דאָס מאַכן געניט און מיט עלעגאַנץ.

לויטן לאַטיין־אַמעריקאַנער שרייבערישן זשאַרגאָן איז פעלדמאַן געווען אַ „קאָמפּראָמעטירטער" מענטש! עס הייסט, אַזאַ וואָס איז פאַרבונדן מיט אַ באַשטימטער פּאָליטישער ריכטונג. ער איז געווען אַ ציוניסט, און אַן אַקטי־ווער טוער אין זיין פּאַרטיי, וועלכע אייניקע האָבן באַטראַכט ווי פון אַן עקס־טרעם רעכטער אָריענטאַציע. אָבער ווי אַ געזעלשאַפטלעכער טוער, און אין די אינסטיטוציעס אין וועלכע פעלדמאַן האָט אַקטוירט, האָט ער קיינמאָל נישט אימפּאָנירט זיין פּאַרטיי־קרעדאָ. פאַרקערט, ער האָט אַרויסגעוויזן אַ סך טאָלעראַנץ און האָט איינגעשטעלט אַ האַרמאָנישע צוזאַמענאַרבעט מיט די פאָרשטייער און שליחים פון אַלע אַנדערע פּאַרטייען. ער איז אין זיין כאַראַקטער טאָלעראַנט, פאָלקסטימלעך, און ווי מען זאָגט עס אַזוי שיין אין יידיש אַ — נוח לבריות. דערפאַר איז ער ווייט אַרויס די ראַמען פון זיינע הויכע געזעלשאַפטלעכע פונקציעס, און האָט זיך אויסגעמישט מיט עמך. ווו ס'איז נאָר פאָרגעקומען אַ געזעלשאַפטלעכער אַקט אויף יידיש, דאָרט האָט נישט געפעלט אַלבערטאָ פעלדמאַן. אַרטיסטן באַקאַנטע און נישט באַ־קאַנטע, ווער נאָר עס האָט פאַרבלאָנדזשעט אין שטאָט, און האָט געמאַכט אַ פאָרשטעלונג, איז פעלדמאַן געווען פון די ערשטע, שוין אָפּגערעדט פון די קולטור אַקטן, קאָנפערענצן און קאָנצערטן. קורץ, פעלדמאַן האָט, מיט רעכט, געהאַלטן פאַר אַ טייל פון זיינע געזעלשאַפטלעכע פליכטן אָנטיילצו־נעמען אין דער געזעלשאַפטלעכער באַוועגונג, און געבן מיט זיין פּערזענלעכן אָנטייל אַ סטימול און אַ ביישפּיל פאַר אַנדערע. אַזוי ווייט, אַז אייניקע פאַ־נאַטיקער און פיינשמעקער, האָבן אָט דעם ציוניסט באַצייכנט אין יענע ווייטע יאָרן ווי אַ „לינקן"...

אין יאָר 1948 איז געגרינדעט געוואָרן די יידישע שול אין באָגאָטאָ מיטן שפּאַנישן נאָמען „קאָלעכיאָ העברעאָ". די שול האָט געהאַט שווערע חבלי לידה, און די ערשטע צען יאָר האָט מען געהאַט אויסצושטיין גרויסע שוועריקייטן. דער שכר־לימוד איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ מינימאַלער,

כדי צו געווינען וואָס מער קינדער, דער עיקר פון די רײַכערע הײַזער, וועלכע האָבן זיך געוואַקלט... צו שיקן זייערע קינדער אין אַ ייִדישער שול. און געגעבן האָט מען דעם מאַקסימום, אַזוי אין פּעדאַגאָגישן פּראָגראַם ווי אין אַלע אַנדערע באַקוועמלעכקייטן. איז דער חודשלעכער דעפיציט גע־וואָקסן ווי אויף הייוון, און אין פאַרלויף פון יאָרן האָט ער דערגרייכט אַס־טראָנאָמישע ציפערן.

עס האָט געדאַרפט זײַן עמעצער מיט אַ פעסטן כאַראַקטער, מיט אַ גרויסער דאָזע אידעאַליזם, מיט געזעלשאַפטלעכער וויזיע און פאַרנעם, כדי צו באַוועגן אַזאַ אונטערנעמונג. פעלדמאַן איז געווען די באַוועג־קראַפט, וואָס האָט טאָג־אײַן טאָג־אויס, יאָר־אײַן יאָר־אויס, געפירט די שול פון איין דערגרייכונג צו דער אַנדערער. די דעפיציטן זײַנען טאַקע געוואָקסן, אָבער עס זײַנען צוגעקומען קינדער, מען האָט געעפנט נאָך קלאַסן, אַנגאַ־זשירט נאָך לערער... די שול איז געגאַנגען באַרג־אַרויף, און ווען פעלדמאַן האָט בײַ אַ געלעגנהײַט אַנטוויקלט פאַר מיר אַ פּלאַן וועגן אײַנקויפן אַ פאַר אויטאָבוסן פאַר דער שול, און האָט מיט זאָרג גערעדט וועגן פינאַנ־ציעלן מצב פון דער אינסטיטוציע, האָב איך אים געזאָגט: — דאָן אַלבערטאָ, בײַ אונדז ייִדן זאָגט מען, אַז מען קאָן נישט אַריבער, גייט מען אַרונטער... האָט ער מיר געענטפערט: — ר׳ שמעון, ס׳איז געווען בײַ ייִדן אַ קלוגער רבי, וואָס האָט געזאָגט, אַז מען קאָן נישט אַריבער — מוז מען אַריבער!...

און „ער איז אַריבער!". אין אַ קורצער צײַט אַרום האָט איבערן שטאָט אָנגעהויבן אַרומלויפן אַן עלעגאַנטער אויטאָבוס, וואָס האָט אויף די זײַטן געהאַט אויפגעשריבן מיט ווײַס־בלויע אותיות דעם נאָמען פון דער ייִדישער שול. איך שטעל מיך פאָר מיט וועלכער פרייד פעלדמאַן האָט אָנגעקוקט זײַן „שול אויף רעדלעך", וואָס ברענגט אים ייִדישע קינדערלעך פון אַלע שטאָט־טיילן. מיט דער צײַט האָט די שול זיך באַפעסטיקט, די טעאַטער־אונטערנעמונגען פון די קינדער האָבן געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג, דער פּרעסטיזש פון דער אינסטיטוציע איז געוואָקסן, און די דעפיציטן — פאַר־שוווּנדן.

הײַנט איז די שול דער שטאָלץ פון דעם ישוב, די קוזניע וווּ עס ווערט געשמידט אונדזער צוקונפט, וווּ עס ווערט דערצויגן די ייִדישע יוגנט, די יורשים וואָס וועלן דאַרפן איבערנעמען דעם רודער פון ייִדישן לעבן. דאָס

איז אַ גרויסער אויפטו פון אַלבערטאָ פעלדמאַן, און דערפאַר האָב איך אים באַצייכנט ווי אַ גרינדער פון ישוב, ווי אַ „פּראָסער״, וואָס האָט געהאַט איבערגעגעבענע און טרײַע מיטאַרבעטער, אַ פאַרוואַלטונג פון גוטע שול־טוער, און מנדבים ווי פּאַביאָ סאַראַגאַ, עליאַס רויטמאַן און אַנדערע וועגן וועלכע מען וועט נאָך דאַרפן שרײַבן באַזונדער. די אַלע טוער און פרײַנד, האָבן נישט געשפּאָרט קיין מי און קיין געלט, און אין פאַרשיידענע צײַטן אים אַקטיוו מיטגעהאָלפן אין דער אַרבעט. פעלדמאַנס אויפטו האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט אין זײַן אומדערמידלעכער קאָנסטאַנץ, אין זײַן גוואַלדיקער עקשנות און אויסדויער, וואָס האָט אין פאַרלויף פון צענדליקער יאָרן פאָרמירט דעם געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער פון ישוב.

די ייִדישע שול אין באָגאָטאַ, איז אַ מוסטער־שול, אין אַלע הינזיכטן. אַ בנין — אַ פּאַלאַץ, בײַ דער דריטער בריק אויפן צפון שאָסיי, ווי אַ גרויסע שיף פאַראַנקערט אין פּאָרט גרייט צו אַ רײַזע איבערן ים פון וויסן, און אין וועלכער עס דאַרפן זיך אויספורעמען די נײַע דורות. אָט שטייט דער הערלעכער בנין, און אין דער לופט שוועבט פאַראייביקט דער נאָמען אַלבערטאָ פעלדמאַן.

אָפט שפּאַציר איך אַרום אין און אַרום דער שול, און טראַכט: דור הולך ודור בא, דער רודער גייט אַריבער פון האַנט צו האַנט; דער רודער פאַר־בלײַבט, און די הענט גייען אַוועק אין דער אייביקייט... דאָס איז דער מענטשלעכער גורל. אָפּטמטאָל פאַרגעסן מיר אין אונדזערע פאָרגייערס, זייערע אויפטוען ווערן פאַרנעפּלט, און זייערע נעמען אָפּגעווישט אין זכרון פון מענטשן — צומאָל אויף אייביק. קומט אָבער שפּעטער די געשיכטע־פאַרצייכענונג און צווינגט צו דערמאָנען די „פאַרגעסענע״, און מיר דער־זען זיי אין זייער פולער פּראַכט, און זיי לעבן ווידער אויף אין דער גע־דעכעניש פון דורות, וואָס בילדעט די טראַדיציע — דעם מיטאָס פון אַ קאָלעקטיוו.

די פאַרגאַנגענהײַט ווערט נישט פאַרלאָרן, זי בילדעט אַן אָרגאַנישן טייל פון דער קעגנוואַרט, און די געשיכטע פירט זי אַרײַן אין דער צוקונפט. דור הולך ודור בא, פון דור צו דור גייט איבער אַ טראַדיציע, אַ מיטאָס, פון וועלכע עס ווערט געוועבט די אייביקייט. זײַנען מײַנע באַשיידענע ווער־טער אַ פאַרגיטיקונג פאַר מיר, און זאָלן זיי אויך זײַן אַ טרייסט פאַר די

אַלע, וואָס האָבן געהאַט אויסצושטייַן געגנוג שפיכת דמים בייַ דער אַרבעט לטובת הכלל אין די יונגע ייִדישע ישובים פון לאַטיין־אַמעריקע.

נישט לייַכט איז אָנגעקומען צו פאַרזייען קערנער פון ייִדישן גייַסט, און אויפהאַלטן אַ ייִדיש לעבן אויפן אַמעריקאַנער באָדן. די פּיאָנערן האָבן זיך אָנגעשטויסן נישט נאָר אויף די אַרומיקע אָביעקטיווע שוועריקייטן, נאָר האָבן אויך געטראָפן ענגהאַרציקייט און אומפאַרשטענדעניש אין דער אייגענער סביבה, וועלכע האָבן דאָך נישט באַוויזן צו שטערן דעם אויפבלי פון אַ געזונטן ייִדישן ישוב אין קאָלומביע, וואָס פילט זיך, צוגלייַך מיט אַלע בירגער, פּאַטריאָטיש פאַרבונדן מיטן לאַנד, און ווי ייִדן אידענטיפי־צירט מיטן היסטאָרישן גורל פון ייִדישן פאָלק און מיט מדינת ישראל.

## משנה מקום — משנה מזל...

עס זײַנען פֿאַראַן מענטשן וואָס האַלטן נישט פֿון „מזל״; מזל, זאָגן זיי, פֿאַלט נישט אַראָפּ פֿון הימל — מזל דאַרף מען מאַכן מיט שכל, מיט שווערער אַרבעט, מיט אויסרעכענונג, מיט שפּאָרזאַמקייט. אַנדערע פֿאַרקערט, זײַנען בײַ דער מיינונג, אַז אַ מענטש האָט נישט קיין מזל העלפֿט נישט קיין שכל, בײַ אים גייט אַלץ „מיט דער פּוטער אַראָפּ״. דער אמתער אמת איז ווי אין אַלע אמתן: — אין דער גאָלדענער מיטל. מען דאַרף טאַקע אַליין אויך עפּעס אַרײַנגעבן אין שותּפֿות, און אַז צו דעם שפּילט נאָך צו „דאָס ביסעלע מזל״, ווי עס זינגט זיך אין אַ ייִדיש לידל — איז אוודאי גוט.

עס זײַנען פֿאַראַן אין דער אוניווערסאַלער ליטעראַטור שרײַבער פּאַ־טאַליסטן — בײַ ייִדן זײַנען זיי אַן אויסנאַם — וואָס טענהן, אַז חוץ די אַבסאָלוטע נאַטור־געזעצן, וועלכע הערשן איבער הימל, ערד און מענטש, איז פֿאַראַן „עפּעס״ אַזוינס, וואָס מישט זיך אַרײַן אין מענטשלעכן לעבן כּדי קאַליע צו מאַכן. די גריכן האָבן עס גערופֿן „פֿאַטום״. און אַז איינעם איז באַשערט אַ „פֿאַטאַלידאַד״, אַ שטראָף פֿון די געטער, וועלן שוין נישט העלפֿן קיין חכמות, ער איז פֿאַרמשפּט אויף אַ דורכפֿאַל, וועט ווערן אַנט־מוטיקט און דערשלאָגן, עס וועלן אים פֿאַרלאָזן זײַנע פֿרײַנד, ווײַל וואָס קלענער דער מענטש איז, אַלץ גיכער וועט ער אַנטלויפֿן — ווי אַ מויז פֿון אַ שיף, וואָס גייט אונטער — פֿון איינעם וואָס „האָט נישט קיין מזל״...

פֿאַראַן קלוגע מענטשן, ס'איז אַ פֿאַרגעניגן צו זײַן אין זייער געזעל־שאַפֿט און מיט זיי פֿאַרברענגען, זיי האָבן אַ לעבעדיקן אינטערעס פֿאַר אַלץ, און מיט זיי קאָן מען רעדן וועגן אַלץ. מענטשן מיט אַן אָפֿן האַרץ צו דער וועלט. זיי זײַנען העפֿלעך, דיסקרעט, ערנהאַפֿט, געזונט פֿיזיש, געזונט גײַסטיק; און דאָך — עס גייט זיי נישט, עס פֿידלט נישט... אַנדערע דאַקעגן, פּראָסטאַקעס, אומגעלומפּערטע, מען קען אויף זייער וואָרט נישט שטעלן, און זיי אַליין זײַנען נישט ווערט קיין דרײַער, און דאָך האַלטן זיי אין איין

שטייגן, און ווערן אַפילו זייער חשוב ביי מענטשן. ווייל טאַקע אָט יענע מייזעלעך, וואָס אַנטלויפן פון די שלימזלס, האָבן ליב זיך צו קלעפּן צו די בר־מזלס, ווי עס זאָגט אַ יידיש שפּריכוואָרט: „אַ שווערן וואָגן איז גוט נאָכגיין"...

פאַרוואָס איז דאָס אַזוי? אין וואָס באַשטייט דער סוד פון מזל, און דער דערפאָלג אין לעבן? דאָס זיינען פראַגן אויף וועלכע ס'איז גאָרנישט אַזוי לייכט צו ענטפערן.

די דאָזיקע געדאַנקען, אין וועלכע עס שטעקט אַ פּרימיטיווע פילאָסאָפיע, אין וועלכער עס טראַכטן זיך אַריין די פּשוטסטע מענטשן און די גרעסטע חכמים, קומען מיר אויפן זינען ווען איך דערמאָן זיך אין יעקב אייזענמאַנען. אין די ערשטע דרייסיקער יאָרן פון אונדזער יאָרהונדערט איז ער אָנגעקומען קיין באָגאָטאַ, פון זיין געבוירן־שטעטעלע, פולאָוו, אין פּוילן, אויף דער באַן־ליניע וואַרשע—לובלין. אַ קליין שטעטל, ווי אַ סך אַזעלכע אין פּוילן, אָבער מיט אַן אינטענסיוו רעליגיעז און קולטורעל לעבן. פון זיינע יונגסטע יאָרן האָט יעקב זיך פאַרזאָרגט פריער מיט תורה־קענטעניש, און נאָכדעם אויך מיט וועלטלעכער בילדונג. ער האָט געהאַט אַ פּריווילעגירטן קאָפּ, און זיינע לערערס האָבן זיך גאָרנישט געקאָנט אָפּלויבן פון אים. און אַזוי ווי ער האָט נאָך דערצו געהאַט אַן אויסערגעוויינלעכן זכרון, איז אים גאָר ווייניק פאַרלאָרן געגאַנגען פון דעם דאָזיקן גייסטיקן אוצר, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט גאַנץ קיין קאָלאָמביע, אינאיינעם מיט זיין ליבשאַפט צו ספרים און זיין נייגער צו וויסן.

פולאָוו איז געווען אַ שטעטל פון למדנים, לערנער און עקסטערנען מכל המינים, און דאָרט האָט יעקב געהאַט זיין סביבה. אין די היגע יידישע קרייזן האָט ער אַזעלכע נישט געפונען. דער נייער וואַקסנדיקער ישוב אין באָגאָטאַ האָט אַוודאי געדאַרפט האָבן מענטשן פון זיין קאַליבער, אַזוי ווי פעלדער האָבן נויטיק וואַסער כדי די פלאַנצן זאָלן אויפגיין און בליען. פון דער אַנדערער זייט, האָט אויך אייזענמאַן געדאַרפט קומען צום אויסדרוק, קומען אין קאָנטאַקט מיט מענטשן, און זיך פאַרווירקלעכן אין לעבן. אָבער ווען ס'איז געקומען מן הכוח אל הפועל, פון טעאָריע צו פּראַקטיק, איז עס נישט געגאַנגען. אייזענמאַן פלעגט נישט אויסנעמען ביים עולם. ער האָט נישט געהאַט קיין מזל. עס האָט נישט געפידלט..

מעגלעך, אַז שולדיק געווען איז די נאַטור, וואָס האָט אים אַזוי ברייט־האַרציק באַשענקט מיט אינטעלעקטועלע פעיִקייטן, זי איז גלײַכצײַטיק געווען זייער קאַרג מיטן אויסטיילן אים פיזישע מעלות. אַנדערש וואָלט אים אפשר אַלץ אָנגעקומען לײַכטער. מענטשן שעצן דאָך אַזוי פיל די אויסערלעכקייט, און וואָס קלענער דער מענטש, אַלץ ווערטפולער איז אין זײַנע אויגן דער אויסערלעכער אויסזען. אײַזענמאַן איז געווען גאָר קנאַפּ אָנזעעווודיק, אַ קליינוויקסיקער, אַן אויסגעדאַרטער, מיט אײַנגעפאַלענע באַקן, אַ טיפישער ישיבה בחורל מיט טיף פאַרחלומטע גרויסע אויגן. בקיצור, ער איז נישט געווען פון יענע יונגעלײַט נאָך וועלכע מיידלעך צעגייען ווי פוטער אויף וואַרעם ברויט.

אָבער וואַרשײַנלעך, איז נישט דאָס געווען דער עיקר. משה מענדעלסאָן איז געווען אַ הויקער, און האָט דאָך געהאַט אַ גרויסן אײַנפלוס און געווען אַרומגערינגלט פון תלמידים, און געווען באַליבט, ווי מען זאָגט, בײַביידע מינים. און אַזעלכע בײַשפּילן זײַנען פאַראַן אַ סך אין דער געשיכטע. אמת, יעקב אײַזענמאַנען קאָן מען נישט פאַרגלײַכן צו דעם גרויסן ייִדיש־דײַטשן פילאָסאָף, אָבער עפּעס פון דעם לערנען קאָן מען יאָ.

און וואָס מען קאָן לערנען איז דאָס, וואָס ר׳ יעקב, ווי איך פלעג אים רופן מיטן פולן דרך ארץ, און ווי ער האָט עס פאַרדינט, פלעגט פילאָסאָפירן פאַר אַן אוידיטאָריע, וועלכע האָט אים נישט גענוג פאַרשטאַנען, זײַן לומדות האָט דער גרעסטער טייל נישט באַנומען, און דער טיפער זין פון זײַנע ווערטער פלעגט דעם עולם לאָזן קאַלט און פלעגט פאַרבײַ אומבאַמערקט. מען פלעגט אים אויסהערן מיט אומגעדולד, און אָפט האָבן זיך אַפילו געהערט צווישנרופן.

די געשיכטע ווייס צו דערציילן פון געניאַלע שרײַבער, אָדער מאָלער, וועלכע זײַנען בײַם לעבן נישט אָפּגעשאַצט געוואָרן, און זיי זײַנען אומבאַוווּסט געשטאָרבן אין אָרעמקייט. ערשט נאָכן טויט זײַנען זיי „אַנטדעקט" געוואָרן, און זײַערע ווערק זײַנען געשטעלט געוואָרן אין שפּיץ פון קינסטלערישן שאַפן. אויף אַזעלכע איז געזאָגט געוואָרן, אַז „זיי זײַנען געבוירן געוואָרן פאַר דער צײַט". אויף יעקב אײַזענמאַנען דאַרף געזאָגט ווערן, אַז ער איז — נישט געבוירן געוואָרן פאַר באַגאַטאַ, איבערהויפּט פאַר באַגאַטאַ פון די „גרינע" דרײַסיקער יאָרן, ווו עס האָט זיך צוזאַמענגעלאָפן אַ גע־

יאָגטע און געפּלאָגטע ייִדישע מאַסע, וואָס איז אַנטלאָפן פון הונגער און אַנטיסעמיטישע פאַרפאָלגונגען, און געזוכט פאַרצווייפלט אַ זיכער ווינקעלע אויפן ערדקוגל. און אײַזענמאַן איז אָפט אַרײַנגעפאַלן אין אַ טאָן פון מוסרן דעם דורשטיקן אימפּעט וואָס גיכער „זיך אַרויפאַרבעטן", פון זיך אײַנ־וואָרצלען, פון אַלץ פאַרגעסן וואָס געווען, און אָנהייבן אַ „נײַ לעבן". ער האָט עס אַלץ גוט באַגרינדעט און שיין אַרויסגעבראַכט, ער איז נישט געווען קיין נאַר, — אָבער דער עולם האָט עס נישט ליב געהאַט צו הערן.

אין די ערשטע יאָרן האָבן פּרעדאָמינירט אין ישוב יונגע מענטשן, און אויף דער איניציאַטיוו פון „ייִדישן צענטער" פלעגן אָפט דורכגעפירט ווערן טאַנץ־אָוונטן. אײַזענמאַן האָט עס, נאַטירלעך, געשטיצט, אָבער ער האָט אויך אינספּירירט אַ פּלאַן פון קולטורעלער אויפקלערונג, און עס זײַנען דורכגעפירט געוואָרן רעפעראַטן און קאָנצערטן. אַלץ פײַן און גוט, אָבער אַז אײַזענמאַן פלעגט רעפערירן, פלעגט זיך חברה איבערן הויף אַרומשפּאַצירן. „דער בחור האָט נישט קיין מזל", פלעגט מען זאָגן. עס האָט זיך אָרגאַניזירט אַ מין „קלאַן", נישט ספּעציעל קעגן אײַזענמאַנען, נאָר סתם אויף זיך אַרויסצוהעלפן איינער דעם אַנדערן, הײַנט איך פאַר דיר, מאָרגן דו פאַר מיר. די „מײַז" זײַנען די ערשטע, וואָס שאַרן זיך צו צו אַזאַ „קלאַן", ווײַל מיט חניפה קלעפּן זיי לײַכט זיך אָן אין די שטאַרקע.

ווי מען זאָל עס נישט רופן: קלאַן, קליקע, באַנדע אָדער חברה, ווו זיי באַהערשן אַן אינסטיטוציע שטעלן זיי בײַ דער אָנפירונג נישט די בעסערע, נאָר די אייגענע מענטשן. יעקב אייזענמאַן איז געבליבן איזאָלירט, און ווי ס'איז אים געגאַנגען אין דער געזעלשאַפט, אַזוי איז אים געגאַנגען אין די פּריוואַטע געשעפטן: עס האָט „נישט געפידלט". ווי זאָגן די ווײַבער? אַז מען האָט נישט קיין מזל, זאָל מען בעסער נישט געבוירן ווערן.

אַזוי האָט יעקב אײַזענמאַן זיך אָפּגעמאַטערט זײַנע עטלעכע יאָר אין באָגאָטאַ, אָבער ער האָט זיך נישט אונטערגעגעבן. אמת, ער האָט זיך ווייניקער אָפּגעגעבן מיט דער געזעלשאַפט, אָבער אַ סך מער מיט זיך גופא. ער האָט אַ סך געלייענט, שטודירט שפּראַכן, זיך פּערפעקציאָנירט אין ענגליש. אין איין שיינעם טאָג איז צו מיר דערגאַנגען אַ ידיעה, אַז אײַזענמאַן איז ערגעץ ווו אַוועקגעפאָרן. אַוועקגעפאָרן אָן אַ זײַ־געזונט. עס האָט מיר באמת פאַרדראָסן, איך האָב אים געשעצט און געוווּסט, אַז ער האָט צו מיר די

זעלבע באַציִונג. פון דער אַנדערער זײַט, האָב איך אויך פֿאַרשטאַנען און אין אַ געוויסער מאָס באַרעכטיקט זײַן האַנדלונג. ער האָט צו פיל אין דער שטאָט געליטן. מיט אומגעדולד האָב איך געוואַרט אויף אַ ידיעה, אָבער עס זײַנען אַוועק לאַנגע מאָנאַטן, און אומדירעקט האָב איך באַקומען אַ גרוס, אַז ער איז געווען אין ישראל, און הײַנט איז ער אין שליחות פון אַ געוויסער אינסטיטוציע אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

ענדלעך איז אין איין שײנעם טאָג אָנגעקומען אַ לאַנגער בריוו פון בעל־דבר אַליין. ער האָט פאַר דער קורצער צײַט — שרײַבט ער — אויס־געשטאַנען קאָלט און וואָרעם, אָבער ער האָט געפונען — זײַן מזל. ער טוט אַ וויכטיקע אַרבעט, וועלכע איז אים ליב, ער ווערט אָפּגעשאַצט און האָט זײַן סביבה, און האָט שוין אַ היים... איך האָב זיך געפרייט דרײַפאַך: איך האָב צוריק געפונען אַ פרײַנד, כ׳האָב זיך געפריידט מיט זײַן גליק און איך האָב באַשיידט די פראַגע פון מזל. און אַזוי האָב איך אים געשריבן אין מײַן בריוו: „משנה מקום — משנה מזל״, און ער האָט מיר געענטפערט: „דאָס מזל פאַלט נישט אַראָפּ פון הימל, מען דאַרף עס זוכן און אַז מען געפינט עס, דאַרף מען גוט וואַכן אויף עס נישט צו פאַרלירן״...



צעראַמיק־קונסט אין דער יידישער שול פון באַראַנקיליאַ, קאָלאָמביע

# די איידעלמאַנס

איך טראַכט אָפּטמאָל, אַז דער ציבור — אַ קאָלעקטיוו — ווערט שנעלער באַהערשט פון איין סענטימענט, ווי אַ יחיד. מאַסן־פּסיכאָלאָגיע: איינער ווערט אָנגעשטעקט פון צווייטן, איינער באַווירקט דעם אַנדערן, אַמאָל צום גוטן און אַמאָל צום שלעכטן. אין אַ טעאַטער־זאַל, אַז איינער צעלאַכט זיך — וועלן אַ סך „נאָכלאַכן". דאָס זעלביקע אין געזעלשאַפטלעכן לעבן, שאַפט זיך אַמאָל וועגן אַ מענטשן אַ „מיינונג", וואָס שטאמט פון אַזעלכע „קאָלעקטיווע איינפלוסן" עס זאָגט אַ יידיש שפּריכוואָרט: „אַז קהל זאָגט שיכור, טאָ לייג זיך שלאָפן". און קהל קאָן אַמאָל „אָפּשטעמפּלען" איינעם גאָרנישט לויט זיין ווערט נאָך...

אַוודאי וואָלט געווען זייער שיין ווען אַלע זאָלן קענען באַצייכנט ווערן ווי פיינע און ליבע מענטשן. אָבער צוריק־געשמועסט, קאָן דאָך יעדער נישט זיין קיין „שטיק גאָלד" כדי אַלעמען צו געפעלן, און נאָך מער: ערשט די וואָס ווילן אַלעמען געפעלן ,און מיט אַלעמען לעבן גוט — טייגן ערשט נישט!... ווייל אַן אויפריכטיק גוטער מענטש, דאַרף האָבן דעם מוט צו קעמפן קעגן שלעכטס און קעגן דעם שלעכטן...

די דאָזיקע געדאַנקען זיינען מיר געקומען אויפן זינען אין פאַרבינדונג מיט דער געשטאַלט פון אַ פּיאָנער פון אונדזער ישוב, יוסף איידעלמאַן. ווען איך בין געקומען אין לאַנד איז זיין נאָמען שוין געווען גוט באַקענט און רעספּעקטירט אין ישוב. דעמאָלט איז ער אַלט געווען אַ יאָר פינף און דרייסיק, האָט געהאַט אַן אַטלעטישע פיגור, אפשר פון צוויי מעטער די הויך, אַן אמתער בעסאַראַבער ריז. ווען ער פלעגט שפּאַנען איבערן גאַס מיט זיין פעסטן טראָט האָט אויסגעזען, אַז ער פאַרמעסט זיך מיט די שכנישע בערג מאָנסעראַט און גואַדאַלופּע. זיין פּנים איז דווקא געווען בלייך, מיט פאַרחלומטע אויגן און ברייטן שטערן, וואָס האָט אים צוגעגעבן אַ יידישן חן.



ביי אַ מסיבה מיט קאָלאָמביאַנער אינטעלעקטואַלן. — פון רעכטס: אַלבערטאָ גאַלינדאַ; פּעדראָ גאָמעס וואַלדעראַמאַ, געוועזענער מיניסטער פון דערציִונג; ענריקע סאַנטאָס מאָנטערא, פּובלי־ציסט, באַרימט אונטערן פּסעוודאָנים קאַליבאַן; סאַנין קאַנאָ, ליטעראַט, שטאַמט פון אַנטיאָכיאַ

ער איז געקומען קיין קאָלאָמביע אין 1918 ווען עס זײַנען נאָך געווען גאָר ווייניק ייִדן אין די מקומות. האָט ער זיך אויפּריכטיק געפּרייט מיטן אָנקום פון די ערשטע ייִדישע אימיגראַנטן, און האָט אייניקע פון זיי מקרב געווען. פון די ערשטע איז געקומען די פאַמיליע גוט, נאָכדעם זײַנען צוגע־קומען אַנדערע, און אַלע האָבן זיך גרופּירט אַרום איידעלמאַנען, וואָס האָט זיך באַמיט צו קאַנאַליזירן דעם אימיגראַנטישן שטראָם, און אים געבן אַ געזעלשאַפטלעכע אָריענטאַציע. ער איז פאַקטיש געווען דער גרינדער און מיטגרינדער פון די ערשטע און עלטסטע ייִדישע אינסטיטוציעס אין שטאָט, און אויך פון ייִדישן צענטער, וואָס האָט מיט דער צײַט זיך פאַר־וואַנדלט אין אַ קהילה פון ישוב.

איך דערמאָן זיך איינע פון די ערשטע פאַרזאַמלונגען אין „סענטראָ איזראַעליטאַ״, אַ מעשה פון צוואַנציק מיט פערציק יאָר צוריק. און עס גייט מיר אין דעם פאַל נישט צו דערמאָנען אַ מעשה שהיה, נישט שרײַבן גע־שיכטע, נאָר פאַר זיך אַליין אויפקלערן אַ רעטעניש וועגן כאַראַקטער פון אַ מענטשן — און זאָל דער לייענער אויך אַ ביסל טראַכטן. איז איידעלמאַן טאַקע געווען אַזאַ פײַנער מאַן, וואָס האָט ליב געהאַט מענטשן סתם, איבער אַלץ און אַלעמען? אָדער ער איז געווען אַ מענטש אָן פּרינציפּן? און אפשר גאָר אז זײַן טאָלעראַנץ איז געגאַנגען צו ווײַט, אַז ער האָט געפונען פאַר יעדן אַ געוויסע באַרעכטיקונג? זײַנען דאָך פאַראַן מענטשן, וואָס זײַנען גענייגט דן לכף זכות זײַן — משפּטן יעדן איינעם צום גוטן און זײַן טאָ־לעראַנט צו פאַרשיידענע אידעאָלאָגיעס. אַ מין ליבעראַליזם, וואָס שטאַמט נישט פון מאַנגל אין פּרינציפּן, נאָר פון איבערפלוס פון גוטע געפילן. פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ ליבעראַליזם מוז שוין האָבן געוויסע גרענעצן... דאָס זײַנען פראַגן, וועלכע איך האָב נאָך ביז הײַנט נישט געקאָנט באַשיידן אין שייכות מיט דער פערזענלעכקייט פון איידעלמאַנען, וועלכער האָט אויף מיר געמאַכט אַן אײַנדרוק פון אַ ליבן און זייער איידעלן מענטשן. און איך גלייב, אַז איך האָב קיין טעות נישט געהאַט.

עס איז געווען אַ שטורמישע פאַרזאַמלונג. עס האָבן זיך צעפלאַקערט די געמיטער און קיינער האָט נישט געוואָלט נאָכגעבן. ליידער איז עס געווען אַ קאַמף פון פערזאָנען און גרופּעס, הינטער וועלכע עס האָבן זיך קוים אָנגעזען פּרינציפּן און פּראָגראַמען. איין זאַך איז געווען קלאָר: די אַלע



פרעזידיום פון פּראָטעסט־אַקט אין באָגאָטאַ קעגן מאָרד פון די ייִדישע שרײַבערס אין סאָוועט־רוסלאַנד. — פון רעכטס: ש. קאַוואַן; וו. עליאַשאָוו, שגריר פון מדינת ישראל; ש. גובערעק; ג. קאַנאַל ראַמירעס, געוו׳ אַמבאַסאַדאָר אין ראַטן־פאַרבאַנד; ד״ר גוטנער, פרידלענדער; רב־הראשי ד. שאַראַבאַני, מ. גורעוויטש, רבי מ. גורעוויטש, ד״ר מ. מילהעלם, פרוי האָפמאַן

גרופּעס און גרופּקעס, וועלכע האָבן זיך געשאַפן אין קהל, האָבן זיך באַמיט מיט אַלע כוחות צו געווינען יוסף איידעלמאַנען. ער האָט אָבער קיינעם נישט געזאָגט „ניין" און האָט מיט קיינעם נישט געוואָלט זיך „קאָמפּראָמע־טירן" — און איז געבליבן אין דרויסן. יעדער גרופּע איז געקומען מיט אַן אַנדער פּראָגראַם פאַר דער קהילה; פון די רעליגיעזע, וואָס האָבן געטראַכט וועגן אַ מקווה, ביז די לינקע, וואָס האָבן גערעדט וועגן „ליכט וואָס גייט אויף אין מזרח" — פאַר איידעלמאַנען זיינען אַלע געווען פיינע ייִדן, און ער האָט מיט קיינעם נישט געוואָלט איינרייסן...

געזיגט האָבן מיר, אַ גרופּע יוגנטלעכע — אין יענער ווייטער צייט!... מיר האָבן באַהערשט דעם „סענטראָ איזראַעליטאַ". און יוסף איידעלמאַן? — איידעלמאַן איז געבליבן דער זעלבער וואָס געווען, נאָר עפּעס האָט זיך געענדערט אַרום אים. מיר האָבן אים אָפּגעשטעמפּלט: „ער וויל לעבן גוט מיט אַלעמען", און האָבן אים אָנגעהויבן אויסמיידן. ער האָט טאַקע געוואָלט אָנהאַלטן חברשאַפט מיט אַלעמען, אָבער אַלע האָבן אָנגעהויבן ביסלעכווייז פון אים זיך דערווייטערן. אין „סענטראָ" האָט ער שוין נישט געהאַט קיין סביבה, ביז ער האָט אויפגעהערט צו קומען. די געשעפטן זיינען אים אויך אַוועק שלעכט, און ער איז אין גאַנצן איזאָלירט געוואָרן. אין אַמעריקע איז עס דאָך אַוודאי אַ גרויסער חסרון, און נעכטיקע „גוטע פריינד", וואָס האָבן געזוכט זיין געזעלשאַפט, האָבן אים אָנגעהויבן נישט צו באַמערקן. די נייע פייגל, וועלכע יוסף איידעלמאַן האָט געהאָלפן זיך אַרויפדראַפּען אויפן בוים פון געזעלשאַפטלעכן לעבן און אויפבויען זייערע נעסטן, זיינען געפלויגן אַלץ העכער און העכער, און ער — דער ריז — האָט אויסגעזען ווי אַרונטערגעשאָסן...

און יוסף איידעלמאַן, איינער פון די ערשטע ייִדישע איינוווינער אין דער הויפּטשטאָט, האָט פאַרלאָזן באָגאָטאָ און האָט זיך באַזעצט אין פּאַסטאָ, אַ שטאָט אין דעפּאַרטאַמענט נארינאָ. אָבער נישט אויף לאַנג. אין עטלעכע יאָר אַרום איז ער צוריקגעקומען מיט זיין פרוי און קינדער, עטלעכע פון זיי באָגאָטאַנער, און די איבעריקע געבוירענע אין דער פּראָווינץ. ער איז שוין געגאַנגען מיט אַ געבויגענער פּלייצע און אומזיכערן טראָט, מיר האָבן געזען פאַר זיך אַ צעבראָכענעם מענטשן. די דאָקטוירים האָבן מיט גאָר נישט געקאָנט העלפן. דער גיגאַנט איז געפאַלן פאַר דער צייט. דער גאַנצער

ייִדישער ישוב פון באָגאָטאַ האָט אים באַגלייט צו זײַן אייביקער רו אויפן בית עולם פון באָסאַ.

— האָט אונדז אַ באַהאַלטענער שולד־געפיל געטריבן צו דער לוויה? — מעגלעך... אַזוי איז דער גורל פון מענטשן, אַמאָל קומט ער אָפּ פאַר נישט באַגאַנגענע זינד...

*

מאַקס איידעלמאַן, יוספס שוועסטערקינד, איז נאָך איין כאַראַקטעריס־טישער טיפּ פון ייִדישן באָגאָטאַ. אַ מענטש פון מיטעלן וווּקס, האָט ער געמאַכט דעם אײַנדרוק פון אַ גוט־שטייענדיקן אונטערנעמער. און טאַקע דאָס איז ער געווען; ער איז קיין קלאַפּער נישט געוואָרן ווי אַלע אַנדערע, וואָס דאָס מיינט אַרומגיין מיט אַ פּעקל סחורה איבער די הײַזער און אויס־קוקן אויף אַ פּעזע ווי אַ גוטער ייִד אויף משיחן. איך ווייס נישט ווי אַזוי, נאָר ער האָט גלײַך געעפנט אַ קלייטל, וועלכע איז נאָכדעם געוואָרן אַ גרויסע קלייט פון ביציקלעטן מיטן נאָמען „אלסיאָן". און אַזוי ווי איך האָב אין סוף פון די צוואַנציקער יאָרן געדאַרפט אַ ביציקלעט אויף צו קענען בעסער דערפילן מײַנע פּעדלער־פליכטן, האָב איך זיך באַקענט מיט מאַקסן און דערזען פֿאַר זיך אַ מענטשן, וואָס איז געווען אַן איידעלמאַן נישט נאָר לויט דער פאַמיליע, נאָר אין פולן זין פון וואָרט.

אַ מענטשן דערקענט מען, ווי דער תלמוד זאָגט, „בכיסו, בכוסו ובכעסו". וואָס שייך צו איידעלמאַנען דאַרף מען זאָגן „כשמו כן הוא", ער האָט באַרעכטיקט זײַן נאָמען אין אַלע הינזיכטן. אין זײַן באַנעמונג מיט מענטשן, מיט זײַן אָפענער האַנט, און זײַן מיטפילנדיק האַרץ. אַן אַריס־טאָקראַט אין פולן זין פון וואָרט. בײַ די יערלעכע וואַלן צו דער קהילה פלעגן פאַרשיידענע „ליסטעס" און פאַרטייען זוכן זײַן קאַנדידאַטור, אָבער ער פלעגט קאַטעגאָריש זיך אָפּזאָגן. ענדלעך האָט חיים פײַנבוים געבראָכן זײַן עקשנות, און אין 1937 איז ער אַרײַנגעטראָטן אין דער פאַרוואַלטונג פון „סענטראָ איזראַעליטאַ". ראש הקהל איז אין יענעם פעריאָד געווען ד"ר אַהרן בן שטרית; און מאַקס איידעלמאַן איז באַשטימט געוואָרן ווי אַ וויצע־פּרעזידענט. אַ קורצע צײַט האָט אַנגעהאַלטן אַ האַרמאָנישע צוזאַמענאַרבעט, און עס איז געווען באמת אַ פאַרגעניגן בײַצוזײַן אַ זיצונג. אָבער דער פרידן האָט נישט לאַנג אָנגעהאַלטן. עס האָט זיך אַרײַנגעכאַפּט צו אונדז דער מלאך

המשחית אין דער געשטאַלט פון פּאַרטייִשע קאַמפּן, וואָס האָט צעשפּאָלטן דעם ישוב און אויך געשטעלט אין געפאַר די עקסיסטענץ פון דער אינ־סטיטוציע.

שטילערהייט, ווי זײַן שטייגער איז, האָט מאַקס איידעלמאַן זיך צוריק־געצויגן פון דער פאַרוואַלטונג פון „סענטראָ איזראַעליטאַ", אָבער ער איז נישט געוואָרן אויס מיטגליד, און האָט נישט אויפגעהערט צושיקן זײַן שטענדיקן בײַשטײַער און שטיצן מיט אַ ברייטער האַנט יעדע אַקציע, וועלכע די אינסטיטוציע נעמט אונטער. די דאָזיקע האַנדלונג פון אַ מענטשן פאַרדינען דערמאָנט צו ווערן, און זאָגן עפּעס לטובת דער פאַמיליע איי־דעלמאַן...



ישראל־טענץ אין דער ייִדישער שול פון באַראַנקיליאַ, קאָלאָמביע

## אַ ייד וואָס האָט קיין פּרעזידענט נישט געוואָלט זיין...

צום סוף פון די פערציקער יאָרן איז צוגעקומען נאָך אַ מיטגליד אין דעם אויפגייענדיקן קאָלאָמביאַנער ייִדישן ישוב, ר׳ אַברהם טשאָסנעק, פון וואַרשע. ער איז דעמאָלט אַלט געווען אַ יאָר פערציק. שלאַנק און הויך איז ער געווען ווי אַ טייטלבוים, אָבער בלייך און מיט אַ דורכזיכטיקער הויט ווי אַ ישיבה בחור. האָט ער אויסגעזען ווי אַן „איידעלער יונגערמאַן״, וואָס איז אַ סך יונגער פון זײַנע יאָרן. ער האָט טאַקע געקענט זיך די אויפ־מערקזאַמקייט מיט דער „איידלקייט״, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק אין זײַנע מאַנירן, און מיט זײַן למדנישן נוסח פון רעדן. ער פלעגט אַרײַנמישן פּסוקים און מימראָס, און אויף נישט אַרײַנצוברענגען דעם צוהערער אין אַ פאַרלעגנהײַט, פלעגט ער זיי גלײַך איבערזעצן אין ייִדיש. עס איז געווען אַ פאַרגעניגן מיט אים צו פאַרברענגען, צו דעם איז ער נאָך געווען אַ לײַדנשאַפטלעכער שאַך־שפּילער, און, פאַרשטייט זיך, איינער פון אונדזערע ייִדיש לייענער.

אַברהם טשאָסנעק האָט געשטאַמט פון אַ פײַנער חסידישער משפּחה אין וואַרשע, האָט געלערנט אין ישיבה און איז אין זײַן כאַראַקטער געווען אַ בעל מידות. אין דער אַלטער היים האָט ער זיך אויסגעלעבט אין זײַן סביבה, ער איז נישט געווען פרום, אָבער ער האָט ליב געהאַט זיך צו לאָזן שווימען אין ים התלמוד. אין באָגאָטאַ האָט אים אויסגעפעלט די היימישע אַטמאָספער, און ער האָט זי אויסגעפילט מיט ביכער און מיט שאַך. ער האָט גלײַך אַבאָנירט צײַטונגען און זשורנאַלן פון ניו־יאָרק, האָט אײַנגעקויפט ייִדישע ביכער, און געוואָרן אַ מיטגליד אין היגן שאַך־קלוב.

און צווישן גמרא און שאַך איז פאַראַן אַ סמיכת הפרשה, אַ נאָענטע שייכות: ביידע פאָדערן לאָגיק, אויסרעכענונג, אויסדויער און וויזיע. און דאָס האָט פאַרמאָגט אַברהם טשאָסנעק: אַ מאַטעמאַטישן שכל, אַ טיפע פאַרשטענדעניש פאַר פּראַקטישע ענינים און אַ געדולד, וואָס האָט נישט

צו זיך קיין גלײַכן. ער האָט אַ האַלבע שעה געקאָנט טראַכטן איבער אַ „גאַנג“, שעהען־לאַנג זיצן בײַם שאַך־ברעט, און אַ גאַנצן טאָג איבער אַ בוך.

איז אַברהם טשאָנעק געוואָרן אַ וויכטיקער פונקציאָנאַר אין אַ מלוכה־שער אינדוסטריע. צוזאַמען מיט יהודה פּאַרביאַזש, יצחק בראַנווײַן, מאַקס וואָלף און אַנדערע, פאַרנעמט ער דאָרט אַ גאַנץ אָנגעזעענע פּאָזיציע. מיט אַ צײַט צוריק האָט ער פאַרלאָזט באָגאָטאַ און זיך באַזעצט אין דער פּרעכ־טיקער שטאָט קאַלי און עס איז ברייט באַוווּסט, אַז מיט זײַן דערפינדערישן גײַסט, האָט ער באַוויזן צו געבן אַן אויסערגעוויינטלעכן אימפּולס דער אָר־טיקער טעקסטיל בראַנזשע.

און אין קאַלי האָט טשאָסנעק נישט געביטן זײַן לעבנסשטייגער. פון געשעפט — צום שאַך, אָדער צום בוך, ער האָט פײַנט עסקנות. מענטשן? — אדרבה, פאַרוואָס נישט? ער גייט צו מענטשן; מענטשן קומען צו אים, און ער נעמט אויף יעדן איינעם בסבר פנים יפות, ליבנסווירדיק, ווי עס פּאַסט פאַר אַ באַלעבאַטישן און איידעלן מענטשן. אָבער קיין כלל־טוער וויל ער נישט זײַן; ער האָט נישט ליב, זאָגט ער, זיך צו מישן אין געזעל־שאַפטלעכע ענינים...

איך האָב בײַ פיל געלעגנהײַטן געשמועסט מיט טשאָסנעקן. עס וועט זײַן אַ טעות צו מיינען, אַז ער איז גלײַכגילטיק צום געזעלשאַפטלעכן מצב פון ישוב, אַז עס גייט אים נישט אָן די ייִדישע דערציִונג, אָדער אַז ער האָט נישט קיין אינטערעס פאַר ישראל. פאַרקערט, ער איז איינער פון די ערשטע אין אַלע רשימות פון בײַשטײַערער, און נישט נאָר וואָס ער גיט אַליין, נאָר ער מונטערט אויף די נעמער, און באַטייליקט זיך אַפילו אין זאַמלונגען בײַ זײַנע מקורבים, אָבער אין קיין שום פאַרוואַלטונג פון אַן אינסטיטוציע וויל ער בשום אופן נישט אַרײַן, ער וויל נישט קיין „כבוד“, זאָגט ער.

עס גייען אָפּט אַוועק לאַנגע מאָנאַטן און מיר זעען זיך נישט. אָבער קיינמאָל פאַרגעס איך אים נישט. איך געדענק זײַן לומדות, זײַן אַלגעמיין וויסן און זײַנע באַלערנדיקע שמועסן, און איבערהויפּט זײַן עקשנותדיקע קעגנערשאַפט צו געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, וועלכע האָט מיר שטאַרק וויי געטאָן, הגם איך האָב נישט געפילט דערפאַר קיין פאַרדרוס אויף טשאָסנעקן. איך דערמאָן זיך ווי בײַ אַ געלעגנהײַט האָט ער מיר געזאָגט,

אַז איך בין אַן אומרויִקע נאַטור, וואָס קאָן זיך נישט אויסלעבן בלויז אין די אייגענע ד׳ אַמות, און עס דאַרפן זײַן מענטשן, וואָס זאָלן אויך עפּעס אָפּגעבן פאַרן יידישן כלל, זײַט איר, ר׳ שמעון, זאָגט ער, דער ריכטיקער מענטש. איר קומט אויף אַ זיצונג זײַט איר ווי אַ פיש אין וואַסער; איך האָב עס פֿײַנט, איך האָב פֿײַנט זיצונגען, וואָס זאָל איך טאָן? ס׳איז אַ זאַך פון כאַראַקטער...

איינמאָל האָב איך נאָך אַ באַראַטונג מיט די עסקנים פון קאַלי געבעטן אַן „אינטערוויו״ בײַ טשאָסנעקן. ער האָט מיר אויפגענומען אין זײַן שיינעם אַפּאַרטאַמענט, און איך האָב אָנגעהויבן דיפּלאָמאַטיש מײַן אָפּענסיווע. ר׳



קאָראָנעל צבי אין באָגאָטאַ. — פון רעכטס: י. מעקלער, ש. גובערעק, דער גאַסט, מאָני פײַנבוים, מ. מאַרעניס, ס. מאַרעניס

אַברהם האָב איך געזאָגט, דער ישוב דאַרף האָבן גײַסטיקע פירער. מענטשן מיט אַ ייִדישער טראַדיציע, מיט אַ ייִדישער שול. מיר האָבן זייער אַ גוטע ייִדישע יוגנט, וועלכער מיר האָבן איבערגעגעבן אייניקע אונדזערע אינסטי־טוציעס, אָבער זיי האָבן נישט קיין ייִדישע דערציִונג, זיי דאַרפן האָבן עלטערע טוער, וואָס זאָלן זיי אָריענטירן... אונדזערע אינסטיטוציעס ווערן דעריבער אויסגעליידיקט פון ייִדישער גײַסטיקייט; עס איז אין זיי אַלץ דאָ: ספּאָרט, טענץ, אויסשטעלונגען, קאָנצערטן, און אַפילו קאָרטן — דאָרט פעלט אָבער ייִדישער גײַסט...

— וויפל דאַרף עס קאָסטן? ר' שמעון, האָט ער מיר פלוצים געפרעגט.

איך האָב אים אָנגעקוקט פאַרוווּנדערט. — אַן עליה צו דער תורה, ר' אַברהם, וועט איר זיך קויפן הײַנטיקן שבת אין דער שול, אויב איר גייט דאַוונען. איך וויל איר זאָלט ווערן אַ פרעזידענט פון דער אינסטיטוציע, און דערפאַר דאַרפט איר נישט צאָלן.

— איך האָב עס גלײַך פאַרשטאַנען, האָט ער מיר געענטפערט, מיר דאַרף מען קיין פינגער אין מויל נישט אַרײַנלייגן. וויל איך טאַקע געבן מײַן בײַשטײַער פאַר דער אינסטיטוציע, איר זאָלט אויסקלײַבן פאַר אַ פרעזידענט עמיצן אַנדערש... איך וויל איר זאָלט וויסן, אַז איך בין אַזאַ פײַנער און טרײַער ייִד ווי אַלע אַנדערע, איך גיב דעריבער וואָס איך קען — מײַן געלט, און איך בין נישט קיין גרויסער גביר, עס זײַנען פאַראַן גרעסערע פון מיר, און איך וועל העלפן אין דער אַרבעט, נאָר קיין פרעזי־דענט וויל איך נישט זײַן! איך וויל נישט קיין כיבודים! און זאָל דער נײַער מנהיג שיקן איינמאָנען דעם חוב...

מיר האָבן געפונען אַ נײַעם פרעזידענט. און טשאָסנעק האָט געהאַלטן וואָרט...

# צוויי למדנים אין אַ ווייטן יידישן ישוב

אונדזער בית־המקדש אויף דער 23סטער גאַס צייכנט זיך נישט אויס מיט קיין שום באַזונדערער פּראַכט. מיר האָבן געבויט אונדזער שולעכל אין די צײַטן ווען דער ישוב איז נאָך געווען „גרין״, עמך איז נישט געווען רײַך — און דאָס הייפּעלע רײַכע איז געשטאַנען אַ ביסעלע פונדערווײַטנס — האָט מען אויפגעשטעלט אַ באַשיידענעם בנין, און אַרײַנגעשטעלט אַ פײַנעם אָרון־קודש, און אין די גוטע יאָרן האָט זעלטן ווען געפעלט אַ מנין, אַפילו אין דער וואָכן, און אין די שבתים און יום־טובים האָט געדאַוונט אַ חזן, אָדער אַ היימישער בעל־הבית, און עס האָבן נישט געפעלט קיין מתפללים, און אָפטמאָל נאָכן דאַוונען האָט אַ ייִד אַ למדן אויסגעטײַטשט די פּרשה פון דער וואָך, אָדער האָט פאָרגעבראַכט עפּעס אַ חידוש פון אַ מוסר ספר, און עס האָבן נישט געפעלט קיין צוהערער.

אָט וועגן דעם שולעכל אויף דער 23סטער גאַס, אין דער ווײַטער באָגאָטאַ פון קאָלאָמביע, וויל איך עפּעס דערציילן, און זאָל כאָטש בלײַבן אַ זכר צווישן טאָוולען פון אַ ייִדישן בוך, אויב עס וועט זוכה זײַן ווען עס איז צו זען גאָטס ליכטיקע שײַן.

איך האָב שוין בײַ אַ געלעגנהײַט דערמאָנט, אַז צו דער אימיגראַציע קיין קאָלאָמביע איז דער גורל געווען נישט באַזונדערס פרײַנדלעך, קײַן ייִדישע אינטעלעקטואַלן האָט דער אימיגראַציע־שטראָם נישט געבראַכט, און דאָס האָט זיך אָפּגערופן אויף דער ווײַטערדיקער אַנטוויקלונג פון ישוב. עס זײַנען יאָ געווען עטלעכע געציילטע יחידים; אָבער זייער לעבנס־וועג איז געווען זייער קורץ אויף דער נײַער ערד, און זיי זײַנען פריצײַטיק אַוועק אין דער אייביקײַט. דאַקעגן אין שייכות צו תורה־ייִדן האָט דאָס מזל אונדז בעסער באַהאַנדלט, און אַ גרעסערע צאָל ייִדן למדנים זײַנען אין פאַרשיידענע צײַטן אַרײַנגעקומען אין לאַנד, און זיך באַזעצט אין אונדזער שטאָט.

אמת, די נײַע אימיגראַציע, און די יוגנט בכלל, האָט זיך געהאַלטן רעזערווירט אין דער באַציִונג צו אַזעלכע ייִדן. אָבער מענטשן פון דעם עלטערן דור האָבן אַרויסגעוויזן דרך־ארץ צו זיי, און געהאָט אַ געפיל פון סאַטיספאַקציע, אַז בײַ דער גײַסטיקער אָרעמקייט האָבן מיר דאָך אין אונדזער מיט ייִדן לומדים, בעלי־תורה. ייִדן פון דער אַלטער היים האָבן מיטגעבראַכט אַ געפיל פון חשיבות צו אַ יודע ספר, און אין דער נײַער היים זײַנען זיי געוואָרן די, וואָס האָבן געזוכט אַ גײַסטיקע סביבה און האָבן אָפּגעגעבן כבוד אַ גײַסט־מענטשן. שוין לאַנגע יאָרן, אַז מענטשן פון אַזאַ מדרגה קומען נישט צו אין ישוב, און דאָס וואָס מיר האָבן „אַרײַנגעכאַפּט" אין דער בראשית־עפּאָכע, דאָס איז געבליבן אונדזער פאַרמעגן. און ווי דער שטייגער איז: אַ פאַרמעגן, אַז ער ווערט נישט פאַרגרעסערט, ווערט ער פאַרקלענערט. און דער בית־עלמין פון באָסא האָט זיך געטאָן זײַנס; איז באָסא געוואָרן גרעסער און „רײַכער", און דער ישוב איז געוואָרן גײַסטיק אָרעמער...

פון די לעצטע מאָהיקאַנער זײַנען פאַרבליבן דרײַ געציילטע ייִדן, וועלכע האָבן מיט גרויס אייפער געוואַכט איבער אונדזער שולעכל, עס זאָל חלילה נישט פאַרשוועכט ווערן מיט פּוסטקייט, און גאָטס וואָרט זאָל דאָרט נישט פאַרשטומט ווערן. דאָס זײַנען געווען ר' יונה דרעשער, ר' דוד מאיר רובינשטיין און אַונדזער שוחט, ר' מאָטל ליפשיץ. וואָס שייך ר' מאָטלען, האָט ער אין הילכות תורה זיך געקאָנט פאַרגלײַכן מיט די אַנדערע צוויי, אָבער אויס באַשיידנקייט האָט ער זיך געהאַלטן מן הצד, פּונקט ווי ער זאָל נישט וועלן משיג גבול זײַן, און ער האָט זיך באַגנוגנט מיט דער ראָל פון אַ צוהערער און באָאָבאַכטער. ער האָט זיי „צוגעלאָזן צום פּסוק", און זיי האָבן אַרומגערינגלט אַרום זיך אַ גרופּע מתפּללים, און ס'איז געווען וואָס צו „הערן" און וואָס צו אָבסערווירן.

זעלטן ווען עס האָט געהערשט שלום בית צווישן ר' יונהן און ר' דוד מאירן. זיי האָבן אין די שבתים און יום־טובים געלערנט מיטן עולם. איז אָנגעגאַנגען אַ שטילער, און אָפּטמאָל אויך אַן אָפענער, קאַמף ווער עס זאָל „פירן טיש" און געבן דעם שיעור פאַרן עולם לומדים. ס'איז געווען אַ קנאת לומדים, וואָס האָט געבראַכט צו שנאת חנם, און כאָטש זיי האָט געצויגן איינער צום אַנדערן, זײַנען זיי אין שול קיינמאָל נישט געזעסן

צוזאַמען, און באַזונדערס פלעגט זיך צעפלאַקערן דער צאָרן טאַקע אין מקום קודש.

ביידע זײַנען געווען גערער חסידים, ר׳ דוד האָט אַפילו געלערנט אין דער גערער ישיבה צוזאַמען מיטן גערער רבינס איידעם, ר׳ איטשע מאיר ז״ל. ביידע זײַנען געווען פון נידעריקן וווקס, אָבער ר׳ יונה איז געווען אויסגעצערט און בלאַס, היילע רוחניות, ווי אַ מענטש נישט פון דער וועלט. דאַקעגן ר׳ דוד מאיר האָט געהאַט אַ געפּאַקטע פיגור, וואָס האָט געברויזט מיט אינערלעכן אימפּעט. אין די אויגן איז נאָר בײַ ביידן געווען דער זעלביקער ברען, און באַזונדערס ווען זיי האָבן זיך אַרײַנגעלאָזן אין אַ תורה דיספּוט, אָדער בעת אַ פּערזענלעכן אינצידענט. און אַזעלכע אינצי־דענטן האָבן נישט געפעלט, און דווקא אין בית המדרש.

לויט דער לאָגיק פון גראָדן שכל האָבן אַזעלכע צוויי מענטשן זיך געדאַרפט האַלטן צוזאַמען, ווי חברים לדעה. ביידע פאַרוואָרפן הינטער די הרי חושך, אין דער ווײַטער קאָלאָמביע, צוויי גערער חסידים און תורה ייִדן, מיט דער זעלבער בענקשאַפט אין האַרצן און מיטן זעלביקן גלויבן. האָט זיי אַלץ געדאַרפט פאַראייניקן, און דאָך זײַנען זיי געווען צעטיילט און צעקריגט. דער נאָרמאַלער חשבון האָט דאָ געגעבן פאַרקערטע רעזול־טאַטן; נישט קיין קאָנסעקווענץ פון באַוווסטזײַן, נאָר עפּעס אַ טונקעלער שפּיצל פון אונטערבאַוווסטזײַן, ווי עס וואָלטן געזאָגט די מאָדערנע פּסי־כאָלאָגן.

נאָר על פּי עניוות דעתי, לויט מײַן באַשיידענער מיינונג, דאַרפן אַפילו די מעשים אינספּירירטע פון אונטערבאַוווסטזײַן האָבן אַ באַשטימטע לאָגיק. אין דעם פאַל האָט מעגלעך די סאָציאָלאָגיע גובר געווען די פּסיכאָלאָגיע. די מעשה איז די, וואָס ר׳ דוד מאיר רובינשטיין איז אין באָגאָטאַ געוואָרן אַ ייִד אַ גביר, און ר׳ יונה דרעשער איז, נעבעך, פאַרבליבן אַ קבצן. איינער איז עולה לגדולה געוואָרן אין זײַן סאָציאַלן מצב און דערגרייכט צו די העכסטע שפּיצן, און דער אַנדערער איז געבליבן אָפּגעשטאַנען און הינ־טערשטעליק, — איז געוואָרן אויס חברשאַפט. אַוודאי האָט בײַ פרומע ייִדן, למדנים, אַזוי נישט געדאַרפט זײַן; אָבער ס׳איז אַזוי יאָ געווען. ווי עס שײַנט, זײַנען טאַקע די לצים פון אונטערבאַוווסטזײַן שטאַרקער פון באַ־וווסטזײַן, און טוען צומאָל אָפּ דעם מענטשן אַ מיאוסן שפּיצל. שווער

זיך צו דערגרונטעווען צו די אמתע סיבות פון די מענטשלעכע שוואַכקייטן און נאַרישקייטן...

ר׳ דוד מאיר האָט ווי אַלע אין די „גרינע״ יאָרן אָנגעהייבן מיטן קליינהאַנדל, אָבער ער איז גאָר גיך געשטיגן. מיט זײַן שאַרפֿן גמרא־קאָפּ און דער עיקר, מיט דער גוואַלדיקער ענערגיע וואָס ער האָט אַנטוויקלט, האָט ער זיך געוואָרפֿן צו די פֿאַרשיידנסטע געשעפֿטן, האָט זיך באַטייליקט אין גרויסע אונטערנעמונגען, און האָט דורכויס מצליח געווען. אַ גלענצנ־דיקער בעל־חשבון און בעל־זכרון, מיט אַן אונטערנעמערישן גײַסט, איז ער געוואָרן אַ גביר אַדיר. דאַקעגן ר׳ יונה דרעשער האָט גאָרנישט געהאַט אַזעלכע אַמביציעס, ער האָט איבערהויפּט זיך נישט געיאָגט נאָכן עגל־הזהב; האָט ער נאָר געהאַט אַ פֿרײַע מינוט האָט ער אַרײַנגעקוקט אין אַ ספֿר, און ער איז געבליבן שטעקן אויפֿן לעצטן שטאַפּל פֿון מאַטעריעלן לייטער.

און ר׳ דוד מאיר איז געשטיגן אַלץ העכער און העכער, האָט ער גע־פֿאָדערט דרך ארץ צו זיך. איין קלייניקייט: תורה וגדולה במקום אחד! אַז תורה מיט געלט גייט צוזאַמען, דאַרף מען מאַכן אַ וואַרע; האָט ר׳ דוד פֿאַרשטאַנען, אַז שבת נאָכן דאַווענען קומט אים די בכורה צו לערנען אַ שיעור מיטן עולם לומדים.

ר׳ יונהן האָט עס, ווי עס שײַנט, אויסגעזען גאַנץ אַנדערש. — ס׳טײַטש? פֿאַרוואָס קומט עס אַלץ אים? אַ מענטש זאָל האָבן אַזעלכע גרויסע אויגן! באָדסט זיך אין רײַכטום און גליק, כבוד פֿון אַלע זײַטן, לאָז אויך צו אַ צווייטן. עס זײַנען פֿאַראַן נאָך ייִדן וואָס קאָנען לערנען. וואָס איז? ווײַל ער איז אַ גביר וויל ער פֿאַרכאַפּןביידע וועלטן? זעט ער שוין נישט קיין אַנדערע מענטשן...

ר׳ יונה האָט געפּילט, אַז קעגן אים ווערט באַגאַנגען אַ גוואַלדיקע אומגערעכטיקייט, אַז דער רשע האָט זיך אָנגעזעצט אויף זײַן לעבן, אַז ער איז אים מבטל, און וויל אים דערנידעריקן פֿאַר מענטשן. פֿלעגן זיי אָנהייבן מיט אַ וויכוח איבער אַ פּסוק, וואָס פֿלעגט זיך ענדיקן מיטן אַרײַנזאָגן איינער דעם אַנדערן און מיט אינצידענטן...

שטיל פֿלעגט זײַן אין שולעכל בעת די גאַנץ אָפּטע געשעפֿטלעכע רײַזעס פֿון ר׳ דוד מאירן. דעמאָלט האָט ר׳ יונה דרעשער נישט געהאַט

קיין קאָנקורענטן, און מען האָט געפּילט, אַז עס קומט אים צו אַ שטיק געזונט, און אויך די קליינינקע גרופּע צוהערער האָט געהאַט אַן עונג רוחני, אַ גײַסטיקן פאַרגעניגן. לערנען האָבן זיי ביידע געקאָנט, אָבער ר׳ יונה פלעגט מסביר זײַן אַן ענין ווי קיינער נישט, ער פלעגט צוטראַכטן משלים און געבן בײַשפּילן, און לערנען מיט אמתער חסידישער התלהבות. דער עולם פלעגט גאָר פאַרגעסן די טאָג־טעגלעכע זאָרגן, זיך אויסטאָן פון די וואָכעדיקע מחשבותן, און אַרײַן, מיט ר׳ יונהן צוזאַמען, אין די עולמות העליונים.

ר׳ יונהס אַ שיעור פלעגט אויף לאַנג בלײַבן אין זכרון, און אַז עס פלעגט צוריקקומען ר׳ דוד מאיר, פלעגן מענטשן ווידער אָנהייבן אַרום גביר זיך צו קלעפּן...

מיט אַ סך יאָרן צוריק בין איך געווען דער ערשטער, וואָס האָט אויפֿגענומען ר׳ יונהן אין זײַן אַמעריקאַנער היים. געקומען איז ער פון וואַרשע אין דעם ווײַטן אומבאַקאַנטן באָגאָטאַ. אַן אַדרעס האָט ער געהאַט צו מײַן ברודער, מיט וועלכן איך האָב געוווינט אין די בראשית יאָרן פון אונדזער אײַנוואַנדערונג קיין קאָלאָמביע, און איך האָב דעם נײַעם גאַסט אויפגענומען מיטן ערשטן יידישן שלום עליכם.

באַזאָרגטע האָבן מיר באַטראַכט דעם נײַעם אימיגראַנט, דעם אָפּגעצערטן ישיבה־בחורל, וואָס האָט אויסגעזען הוילע רוחניות, און געטראַכט ווי וועט ער קלעטערן אין די בערג מיט אַ פּעקל סחורה? די זאָרג איז גיך איבערגעגאַנגען אין איבעררעאַשונג, ווען דער יונגערמאַן האָט אויפגעפּאַקט זײַן ביסל אָרעמקייט, און האָט מיט ציטערדיקע פינגער אַרויסגענומען אַ ספר־תורה. ער האָט געהערט, זאָגט ער, וועגן דער גאָטלאָזיקייט וואָס הערשט אין די אַמעריקעס, האָט ער זיך געוואָלט „באַוואָרענען" מיט אַ רייניקייט פאַר אַ בית־תפילה.

נאָכן ערשטן שמועס מיט ר׳ יונהן, — און אַזוי האָבן מיר פון דעם ערשטן מאָמענט אים אָנגעהויבן רופן: ר׳ יונה, — כאָטש ער איז נישט געווען עלטער פון אונדז — האָבן מיר אויסגעפונען, אַז פאַר אַזאַ איינעם האָט טאַקע געפּאַסט מיטצוברענגען מיט זיך אַ ספר־תורה. אָבער דער יונגער ישוב האָט נאָך פאַר אַ יידן אַ למדן קיין פרנסה נישט געקאָנט געבן, און ער האָט געמוזט, ווי אַלע אַנדערע גרינע, זיך נעמען צום „פּעקל". און

מיט אַ שווערן פּאַק אויף די פּלייצעס, קלעטערן אויף די בערג, שעהען לאַנג אַרומגיין איבער די אָרעמע גאַסן, איז נישט פון די לײַכטע זאַכן. האָט ער זיך נישט לאַנג געהאַלטן בײַ דער „פּראָפּעסיע" און איז גע־וואָרן עפּעס אַ שטיקל אינדוסטריאַל.

ביסלעכווײַז האָט ר' יונה זיך אויסגעטראָטן זײַן ייִדישן דרך אין לעבן. פריִער אַ „מנין" מיט זײַן ספר־תורה, ווו ער פלעגט דאָס רוב דאַווענען בײַם עמוד, און שפּעטער האָט מען אויפגעבויט די שול, וואָס האָט אַ געוויסע צײַט אַפילו געהאַט בײַ אַ מנין לומדים. אָבער דאָס אַלץ פון שבת לשבת, גאַנצע זעקס טעג פון דער וואָך, און אַזוי אין פאַרלויף פון לאַנגע יאָרן, פלעגט ר' יונהס האַרץ אויסגיין נאָך אַ ייִדן. דער גערער חסיד האָט גע־בענקט נאָך זײַן שטיבל ווו ער האָט געדאַוונט אין וואַרשע, און ווו מען האָט צו אים אַרויפגעקוקט מיט דרך ארץ. דאָ האָט מען דרך ארץ פאַר אַנדערע זאַכן, און מען שאַצט אַ מענטשן לויט זײַן פאַרמעגן. און קיין פאַרמעגן האָט ר' יונה נישט געשאַפן. דוד מאיר האָט עס יאָ באַוויזן, קלעפּן זיך צו אים מענטשן ווי בינען צום האָניק, און ער, ר' יונה, איז געבליבן אַליין, פאַרשטויסן און פאַרגעסן.

און וואָס ווײַטער זײַנען אַלץ שווערער און פּײַנלעכער געוואָרן פאַר ר' יונהן זײַנע איינזאַמע טעג און זײַנע שלאָפלאָזע נעכט. עס האָט אים אָנ־געהייבן שטעכן אין האַרצן, און זײַן פּנים איז נאָך בלאַסער און דורכזיכטי־קער געוואָרן, נאָר אין די אויגן האָט זיך נישט אויסגעלאָשן אַ יוגנטלעכער פלאַם, און אָפט האָט אים באַליכטן אַ שמייכל אויף די ליפּן. ער איז ווי שטענדיק, געזעסן פאַרטיפט בײַ אַן אָפענעם ספר, וואָס האָט אים געגעבן טרייסט אין די שווערסטע מינוטן פון לעבן. אין איין נאַכט האָט ער אַזוי געלייגט דעם קאָפּ אויפן ספר, און איז אויף אייביק אַנטשלאָפן געוואָרן...

ר' יונה האָט אויף תמיד אָפּגעטראָטן זײַן אָרט ר' דוד מאירן, און זאָל מער נישט זײַן קיין שפיכות דמים איבער כבוד און תורה־זאַכן. אָבער נישט אויף לאַנג! ר' דוד מאיר איז גיך אים נאָכגעגאַנגען. און אפשר וועט דאָרט דער בית־דין של מעלה צווישן זיי משפטן, און פאַרגיטיקן די באַ־עוולהטע, און אויך שאַפן מער יושר אויף דער ערד און בעסערן די מענטשן, וועלכע האָבן איין פאָטער אין הימל און איין פאַרגענגלעכן גורל אין לעבן...

# אַ דיכטער פון די חסידי אומות העולם

שוין אַ יאָר דרײַסיק ווי דער נאָמען לויס ווידאַלעס איז מיר זייער נאָענט. זינט איך האָב זיך באַקענט מיט אים, איז ער מיר געוואָרן ליב און טײַער, און אַזוי וועט עס שוין זײַן ביז די מאה ועשרים. אַ ייִדן קומט עס דאָך על פּי מסורה, און אַ ייִדן־פֿרײַנד — אַוודאי. איך שעץ אים ווי אַ מענטשן, ווי אַ פֿרײַנד, און ווי אַ גרויסן דיכטער מיט טאַלאַנט און קולטור.

איך מוז מודה זײַן, אַז איך בין נישט געקומען צו אים דורך זײַן פּאָעזיע אָדער דורך זײַן פּראָזע, וועלכע איז אויך פֿון זייער אַ הויכער מדרגה. נאָר צונויפֿגעפֿירט האָט אונדז אַ גאָר אומדערוואַרטעטער ענין, אַ פּשוטע צופֿעליקייט, וועלכע מיר באַצייכענען אָפֿט ווי אַ מזל־זאַך. איז ווער עס גלויבט אין מזל, זאָל אים ווויל באַקומען.

איך בין דווקא אין דעם זין אַ שטיקל סקעפּטיקער, איך האַלט אַז מזל פֿאַלט נישט אַראָפּ פֿון הימל, מען דאַרף אים „מאַכן". נאָר דאָס איז שוין פּסיכאָלאָגיע אָדער פֿילאָסאָפֿיע, וועלכע איך וועל לאָזן פֿאַר אַנדערע. דער אמת איז, אַז פֿון מײַן שטעטעלע זשעליכאָוו בין איך צופֿעליק געקומען קיין קאָלאָמביע, איך האָב זייער גוט געקאָנט עמיגרירן אויך ערגעץ אַנדערש. און ווען איך זאָל האָבן געוועסט פֿאַרפֿאָרן ערגעץ אַנדערש, וואָלט איך נישט געהאַט דאָס גליק צו געניסן די פֿרײַנדשאַפֿט פֿון אַזאַ טאַלאַנטירטן מענטשן. אָדער אפשר וואָלט איך געטראָפֿן עפּעס ענלעכעס? ווײַל איך האָב שטענדיק ליב געהאַט די געזעלשאַפֿט פֿון אינטעלעקטואַלן, איך האָב זיי אַרויסגעוויזן טרײַשאַפֿט און אָנערקענונג, און אויף אַ ליבן „גוט מאָרגן", ענטפֿערן מענטשן מיט אַ האַרציקן „גוט יאָר". דערפֿאַר זאָג איך, אַז מזל איז זייער אַ „האָנאָראָווער" גאַסט, ער וועט אַליין נישט קומען, מען דאַרף אים זייער העפֿלעך פֿאַרבעטן...

דאָס איז געווען אין יאָר 1936. מײַן לאַנדסמאַן, שלמה ברײנסקי, האָט שוין אין יענער צײַט געהאַט אײַנגעזאַפּט דעם קאָלאָמביאַנער



מיטן קאָלאָמביאַנער דיכטער לוּיִס ווידאַלעס (רעכטס)

קאָלאָריט, און האָט שוין נישט שלעכט באַהערשט די שפּאַנישע שפּראַך. האָט ער אַליין איבערזעצט זײַנע ייִדישע עסייען, אייניקע פון וועלכע זײַנען שוין געווען אויף קאָלאָמביאַנער טעמעס, און האָט זיי פאָרגעלייענט פאַר ווידאַלעסן. דער דיכטער איז געוואָרן אַנטציקט. ער האָט דערפילט אין דעם „גרינגאָ“ אַ טאַלאַנט, מיט אַ פײַנער פילבאַרקייט, מיט גרויסע אויס־דרוק־מעגלעכקייטן. דער דיכטער פון באָגאָטאַ האָט געפונען אַ חבר אין דעם בחורל פון זעשליכאָוו. די קונסט האָט זיי פאַראייניקט, און דאָס פּאָרל האָט זיך פאַרקנסט אין אַן אינטימער פרײַנדשאַפט. ביז אין די שפּעטע שעהען פון דער נאַכט פלעגן זיי זיך אָפּשליסן אין ווידאַלעסעס שטודיר־צימער, אויף דער פערטער קאַררערא אין שטאָט־פערטל פון דיעגאָ, און דאָרט איבערגיסן ברײנסקיס פאָלקסטימלעכן זשעליכאָווער ייִדיש אין דער שפּראַך פון סערוואַנטעס, פון וועלכער דער דיכטער ווידאַלעס איז אַן אַלגעמיין אָנערקענטער מײַסטער. אין יאָר 1944 האָט דאָס בוך דערזען די ליכטיקע שײַן אונטערן נאָמען „כענטעס ען לאַ נאָריאַ“ (מענטשן אין יאַך), וואָס האָט פאַרדינט זייער גוטע אָפּרופן אין דער לאַטיין־אַמעריקאַנער פּרעסע.

און בײַ די צוויי בין איך געוואָרן אַ דריטער, נישט קיין „דריטער“ פון אַ ראָמאַן, נאָר פון אַ דרײַעק פון פרײַנדשאַפט, וואָס האָט אונדז פאַר־בונדן מיט געמײנזאַמקייט פון געפילן און אינטערעסן. ברײנסקי איז בײַ מיר געווען אַ בן־בית און נאָכדעם איז עס אויך געוואָרן ווידאַלעס. מײַן יונגער לאַנדסמאַן פלעגט פאַר מיר פאָרלייענען די פּרוכט פון זייער נאָכ־טיקער עבודת הקודש, און איך פלעג שעפּן נחת פון אַן עכט ייִדישער שאַ־פונג, וואָס קלינגט אַזוי אָנגענעם אין אַ פרעמד־שפּראַכיקער איבערזעצונג.

ווידאַלעס ווערט הויך געשעצט אין לאַנד ווי אַ נאַציאָנאַלער דיכטער, וואָס האָט פאַרדינט גרויס אָנערקענונג אין די שפּאַניש רעדנדיקע לענדער און אויך איבערזעצט געוואָרן אין אַנדערע שפּראַכן. ער איז אַ ספּעציאַליסט אין וויסנשאַפטלעכער סטאַטיסטיק און איז באַשעפטיקט בײַ זײַן פּראָפעסיע, זײַן באַרוף איז אָבער פּאָעזיע, און נאָך אַכט שעה אַרבעט אין ביוראָ געפינט ער נאָך צײַט אויף צו פאַרברענגען מיט מוזעס, מיט די געטינס פון דיכ־טונג. און דאָס איז אַ „פאַרווײַלונג“, וואָס פאָדערט נישט נאָר דיכטערישע אינספּיראַציע, נאָר אויך ממשותדיקע אַרבעט. אין די אָוונטן, ווען איך

פּלעג אים אָפּט באַזוכן אין זײַן אַפּאַרטאַמענט, פּלעג איך אים שטענדיק טרעפֿן בײַם שרײַבטיש, איבער אַ באַרג ביכער און פּאַפּירן...

און ווידאַלעס האָט אויסגעשפּרייט זײַן קינסטלערישע אויפֿמערקזאַמקייט אויך אויף מײַן באַשיידענער פּראָזע. אויך מײַנע פֿאַרצייכענונגען און אײַנדרוקן האָבן געגאָסן פֿון זײַן גאָט־געבענטשטער פּעדער, און ער האָט זיי אָנגעהויבן איבערזעצן אויף זײַן לשון. אַן אימיגראַנט, ווי לאַנג ער זאָל נישט לעבן אין זײַן נײַעם הימלאַנד, וועט נישט באַהערשן די שפּראַך ווי אַן אײַנגעבוירענער. איך האָב געקאָנט גענוג שפּאַניש כדי צו לייענען אויף דער שפּראַך מײַן שרײַבעכטס פֿאַרן איבערזעצער, און ער האָט געטאָן דאָס איבעריקע און עס פֿאַרשריבן שוואַרץ אויף ווײַס. מיר האָבן געאַרבעט צוזאַמען, און די לאַנגע שעהען דורך די נעכט בײַם שרײַבטיש, געהערן צו מײַנע שענסטע איבערלעבונגען. איך האָב געפֿילט דעם גוטן ווילן פֿון דער נאָבעלער פּערזענלעכקייט און באַוווּנדערט זײַן שעפֿערישן טאַלאַנט און זײַן גרויסע שפּראַך־מײַסטערשאַפֿט.

אין מײַנעם אַ קורצן קאָמענטאַר וועגן אַ צווייטן אינטעלעקטואַל, דאַריאָ סאַמפּער, האָב איך זיך באַמיט צו דערווײַזן, הגם אין אַ פֿאַראַלגעמיינערטער פֿאָרם, אַז אַן אמתער דיכטער איז ענג פֿאַרבונדן מיט די פּראָבלעמען פֿון זײַן צײַט, אַז ער איז „אַ פֿידל וואָס שפּילט אויס די לײַדן און פֿריידן פֿון זײַן דור“, ווי עס האָט געזאָגט אַ גרויסער העברעיִשער פּאָעט. לויִס ווידאַלעס איז נישט קיין אויסנאַם, ווי זײַנע צאָלרײַכע פֿאַרערער אונטערשטרײַכן עס. ווי אַ בלאַט קאָן נישט אויפֿקומען אָן דעם בוים, וואָס שפּײַזט אים, קאָן דער דיכטער זיך נישט אָפּרײַסן פֿון דער לעבנס־ווירקלעכקייט. דאָס געזאַנג פֿון זײַן אייגענעם האַרצן דאַרף ברענגען צום אויסדרוק די שטומע באַגערן פֿון די אַנאָנימע מאַסן. אַ דיכטער איז אַ שליח ציבור פֿון זײַן דור, און וואָס גרעסער זײַן טאַלאַנט איז, אַלץ מער דורות און צײַטן נעמט אַרום זײַן פּאָעטישע שאַפֿונג.

די דיכטערישע וויזיע פֿון די נביאים האָט געבראַכט צום אויסדרוק דעם טרוים פֿון דער מענטשהײַט, דעם לײַדנשאַפֿטלעכן באַגער פֿון אַן אייביקן פֿרידן, ווען מענטשן וועלן „איבערשמידן די שווערדן און אַקעראײַזנס“. עס זײַנען מער קיין נביאים נישטאָ, אָבער עס האָבן נישט אויפֿגעהערט צו לעבן און ווירקן זייערע אידעאַלן. דער גרויסער ייִדישער שרײַ־

בער, שלום אַש, האָט געזאָגט, אַז די מענטשהײט װעט בלײַבן עקסיסטירן „נישט מיטן כוח פון די שטאַרקע, נאָר מיט דער ליבשאַפט פון די שוואַכע". לױס װידאַלעס געהער צו די חסידי אומות העולם, װאָס האָט זײַן קינסט־לערישן גורל פאַרבונדן מיט דער „ליבשאַפט פון די שוואַכע", און די ליבשאַפט צום מענטשן פאַרװאַנדלט אין אַ באַװעג־קראַפט פון זײַן שאַפן.

אין זײַן יוגנט האָט ער די ליבשאַפט צום מענטש געזונגען מיט אײַנגעצױמטער התלהבות. דאָס איז געװען אַ נאַטירלעכער אױסדרוק פון דער גאָלדענער עלטער, װאָס זעט די צוקונפט אין ראָזעװע פאַרבן און גלײבט, אַז די אומגערעכטיקײט װעט פאַר אַלעמענס אױגן זיך צעפאַלן אונטער דער לאַסט פון איר אײגענער משא, און אונטערן דרוק פון אירע אײגענע פאַרברעכנס. אָבער אַזױ װי די זאַכן געשעען נישט אַזױ װי דער דיכטער האָט זײ הײס באַגערט, װערן די געפילן מיט דער צײַט אָפּגעקילט. דער פּאָעט האָט מיר בײַ אַ געלעגנהײַט דערצײלט, אַז לאַמאַרטען פלעגט זאָגן: „די יוגנט דאַרף זײַן סאָציאַליסטיש אין דער עלטער פון צװאַנציק יאָר, כדי האָבן דאָס רעכט צו װערן קאָנסערװאַטיװ אין עלטער פון זעכציק". און ער האָט צוגעגעבן מיט זײַן צוטרױלעכן שמײכל: „פאַר מיר פּאַסט נישט די דאָזיקע פראַזע, איך װער נישט עלטער מיט די יאָרן"...

װער עס פאַרטראַכט זיך אָבער אין סאָציאַלן סענטימענט פון דיכטער מיט װעלכן זײַן שאַפונג איז דורכגעדרונגען, װעט צו זײַן שטױנונג אױסגעפינען, אַז עס האַנדלט זיך נישט װעגן קײן פּאָליטישער שיטה צו װעלכער אײנער איז געקומען מיט זײַן קאַלטן ראַציאָנאַליסטישן שכל, נאָר אַז אין פּאָעט זינגט אַ הומאַניסטישער גײַסט, אַ װאַרעם מענטשלעך האַרץ — אַ לבֿ טובֿ — װאָס איז דער עיקר העיקרים פון דער ייִדיש־נביאישער װעלט־אָנשױונג און דערפאַר האָב איך געזאָגט, אַז לױס װידאַלעס איז אײנער פון די חסידי אומות העולם, ער איז אַן אױפריכטיקער און איבער־צײַגטער ייִדן־פרײַנד.

ער איז פון דער נאַטור געבענטשט — אָדער געשטראָפט — מיט אַ גוט האַרץ, האָט ער זיך שױן פאָרױס אַרײַנגעשטעלט אין דער געזעלשאַפט פון זײַנע טרױמען, און האָט ברידערלעך אױסגעשטרעקט זײַנע הענט צו אַלע מענטשן, און אין דער ערשטער שורה צו די, װעלכע דאַרפן זײַן הילף און זײַן שמײכל. ער איז גליקלעך װען ער קאָן זײַן נוצלעך עמיצן,

ווען ער קאָן פאַרשאַפן פרייד ווען נישט איז. און אפשר איז דער דאָזי־קער גוטהאַרציקער ווילן צו זײַן נוצלעך זײַנע מיטמענטשן, צוזאַמען מיטן אײַנגעבוירענעם טאַלאַנט, די עיקרדיקע טרײַבקראַפט פון זײַן קינסטלע־רישן שאַפן? אויב אַזוי באַקומט דער גוטער מענטש זײַן שכר אויף דער וועלט, ער געניסט פון זײַן אייגענער גוטסקייט, וועלכע ווערט די דינאַמישע קראַפט, וואָס גיט אַ זין און אַן אינהאַלט זײַן לעבן, און ער לעבט בשלום מיט דער וועלט און מיט זײַן אייגענעם געוויסן.

איך האָב נישט בדעה צו שרײַבן קיין קריטישע אָפּהאַנדלונגען וועגן דער שאַפונג פון אַ באַרימטן דיכטער. דאָס איז נישט מײַן באַרוף. מײַן כוונה איז נאָר געווען צו ווײַזן אין דיכטער דעם מענטשן, וועלכער קאָן נישט נאָר שרײַבן גוטע לידער, נאָר וועלכער טוט יעדן טאָג גוטע זאַכן. און מעשׂים־טובים איז אַן עיקרדיקער פּרינציפּ פון דער ייִדישער תורה, וועלכע פאַרזאָגט גאַנץ קלאָר און אומצווייִדײַטיק: ואהבת לרעך כמוך, זאָלסט ליבן דעם צווייטן ווי זיך אַליין. דאָס איז דער יסוד פון הומאַניזם — פון ליבשאַפט צו מענטשן — וואָס דאַרף קומען פון האַרצן.

ייִדישקייט איז אַ טיף עטישע לערע, און יעדער איינער וואָס איז דורכגעדרונגען מיט אַ הומאַניסטישן גײַסט, וועט מיט פאַרגעניגן שעפּן אין די אייביקע קוואַלן פון דער ייִדישער נבואה. דערפאַר איז די ביבל געוואָרן דער ספר הספרים פון דער מענטשהײַט, אָבער דער ביבלישער גײַסט רוט און אינספּירירט נאָר די, וועלכע לערנען אים נישט נאָר מיט קאָפּ, נאָר דער עיקר — מיט האַרץ. פאַר לוי׳ס ווידאַלעס איז די ביבל די העכסטע פּאָעטישע שאַפונג פון מענטשלעכן מין, אָבער געקומען איז ער צו איר און צום מענטשן מיטן כוח פון זײַנע נאָבעלע געפילן, פון וועלכע איך און מײַן פרײַנד, שלמה ברײַנסקי ע״ה, האָבן פיל גענאָסן. אָן זײַן אומפאַראינטערעסירטער הילף וואָלט נישט דערשינען קיין שפּאַנישע אי־בערזעצונג פון ברײַנסקיס עסייען, וועלכע האָבן אים פאַרשאַפט אַ סך כבוד און פאַרגעניגן. און אָן זײַן דערמוטיקונג און גוטן ווילן, וואָלט אויך נישט דערשינען דאָס דאָזיקע בוך אין שפּאַניש, און אַפילו נישט אין ייִדיש. איך האָב נישט געהאַט געזונג גלויבן אין זיך, אָבער ער האָט מיך אײַנגע־רעדט, אַז איך האָב „עפּעס וואָס צו זאָגן״, און צי עס איז ווירקלעך אַזוי, וועט שוין באַשטימען דער לייענער.

שמעון גובערעק

אַ גוט און דערמוטיקנדיק וואָרט קאָן קומען נאָר פון אַ גוט האַרץ און גוטע כוונות. האָבן זײַנע ווערטער באַלויכטן מײַן וועג און מיך סטי־מולירט אין דער אַרבעט, וואָס האָט אין סך־הכל געגעבן פאַר מײַן שטעטעלע זשעליכאָוו אַ נאָמען פון נאָך אַ יידישן שרײַבער — דערפאַר אַ האַרציקן דאַנק, מײַן זייער חשובער און ליבער לויס ווידאַלעס!



אַ דערמאָנונג־אַקט פון געטאָ־אויפשטאַנד אין וואַרשע אין דער יידישער שול פון באַראַנקיליאַ, קאָלאָמביע

## אַ גרויסער שרייבער און גרויסער יידן־פריינד

איך האָב שוין לאַנג בדעה געהאַט צו דערמאָנען דעם דאָזיקן שרײַבער, אָבער איך בין געקומען צום אויספיר, אַז די דאָזיקע נאָבעלע פּערזענלעכקייט, איינער פון די חסידי אומות העולם, מיט וועלכע קאָלאָמביע איז באַשענקט, פאַרדינט אַ גאַר באַזונדער קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון אונדזער ישוב. איך קלײַב זיך נישט צו דערציילן וועגן זײַן פּאָזיציע אין דער ליטעראַטור אין לאַנד; ליטעראַטור־קריטיק איז נישט מײַן באַרוף, און איך האָב נישט בדעה דעם געביט צו באַטרעטן. דאָס לאַנד פאַרמאָגט גענוג שאַרפע שאַצערס און מעסטערס פון ליטעראַרישע ווערטן, און זיי וועלן זיך באַגיין אָן מײַן מבינות. איך וועל זיך אַפילו נישט באַציִען אויף זײַן פּאָליטישער טעטיקייט און גרויסן אײַנפלוס. איך וויל נאָר, ווי איינער וואָס שטייט שוין מיט אים אין קאָנטאַקט אַריבער די דרײַ צענדליק יאָר, איבערגעבן מײַן פּערזענלעכן אײַנדרוק וועגן זײַנע מענטשלעכע ווערטן.

עפּעס וואָלט געפעלט אין די דאָזיקע זכרונות מײַנע, ווען איך זאָל אויסלאָזן דעם נאָמען פון אָט דעם פּאָעט, פּובליציסט, גרויסן יידן־פרײַנד און בכלל הומאַניסט, וואָס זײַן פרײַנדשאַפט איז פאַר מיר אַ כבוד, וועלכע איך דערלויב זיך אויך אָפט אויסנוצן לטובת הכלל.

דאַריאָ סאַמפּער איז זײַן נאָמען. ער איז וואַרשײַנלעך דער אָממערסטן געלייענטער און באַליבטער שרײַבער אין לאַנד. געקומען ווי אַן אימיגראַנט אין 1934, איז ער גלײַך אַרײַן אין רעדאַקציע פון „דיאַריאָ נאַסיאָנאַל" און זײַנע לידער האָבן באַצויבערט די יוגנט, זיי האָבן געאָטעמט מיט אַ קעמפערישער לוסט און מיט אַ ליבשאַפט צו מענטשן. אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז ער אויך אַריבער צו פּראָזע, און צו טעגלעכע קאָמענטאַרן וועגן אָרטיקע און אַלגעמיינע ענינים.

און סאַמפּער האָט הויך און ריין געהאַלטן די פאָן פון געדרוקטן קאָלאָמביאַנער וואָרט. ער איז נישט געגאַנגען מיטן שטראָם, נאָר גאַנץ אָפט



מיט קאָלאָמביאַנער זשורנאַליסטן. — ד״ר קאַמאַמשאַ ראַמירעס און דער גײַסטלעכער ב. מיסנעס

קעגן אים. ער האָט קיינמאָל נישט געשטעלט געשעפט העכער פון געוויסן, כבוד העכער פון אידייען, שבחים העכער פון זיין לעבנס־ציל: פאַרטיידיקן דעם אמת און די גערעכטיקייט.

איך האָב בײַ פיל געלעגנהײַטן מיט אים זיך געטראָפן — און וועל אויך איבערגעבן איניקע פאַקטן — וואָס זאָגן עדות וועגן דער פעסטקייט און אומבייגזאַמקייט, פון אַ מענטשן מיט הומאַניסטישע פּרינציפּן און דע־מאָקראַטישער אידעאָלאָגיע. די דאָזיקע פאַקטן אַליין זײַנען גענוג אויף צו באַרעכטיקן מײַן שרײַבן.

מיר, יונגע אימיגראַנטן פון יענער זײַט ים, האָבן עפּעס געהאַט גע־הערט, אַז סאַמפּער פאַררעכנט אונדז צווישן די קלאַסן מענטשן, וועלכע ער דאַרף האַלטן אונטער זײַן פּאַטערלעכער שוץ. איך האָב טאַקע זיך גע־לערנט שפּאַניש, פריִער, אויף די טעלעגראַמעס פון זײַן צײַטונג, און שפּע־טער טאַקע — אויף זײַנע אַרטיקלען.

איך האָב שוין בײַ אַ געלעגנהײַט דערמאָנט, אַז אַנטיסעמיטיזם איז געווען אַן אומבאַקאַנט געוויקס אין דעם דאָזיקן פרײַען לאַנד. דער קאָ־לאָמביאַנער, וואָס האָט אַ שטאַרקן צומיש פון אינדיאַנער בלוט, איז פרײַ פון ראַסיסטישע פאָראורטיילן, וועלכע זײַנען אַרײַנגעבראַכט געוואָרן מיט די אייראָפּעיִשע אימיגראַנטן. דאָך פלעגט פון צײַט צו צײַט אַ בלאָז טאָן אַן אַנטיסעמיטיש ווינטל, וואָס פלעגט אַרײַנברענגען אַן אומרו אין ישוב. הײַנט, ווען די נאַציִשע בעסטיע איז אָפּגעמעקט פון פּנים פון דער ערד, ויל איך דאָ באַטאָנען, אַז צווישן די מענטשן, וואָס האָבן אין יענע טעג אַרויסגעוויזן די טיפסטע סימפּאַטיע צום ישוב איז געווען דאַריאָ סאַמפּער.

איך האָב איין מאָל אָנגעקלונגען צו אים דורכן טעלעפאָן און אַלאַר־מירט וועגן זאַכן, וואָס האָבן זיך געטאָן אין גאַס, און וואָס מיר האָבן געוווסט אויך ווו זייער באַהאַלטענער מקור געפינט זיך. זײַן דעמאָלטיקער ענטפער, וואָס האָט אויף מיר געווירקט ווי אַ דערמוטיקונג, אַז עס זײַנען נאָך פאַראַן גוטע מענטשן, אַז די וועלט גייט נאָך נישט אונטער, דאָס וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן: „גובערעק — האָט ער מיר געזאָגט, אין דעם מאָרגנדיקן נומער, וועט די צײַטונג זיך אָפּגעבן דערמיט, און די שטימונג וועט זיך בײַטן. באַרויִקט דעם ישוב ער זאָל זיך נישט זאָרגן, ווײַל צווישן אונדז איז קיין אַנטיסעמיטיזם נישט פאַראַן, און וועט נישט

זײַן, נעמט עס אויף ווי אַן אַרויסשפּראַץ אַן וואָרצלען, וואָס וועט תּיכף פֿאַרשווינדן"... זײַנע רייד זײַנען באַשטעטיקט געוואָרן דורך פֿאַקטן: די וואָלקנס זײַנען גיך פֿאַרשוווּנדן און דער הימל האָט זיך אויסגעלײַטערט.

מיט יאָרן שפּעטער, אַרום 1938, האָט די שעדלעכע ווירקונג פֿונעם אָפּפֿאַל פֿון דער אַלטער אייראָפּע ווידער געפּרוּווט אויפהייבן דעם קאָפּ און באַהערשט די גאַסן פֿון באָגאָטאָ. נאָך אַמאָל האָבן מיר, מיט שוין אויס־געטראָטענעם וועג, זיך געווענדעט צו דאַריאָ סאַמפּער. דער פֿאַל איז געווען גאַנץ ערנסט, און ער פּערזענלעך האָט אויף זיך גענומען די אויפֿגאַבע צו פֿאַררופֿן אין אַ רעסטאָראַן, נישט מער און נישט ווייניקער ווי דעם גרויסן פֿאָלקס־מנהיג כאָרכע עליעסער גייטאַן, צוזאַמען מיט מאָיסעס פּריעטאָ, און אַנדערע פּראָמינענטע פּערזענלעכקייטן. גייטאַן האָט נישט געדאַרפֿט אַנ־שאַרפֿן זײַן געווער, וואָס ער האָט תּמיד געהאַלטן גרייט צום קאַמף. ער האָט אויף די שפּאַלטן פֿון „כאָרנאַדאַ" און אויף דער פּאַרלאַמענטאַרישער טריבונע געלאָזט הערן זײַן דונערדיק קול אין אַן אַרויסרוף קעגן די פֿינצטערע כּוחות. דאָס אייגענע האָט געטאָן סאַמפּער מיט זײַן באַלערנדיק זשורנאַליסטיש וואָרט, און אַזוי אַרום איז יענע סכּנה פֿאַריבער, מיט איין מאָל, און לאָמיר האָפֿן אַז אויף שטענדיק.

דער ביאָגראַף זײַנער, וואָס וועט שרײַבן וועגן זײַן גרויסן בײַטראָג אין אינטעלעקטועלן לעבן פֿון לאַנד, ווי אַ פּאָעט, ווי אַ פּובליציסט און ווי אַ גײַסטיקער פֿירער, וואָלט געדאַרפֿט אָט די אויבנדערמאָנטע פֿאַקטן, אַרויסשטעלן אויפֿן ערשטן פּלאַן ווי אַ מוסטער פֿון מענטשלעכקייט און ווי אַן אויסדרוק פֿון אונדזער דאַנקשאַפֿט און אָנערקענונג פֿאַר אַ גרויסן שרײַבער, גרויסן מענטשן און גרויסן ייִדן־פֿרײַנד. מען קען זײַן אַ גרויסער שרײַבער און נישט פֿאַרמאָגן די אַלע אַנדערע מעלות. בײַשפּילן וואָלט איך געקענט געבן זייער אַ סך. אָבער די לעצטע צוויי גייען שטענדיק געפּאָרט. אַ הומאַניסט איז שטענדיק אַ ייִדן־פֿרײַנד, און אַ פֿרײַנד פֿון ייִדן — האָט בטבע ליב מענטשן, ווײַל ייִדישקייט און מענטשלעכקייט זײַנען אידענטישע קאַטעגאָריעס, און גייען שטענדיק צוזאַמען.

## די מיסטעריע פון פריינדשאַפט

די מיסטעריע פון פריינדשאַפט איז ווי די מיסטעריע פון ליבע, דער מענטש ווייס אָפטמאָל נישט פאַרוואָס ער האָט זיך פאַרליבט אין דער פרוי און נישט אין קיין אַנדערער. דער פּראָצעס פון קעגנזייטיקער סימ־פּאַטיע איז נישט אין גאַנצן קיין באַוווּסטזיניקער, ער האָט אין זיך אויך אומבאַוווּסטזיניקע עלעמענטן. נישט אומזיסט זאָגט אַן אַלט און קלוג שפּריכוואָרטל: „זאָג מיר ווער דיינע פריינד זיינען און איך וועל דיר זאָגן ווער דו ביסט". עס הייסט, אַז דער מענטש קלייבט אָפּ זיינע פריינד, אין הסכם מיט די באַהאַלטענע סימפּאַטיעס פון זיין אייגענעם כאַראַקטער. ער קלייבט אויס מענטשן, וועלכע אַנטשפּרעכן זיין געשמאַק, וועלכע זיינען אים צום האַרצן, מיט וועלכע ער האָט אַ געמיינזאַמע שפּראַך, געמיינזאַמע אינטערעסן. אַ פריינדשאַפט איז ווי אַ זיווג, און אַ זיווג האָבן געזאָגט אונ־דזערע עלטערן איז „באַשערט פון הימל".

אָט אַזאַ באַשערטע פריינדשאַפט האָט זיך ביי מיר פאַרבונדן מיט אַ פּאָר צענדליק יאָר צוריק, מיט סאַלאָמאָן (שלמה) אַקסעלראָד, פון די בראָנקס אין ניו־יאָרק. מיין איידעם האָט נאָך זיינעם אַ באַזוך אין דער שטאָט דערציילט וועגן אים. ער איז זיינער אַ קרוב און אַ מענטש אין מיין עלטער, זאָגט ער, וואָס קומט פון די ביזנעס און זעצט זיך גלייך אַוועק „צו לייענען זיינע יידישע ביכער, און אַזוי זיצט ער אַריין אין די שפּעטע שעהען פון דער נאַכט". אַזאַ ייד איז פון מיינע מענטשן, האָב איך אים צוגעשריבן אַ פּאָר ווערטער און באַקומען אַן ענטפער, וואָס האָט מיך דערפרייט און איבעררא̈שט. עס האָט מיך איבעררא̈שט אַ געפיל, אַז איך האָב געפונען דעם מענטשן אויף וועלכן איך האָב שוין לאַנג געוואַרט, אַז עס האָט זיך מיר אָפּגעזוכט אַ נאָענטער קרוב, וועלכן איך זוך שוין לאַנגע יאָרן.

און עס האָט זיך איינגעשטעלט צווישן אונדז אַ קאָרעספּאָנדענץ, וואָס

איז געווען פיל מער ווי אַ „פּאַפּירענע בריק״, וואָס האַלט אונטער קרובישע סענטימענטן. מיר האָבן זיך איבערגעשריבן נישט אויף יוצא צו זײַן, נאָר צוליב אייגענעם פאַרגעניגן, צוליב אַן אינערלעכער באַדערפעניש זיך דורכשמועסן אינטים און אויפריכטיק מיט אַן אייגענעם מענטשן. עס איז גוט ווען מען קאָן זײַן אינטים און אויפריכטיק מיט אַ מענטשן, ווײַל מען פילט, אַז אויך דער צווייטער וועט ענטפערן מיט די זעלבע סענטימענטן. יעדער בריוו זײַנער איז געווען דורכגעפילט מיט מענטשלעכער וואַרעמ־קייט, מיך האָט אָפט געדאַכט אַז איך פיל די וואַרעמקייט אין באַריר פון פּאַפּיר. ווען צווישן צענדליקער קאָמערציעלע און פּריוואַטע בריוו איז געווען סאַלאָמאָנס אַ בריוו, האָב איך אַלע אַנדערע אָפּגעלייגט און אויפ־געעפנט פריִער זײַן בריוו. זײַנער אַ בריוו פלעגט מיך אַרויספירן פון דער וואָכעדיקער אַטמאָספער, און שאַפן אַ יום־טובדיקע שטימונג. אַ לעגענדע דערציילט, אַז שבת באַקומט דער ייִד אַ נשמה יתירה, נאָך אַ נשמה. סאַ־לאָמאָנס אַ בריוו פלעגט מיר ברענגען אַ נשמה יתירה...

אַוודאי האָב איך געהאַט אַ גרויסן אינטערעס זיך צו זען פּערזענלעך מיט מײַן „פּאַפּירענעם״ פרײַנד, פון וועלכן איך האָב זיך שוין געשאַפן אַ פאָרשטעלונג אין מײַן פאַנטאַזיע. אָבער אַ ייִד אַ פאַבריקאַנט, וואָס האַלט אין „מאַכן אַמעריקע״ קאָן נישט נעמען העגדום פּענדום איבערלאָזן אַלץ און זיך מאַכן אַ לוסט־רײַזע. אָבער עס האָט זיך געמאַכט אַ געלעגנהײַט, און אין יאָר 1957 האָב איך צום ערשטן מאָל באַזוכט די פאַראייניקטע שטאַטן. האַלבע נאַכט האָב איך אויסגעשטיגן פון אַוויאָן אויפן ניו־יאָרקער לופטפּאָרט, און צווישן דער גרופּע קרובים און פרײַנד, וועלכע זײַנען גע־קומען מיך אָפּוואַרטן, האָט אויך נישט געפעלט סאַלאָמאָן אַקסעלראָד.

און ווי אויסטערליש דאָס זאָל נישט קלינגען, האָט דער רעאַלער סאַלאָמאָן, וועלכן איך האָב געזען פאַר זיך, אויסגעזען ווי אַ לעבעדיקע קאָפּיע פון דעם, וואָס איך האָב זיך אויסגעמאָלט אין מײַן פאָרשטעלונג. אַ מענטש פון מיטעלן וווּקס און דינער פיגור, מיט אַ גרויסן קאָפּ, פאַר־חלומטע אויגן און מילדן שמייכל. עס איז מיר גלײַך אײַנגעפאַלן אַ געדאַנק: מער גײַסט ווי קערפּער... און די לאַנגע שעהען, וואָס איך האָב פאַרבראַכט מיט אים האָבן באַשטעטיקט דעם אײַנדרוק, אַז ס'איז אַ מענטש פון גײַסט, וואָס געפינט זײַן גליק און רו אין זײַן גײַסטיקן אומרו, אין זײַן אומגע־

זעטיקטן דורשט צו וויסן, אין זײַן לײַדנשאַפטלעכן נײַגער אַלץ צו לערנען, אַלץ צו קענען.

סאַלאָמאָן אַקסעלראָד איז געבוירן געוואָרן אין כוטין, אַ קליין שטעטעלע אין בעסאַראַביע. געלערנט אין חדרים, יונג אָנגעהויבן לייענען טריף־פּסולס און שרײַבן שירים. צו די אַכצן יאָר האָט ער שוין געהאַט אויסגעשטודירט אַלע ספרים אין שילעכל, און אויסגעלייענט באַהאַלטע־



די ספּאָרט־גרופּע „מכבי" אין באָגאָטאַ

נערהייט אַלע ביכלעך, וואָס ער האָט באַקומען בײַ די שטעטלשע משכילים, און ס׳איז אים געוואָרן ענג אין כוטין. איז ער אַנטלאָפן, דערציילט ער, נישט אַזוי אויס עקאָנאָמישער נויט ווי אויס גײַסטיקן הונגער. אין אַמעריקע האָט ער געהאַט קרובים און געפאָרן צו זיי מיטן חלום צו לערנען. אָבער אין דער קאַלטער אַטמאָספער פון דער נײַער היים איז דער חלום צערונען געוואָרן, נאָר דער ווילן איז געבליבן. סאַלאָמאָן האָט געמוזט אַרײַנגיין אַרבעטן אין אַ שאַפּ, אָבער אין די אָוונטן איז ער געזעסן און

געלערנט. מאַקסים גאָרקי, זאָגט ער, האָט דורכגעמאַכט זײַנע „אוניווער־סיטעטן" אין לעבן, אין וואַנדערונג, אין קאָנטאַקט מיט מענטשן, אין קאַמף מיט דער טאָג־טעגלעכערווירקלעכקייט. מײַנע „אוניווערסיטעטן" זײַנען דאָ, האָט ער מיר אָנגעוויזן אויף די ביכער, וועלכע זײַנען געווען אָנגע־לייגט אויפן טיש, אויפן דיל און אויף די פּאָליצעס ביז דער סטעליע.

סאָלאָמאָן האָט נישט געמאַכט קיין אַמעריקע, אָבער האָט נישט לאַנג געאַרבעט אין שאַפּ, האָט גרינגלעך דערלערנט די שפּראַך, און דערגרייכט אַ גאַנץ פײַנע עקאָנאָמישע פּאָזיציע. אָבער ער איז נאָך נישט פרײַ פון יאָך פּרנסה, די בעסטע שעהען פון טאָג גיט ער נאָך אָפּ דער ביוראָ, נאָר די אָוונטן זײַנען זײַנע. דער אײַנגעבוירענער ייִדישער מתמיד זיצט על התורה ועל העבודה; זײַן זיידע איז געזעסן אין שול איבער דער גמרא, דער איי־ניקל קנעלט ספּינאָזאָן און לייענט „צמח אַטלאַס" פון חיים גראַדע. אַן איי־דעלער פון דער נאַטור, האָט ער נישט געקאָנט אויסנוצן זײַנע רײַכע קרובים, און מיט זייער הילף לערנען, כאָטש זיי האָבן אַרויסגעוויזן גוטן ווילן צו אים און אַ באַוווּנדערונג פאַר זײַן התמדה. האָט ער זיך אויפ־געבויט אַ גײַסטיקע וועלט מיט זײַנע אייגענע מיטלען.

סאָלאָמאָן וווינט אין די בראָנקס אויפן העכסטן גאָרן פון אַ פּילשטאָ־קיקער געבײַדע. ווײַטער פון דער זינדיקער ערד, און נענטער צו די הימ־לען. — ווען איך לייען אַן אָפּהאַנדלונג וועגן אַ בוך, זאָגט ער, מוז איך שוין דאָס בוך לייענען. עס באַהערשט מיך אַ נײַגער אַרײַנצודרינגען אין דער וועלט פון מחבר. מיר האָבן הײַנט גרויסע שרײַבערס, די ווערק פון וועל־כע ווערן איבערגעזעצט אין פרעמדע שפּראַכן, איז ווי אַזוי זשע זאָל אַ ייִד זיי נישט לייענען און הנאה האָבן? עס דערשײַנען אויך וויכטיקע ווערק פון וויסנשאַפטלעכן כאַראַקטער, אָט אַ שטייגער ד"ר צינבערגס „די געשיכטע פון ליטעראַטור בײַ ייִדן", און ער ווײַזט מיר אויף דער פּאָליצע אַ צענד־ליק בענד פון דעם מחבר, דאָס איז דאָך אַן אוצר! גיט ער צו מיט פּאַטאָס, אַ ייִד דאַרף לערנען ווי אונדזערע זיידעס האָבן געלערנט זייערע הייליקע ספרים.

— איך האָב געהערט, אַז איר שרײַבט לידער, האָב איך באַמערקט. — דאָס איז חטאת נעורים, יוגנט־זינד, האָט ער מיר געענטפערט, קיין לי־דער שרײַב איך הײַנט נישט, אָבער איך שרײַב. אַ מענטש וואָס האָט אָפענע

אויגן און זעט און טראַכט, האָט אויך עפּעס וואָס צו זאָגן. שוין פאַראַן מאַ־טעריאַל אויף אַ פּאָר ביכער, אָבער איך אײַל זיך נישט אַרויסצוגעבן. עס וועט קומען די צײַט. דער גרויסער פראַנץ קאַפקאַ האָט יאָרן לאַנג געשריבן, און אין איין שיינעם טאָג האָט ער אַלץ געוואָלט פאַרברענען. ווען נישט מאַקס בראָד, פאַרברענט ער עס, און די וועלט־ליטעראַטור וואָלט פאַרלוירן איינעם פון אירע גאונים. איך בין נישט קיין גאון, און וועל מײַנע כתבים נישט פאַרברענען, אָבער איך אײַל זיך נישט זיי אַרויסצוגעבן. אַן אָנגע־שריבן וואָרט שטאַרבט נישט, עס לעבט־איבער דעם מחבר, און קאָן זיך צו מאָל אַרײַנלעבן אין דער אייביקייט...

די מיסטעריע פון פרײַנדשאַפט דערקלערט זיך מיט געמיינזאַמקייט פון אינטערעסן און קעגנזײַטיקער סימפּאַטיע. איינער דערפילט אין צווייטן אַזעלכע כאַראַקטער־שטריכן, וועלכע זײַנען אים ליב און טײַער. דאָס אַלץ וואָס איך האָב געזען און געהערט פון סאַלאָמאָנען איז מיר געוועןן צום האַרצן. איך האָב ליב אַזעלכע מענטשן, און עס איז פאַר מיר אַ זכיה צו האָבן אַזאַ פרײַנד און זען אַזאַ העלד אויף די בלעטער פון מײַן ספר.



„מכבי"־ספּאָרטלערס אין באַראַנקיליאַ, קאָלאָמביע

## אַמאָליקע דאָקטוירים

דאָקטוירים, רפואות, סאַנאַטאָריעס, שפּיטעלער — און צום סוף: צוריק מיטן פּעקל בײנער אַהײם, אָדער אַהין פון װאַנען מען קומט שוין נישט צוריק. דאָס איז דער גורל פון לעבעדיקן מענטשן, װאָס דאַרף אַ מאָל פאַר־זוכן דעם ביטערן טעם פון אַ קראַנקן. קײנער בענקט נישט, חלילה, נאָך די אַלע זאַכן; נאָר אַז מען דאַרף שוין יאָ אָנקומען צו אַ דאָקטער, בעט איך גאָט, אַז איך זאָל אַרײַנפאַלן אין די הענט פון אַ גוטן מענטשן. עס זײַנען מיר געבליבן אין זכרון דאָקטוירים, װאָס האָבן איבערגעלאָזן אַ דאַנקשאַפט־געפיל אין האַרצן. דאָקטוירים פון אַמאָל — און איך גלויב, אַז אַזעלכע זײַנען אויך דאָ הײַנט — װעלכע האָבן געטײלט רפואות צוזאַמען מיט גוטע עצות און נחמות, װעלכע האָבן געזען דעם חולה אַזוי גוט װי די קרענק, און די הײלונג מער װי דעם פּדיון.

גאָר אָפט איז מיר אויסגעקומען אַרײַנצוגײן צו אַ דאָקטער, נישט נאָר מיט אַ צעבראָכענעם גוף, נאָר אויך מיט אַ דערשלאָגענעם גײַסט. אַ נער־װעזער פון דער נאַטור, האָב איך זיך נאָך אין דער אַלטער הײם אײַנגע־רעדט, אַז איך װעל „אַװעקגײן" יונג, אַז איך װעל מײַנע הונדערט מיט צװאַנציק יאָר — װעלכע עס קומט על־פּי מסורה יעדן כשרן ייִדן — נישט אויסלעבן. יעדער נײַער געבוירן־טאָג, האָב איך איבערגעלעבט ממש װי אַ נס. און אַז איך בין אַהער געקומען, האָבן די פּראָבלעמען, די קאָמפּלעקסן, װי מען רופט עס הײַנט, נאָך שװערער געמאַכט די לאַסט. אין אַזאַ צושטאַנד, איז געװען געװען אַ גוט װאָרט פון מעדיקער, װאָס זאָל אײַנשטילן מײַן אומרו. אָבער ניט שטענדיק. אָפט האָבן די נערװון זיך נישט געלאָזט פאַר־װיגן, און װי אַ קראַנק קינד האָבן זײ נישט אויפגעהערט צו זינגען זײער טרויעריקן ניגון. הערט מען אויף צו גלויבן אין אײן דאָקטער און מען זוכט אַ צװײטן, און עס הײבט זיך אָן אַ װאַנדערונג פון אײן דאָקטער צום אַנ־

דערן, וואָס גיט נישט צו קיין געזונט און לײדיקט־אויס דאָס בײַטל. קיין גוטער ייִד זאָל עס נישט וויסן!

*

מיט עטלעכע צענדליק יאָר צוריק איז באָגאָטאָ געווען אַ סך פּרימי־טיווער ווי היַינט, אין אַלע הינזיכטן. דאָך האָבן נישט אויסגעפעלט קיין מע־דיקערס אין אַלע ספּעציאַליטעטן, און אויך נישט קיין קראַנקע, וואָס האָבן געדאַרפט צו זיי אָנקומען. ייִדן און נישט־ייִדן, זיי אַלע שווימען־אויף אין מײַן זכרון. אייניקע פון זיי זײַנען שוין אויפן עולם־האמת, אָבער דער אָנ־דענק פון זיי לעבט נאָך צווישן אַ סך, וועלכע זיי האָבן באַהאַנדלט. איך בין איינער פון די, וואָס דערמאָנט זייער נאָמען מיט אָנערקענונג, און באַזונדערס דעם ד״ר אַברהם סאַלגאַר, וואָס האָט מיך געשטאַרקט מיט זײַן גוט וואָרט, און דערמעגלעכט איך זאָל ווײַטער לעבן און אַרבעטן. עס איז שוין לאַנג אַוועק יענע צײַט, ווען כ׳פלעג זיך חידושן בײַם אָפּרײַסן דאָס לעצטע קאַ־לענדאַר־בלעטל, וואָס איך לעב נאָך, פונקט ווי נאָך אַ יאָר לעבן וואָלט פאַר מיר געווען אַ נישט־פאַרדינטע מתנה. ווי זשע זאָל איך פאַרגעסן „מײַנע דאָקטוירים״, וועלכע זײַנען אין דער ווירקלעכקייט געווען נישט נאָר גוטע פּראָפעסיאָנאַלן, נאָר אויך גוטע, ערלעכע מענטשן.

*

אָט זע איך פאַר מײַנע אויגן דעם דאָקטער כוליאָ מאַנריקע אין זײַן אויפנעם־צימער אויף דער קאַרערא 8, צווישן די גאַסן 16 און 13, אַ בעל־גוף, מיט געדיכטע ברעמען ווי אַ יונגער וואַלד, און מיט ערנסטע דורכ־דרינגענדיקע אויגן פון אַ טיפּישן רופא. די פיזישע אונטערזוכונג פון פּאַ־ציענט פאַרטיקט ער אָפּ געשווינד און אָן קיין שום שטרויכלונגען, אָבער דער חולה איז שוין בײַ אים אין די הענט און ער איז נאָך נישט פאַרטיק. ער הייבט זיך אויף, פאַרבעט דעם פּאַציענט אין אַ צווייטן צימער, און עס קומט דער צווייטער טייל פון דער היילונג. דער לאַנגער און געמיטלעכער שמועס, ווי פון אַ גוטן פאָטער מיט אַ צעפּיעשטשעטע קינד, וואָס איז אַראָפּ פון דרך־הישר. דאָס איז געווען היילונג דורך איבערצײַגונג. און אין די דרײַסיקער יאָרן, איז נאָך דער פּסיכאָאַנאַליז נישט געווען פאַרשפּרייט אויפן אַמעריקאַנער קאָנטינענט. דער אַלטיטשקער ד״ר מאַנריקע האָט נאָך אַוודאי נישט געקענט פרוידן און זײַן טעאָריע, וואָס איז נאָך געלעגן אין די וויקע־

לעך. דאָס האָט אים אַזוי אינספּירירט צו האַנדלען זײַן אייגענע דערפֿאַרונג, זײַן גוט האַרץ, זײַן אויפֿריכטיקער ווילן צו העלפֿן דעם קראַנקן.

ער האָט געהיילט דעם קראַנקן מיט ווערטער מער ווי מיט רעצעפּטן. ער האָט געשאַפֿן אַן אַטמאָספֿער פֿון צוטרוי, און דערוועקט אַ גלויבן אין די אייגענע קרעפֿטן. ער אַפּעלירט צום פּאַציענט ער זאָל „מיטאַרבעטן", ער זאָל מיטהעלפֿן דעם דאָקטער, און ביידע שליסן אַ הייליקן בונד צו ראַטע־ווען אַ מענטשלעך לעבן; אַ קאָוואַלירן־אָפּמאַך, וועלכער קיין שום צד וועט נישט וואַגן צו ברעכן; אַ שותּפֿות, די רווחים פֿון וועלכער מען צייִלט מיט יאָרן לעבן, מיט צוגעקומענעם געזונט, מיט אַ צושטראָם פֿון גײַסטיקע קרעפֿטן. אַ קראַנקער, וואָס העלפֿט־נישט־מיט, האָט נישט קיין רעכט אויף אַ צווייטן וויזיט, זאָגט דער דאָקטער; און דער פּאַציענט איז אַרויס פֿון קאַ־בינעט מיט דער זיכערקייט, אַז ער איז אין די הענט פֿון אַן ערלעכן מענטשן, און אַז ער איז אויפֿן ריכטיקן וועג פֿון אַ היילונג. אַזאַ איז ער געווען דער ד״ר מאַנריקע, אַזוי האָט אים געקענט דאָס גאַנצע לאַנד, און אויף דעם זאָגט עדות מיט אַ געפֿיל פֿון דאַנקשאַפֿט מײַן שרײַבן.

*

„מײַן" פּראָפֿעסאָר עדמונדאָ ריוואָס איז מיר באַזונדערס נאָענט צום האַרצן. איך בין געווען אַ צײַט נערוועז און זייער פֿילבאַר, און ווער איז עס אין אונדזערע צײַטן נישט נערוועז? האָט מיר מײַן ליבער דאָן עדמונדאָ, ווי איך פֿלעג אים רופֿן אינטים, „אָנגעסטרויעט" מײַנע נערוון ווי אַ גוטער פֿידלער די סטרונעס פֿון זײַן פֿידל. איך געדענק ווי איך פֿלעג אַלע מאָל אין וואַרטזאַל מיט אינטערעס באַטראַכטן די דיפּלאָמען און ערן־דיפּלאָמען פֿון פֿאַרשיידענע אוניווערסיטעטן און פֿון דער פּאַריזער סאָרבאָן.

ער האָט געהאַט זײַן באַזונדערע שיטה פֿון היילן. יעדער מענטש — פֿלעגטער זאָגן — איז אַ פּסיכאָ־פֿיזישע איינהייט; עס הייסט, אַז יעדער קראַנקייט באַרירט דעם מענטשן פֿיזיש און גײַסטיק; דאַרף מען דעריבער בײַ יעדער קראַנקייט היילן דעם קערפּער און איינצײַטיק קרעפֿטיקן דעם גײַסט. ער האָט געהאַט אַ באַזונדער פֿעיִקייט צו געווינען דעם צוטרוי און די ליבשאַפֿט פֿון חולה, מען האָט געפֿילט, אַז זײַן פֿרײַנדשאַפֿט צום פּאַ־ציענט איז נישט קיין פּראָפֿעסיאָנעלער אָנשטעל, נאָר אַן אויסדרוק פֿון

אויפריכטיקער מענטשן־ליבע און פון אַן אינטערעס צו העלפן. אין קעגנ־זאַץ צו די אַלע אָנגענומענע מאָדערנע שיטות, פלעגט ער געמיטלעך דיאַ־לאָגירן מיטן קראַנקן, ווי צוויי פריינד ביי אַ קאַווע־טישל, און דער מענטש פלעגט אַרויסגיין אַ דערמוטיקטער, ווי נאָך אַ שמועס מיט אַן אינטערעסאַנטן גוטן פריינד. מיט דעם זעלביקן נוסח האָט ער נאָך דעם געשריבן זיין רוב־ריק אין צייטונג, וואָס האָט געהאַט מאַסן לייענערס.

אַזאַ איז ער געווען „מיין" פּראָפעסאָר, וואָס האָט פאַרלענגערט און פאַרבעסערט דאָס לעבן פון אַ סך פון זיינע מיטמענטשן, נאָר אים אַליין איז ניט באַשערט געווען צו פאַרלענגערן זיין אייגן לעבן, וואָס פעלט אַזוי אויס.

*

אין די פערציקער יאָרן איז צווישן די מעדיצינערס אין לאַנד געווען שטאַרק אָנגעזען דער קינדער־ספּעציאַליסט, ד"ר דניאל מאַלאַנאַ. ער האָט געהאַט צו טאָן מיטן שווערסטן מין פּאַציענטן, וואָס זיין קראַנקייט און זיינע ליידן מוז דער דאָקטער אַליין דערגיין, ווייל דער קראַנקער קאָן נאָר שרייען, אָבער נישט ריידן. אָבער ס'איז אָפט מאָל גענוג געווען דער דאָק־טער זאָל נאָר אַ קוק טאָן אויפן קינד, אַ טאַפּ טאָן דאָס ביכל, צולייגן אַ פינגער צום שטערן, שיקן דעם פאַרצווייפלטן טאַטן אָדער מאַמען מיט אַ פּאַפּירל אין אַפּטייק, מען גיט־איין דעם קינד די רפואה, און שוין — די גאַנצע פּאַנאָראַמע האָט זיך געביטן...

היינט היילט מען קייכהוסט פון קינדער מיט אַ רייזע אין אַן אַוויאָן. דעמאָלט האָט מען נאָך פון דער המצאה נישט געוווסט, און ד"ר מאַלאַנאַ — לאַנג לעבן זאָל ער — האָט דאָס זעלביקע דערגרייכט מיטן שיקן די קראַנ־קע קינדער אויף עטלעכע וואָכן אויף די הויכקייטן פון לאַ מעסאַ. האָב איך טאַקע אויף זיין אָנווייזונג אַהין געפירט מיינע קינדער, און דאָרטן האָבן מיר געטראָפן נישט נאָר אַ שיינע לאַנדשאַפט און האַרציקע מענטשן, נאָר איך האָב צוריקגעבראַכט אַהיים מיינע קינדער פרישע און געזונטע.

ס'איז מיר געבליבן אין זכרון פון דאָרטן דאָס פּענסיאָן־הויז פון דער משפחה קאַנאַטשאַ, ווו מיר זיינען איינגעשטאַנען. קיין מאַנסבילן זיינען דאָרטן נישט געווען; נאָר די באַלעבאָסטע מיט אירע דערוואַקסענע טעכטער. די געסט האָט מען באַהאַנדלט ווי בני־בית, אַלע צוזאַמען זיינען



אַ ייִדישע שול ווערט געבויט אין אַ נײַער הינטערשטאָטישער געגנט פון באָגאָטאַ

געווען איין משפּחה. שוין אָפּגערעדט פון דער באַדינונג פון די קראַנקע קינדער, פּאַר וועלכע עס האָבן געזאָרגט אַלע דערוואַקסענע אין שטוב. דער בעסטער האָטעל וואָלט זיך נישט פאַרגליכן מיט דער האַרציקייט און מענ־טשלעכער וואַרעמקייט, וואָס מיר האָבן געפונען אין דער באַשיידענער אַכ־סניא. דאָס קראַנקע קליינוואַרג האָט אײַנגעאָטעמט יענע לויטערע לופט און געטרונקען יעדן פרימאָרגן מילך פון אַן אייזעלין, וואָס זײַן היילקראַפט איז אַ שם־דבר צווישן די אײַנגעבוירענע אין דער געגנט.

אין לאַ מעסאַ האָב איך זיך דערמאָנט מײַן געבוירן־שטעטעלע זשעלי־כאָוו. אויך דאָרט האָבן מיר גענאָסן פון פרילינג; פון אַ קורצן פרילינג נאָך אַ נאַסן און קאַלטן ווינטער. די אָרעמע און אָפּגעפליקטע ביימלעך אין די גאַסן פלעגן אויפבליִען מיט אַלע קאָלירן און פאַרשאַפן אַזוי פיל פרייד די קינדער און די שטעטלשע ציגן, וואָס פלעגן צופּן די אַרומיקע גראָז. און דאָ, אויף דער פלאַך פון אַ באַרג אין דער טראָפּישער געגנט, איז דער פרי־לינג נישט קיין גאַסט אויף אַ ווײַל, ער הערשט אַ גאַנץ קײַלעכיק יאָר. און די גאַנצע געגנט אַרום איז באַגאָסן מיט אַ בלענדנדיקער שיינקייט פון אַלע פאַרבן און מיט אַלע דופטן, וואָס פאַרשיכורן ממש — טעם גן־עדן. אָבער, ווי עס שײַנט, ווערט דער שטענדיקער פרילינג אויך צוגעגעסן; מיר האָבן זיך פאַרבענקט אַהיים, אין שטאָט, צום טומל, צו מענטשן — און צוריק־געפאָרן...

*

ד״ר מיגעל פאַרערראָ נאַוגעס קאָן באַטראַכט ווערן ווי אַ בריק צווישן דעם אַלטן און נײַעם דור מעדיקער דאָ אין לאַנד. אַז ער הייסט אײַך זיך אויסצײַען אויפן טיש און אָטעמען, און הוסטן, און ציילן 33, און אײַנהאַלטן דעם אָטעם, דאַרפט איר אים אויספאָלגן ווי אַ קינד, מסתמא ווייסט ער דעם טיפן זין פון דער „קבלה״. און אַז דער ד״ר פאַרערראָ פאָרעט זיך איבער אײַך מיט דער בלאָז־מאַשין, וואָס די וויסנשאַפט האָט ווי עס שײַנט נאָר פאַר אים צוגעטראַכט, מעגט איר זײַן זיכער אַז איר האָט שוין די רפואה שלימה אין קעשענע. ווײַל איר קוקט אים אָן, איך בעט אײַך, דעם ליבלעכן און האַרציקן מענטשן, די גוטסקייט ליגט דאָך אים אויפן פּנים! ווער וועט אים נישט גלויבן? אָט דער דאָקטער איז עס געווען, וואָס האָט מיר געגעבן אַן עצה טובה: „אַראָפּנעמען פון דער וואָגן!״. טאַקע ער האָט עס מיך גע־

פירט דורך אַ לאַנגן לאַבירינט פון דיעטעס און רפואות, ביז ער האָט מיך בשלום געבראַכט צום געוווּנטשענעם ציל.

לכתחילה האָט עס מיך פאַרדראָסן. סטײַטש? האָב איך געטראַכט, ווי קאָן מען עס צונעמען בײַ אַ מענטשן דאָס וואָס די נאַטור, און די קולינאַרע קונסט פון מײַן באַלעבאָסטע, זאָל געזונט זײַן, האָבן מיר צוגעטיילט? אָבער ווען די וואָגשאָל האָט פעסטגעשטעלט, אַז איך האָב פאַרלוירן עטלעכע קי־לאָגראַם, האָט דער גוטער דאָקטער זיך געפריידט ווי אַ קינד, און איך האָב זיך געפילט גרינג און לײַכט, שיעור נישט ווי אַ יינגל.

פאַר אָט דעם מעדיקער, מיט אַ נאָמען וואָס איז שוין ווײַט אַרויס די גרענעצן פון לאַנד, איז געלט איבער הויפּט נישט קיין ענין. ווי לײַכט ער פאַרדינט, אַזוי לײַכט גיט ער אויס. זײַן לײַדנשאַפט איז אַרומפאָרן, שטודירן און — ספּאָרט. ער איז אין שטענדיקער אַקטיוויטעט. סוף יאָר שליסט ער זײַן קאַבינעט און פאָרט אַזוי לאַנג ביז ער בלײַבט אָן אַ גראָשן. ער איז שוין אויסגעוווען די גאַנצע וועלט. עס פעלן אים נאָר די פּאָלוסן. ער וואַרט, זאָגט ער, מען זאָל דאָרט מאַכן אַן אוניווערסיטעט פאַר די עסקימאָסן — וועט ער שוין אַהין פאָרן. זײַנע פּאַציענטן דערוואַרטן זיך קוים אויף אים, און אַז ער קומט צוריק, זײַנען זיי אים מוחל די זינד, און דער בלאָז־אַפּאַראַט נעמט ווידער אַרבעטן.

נישט נאָר צוליב מײַן קראַנקייט בין איך ענג פאַרבונדן מיטן ד״ר פּאָרעראָ, נאָר אויך צוליב אונדזער געמיינזאַמען אינטערעס פאַר ספּאָרט, בעיקר פאַר פוטבאָל. ער איז אַן אָנהענגער פון עקיפּ „סאַנטאָ פּע״ און איך בין אַ חסיד פון „מיליאָס״. ער איז אָבער נישט אַזאַ פאַנאַטיקער, ער זאָל נישט באַדויערן די ביטערנישן, וואָס די דאָזיקע ליבשאַפט האָט אים פאַר־שאַפט... ער קען גוט דעם אייראָפּעיִשן פוסבאָל, און איז אַן אָנהענגער פונעם ענגלישן שפּיל־נוסח. יעדן זונטיק זעט מען אים אויפן וועג צום ספּאָרט־פּלאַץ, מיט זײַן קליינעם אויטאָ, מיטן קעפּי אויפן קאָפּ, מיט אַ פּאָר פאַר־גרעסער־גלעזער — מעג דונערן און בליצן.

אַזוי אַז דער ד״ר פּערעראַ איז אַ פּילזײַטיקער מענטש; עס הייסט, אַ מענטש וואָס אַלץ וואָס איז מענטשלעך איז אים נישט פרעמד; ער האָט אַ לעבעדיקן אינטערעס פאַר אַלץ און אַלעמען, און אַוודאי פאַר פּאָליטיק; דער מאָדערנער סאָציאַליזם פון ענגלישן שניט, איז זײַן „משוגעת״. ער זעט

אין דעם די איינציקע געזעלשאַפטלעכע רפואה, וואָס איז בכוח צו היילן, ווי ער זאָגט, די הײַנטיקע צעדרייטע וועלט. און אפשר איז ער גערעכט...

*

אין 39סטן יאָר, ערב דעם צוזאַמענבראָך פון דער שפּאַנישער רעפּוב־ליק, האָט זיך באַזעצט צווישן אונדז די משפּחה טריאַס. דער ראש־המשפּחה איז נישט קיין אַנדערער ווי דער באַרימטער פּראָפעסאָר, אַנטאָניאָ טריאַס, אַ הויכער, אַ שלאַנקער מיטן אַן אַריסטאָקראַטישן אויסזען און בלויע אויגן. בלויז מיט זײַן אויסערלעכקייט האָט ער אַרויסגערופן דרך־ארץ. ער האָט גערעדט אַ ריינעם שפּאַניש מיט אַ קאַטאַלאַנישן אַקצענט. אויפנעמען פלעגט ער אַ קראַנקן מיט אַ שמועס, זיצנדיק קעגן אים האָט מען זיך גאָר נישט געפילט ווי אין אַ קאָנסולטאַריע פון אַ מעדיקער, נאָר ווי בײַ אַ צוזאַמענ־טרעף מיט אַ גוטן פרײַנד.

נאָכן שמועס האָט ער פאַרבעטן אין אַ דערבײַיִקן צימער און געמאַכט די אונטערזוכונג. ער פלעגט זיך באַמיִען נישט נאָר צו געווינען דעם צוטרוי פון קראַנקן, נאָר ווערן היימיש מיט אים, און דאָס פלעגט ער, פאַרשטענד־לעך, דערגרייכן. זײַן באַרימטקייט אין דער גרויסער וויסנשאַפטלעכער וועלט, האָט נישט קאַליע געמאַכט זײַן אײַנגעבוירענע פשטות און די פּאַ־טערלעכע וואַרעמקייט אין זײַן באַציִונג צו מענטשן.

ווי אַ גרויסער כירורג, האָט ער באַוויזן צו היילן די גאַנצע משפּחה — אַ זאַך וואָס ער האָט אפשר אַליין נישט געוווּסט — ער פלעגט באַהאַנדלען דעם פּאַציִענט בײַ וועלכן ער האָט עפּעס אויסגעשניטן — און פלעגט אײַנ־פלאַנצן בײַ די אַלע אַרומיקע פון דער פאַמיליע האָפענונגען. די הויפּט כאַ־ראַקטעריסטיק פון דעם עלטערן דור "דאָקטוירים איז געווען דאָס, וואָס זיי זײַנען איבערהויפּט געווען — פאַמיליען־דאָקטוירים, און עפּעס מער ווי דאָס: זיי פלעגן ווערן ווי מיטגלידער אין די פאַמיליעס פון זייערע פּאַ־ציענטן...

דער פּראָפעסאָר טריאַס וואָלט שוין געמעגט אויפגעבן זײַן פּראַקטיק און זיך אָפּרוען, ווײַל ער אָבער זיך נישט אָפּזאָגן פון דעם פאַרגעניגן צו היילן מענטשן.

*

און איצטער קומט מיר אויפֿן געדאַנק אַ דאָקטער, וועמען איך רוף אין מײַן מחשבה „דער חסיד פֿון די אומות העולם". ער איז נישט געווען ספּעציעל גוט צו ייִדן; ער האָט איבערהויפּט אין דעם זין נישט געמאַכט קיין אונטערשייד. ער איז בכלל געווען גוט צו מענטשן. דאָס איז דער ד"ר ראַפֿאַעל מוניאָס. גלײַך נאָך מײַן אָנקומען אין קאָלאָמביע, מיט אַריבער פֿערציק יאָר צוריק, האָב איך זיך באַקענט מיט דעם דאָזיקן פּרינץ פֿון די רופֿאים. אין יענע צײַטן ווען מעדיקער זײַנען געווען ווינציק און קראַנקע זייער אַ סך, פֿלעגט מען אים תמיד טרעפֿן אַ גרייטן צו טאָן זײַן שליחות. בײַ טאָג און בײַ נאַכט, אין אַ יום־טוב און אין דער וואָכנס — שווער געווען צו דערגיין ווען ער שלאָפֿט.

און אַ פֿאַקט איז, אַז נישט די לוסט צו האָנאָראַרן האָבן אים געהאַלטן אין אַ שטענדיקן וואַכן צושטאַנד, וועלכן ער פֿלעגט אויפֿהאַלטן מיט אָן אַ שיעור טעפּלעך שוואַרצע קאַווע און מיט צענדליקער פּאַפּיראָסן. אָרעמע קראַנקע האָט ער באַהאַנדלט אומזיסט, און פֿלעגט זיי נאָך צוטיילן רפֿואות. זײַן וויסן און גוטסקייט איז געווען אין לשער, ער האָט זיך שטענדיק געאײַלט, אָבער אַ קראַנקן האָט ער באַהאַנדלט רויִק און ערנסט.

עס איז פּשוט אַ רעטעניש ווי דער מענטש פֿלעגט זיך אָן עצה געבן מיט דער צײַט. ער פֿלעגט יעדן טאָג זײַן אין דער קליניק, אין שפּיטאָל, אין זײַן פּריוואַטער קאָנסולטאָריע, און באַזוכן קראַנקע איבערן גאַנצן שטח פֿון דער שטאָט. ער האָט דאָס אויף דער וועלט געבראַכט מײַנע קינדער, און ער איז דער ליבלינג פֿון דער ייִדישער „קאָלעקטיוויטעט", אַזוי אַז ער פֿלעגט קיין מאָל נישט פֿאַרגעסן צו באַגריסן זײַנע ייִדישע פּאַציענטן מיטן טראַדיציאָנעלן „שלום".

אָט די איבערגעגעבענע מעדיקער, וועלכע איך האָב דאָ דערמאָנט מיט אַ געפֿיל פֿון אָנערקענונג, זײַנען נישט אויפֿגעקומען סתם אַזוי, פֿון זיך אַליין. זיי זײַנען געווען אַ פּראָדוקט פֿון אַן אַנדער צײַט, נאָכפֿאָלגערס פֿון די מעדיצינערס פֿון פֿאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, וואָס האָבן גרויס געמאַכט דעם נאָמען פֿון זייער וויסנשאַפֿט. פּונקט ווי די הײַנטיקע דורות דאָקטוירים זײַנען אַ פּועל־יוצא פֿון דער ריזיקער ענדערונג, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין מענטשלעכן לעבן זײַט די לעצטע דרײַסיק־פֿערציק יאָר.

די וועלט באַוועגט זיך שוין ניט אַזוי לאַנגזאַם: זי לויפֿט און פֿליט;

דאָס לעבן איז אַ יאָגעניש נאָך עשירות, אַ כאַפּעניש און פאַרכאַפּעניש אָן גרענעצן. מיליאָנען מענטשן לעבן אין די שטעט און איינער דעם אַנדערן איז פרעמד, דער בונד פון פריינדשאַפט און משפּחה איז לויז געוואָרן. איי־נער קען נישט דעם אַנדערן, אַלע יאָגן זיך, קיינער האָט קיין צייט נישט, צייט — איז געלט, און געלט איז דאָס העכסטע פון דער וועלט. ביי אונדזער געניאַלן שלום עליכמען איז דאָ אַ מעשה פון אַ קראַנקן, וואָס קומט צו אַ דאָקטער און בעט ער זאָל אים אויסהערן, אויסהערן זיינע רייד, און ער דערציילט די דראַמע פון זיין שווערן לעבן און עס ווערט אים לייכטער אויפן האַרצן. און דער דאָקטער דאַרף שוין אים נישט אונטערזוכן, ער האָט שוין דעם בעסטן דיאַגנאָז, און ווייס וואָס „עס טוט וויי" דעם קראַנקן...

אָוודאי טוט שוין די וויסנשאַפט היינט אויף גרויס ווונדער, מען פלאַנצט שוין איבער הערצער, נירן, שטיקער מאָגנס, און וואָס נישט? ווען וועט מען שוין אָבער אָנהייבן איינפלאַנצן גוטסקייט, איידלקייט, ערלעכקייט?... אמת, דאָס איז נישט נאָר די אויפגאַבע פון די מעדיקער, ס'איז אַן אויפגאַבע פון דער גאַנצער געזעלשאַפט, און לאָמיר האָפן, אַז עס וועט קומען אַ צייט אַז מען וועט זיך אויסלערנען אויך בעסערן דעם מענטשן. מיר זיינען דאָך עפּעס אַ פאָלק מיט אַן אַלטער טראַדיציע פון בטחון...



אויף אַ פּורים־באַל אין ייִדישן צענטער פון באַראַנקיליאַ, קאָלאָמביע

## יידן וואָס שטייען מחוץ למחנה...

אין פאַרגלײַך מיט אייניקע אַנדערע פעלקער איז דער ייִד סאָציאַל און סאָלידאַריש אין זײַן כאַראַקטער, ער האָט פײַנט זיך אָפּצוזונדערן פון כלל און לעבן „פאַר זיך"; און אַז מען ווערט אַן אָרגאַנישער טייל פון אַ מענטש־לעכער געזעלשאַפט, ווערט מען שוין במילא מענטשלעכער און געזעלשאַפט־לעכער. די רעליגיע האָט אין דעם זין באַווירקט דעם סאָציאַלן כאַראַקטער פון ייִדישן מענטשן. דרײַ ייִדן וואָס עסן בײַ איין טיש, בענטשן שוין ניט פאַר זיך נאָר „מיט אַ מזומן", צען מענטשן דאַוונען „מיט אַ מנין". יעדע רעליגיעזע צערעמאָניע פאָדערט אַ מנין ייִדן. אַלע ייִדישע מצוות זײַנען „מעשים טובים", טאָן גוטס — פאַר יענעם, זאָרגן פאַרן צווייטן, אָפּגעבן עפּעס פון זיך — פאַרן אַנדערן.

דאָס ייִדישע גלות־לעבן האָט אויך געלייגט זײַן שטעמפּל אויפן כאַ־ראַקטער פון ייִדן. ווי מינדערהייטן צעזייטע צווישן די פעלקער פון דער וועלט, האָבן די ייִדן געדאַרפט זאָרגן אויף צו באַפרידיקן זייערע אייגענע רעליגיעזע און סאָציאַלע באַדערפענישן, און אין דער ערשטער שורה — באַזאָרגן זייערע קינדער מיט דערציִונג, און זייערע אָרעמע מיט ברויט. האָט אין פאַרלויף פון לאַנגע דורות זיך אַנטוויקלט אַ סאָציאַלער חוש, אַ געפיל פון פערזענלעכער אַחריות בײַם יחיד פאַר באַדערפענישן פון כלל. בײַ אַנ־דערע פעלקער זאָרגט פאַר דעם די מלוכה, און דער געוויסן פון יחיד איז דעריבער ווייניקער באַלאָדן מיט קאָלעקטיווער אַחריות פאַר זײַנע מיט־מענטשן.

פון דער אַנדערער זײַט, ווײַזן ייִדן אַרויס אַ זעלטענע פעיִקייט פון צו־פּאַסונג צו די נײַע לעבנס־באַדינגונגען; זיי פּאַסן זיך אַרײַן אין נײַעם לע־בנס־שטייגער און פאַראייגענען זיך טייל מידות פון די פעלקער מיט וועלכע דאָס לעבן האָט זיי צוזאַמענגעבראַכט. דאָס איז פּאָזיטיוו אַזוי לאַנג זיי רײַסן נישט איבער זייער פאַרבינדונג מיט זייער נאַציאָנאַלן אָפּשטאַם און זייער



שגריר פון מ׳ ישראל ווערט אויפגענומען אויפן לופטפּאָרט אין באָגאָטאַ. — ד״ר כאַסע וואָלף, אַרטוראָ אײדעלבערג, ד״ר פלעמינגער,
ג. בידערמאַן, ש. גובערעק, לעאָן ווײַסבערג, ק. זעלצער

אַנגעהעריקייט צום ייִדישן פֿאָלק. עס זײַנען אָבער פֿאַראַן פֿאַלן פֿון נאַציאָ־נאַלער דעזערציע אין די ייִדישע ישובים פֿון לאַטיין־אַמעריקע, און דאָס איז צום באַדויערן. די פֿראַגע פֿון אַסימילאַציע, און באַזונדערס פֿון דער קול־טורעלער אַסימילאַציע, האָט אין אַ געוויסער מאָס אַ באַרעכטיקונג ווי אַן אומפֿאַרמײַדלעכע דערשײַנונג, וואָס ווערט אַרויפֿגעצוווּנגען פֿון די אַרומי־קע באַדינגונגען. די קינדער באַקומען זייער בילדונג אין דער אַלגעמיינער שול־נעץ, און די ווירקונג פֿון דער ייִדישער דערציִונג איז אַ שוואַכע און נישט גענוגנדיקע. דאָך, ווײַזט־אַרויס די ייִדישע יוגנט — די קינדער פֿון צווייטן דור — אַ געוויסן אינטערעס פֿאַרן ייִדישן לעבן און באַזונדערס פֿאַר ישראל. עס איז אַ פֿאַקט, אַז זיי האָבן איבערגענומען די זאָרג און אָנפֿירונג פֿון די ייִדישע שולן כמעט ווי אין אַלע ישובים פֿון קאָנטינענט. די פֿראַגע פֿון דער יוגנט, וואָס האָט זיך פֿון אונדז דערווײַטערט, איז אַ פֿראַגע פֿון אויפֿקלערונג. זיי פֿילן נישט קיין טעם אין ייִדישקייט, ווײַל זיי ווייסן נישט „מיט וואָס מען עסט עס". גאַנץ אַנדערש איז דער ענין מיט די עלטערן, מיט אייניקע פֿון עלטערן דור, וועלכע האָבן דערגרייכט זייער אָנגעזעענע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס, און האָבן באַוווּסטזיניק זיך דערווײַטערט פֿון קהלשן לעבן, האָבן פֿון זיך אַראָפּגעוואָרפֿן יעדע אַחריות פֿאַרן ישוב, און דאָס באַ־צייכענען מיר ווי נאַציאָנאַלע דעזערציע.

זיי זײַנען נישט קיין אַסימילאַטאָרן! זיי וואָלטן אַוודאי געוואָלט זיך אַסימילירן, און אַרויסקריכן פֿון דער ייִדישער הויט, נאָר זיי קאָנען נעבעך נישט. דער ייִד ליגט זיי אויף דער נאָז, אויף דער צונג, און דער עיקר — אויפֿן נאָמען. טראָגן זיי די ייִדישקייט ווי אַ האָרב אויף דער פּלייצע, און ווילן מיט ייִדן קיין מגע ומשא נישט האָבן. אַגב, דאַרף ייִדישקייט און גע־זעלשאַפֿטלעכקייט עפּעס קאָסטן. עס דאַרף קאָסטן אַרבעט און געלט, און אייניקע זײַנען נישט גרייט צו צאָלן אַזאַ „קרבן" — שטעלן זיי זיך פֿון דער ווײַטנס. אָבער אַ ייִד קאָן פֿון זיך נישט אַנטלויפֿן, און אויב ער וועט אַפֿילו וועלן — וועט מען אים נישט לאָזן. איך האָב נישט לאַנג באַזוכט אייניקע לענדער פֿון קאָנטינענט און קאָן עדות זאָגן, אַז עס זאַמלען זיך אויפֿן האָ־ריזאָנט דראָענדיקע וואָלקנס, וואָס וועלן די ייִדישע ישובים קיין נחת נישט פֿאַרשאַפֿן, און אויך נישט די פּעלקער, וועלכע ראַנגלען זיך מיט שווערע פּראָבלעמען פֿון עקאָנאָמישן און סאָציאַלן כאַראַקטער. און ייִדן זײַנען דאָך

אין מאָמענטן פון קריזיס דער שעיר לעזאזל, דער בליץ־אָפּליטער, טאָר קיין ייִד ניט שטיין מחוץ למחנה. מיט געמיינזאַמע קרעפטן קאָן מען באַציִטנס פאַרהיטן פון אַ סך אומאָנגענעמלעכקייטן.

דער ייִדישער ישוב אין באָגאָטאַ געניסט פון דער אַרומיקער טאָלע־ראַנץ און פון אַלע דעמאָקראַטישע פרייַהייטן, אָבער די קהילה האָט נישט די פולע מיטהילף און מיטאַרבעט פון דער גאַנצער ייִדישער באַפעלקערונג, און קאָן דעריבער נישט דערפילן אין דער געהעריקער מאָס אירע ספּעצי־פישע פליכטן. אַגב, האָט די קהילה פון דער הויפּטשטאָט אויך געדאַרפט ווייַזן אַ בייַשפּיל די אַלע קלענערע ייִדישע קהילות אין אינערן פון לאַנד. אויף איר ליגט אַ חוב צו ווערן אַ מוסטער פון ייִדישקייט און פון אַחריות פאַרן ייִדישן כלל, און צו דעם איז נייטיק די אַלגעמיינע מיטאַרבעט, און באַזונדערס פון די, וועלכע האָבן די מעגלעכקייטן און די צייַט זיך אָפּצו־געבן לטובת הכלל.

מיר דאַרפן מיט אונדזער בייַשפּיל פאַרהיטן, אַז אונדזערע קינדער זאָלן נישט אַוועק אויף פרעמדע און פאַלשע וועגן. די נייַע דורות נייטיקן זיך אין מענטשן, וואָס זאָלן מיט זייער איבערגעגעבנקייט געווינען די סימפּאַ־טיע פון דער יוגנט פאַרן ייִדישן המשך און קיום. דער צווייטער דור, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין דעם לאַנד, און האָט אין גרעסטן טייל באַקומען אַן אַלגעמיינע בילדונג, דאַרף קענען לערנען אויף די טרויעריקע בייַשפּילן פון דער געשיכטע, פון וועלכע מיר זייַנען עדות אין אונדזער טראַגישן יאָרהונדערט. די אַסימילאַציע ווי אַן אידעאַל איז פולשטענדיק דורכגעפאַלן. די דייַטשע פּאַטריאָטן פון ייִדישן אָפּשטאַם האָבן געטיילט דעם גורל פון זייער פאָלק אין די נאַציסטישע גאַז־אויוונס. און דער גורל פון די ייִדישע פּאַטריאָטן, וואָס האָבן געשמירט מיט זייער בלוט די רעדער פון די רע־וואָלוציעס אין רוסלאַנד און פּוילן, איז נישט בעסער. אין אייניקע לענדער פון דעם קאָנטינענט האָט דער אַנטיסעמיטיזם אויפגעהויבן דעם קאָפּ, און אַפילו אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אין דער פעסטונג פון דער וועלט־דע־מאָקראַטיע, ווערט צוליב פאַרשיידענע מאָטיוון, אַלץ שווערער דאָס לעבן פון ייִדן.

די נייַע לינקיסטישע שטרעמונגען אויף דעם קאָנטינענט, וואָס פאַר־כאַפּן זייער ברייטע שיכטן, קומען מיט אַ געדיכטער נאַציאָנאַליסטישער

באַפּאַרבונג, וואָס איז געווענדט קעגן יעדן אײַנפלוס און צומיש פון „פרעמ־דע״. אין דעם פּונקט ווערן די כוחות פון רעכטס און פון לינקס געפינען אַ געמיינזאַמען וועג, און דער ייִד איז שטענדיק געווען דער לײַכטסטער קרבן. די סיטואַציע פון די ייִדן אין די לענדער, ווי מענטשן פון מיטלקלאַס, שטעלט זיי אויס אויף ערנסטע געפאַרן אין פאַל פון טיפע סאָציאַלע ענ־דערונגען. אויף די בײַשפּילן פון דער געשיכטע דאַרף אונדזער יוגנט, אונ־דזערע זין און טעכטער מיט אַקאַדעמישע טיטלען, זיך אָפּלערנען אַ מוסר־השכל און זיך אויסמאָלן אַ בילד, ווי עס וועט אויסזען די ייִדישע לאַגע אין אייניקע לענדער אין דער נאָענטסטער צוקונפט. פון די געשעענישן, וואָס שפּילן זיך אָפּ פאַר אונדזערע אויגן מוז דער ייִד מאַכן דעם געהעריקן אויס־פיר, און די ייִדישע יוגנט טאָר קיין מאָל נישט פאַרגעסן, וואָס ס'איז גע־וואָרן מיט די ייִדישע פּראָפעסיאָנאַלן און פונקציאָנאַרן אין די לענדער פון דער „פּראָגרעסיווער״ וועלט, ווי סאָוועטן־רוסלאַנד, טשעכאָסלאָוואַקיע, פּוילן וכדומה...



קינדער פון דער ייִדישער שול אין באַראַנקיליאַ אויף אַ חנוכה־יום־טוב אין „בית־אל״־טעמפּל

# אַ חלוץ פון יידישן לשון

מען האָט געדאַרפט האָבן אַ סך מוט און אידעאַליזם אויף אַרויסצוגעבן אין מדינת ישראל אַ טעגלעכע יידישע צייטונג. און די אייגנשאַפטן האָט ישראל חדש ז״ל — דירעקטאָר פון „די יידישע צייטונג״ אין תל־אָביב — פאַרמאָגט אין אַ גענוגנדיקער מאָס. ער האָט פאַרמאָגט אַ מענעריש־געוואַג־טע נאַטור, אַן אומבאַגרענעצטע ליבשאַפט צו יידיש און אַ גלויבן אין קיום פון יידישן לשון. מיר זיינען גליקלעך מיט דער אַנטשטייונג פון דער מדינה און נעמען אָן פאַר ליב און גערעכט די היסטאָרישע שפּראַך פון יידישן פאָלק, עברית, ווי דעם אָפיציעלן לשון פון דער יידישער מלוכה. עברית וועט פאַרבינדן דאָס פאָלק מיט די גייסטיקע אורקוואַלן פון דער נאַציע, און מיט די גייסטיקע שאַפונגען פון יידישן זשעני דורך אַלע דורות.

און אין דער יידישער שפּראַך איז געקומען צום העכסטן אויסדרוק דער אייביק־שעפערישער גייסט פון דער יידישער אומה, און איר אומבייג־זאַמע טרייקייט צום נביאישן מקור, וואָס האָט אונטערן שווערן דרוק פון די גלות־באַדינגונגען אָנגענומען פרעמדע שפּראַך־פאָרמען, אָבער האָט אין זיי אַריינבלאָזן אַ יידישע נשמה. קיינער צווייפלט הײַנט נישט אין דער נאַציאָנאַלער אייגנאַרטיקייט, אָריגינאַליטעט און זעלבשטענדיקייט פון דער יידישער שפּראַך, אין וועלכער עס זיינען געשאַפן געוואָרן גרויסע קינסטלע־רישע ווערטן, וואָס וועלן אַריין אין פּאַנטעאָן פון דער אוניווערסאַלער ליטע־ראַטור. די טויזנט יאָר מזרח־אייראָפּעיִשע קולטור אויף דער יידישער שפּראַך וועלן בלייבן איינגעקריצט מיט גאָלדענע אותיות אויף די רומפּולע בלעטער פון דער יידישער געשיכטע, און וועלן לעבן אין דער געדעכעניש פון די קו־מענדיקע דורות, ווי אַ שטאָלצער סימבאָל פון נצח־ישראל, וואָס האָט אונ־טער אַלע אומשטענדן אויפגעהאַלטן גייסטיק גאַנץ און אומבאַאַרירט די נאַ־ציאָנאַלע אינדיווידואַליטעט פון דער יידישער נאַציע.

צוגלייך מיט דער רעליגיע, איז די יידישע שפּראַך אין די לעצטע יאָר־

הונדערטער, געווען דער באַריער, וואָס האָט באַשיצט דאָס פאָלק פון פרעמ־דע איינפלוסן, און האָט געשאַפן די גייסטיקע אַטמאָספער, וועלכע האָט דערמעגלעכט, אַז דאָס יידישן לעבן זאָל זיך אַנטוויקלען אין די ראַמען פון דער אַלט־יחוסדיקער טראַדיציע פון „עם לבדד ישכון" — דאָס יידישע פאָלק לעבט גייסטיק אָפּגעזונדערט...

דאָס איז די אידייִשע באַזע, אויף וועלכער עס האָט זיך געשטיצט דער קאַמף פאַרן יידישן לשון, ווי אַן אינטעגראַלער טייל פון דעם באַנייטן יידישן לעבן אויפן באָדן פון דער אַלט־יונגער מדינה, וועלכע זאַמלט אין איר שויס אַלע יידישע קולטור־ווערטן, וועלכע דאָס פאָלק האָט געשאַפן אין זיין לאַנ־גער וואַנדערונג איבער לענדער און צייטן. דאָס האָט אינספּירירט דעם נאַציאָנאַלן יידן און קולטור־מענטשן, ישראל חדש, אונטערצונעמען די אויסגאַבע פון אַ טעגלעכער צייטונג און דאָס איז געווען די באַוועג־קראַפט, וואָס האָט סטימולירט זיינע נאָענטסטע מיטאַרבעטערס צו דערהייבן די צייטשריפט אויף אַ מדרגה פון אַ נאַציאָנאַלער יידישער טריבונע, וועלכע האָט געוווּנען אַ סך לייענערס, אָנהענגערס און פריינד אין לאַנד, און אין אַלע יידישע תפוצות פון דער ברייט־פאַרשפּרייטער יידישער וועלט.

נישט קיין לייכטע אויפגאַבע איז איינצובירגערן אַ טעגלעכע צייטונג אויפן ישראל־באָדן. אין דעם זין האָט ארץ־ישראל פון די ערשטע יאָר־צענדליקער פון דעם יאָרהונדערט זייער שווערע אַנטעצעדענטן. איך גע־דענק מיינע איבערלעבונגען פון יענער צייט. בעת מיינע שפּאַצירן מיט חברים אויף די צענטראַלע גאַסן פון תל־אביב, האָבן מיר אָנגעטראָפן אויף גרופּעס „פּאַטריאָטן" פון גדוד מגיני הלשון, וואָס פלעגן אונדז אַריינשרייען אין די אויערן: „עברי, דבר עברית!"...

דאָס איז נאָך געווען צו דערליידן. כאָטש אין מיינע אויערן האָט עס געקלונגען זייער פּיינלעך. איך בין אַנטלאָפן פון פּוילן, אַ לאַנד אין וועלכן עס האָט געבושעוועט דער אַנטיסעמיטיזם, מיט אַלע זיינע געמיינקייטן. מען האָט אונדז גערודפט, אָבער רײדן יידיש האָט מען אונדז נישט פאַרווערט.

פון אַזאַ צרה האָט מען דאָרט נישט געוווּסט, אָבער גראָד אין אייגע־נעם לאַנד פון אונדזערע אָבות, דאַרף מען זיך היטן אַרויסצורײדן אַ יידיש וואָרט. מיט דעם לשון, און אַ דאַנק דעם לשון, האָבן מיר דאָך אויסגעהאַלטן הונדערטער יאָרן גלות. מיט דער שפּראַך בין איך דאָך געקומען אין לאַנד

בויען און פאַרטיידיקן זייַנע גרענעצן. דאַרף מען זיך פון דעם לשון אָפּזאָגן?

איז מײַן ליבע צו ייִדיש געוואָרן נאָך שטאַרקער, און איך האָב די דאָזיקע פאַרשוינען באַטראַכט ווי שונאי־ישראל, ווי אמתע פאַשיסטן.

אָבער נאָך עפּעס ערגערס האָב איך געזען איין מאָל אויף דער גאַס אַלענבי. דאָרט האָט זיך דעמאָלט געפונען דער לאָקאַל פון די לינקע פּועלי־ציון. דער גרויסער זאַל איז געווען איבערגעפּולט מיט מענטשן, און בעת דער חבר דניאל לייבל האָט גערעדט — פאַרשטייט זיך, ייִדיש — האָבן דורכן פענצטער אָנגעהויבן פאַלן שטיינער, און דער רעדנער האָט באַקומען אַ שטיין אין קאָפּ אַרײַן און אים צעבלוטיקט.

אין שכנות פון דעם לאָקאַל האָט זיך געפונען אַן אַמפּיטעאַטער (אַ צריף), וואָס האָט געהערט צו דער זעלביקער פּאַרטיי, און די פאָרשטעלונ־גען זײַנען געווען אין ייִדיש. בעת איין פאָרשטעלונג אַזאַ, איז דער טעאַטער פשוט אַטאַקירט געוואָרן מיט אַ האָגל שטיינער, און עס זײַנען געווען קרבנות צווישן די אַרטיסטן און אויך פון פּובליקום. דאָס דאָזיקע כוליגאַניש בילד האָט מיך אויפגעשוידערט ביזן מאַרך פון די ביינער.

אין יענער צײַט בין איך אויך בײַגעווען אַ הסתדרות־צוזאַמענפאָר אין תל־אָביב, וועלכן עס האָבן אָרגאַניזירט אַלע דרײַ אַרבעטער־פּאַרטייען. צווישן די דעלעגאַטן האָבן זיך געפונען די הויפּט פירערס: דוד בן־גוריון, בן־צבי, בערל קאַצענעלסאָן, שפּרינצאַק, חיים אַרלאָזאָראָוו און אַנדערע. בעת דער ד"ר ניר־ראַפּאַלקעס האָט באַקומען דאָס וואָרט און אָנגעהויבן ריידן ייִדיש, האָט דער פאָרזיצער פון דער פאַרזאַמלונג, דוד בן־גוריון, גע־נומען קלאַפּן אין טיש מיטן הילצערנעם האַמער און אים נישט געלאָזט ריידן. די דאָזיקע אָבסטרוקציע און דער טומל וואָס האָט דערבײַ אויסגע־בראָכן, האָט אָנגעהאַלטן אַ לענגערע צײַט. ער האָט אים נאָך דעם ווידער געגעבן אַ וואָרט, אָבער בתנאי, ער זאָל ריידן עברית. אָבער ניר האָט אָנ־געהויבן ריידן ייִדיש, און עס האָט זיך איבערגעחזרט די זעלביקע סצענע; בן־גוריון האָט געהאַמערט אין טיש, און דער רעדנער איז אַנטשוויגן גע־וואָרן. דער סוף איז געווען סימפּטאָמאַטיש: מען האָט געשטעלט צו דער אָפּשטימונג אין וועלכער שפּראַך דער רעדנער זאָל ריידן, און די אַבסאָלו־טע מערהייט האָט זיך אַרויסגעזאָגט פאַר ייִדיש...

מײַן ליבער חבר, און כמעט ווי אַ בן־עיר, ברוך סקולה האָט געהערט

צו דער „אַחדות העבודה״-פּאַרטיי, ער האָט זייער פֿײַן באַהערשט די העב־רעיִשע שפּראַך, אָבער ער האָט אויך אָפּגעשאַצט דעם גרויסן ווערט פֿון יידישן לשון, און האָט געהאַלטן, אַז דער קאַמף קעגן דער שפּראַך אין דעם לאַנד איז אומבאַרעכטיקט און שעדלעך. פֿלעגן מיר יעדן שבת־אָוונט זיך באַטייליקן אין מסיבות, ווו מען האָט גערעדט וועגן פֿאַרשיידענע געזעל־



אַן אויפֿנעם פֿאַרן ישראל־מיניסטער, ארזי, אין באָגאָטאַ. — פֿון רעכטס: י. אַווערבוך, יאַקאָבי, גובערעק, מרים ווײַס, פֿרוי זעלצער, דוד ווײַס, צפּורה אַווערבוך

שאַפֿטלעכע און קולטורעלע ענינים, אין יידיש. אַנדערע חברים פֿון דער זעלביקער פּאַרטיי, האָבן זיך גרופּירט אַרום דעם ח׳ קולטון, וואָס האָט אָנגעפֿירט אַן ענלעכן יידיש־קרײַז. ער איז געווען קאָרעקטאָר אין „דבר״ און האָט, פֿאַרשטענדלעך, אויסגעצייכנט באַהערשט ביידע שפּראַכן, אָבער

ער איז געווען דורכגענומען מיט אַהבת ייִדיש. איך האָב זיך אויסגעלעבט אין אָט דער גרופּע, און דאָרט געפונען אַן אינהאַלט אין לעבן, און דערמאָן דעריבער מיט דאַנקשאַפט דעם ח׳ סעקולין, וואָס האָט מיר מיט דעם קרײַז פֿאַרבונדן.

יאָ, מיר זײַנען געווען אַנשלאָסן צו צוימען די כוליגאַנישע אָנפֿאַלן פֿון „גדוד״ אויף די ייִדישע פֿאַרזאַמלונגען, אָבער קיין גרויסע מעגלעכקייטן האָבן מיר נישט געהאַט. די „גדוד״־פֿאַנאַטיקערס זײַנען געווען גוט באַוואָפֿנט, און זײַנען גרייט געווען צו פֿירן קעגן אונדז אַ הייליקע מלחמה, וואָס וואָלט פֿאַטאַל זיך אָפּגערופֿן אויף דער אַזוי־אויך־שוואַכער עליה פֿון די גלות־לענדער, אין יענער צײַט.

ווי איך האָב אויבן דערמאָנט, זײַנען די „ייִדישיסטן״ — ווי מען האָט אונדז גערופֿן — נישט געווען קיין קעגנערס פֿון עברית; פֿאַרקערט, צוגלײַך מיט זיי האָבן מיר געהאַלטן, אַז די היסטאָרישע שפּראַך פֿון ייִדישן פֿאָלק דאַרף אויפֿגעלעבט ווערן אין ייִדישן לאַנד, אָבער צוליב דעם איז נישט בייטיק, אַז די ייִדישע קולטור און די ייִדישע שפּראַך זאָלן אָפּגעווישט ווערן. איז אונדזער דעמאָלטיקער קאַמף, פֿון מיט פֿופֿציק און פֿערציק יאָר צוריק, נישט געווען אַרויסגעוואָרפֿן. מיר האָבן פֿאַרזייט קערנער, וואָס האָבן געגעבן פּרוכט אין די שפּעטערדיקע יאָרן; וואָס האָט דערמעגלעכט, אַז אין די גרענעצן פֿון דער הײַנטיקער מדינה זאָל אויפֿגיין אַ גײַסטיקע שאַפֿונג אויף ייִדיש, און אַז מענטשן מיט אַזאַ פֿאַלקסטימלעכן טעמפּעראַמענט און שעפֿערישן גײַסט ווי ישראל חדש ז״ל, זאָלן דאָרט געפֿינען אַ באָדן פֿאַר אַ ייִדישן צײַטונגס־וועזן.

דערמאָן איך דעריבער מיט יראת־הכבוד דעם ליכטיקן אָנדענק פֿון דעם מוטיקן קעמפֿער, וואָס האָט זינט דעם ערשטן טאָג פֿון באַטרעטן דעם באָדן פֿון זײַן אויסגעבענקטן לאַנד, אָנגעהויבן פֿירן אַ קאַמף קעגן דער עוולה, וואָס ווערט באַגאַנגען קעגן ייִדיש, און די אידייע איז געוואָרן די טרײַב־קראַפֿט פֿון זײַן געזעלשאַפֿטלעכער אַקטיוויטעט, וואָס האָט אינספּירירט זײַן טאַלענטירטע פֿעדער, אָנגעלאָדן מיט קראַפֿט זײַן לעבעדיק וואָרט, און אָנגעפֿילט מיט אינהאַלט זײַן לעבן. און די לאַנגע יאָרן פֿון געזעלשאַפֿטלעכן קאַמף מיט פּען און וואָרט, האָבן זיך פֿאַרענדיקט מיט אַן אייגענער

טריבונע, אויף וועלכער ער האָט אויפגעשריבן ווי אויף אַ פּאָן דעם נאָמען: „ייִדישע צײַטונג".

הײַנט ווערט מדינת ישראל אַ צענטער פון ייִדישער קולטור. עס דער־שײַנען צוויי ייִדישע צײַטונגען אין דעם לאַנד, אַ זשורנאַל „די גאָלדענע קייט" פון אַ הויכן ליטעראַרישן ניוואָ, מיט וועלכן עס וואָלטן געקאָנט שטאָלצירן אויך פיל רײַכערע און גרעסערע פעלקער. און עס דערשײַנען און ווערן פרײַ פאַרשפּרייט נאָך פיל אַנדערע פּובליקאַציעס און צײַטשריפטן אויף ייִדיש. דער אַקאַדעמישער „ווערטערבוך פון דער ייִדישער שפּראַך", אַ מאָנומענטאַל ווערק פון פיל בענדער, גייט־אַרויס אין ירושלים. מען וואַרפט שוין מער נישט קיין שטיינער אויף ייִדישע פאַרזאַמלונגען און טע־אַטערן, אַזוי אַז נישט לאַנג איז דורכגעפירט געוואָרן אַ פעסטיוואַל פון ייִדישע לידער אין „היכל התרבות" פון תל־אָביב, דאָס צענטראַלע קולטור־הויז פון דער מדינה, און די צײַטונג „דבר" האָט געשריבן: „אויך ייִדיש האָט זוכה געווען צו אַ „רענעסאַנס" אין ישראל, פאַר וועלכן עס האָבן נישט ווייניק בײַגעטראָגן די עולים פון סאָוועט־רוסלאַנד". אָן ייִדיש וואָלטן זיי געווען פאַרמשפּט אויף שטום־שווײַגן, און מיט ייִדיש ווען זיי זיך אײַנ־טעגרירן אין דער קולטור פון לאַנד, וואָס ווערט געשאַפן אויף דער שפּראַך פון תנ"ך.

ישראל חדש איז אַוועק אין דער אייביקייט, אָבער זײַן ווערק לעבט, און וועט לעבן. ער האָט איבערגעלאָזן יורשים, תלמידים און נאָכפאָלגערס, וועלכע וועלן ממשיך זײַן דעם אויפטו, און צענער טויזנטער לייענערס וועלן אָנהאַלטן אַ פאַרבינדונג מיטן ייִדישן לעבן, שעפּן אינספּיראַציע אין ייִדישן וואָרט, און זיכערן דעם קיום פון דער „ייִדישע צײַטונג".

## אַ בריוו צו אַ קאַטוילישן גייסטלעכן

צו זײַן עקסעלענץ מאַרסעלינאָ קאַיענס סאַנטאַקאַנאַ, אַפּאָסטאָלישער פּערפֿעקט פֿון לעטיסיאַ:

איך האָב דעם כבוד זיך ווענדן צו אײַך מיט דער אויפֿריכטיקער כוונה אויסצודריקן מײַן פֿאַרערונג פֿאַר אײַער אָפּפֿערוויליקייט לטובֿת די פֿאַרוואָרלאָזטע און נויטבאַדערפֿטיקע מענטשן. איר האָט זיך אָפּגעזונדערט אין אַ ווײַטער און פֿאַרוואָרפֿענער געגנט, ווײַט פֿון אַ שטאָט און פֿון דער ציוויליזירטער וועלט, מיטן הייליקן ציל צו העלפֿן אונדזערע מיטמענטשן, די אינדיאַנער, וועלכע זײַנען אויך באַשאַפֿן בצלמו, אין דער געשטאַלט פֿון גאָט. איר שפּאָרט ניט קיין מיטלען, און אַפֿילו נישט דעם אייגענעם געזונט און לעבן, און האָט געשאַפֿן אַ גרויס הומאַניטאַר ווערק, וואָס טיילט אויס הילף די קראַנקע, טרייסט די פֿאַרצווייפֿלטע און ברויט די הונגעריקע.

לויט דער ייִדישער טראַדיציע איז דער קיום פֿון דער וועלט געבויט אויף מעשׂים־טובֿים, פֿון וועלכן איר גיט דעם שענסטן בײַשפּיל. דערפֿאַר האָב איך געהאַלטן פֿאַר אַ פֿליכט, ווי אַ ייִד, זיך צו סאָלידאַריזירן מיט אַזאַ טיף הומאַניטאַר ווערק און איבערשיקן אײַך מײַנע האַרציקסטע ברכות.

איר האָט אויסגעקליבן די קליינע שטאָט לעטיסיאַ ווי אַ צענטער פֿון וועלכן איר פֿירט אײַער טעטיקייט. ס'איז אַ שטאָט אָנגעלאָדן מיט לעגענדעס וועגן דעם גיגאַנטישן אַמאַזאָנאַס־טײַך, און אַרומגערינגלט מיט אומהיימלעכע ווילד פֿאַרשטוינישן פֿול מיט שרעק און געפֿאַרן. דאָ ווױנען נאָך נישט קיין ווײַסע מענטשן, נאָר איר האָט פֿאַר די אינדיאַנער אײַנוווינערס פֿון דער געגנט אָפּגעגעבן פֿינף און צוואַנציק יאָר פֿון אײַער לעבן. דאָס איז אַ קרבן וועלכן, ווי מיר ווייסן, איר האָט פֿרײַוויליק אויסגעקליבן, אַן אַקט פֿון אמתן הערןאָיזם אין וועלכן עס באַגלייטן אײַך פֿיל צעדליקער מיטאַרבעטערס, וועלכע איר האָט אינספּירירט מיט אײַער טיף הומאַניטאַרן בײַשפּיל און מיט אײַער אָפּפֿערוויליקן לעבן.

אָן ערלעכער מאַן קאָן נישט בלײַבן גלײַכגילטיק צו אַזאַ אויפטו, און עס דערוועקט זיך אַ ווילן עפּעס בײַצוטראָגן און מיטהעלפן. זאָל מיר דער־לויבט זײַן בלויז צו סוגערירן אַ פּלאַן פון קאָלעקטיווע אַגראַר־ווירטשאַפטן, וועלכע וואָלטן געקאָנט האָבן אַ גרויסן דערפאָלג אויפן פּרוכטיקן קאָלאָמ־ביאַנער באָדן פון יענע ווײַטע מקומות, וואָס האָט נאָך נישט פאַרזוכט דעם טעם פון קיין אַקעראײַזן. דעם גרויסן דערפאָלג פון אַזעלכע אַגראַר־ווירט־שאַפטן האָב איך געזען אויף מײַן באַזוך אין מדינת ישראל. דאָרט האָט דער מענטש געמאַכט בליִען מדבריות, און האָט באַדעקט מיט וועלדער און גרינס די גרויע שטייניקע בערג. איך האָב געזען וואַקסן איילבירטן און פּרוכט־ביימער אויף פעלדזן אויף וועלכע מען האָט אויסגעהאַקט טעראַ־סעס, און זיי באַדעקט מיט ערד און מיט וואַסער.

דער כוח פון מענטשן מיט דער הילף פון גאָט, האָט דאָרט געשאַפן דעם גרויסן נס פון ווידערגעבורט פון אַ שווער־אויסגעפּרוּווט פאָלק און פון אַ וויסט און אָפּגעשטאַנען לאַנד, וואָס פאַרנעמט שוין הײַנט אַן אָרט צווישן די פאָרגעשריטענע לענדער, צום ווויל פון אַלע זײַנע אײַנוווינערס, ייִדן און אַראַבער. די גרויסע אויפטוען אויפן געביט פון אַגריקולטור האָבן געזיכערט אַ הויכן לעבנס־ניוואָ פון דער באַפעלקערונג, וואָס האָט אויך סטימולירט די אַנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע. זייער פיל אַכט ווערט דאָרט געלייגט אויף דער דערציִונג, עס ווערט קולטיווירט אַ געפיל פאַר מענטשלעכער חשיבות, און עס ווערט געזאָרגט פאַרן מאָראַלישן געזונט פון דער יוגנט און פאַרן גײַסטיקן לעבן פון דער גאַנצער באַפעלקערונג. דאָס לאַנד פון דער ביבל שטרעבט צו לעבן לויט די געבאָטן, וועלכע בילדן דעם יסוד פון די דרײַ מאָנאָטעיִסטישע רעליגיעס, מיט פולן רעספּעקט און טאָלעראַנץ צו יעדער איינער פון זיי. אויפן בײַשפּיל פון ישראל קאָן מען לערנען, וואָס מען וואָלט געקאָנט אויפטאָן פאַר די אײַנגעבוירענע פון אַמאַזאָנאַס, און פאַר די אַלע וואָס דאַרפן אײַער הילף אין די פאַרוואָרלאָזטע געגנטן פון לאַטיין־אַמעריקע.

די אָרעמקייט און מיזעריע, וואָס הערשט אין דער וועלט, און וואָס באַאומרויִקט טיף מענטשן פון אַחריות און געוויסן, באַרירט אויך אין אַ גרויסער מאָס קאָלאָמביע, ווי אַ לאַנד וואָס איז נאָך יונג און אומאַנטוויקלט. אין אונדזערע שטעט זעט מען נאָך נעסטן פון גרויסער נויט, מאַסן געזונ־

טע יונגע הענט וואַרטן אויף באַשעפטיקונג, קליינע קינדער פאַרשוואַרצטע און אויסגעהונגערטע בלאָנדזשען אַרום איבער די גאַסן, צעבראָכענע היי־מען אָן אַן עקאָנאָמישן יסוד און מאָראַלישער פאַראַנטוואָרטלעכקייט. די מיזעריע האָט דעגראַדירט דעם מענטשן אין אַ לאַנד, וואָס פאַרמאָגט ריזיקע רעזערוון, אומגעהײַערע מעגלעכקייטן און אויך גרויסע מענטשלעכע הער־צער, פון וועלכע איר זײַט אַן איבערצײַגנדיקער בײַשפּיל. עס דאַרף נאָר קומען דער באַריר פון מײַסטערס צויבער־שטעקעלע, וואָס זאָל ברעכן די אינערציע, און די מעגלעכקייטן וועלן ווערן אַ ממשותדיקע ווירקלעכקייט.

די השגחה האָט אײַנגעטיילט דעם לאַנד די שענסטע מתנות פון דער נאַטור. דער באָדן פון קאָלאָמביע איז פעט, גוט באַוואָסערט און פאַרמאָגט אַלע קלימאַטן, אין זײַנע אינגעווײדן ליגן די טײַערסטע מעטאַלן און מי־נעראַלן, נאָר דעם מענטשן דאַרפן געגעבן ווערן די מעגלעכקייטן ער זאָל קאָנען דערפילן דעם געבאָט פון „בראשית“ און אַרבעטן, און עסן זײַן ברויט „מיט דעם שווייס פון פנים“... און אַז דער געבאָט וועט מקוים ווערן וועט ווײלשטאַנד און פּראָגרעס הערשן אויף דער דאָזיקער גאָט־געבענטשטער ערד.

די גרויסע אָרעמקייט, וואָס הערשט אַרום פאַרפליכטעט אונדז צו באַל־דיקע מעשים. מען דאַרף נישט וואַרטן ביז די רעגירונגען וועלן אָפּשאַפן דעם איבל, זאָל די איניציאַטיוו קומען פון די גײַסטיקע רעגירערס, זאָלן ווײַזן אַ בײַשפּיל די וועלכע זײַנען אינספּירירט מיט גלויבן אין גאָט און מיט ליבשאַפט צו מענטשן. עס איז נייטיק צו באַוועגן און אָרגאַניזירן די ברייטסטע שיכטן פון פאָלק, און איר געניסט פון זייער צוטרוי, אײַער פער־זענלעכקייט בראש פון אַזאַ באַוועגונג און אײַער נאָמען וואָס איז טיף באַ־ליבט בײַם פאָלק, וועט זאַמלען אַרום אײַך ברייטע מאַסן.

דער אינדיאַנער, אַ קינד פון דער וויסטעניש, אַ ברודער פון די טײַכן, אַ חבר פון ווילדע חיות, פאַרמאָגט אין די טיפעניש פון זײַן האַרצן אַ זעלטענע פילבאַרקייט און דאַנקשאַפט צו יעדן איינעם, וואָס ווײַזט אים אַרויס פרײַנדשאַפט. איך האָב אַ פאַרגאַפטער זיך צוגעקוקט און באַוווּנדערט די אײַנגעבוירענע איידלקייט פון די אינדיאַנער, ווען זיי האָבן אײַך צוגע־טראָגן ווי אַ מתנה זייערע אויסאַרבעטונגען. זיי האָבן עס געטאָן מיט אַ דערהויבענער פשטות און גרויסער ווערדע.

## שמעון גובערעק

איר האָט געשאַפן גרויסע ווערק אויף צו באַקעמפן די מיזעריע און קראַנקייטן אין די פאַרוואָרפנסטע ווינקלען פון לאַנד. איך ווייס, אַז איר דערוואַרט נישט קיין אַפּלויזן און איר דאַרפט נישט קיין פּוסטע כיבודים. אײַער כוונה איז נאָר צו ברענגען טרייסט און גליק צו אונדזערע מיט־מענטשן, יעדער ווײַטערדיקע איניציאַטיוו וואָס איר וועט אונטערנעמען וועט דעריבער געקרוינט ווערן מיט דערפאָלג, און געווינען די סימפּאַטיע און מיטהילף פון גאַנצן פאָלק. אַלע מענטשן פון גוטן ווילן פאָלגן נאָך מיט די בעסטע ווונטשן אײַער הומאַניטאַרע טעטיקייט, און ווינטשן אײַך ווײַטערדיקע דערגרייכונגען אין דער הייליקער אַרבעט.

מיט מײַן טיפסטן דרך־ארץ,

סימאָן גובערעק



„מכבי"־ספּאָרטלערס אין באַראַנקיליאַ, קאָלאָמביע

# אונטערן שאָטן פון דער אינקוויזיציע

קאַרטאַגענאַ — אַ נאָמען וואָס האָט איבערגעלאָזן אַ טרויעריקן אָנדענק אין דער ייִדישער געשיכטע פון לאַטײַן־אַמעריקע. קאַרטאַגענאַ — אַ גן־עדן־ווינקעלע אויף דער ערד, מיט איר ים און טײַך, מיט די מיטלעלטערלעכע רעשטן פון גראָבע ווענט, ריטערלעכע שלעסער, אַלטע טעמפּלען, און מיט אַן אייביק יונגער טראָפּיקאַלישער נאַטור, וואָס פאַרשיכורט מיט איר אַראָמאַט ווי שטאַרקער ווײַן, און בלענדט מיט דער שפע פון אירע קאָלירן. אַ גן־עדן־ווינקעלע, וואָס דערפרייידט דאָס האַרץ, און רופט־אַרויס אַזוי פיל טרויעריקע זכרונות בײַם ייִדן. קאַרטאַגענאַ, די שטאָט פון שיינקייט און געינוס; די שטאָט פון דער הייליקער אינקוויזיציע, וואָס האָט מיט אירע מעשים אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף מענטשן.

קאַרטאַגענאַ פיגורירט אין אַלע טוריסטישע וועגווײַזערס פון דער וועלט, און ווערט פאָטאָגראַפירט מער ווי די שטערן פון קינאָ. פיל צענדליקער טויזנטער טוריסטן באַזוכן יעדעס יאָר די שטאָט, און מיט אַ פרייַלעכן האַרמידער באַלאַגערן זיי טאָג און נאַכט די גאַסן. דעם ייִדן איז שווער צו ווערן אַ שותף צו דער פרייד, ער גייט מיט אָנגעשפּיצטע אויערן, עס דאַכט זיך אים, אַז עס טראָגן זיך נאָך קרעכצן אין דער לופטן, אַז עס ווערן נאָך געפּײַניקט קרבנות אין די קאַזעמאַטן אונטער די קלויסטערס.

אין די קעלערן פון דער אינקוויזיציע ווערן געוויזן די טאָרטור־אינסטרומענטן אויף צו רײַסן נעגל, ברעכן ריפּן, אָנצופולן דעם קערפּער מיט וואַסער. מאַשינען מיט רעדער און מיט ציינער, וואָס זאָגן עדות אויף דעם דערפינדערישן גײַסט און סאַדיסטישן אינסטינקט, וועלכע עס האָט אינספּירירט דעם הייליקן צאָרן קעגן די אומגלויביקע. נישט אַלע מכשירים ווערן געוויזן פאַר טוריסטן, ווײַל אייניקע מאַכן אַ שווערן אײַנדרוק אַפילו אויף זייער פרומע נשמות.

אַוודאי זײַנען די גוטמוטיקע באַגלייטערס, וואָס ווײַזן אונדז די „אויס־



פירערס פון יידישן ישוב אין באָגאָטאַ, אויף אַן אויפנעם אין דער קהילה

שטעלונג" גאָר ניט שולדיק. נאָך ווייניקער שולד טראָגן אָט די אַלע מענטשן אין גאַס, וואָס קוקן אונדז אָן מיט גוטע און שמייכלענדיקע אויגן; וואָס איז שולדיק אָט די פרוי, וואָס פירט אין וועגעלע אַ שלאָפנדיק קינד און די אַלע איינוווינערס פון דעם לאַנד, וואָס האָבן פריינדלעך דאָ געמאַכט אַ פּלאַץ פאַרן ייִדן בײַם טיש פון לעבן?

מיט אַזעלכע געדאַנקען בין איך אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסן פון קאַרטאַגענאַ, די שטאָט פון פאַנטאַסטישע בילדער, פון נאַטירלעכער פּראַכט, פון גאָטס חסד אויף דער געבענטשטער ערד, אויף וועלכער עס טראָגן זיך נאָך אַרום געשפּענסטער פון די גרויזאַמע צײַטן.

אין קאַרטאַגענאַ זײַנען אויך געקומען ייִדן. פריִער, פון די אַרומיקע אינדזלען, און שפּעטער, האָט דער גורל פון אונדזער יאָרהונדערט געבראַכט אַהער אויך מײַנע פּוילישע און בעסאַראַבער לאַנדסלײַט. און דאָ, ווי אין אַלע אַנדערע ישובים פון לאַנד, האָבן זיי זיך גענומען צום האַנדל, האָבן די ערשטע געעפנט קאַנאַלן פון אולטראַ־פּאָפּולערן קרעדיט, וואָס האָט דערמעגלעכט, אַז אַפילו די אָרעמסטע שיכטן פון פאָלק זאָלן באַקומען אַ צוטריט צו די אינדוסטריעלע פּראָדוקטן, וועגן וועלכע זיי האָבן פריִער אַפילו נישט געחלומט. די ייִדישע אימיגראַנטן האָבן באַקליידט און באַשוכט די איינוווינערס פון שטאָט, די שוואַרצע און די ווײַסע, האָבן אויסגעמעבלירט זייערע הײַזער און געגעבן דער שטאָט אַ מער ציוויליזירטן פּנים.

*

איך דערמאָן זיך ווי אין קאַרטאַגענאַ האָב איך זיך באַקענט מיט אַ מענטשן, וואָס האָט פון דעם ערשטן מאָמענט געמאַכט אויף מיר אַ שטאַרקן אײַנדרוק. דאָס איז געווען מיט אַ יאָר דרײַסיק צוריק, אַ יונגער־מאַן מיט אַ געדיכטער טשופּרינע בלאָנדע האָר, פאַרחלומטע אויגן און מילדן צוטרוי־לעכן שמייכל. אַן אָפן פּנים, וואָס האָט זיך געבעטן מען זאָל אויף אים קוקן מיט גוטן. פון דעם ערשטן שלום־עליכם איז מיר דער מענטש געפעלן גע־וואָרן, און עס האָט זיך פאַרבונדן צווישן אונדז אַ פרײַנדשאַפט, וואָס האָט מיר פאַרשאַפט אַ סך פאַרגעניגן.

פישל גרינבערג איז געווען זײַן נאָמען. ער איז געקומען פון רומעניע און האָט דאָרט געהאַט זײַנע עלטערן. אין קאַרטאַגענאַ האָט ער אין קורצע עטלעכע יאָר געמאַכט אַ פּאָר טאָלער, און האָט זיך פאַרבענקט אַהיים, — איך

וויל זיך זען מיט דער משפחה, האָט ער מיר געזאָגט, אָבער איך וועל דאָרט לאַנג נישט בלײַבן. און אַזוי איז געווען. ער איז אין אַ קורצער צײַט אַרום צוריקגעקומען, אָבער שוין ניט אַליין. ער האָט חתונה געהאַט אין זײַן שטעטל, און האָט געבראַכט קיין קאָלאָמביע אַ יונג סימפּאַטיש ווײַבל. איז שוין אונדזער פרײַנדשאַפט פאַרבריײטערט געוואָרן, און האָט אַרײַנגענומען אַלע מיטגלידער פוןביידע משפחות, ביז די קינדער אונדזערע האָבן זיך מתחתן געווען, און איך מיט פישלען זײַנען מיר געוואָרן מחותנים.

נאָך אַ רינג, וואָס האָט פאַרשטאַרקט דעם בונד פון פרײַנדשאַפט. אויף מײַן לאַנגן לעבנס־וועג האָב איך נאָך קיין מאָל נישט אָנגעטראָפן אויף קיין מענטשן, וואָס זאָל מיר זײַן אַזוי נאָענט צום האַרצן. איך זאָל זאָגן, ער איז פאַר מיר געווען „ווי אַ ברודער", וואָלט עס נאָך נישט אויסגעדריקט די ווירקלעכקייט. איך וועל זיך ניט שעמען צו זאָגן, אַז ווען איך פלעג אים נישט זען אַ לענגערע צײַט, פלעג איך בענקען און אָנהייבן זוכן אַ מאָטיוו אויף צו מאַכן אַ רײַזע קיין קאַרטאַגענאַ. איך בין אין כאַראַקטער אַ געזעל־שאַפטלעכער מענטש, און איך האָב ליב און פיל מיך גוט אין געזעלשאַפט פון מענטשן, און איך האָב פרײַנד צווישן ייִדן און נישט־ייִדן. אָבער פישל איז פאַר מיר געווען עפּעס מער, און ווען איך שטעל זיך הײַנט די פראַגע: פאַר וואָס? זע איך פאַר זיך קלאָר דעם ענטפער: פישל איז געווען אַ זעל־טענער בעל־מידות, אַן אײדעלע נשמה, און ס'איז פשוט געווען אַ נחת־רוח צו פילן זײַן אָנוועזנקייט...

פישל גרינבערג איז יונג אַוועק פון דער וועלט, און די וואָס האָבן געהאַט דעם פאַרגעניגן אים צו קענען, וועלן קיין מאָל אים נישט פאַרגעסן. אַ מענטש, וואָס האָט אין בוכשטאַבלעכן זין פון וואָרט „געלעבט פאַר יע־נעם", אַן אידעאַליסטישע נאַטור, וואָס האָט הנאה געהאַט צו זאָרגן פאַר אַנדערע. ווי אַ געזעלשאַפטלעכער עסקן אין שטאָט, האָט ער נישט נאָר אין זינען געהאַט די אָדער יענע אינסטיטוציע, נאָר האָט געהאַט „אויפן קאָפּ" אַלע ייִדן פון ישוב, און יעדן איינעם פון זיי באַזונדער. ער האָט גע־ווּוסט אַלע „שווערע הערצער" און פלעגט, נישט געבעטענערהייט, אונטער־קומען מיט זײַן ליכטיקן שמייכל, וואָס פלעגט דערמוטיקן מענטשן. אַן אײַנ־געבוירענער „פּאָטערלעכער" כאַראַקטער, וואָס האָט אויסגעשטראַלט מענ־טשלעכע וואַרעמקייט, און דער קאָנטאַקט מיט אים פלעגט ממש דערפרישן.

קאָראָנעל צבי, אין אַ שליחות פון מדינת ישראל אין קאָלאָמביע. — פון רעכטס: ש. גובערעק, חיים פײַנבוים,
ג. לעווענטאַל; דער שליח, חיים לעמפערט, ד״ר ראָזענטאַל, כאָסע באַום ע״ה, כ. האַנליין,
פרעזידענט פון דער דײַטשער קהילה

איך האָב עס געפילט נישט נאָר אין זיך, נאָר האָב עס אויך געמערקט אין אַנדערע.

ער פלעגט באַקומען צײַטונגען און זשורנאַלן פון ניו־יאָרק, בוענאָס־אײַרעס און ישראל, און איז געווען דער קולטור־אַדרעס פון ישוב פאַר דער ייִדישער וועלט, ווו מען פלעגט אים רופן „דער רבי פון קאַרטאַגענאַ". און ווירקלעך האָט ער געהאַט אין זיך די אַלע אַטריבוטן פון אַ „גוטן־ייִדן", אַ יודע־ספר און אַ נוח־לבריות, וואָס האָט ליב מענטשן, און „אַהבת ישראל" איז בײַ אים דאָס אייבערשטע פון שטייסל. פלעגט קומען אַ שליח אין שטאָט אָדער אַ קולטור־גאַסט, איז פּישל געווען דער ערשטער, וואָס פלעגט מקיים זײַן די מצווה פון הכנסת־אורחים, און זײַן מלכה האָט ליב געהאַט אױפצונעמען געסט מיט אַ רײַכן אויסוואַל פון בעסאַראַבער מאכלים.

די אָוונטן, וועלכע איך האָב פאַרבראַכט בײַ פּישלען אין הויז, זײַנען געבליבן אין מײַן געמיט ווי פריידיקע איבערלעבונגען, וועלכע איך פאַר־צייכן אין מײַן ספר־הזכרון מיט אמתן פאַרגעניגן. אַזעלכע פרײַנד צו האָבן — איז אַ גרויסע זכיה, און איך האָב זיך געפילט שטאָלץ מיט דער פרײַנד־שאַפט פון אָט די גוטע מענטשן. ווען איך פלעג קומען צו גאַסט, פלעגט פּישל פאַרבעטן צום טיש נאָך אַ פּאָר מענטשן פון די אָרטיקע תושבים, און עס פלעגט זיך פאַרפירן אַ שמועס מעניני־דיומא. געוויינלעך, פלעגט מען אָנהייבן מיט לאָקאַלע ענינים, און ווי עס פירט זיך בײַ ייִדן, נאָך דעם באַ־זאָרגן די גאַנצע וועלט. פּישל האָט „געפראַוועט טיש", און ער האָט געהאַט וואָס צו זאָגן, און מיט אַ באַזונדער כוונה פלעגט ער באַקרעפטיקן זײַנע ראַיות מיט מאַמרי חז״ל, ווי ער זאָל וועלן באַטאָנען: איר זעט, ייִדן, אונ־דזערע חכמים האָבן שוין דאָס פון לאַנג געוווּסט!...

איין מאָל, דאָס איז געווען אַ זונטיק נאָך מיטאָג, די געסט זײַנען אַוועק מאַכן די „סיעסטאַ", און איך בין אַרײַן מיט פּישלען אין אַ באַזונדער צי־מער טרינקען אַ קאַווע. איך האָב באַמערקט, אַז זײַן פּנים האָט זיך פאַר־צויגן ווי מיט אַ שאָטן, און ס׳איז פאַרשוווּנדן זײַן שטענדיקער שמייכל פון די ליפּן. נאָך אַ לענגערן שטילשווײַגן, ווי ער זאָל צוקלײַבן די ווערטער, האָט ער זיך אָפּגערופן:

— ווייסט, שמעון, איך פיל דאָ, אין קאַרטאַגענאַ, דעם גלות שטאַרקער ווי ערגעץ ווו אַנדערש, אַפילו ווי אין רומעניע...

איך האָב אים איבערגעשלאָגן מיט פּאַרדראָס:

— רייד נישט קיין נאַרישקייטן! די קאָלאָמביאַנער זײַנען גוטע מענטשן, זיי האָבן נישט קיין אַנטיסעמיטישע פאָראורטיילן ווי דײַנע רומענער אָדער פּאָליאַקן, און דאָס פאָלק — איך מיין די מענטשן פון דער ברייטער היזי־קער פאָלקס־מאַסע, וועלכע איך קען אַזוי גוט — ווייסן נישט פון די „איז־מען" און פון די דיסקרימינאַציעס קעגן ייִדן...

— איך מיין נישט די קאָלאָמביאַנער פון הײַנט, — האָט מיר נישט געלאָזט ריידן פישל — איך מיין זייערע זיידעס פון נעכטן. דערפאַר האָב איך דיר געזאָגט, אַז איך פיל דעם גלות באַזונדערס שטאַרק אין קאַרטאַגע־נאַ, אין דער שטאָט און נישט אין קיין אַנדערער. דאָ, פאַרשטייסטו מיך, האָט זיך נאָך נישט אויסגעוועפּט דער רויך פון די שײַטערהויפנס, יעדע גאַס דערמאָנט דאָ די אינקוויזיציע און יעדער קלויסטער — קאַזעמאַטן, ווו עס ליגן נאָך צעבראָכענע סקעלעטן פון ייִדן, צעריבענע שאַרבנס, וועלכע זײַנען דורכגעגאַנגען די רעדער פון די טאָרטור־ אַפּאַראַטן. די געשפּענס־טער פון די פאַרפּײַניקטע קוקן־אַרויס אין די נעכט דורך די פילפאַרביקע שויבן פון די אַלטע טעמפּלען, זיי שאַרן זיך אָפט בײַ די ווענט, און מען הערט זייערע קרעכצן אין דער פינצטער...

ער האָט מיר נישט געקוקט אין די אויגן, ווי עס איז געוויינלעך געווען זײַן טבע בײַם רעדן, נאָר האָט געקוקט איבער מיר, און גערעדט ווי צו זיך אַליין.

— איך גיי גאַנץ אָפט אַרײַן אין קעלער פון דער אינקוויזיציע — איך האָב דאָרט עפּעס אַ שטיקל חלק, האָט ער באַמערקט מיט אַ פאַרקרימטן שמייכל — און איך קוק זיך צו ווי מענטשן, איבערהויפּט טוריסטן באַ־טראַכטן די פּײַניקונגס־אינסטרומענטן. זיי קוקן אויף דעם ווי אויף אַן אויסשטעלונג פון בילדער, מיט פריילעכע פּנימער, מיט נײַגעריקע אויגן, מיט אַ זאָרגלאָזער גלײַכגילטיקייט, ווי עס וואָלט זיך געהאַנדלט פון פרע־היסטאָרישע דאָקומענטן. פאַר מיר, ברודערל, איז עס נישט קיין פרעהיס־טאָריע, ווײַל דער זעלבער פּראָצעס האָט זיך איבערגעחזרט מיט ייִדן אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, כמעט ווי פאַר מײַנע אויגן.

— די שטאָט, האָט ער ווײַטער פאָרגעזעצט, איז צו פיל פאַרבונדן מיט דער אינקוויזיציע; אויף שריט און טריט שטויסטו זיך דאָ אָן אויף

דעם הייליקן פאַרברעכן. אויף דעם מאַרק האָט מען געלייגט שײַטערהויפנס, דורך יענער גאַס האָט מען געפירט די קרבנות צו דער עקזעקוציע. די געשיכטע פאַרפאָלגט דאָ דעם ייִדן, און דערמאָנט אים, אַז ער איז אין גלות... איך וויל אַוועק פון דאַנען!...

איך האָב זיך צוגעהערט צו זײַנע רייד מיט אַ שווער געמיט, עס האָט מיך באַשלאָגן אַ קאַלטער שוויס, און ווי אַן אָטעם האָב איך זיך אָנגעכאַפּט אין זײַן לעצטן געדאַנק, און ממש אויסגעשריגן:

איז וואָס זיצסטו דאָ? האָסט געמאַכט אַ פּאָר טאָלער, ליקווידיר דעם געשעפט און קום צו מיר קיין באָגאָטאַ, וועסט דאָרט לעבן בעסער ווי דאָ, עס איז אַ גרעסערע שטאָט, און מיר וועלן זײַן צוזאַמען!... און וועסט פאַר־געסן די אַלע געשיכטעס!...

זײַן פּנים האָט זיך אויסגעלײַטערט, און עס האָט זיך באַוויזן דער שטענדיקער שמייכל אויף די ליפּן. ער האָט אַ לענגערע ווײַלע מיר אַרײַנ־געקוקט אין די אויגן און געזאָגט:

— זאָלסט נאָר נישט מיינען, אַז איך בין משוגע! איך בין ביי די פולע געדאַנקען, און דערפאַר טאַקע האָב איך עס דיר דערציילט. און איך האָב, חלילה, גאָרנישט צו די אָרטיקע אײַנוווינערס. פאַרקערט, גאָר ליבע און צוגעלאָזענע מענטשן, אַזאַ יאָר אויף מיר. דאָן פעליפּע, רופן זיי מיר, מיט גרויס דרך־ארץ, מען קאָן דאָ מאַכן אַ שיין לעבן. אָבער די שטאָט, פאַרשטייסטו מיך, האָט אַ געשיכטע, וואָס שפּרייט זיך אויס איבער איר ווי אַ שאָטן, און דערוועקט זכרונות וואָס פאַרטונקלען די פרייד פון לעבן... גענוג פאַר מיר קאַרטאַגענאַ, און וועגן דעם וויל איך מיט דיר זיך באַראַטן...

אין יאָר 1957 האָט ער זיך אַריבערגעצויגן מיט דער משפחה קיין באָגאָטאַ, האָט זיך דאָ פײַן אײַנגעאָרדנט, און די דרײַ יאָר וואָס איז נאָך אים געווען באַשערט צו לעבן, איז ער געווען דער הויפּט־טוער אין דעם קרײַז לערנער אין שיל, אונטער דער אָנפירונג פון ר׳ דוד מאירן און ר׳ יונהן. ער איז געשטאָרבן פון עפּאַטיטיס, וואָס האָט אים געמאַטערט לאַנגע יאָרן, און די אידעלע נשמה, וואָס האָט זיך אידענטיפיצירט מיטן צער פון ייִדישן לײַדן, און אויפן אייגן לײַב דערפילט דעם ווייטיק פון די פאַר־פײַניקטע דורך דורות ייִדן, איז פריצײַטיק אַוועק פון דער וועלט...

# קולטור־געסט אין קאָלאָמביע

ייִדישע שרײַבערס און אינטעלעקטואַלן, וועלכע זײַנען געקומען קיין קאָלאָמביע מיט אַ געזעלשאַפטלעכער שליחות, און זײַנען אויפגעטראָטן עפנטלעך מיט פאָרטראַגן אויף ליטעראַרישע, קולטורעלע אָדער נאַציאָנאַל־פּאָליטישע טעמעס, באַצייכענען מיר ווי קולטור־געסט. אייניקע פון זיי האָבן מיר פאַרבעטן, אַנדערע — זײַנען אַליין געקומען. דער ערשטער, לויטן כראָנאָלאָגישן סדר, איז צו אונדז געקומען פון בוענאָס אײַרעס, דער רעדאַקטאָר פון דעם זשורנאַל „דער שפיגל", לייב גרוזמאַן מיט דער פרוי. דאָס איז געווען אין יאָר 1935, דער יונגיטשקער ישוב, וועלכער האָט זיך ערשט אָנגעהויבן אויספיקן פון איי, האָט די געסט אויפגענומען מיט פאַר־געניגן. אין די יונגע געמיטער האָט זיך נאָך נישט אויסגעוועפּט די ראָ־מאַנטישקייט פון דער אַלטער היים, און מען האָט געפילט אַ בענקשאַפט צו אַ העכערן גײַסטיקן לעבן.

ל. גרוזמאַן האָט דאָ געהאַט לאַנדסלײַט, און זיי זײַנען עס אויך געווען די, מיט וועלכע ער האָט זיך צום ערשטן געשטעלט אין פאַרבינדונג. די יעדעניצער, אַ שטעטל אין בעסאַראַביע, האָבן אים געקענט ווי אַ לערער פון דער אַלטער היים, און געגרייט פאַר אים אַ פײַנע אויפנאַמע. לויִס בערנשטיין ע"ה, לייב לערנער, די לעמפּערטס, און בכלל די בעסאַראַבער ייִדן, האָבן נאָך באַצײַטנס זיך געגרייט אויפצונעמען די געסט. צו דער באַן־סטאַנציע איז געגאַנגען אַ צאָלרײַכע דעלעגאַציע, מיט בוקעטן בלומען פאַר דער פרוי, און ס'איז געוואָרן לעבעדיק אין שטעטל.

אָבער נישט אויף לאַנג. לייב גרוזמאַן איז בטבע געווען אַ מוסר־זאָגער, אַזוי אין זײַן שרײַבן ווי אויך אין זײַן רעדן. ער האָט געזען, און אפשר מער ווי פיל אַנדערע, אַ סך פעלערן אין דער ייִדישער געזעלשאַפט, און ער פלעגט עס גאַנץ אָפן, און אָפטמאָל אַפילו גאַנץ שאַרף, אַרויסברענגען אין זײַן וואָרט און שריפט. האָט ער שאַרף קריטיקירט די אַסימילאַטאָרישע

טענדענצן, האָט פאַרדאַמט דעם קולט פון „עגל הזהב", און געפאָדערט מער איבערגעבנקייט פאַר דער יידישער שפּראַך און קולטור. דער טאָן, איז באַזונדער געווען נישט צום האַרצן זײַנע אייגענע בני־עיר, עס האָט זיי נישט געשמעקט דער אופן ווי דער גאַסט האָט זיך פאַרנומען צו שטראָפן יידן, און די נעכטיקע התפעלות האָט בײַ זיי גענומען ביסלעכווײַז זיך אויסוועפן.

די יוגנט אָבער — און מיר זײַנען נאָך אין יענער צײַט געווען יונג — האָט זיך נישט געמאַכט קיין וועזן פון דעם יעדעניצער ברוגז, און צי דער



דראַמאַטישער קרײַז בײַ דער יידישער שול אין באָגאָטאַ, בײַ דער פײַערונג פון 25סטן אַניווערסאַר פון מדינת ישראל

רעדנער האָט יאָ געהאַט, אָדער נישט געהאַט, קיין „אויטאָריטעט" אַזוי צו רעדן, האָבן מיר נישט געלאָזט פאַרשטערן די שמחה, און פאַרגעזעצט מיט די מסיבות און באַנקעטן. בײַם געזעגענען זיך, זײַנען שוין קיין בני־עיר מיט קיין בלומען נישט געווען, אָבער קיין יום־טובדיקייט האָט נישט געפעלט. מיר האָבן געפײַערט די געשעעניש פון אויפנעמען דעם ערשטן קולטור־גאַסט פון אויסלאַנד, וואָס האָט אונדז צוגעגעבן חשיבות אין די אייגענע אויגן. אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן דער געזעלשאַפטלעכער בראשית פון אונדזער ישוב, וואָס האָט פאַרבונדן די ווײַטע באָגאָטאָ מיט דער גרויסער ייִדישער קולטור־וועלט.

*

מיט צוויי יאָר שפּעטער, איז צו אונדז געקומען פון טשילע דער נאָוועליסט, נח וויטאַל. דרײַסיק טעג איז ער געווען מײַן גאַסט בײַ מיר אין הויז. פון די עטלעכע געציילטע רעפעראַטן, וועלכע ער האָט געפּלאַנט צו געבן, און פון דער קליינער אוידיטאָריע וואָס מיר האָבן אין יענער צײַט געהאַט אין ישוב, איז נישט געווען צו דערוואַרטן קיין גרויסע הכנסות, האָט מען קודם געמוזט אײַנשפּאָרן די הוצאות פון האָטעל, וועט עפּעס בלײַבן אויף אַנדערע אויסגאַבן... פאַר מיר, און פאַר מײַן משפּחה, איז עס געווען אַ גרויסער פאַרגעניגן. איך האָב פון אים מער „גענומען" ווי ער בײַ מיר. וויטאַל איז געווען אַ טאַלענטירטער דערציילער, און פערזענלעך זייער אַ סימפּאַטישער און קלוגער ייִד. ס׳איז געווען אַ פאַרגעניגן מיט אים צו פאַרברענגען. זײַנע רעפעראַטן אויף ייִדישע קולטור טעמעס האָבן זייער אויסגענומען; ער האָט גערעדט באַשיידן און אינטים, און פלעגט אַרײַנציִען די צוהערער אין אַן אויסטויש פון מיינונגען.

אין יענער צײַט, איז שוין געווען מיט אונדז דער שרײַבער, שלמה ברייניסקי, און די מסיבות מיט וויטאַלן האָבן אויף אַלעמען געמאַכט דעם בעסטן אײַנדרוק. ער האָט אַרײַנגעבראַכט יום־טובדיקייט אין אונדזער קליינשטעטלדיקן לעבן, און מיר האָבן אים געזעגנט מיט אַ באַנקעט און מיטן אָנטייל פון אַ פײַנעם עולם.

דאָס איז געווען אין יאָר 1938, מיט צוויי און דרײַסיק יאָר שפּעטער, אין 1970, בין איך צום ערשטן מאָל געווען אין טשילע, און אַ דאָרטיקער

עסקן און זייער ליבער מענטש, טיטאָ פוקס, האָט מיך געפירט זיך צו באַקענען מיט די ייִדישע אינסטיטוציעס, און צווישן אַנדערע זײַנען מיר אויך געווען אין מושב זקנים. אַן אַנשטאַלט, וואָס האָט געקאָנט דינען ווי אַ מוסטער פאַר אַנדערע ישובים פון קאָנטינענט. שפּאַצירנדיק איבער די צימערן און גאָרטן, ווײַזט מיר אָן דער פרײַנד פוקס אויף אַ סימפּאַטישער אַלטיטשקער, וועלכע האָט אַרײַנגעקוקט אין אַ צײַטונג: — דאָס איז די פרוי פון אַ ייִדישן שרײַבער, נח וויטאַל, האָט ער מיר אײַנגערוימט אין אויער... איך האָב אויפגעציטערט פון די ווערטער. אַז וויטאַל איז נפטר געוואָרן מיט עטלעכע יאָר צוריק האָב איך געוווסט, נאָר אַז זײַן אלמנה זאָל אויף דער עלטער דאַרפן זײַן אין אַ מושב זקנים? דאָס האָט מיך ממש דערשיטערט. אמת, טאַקע זייער אַ שיינער אַנשטאַלט; אָבער די לעבנס־באַגלײַטערין פון אַ ייִדישן שרײַבער, וואָס האָט באַרײַכערט די ייִדישע ליטעראַטור און וואָס האָט צוגעגעבן חשיבות דעם ישוב, זאָל דאַרפן אויס־לעבן אירע לעצטע יאָרן אין אַ קאָלעקטיוון הויז פאַר זקנים? זו תורה וזו שכרה? האָב איך געטראַכט, דאָס איז דער שכר וואָס ווערט געצאָלט אַ ייִדישן שרײַבער? די ירושה וואָס ווערט אים צוגעטיילט: אַ ווינקל פאַר זײַן אלמנה אין אַ מושב זקנים?...

*

אויך שכנא רעזניק ז״ל איז געווען אונדזער גאַסט, אָבער וועגן אים שרײַב איך אין דעם בוך באַזונדער. אויך וועגן יעקב באָטאָשאַנסקין ווערט דערמאָנט אויף אַ צווייטן פלאַץ, אָבער דאָ וועל איך נאָר צוגעבן, אַז זײַן ערשטער רעפעראַט האָט ממש באַצויבערט, און מיר האָבן באַשטימט די ווײַטערדיקע רעפעראַטן דורכפירן אויף אײַנטריטס־קאַרטן. באָטאָשאַנסקי איז געווען אַ גאָט־געבענטשטער רעדנער, ער האָט פאַרמאָגט אַ פײַנעם הומאָר, אַ געפליגלטן סטיל, וואָס האָט די צוהערער פאַרכישופט, און מען איז נישט מיד געוואָרן אים צו הערן. פיר רעפעראַטן האָט ער געגעבן, און אַלע מיט גרויס דערפאָלג, און מיר האָבן אים געזעגנט מיט אַ מאַסן־באַנ־קעט, אויף וועלכן עס זײַנען בײַגעווען כמעט ווי אַלע ייִדן פון ישוב.

קורץ נאָכדעם, האָט אונדז באַזוכט דער פועלי־ציוניסטישער פירער און שרײַבער, ד״ר ש. יוריס. ער האָט פּראָקלאַמירט אַן אַקציע פאַרן קרן־היסוד אין איינעם פון די גרויסע סאַלאָנען אין שטאָט, און ס׳איז בײַגעווען

אַ גרויסער עולם. אַ מענטש פֿון אַ ברייטער קולטור און שיינער רעדנער, האָט ער געוווּנען די סימפּאַטיע פֿון די צוהערער, און געזיכערט דעם דער־פֿאָלג פֿון דער זאַמלונג. פֿלעגט ער דורך די טעג באַגלייטן די אָרטיקע עסקנים, וועלכע האָבן באַזוכט די ייִדישע תושבים אין די אינטערעסן פֿון דער זאַמל־אַקציע, און די אָוונטן פֿלעגט ער פֿאַרברענגען מיט אַן אַנדער „קלאַס" מענטשן, בראש מיט שלמה ברייינסקין. האָט עס פֿאַרדראָסן די שטאָטישע מנהיגים, וואָס דער „דאָקטער" חברט זיך אַזוי מיט די „באָר־



גאָנסאַלאָ קאַנאַל ראַמירעס, קאָלאָמביאַנער שרייַבער און פֿאַרלעגער, באַגריסט ש. גובערעקן צום דערשייַנען פֿון זייַן בוך אין שפּאַניש. 3טער, רעכטס: לויִס ווידאַלעס, כוליאָ גובערעק, ד״ר ראָזענטאַל

וועסע", כאָטש מיר האָבן שוין אין יענער צייַט — אין די ערשטע פֿער־ציקער יאָרן — געווען אין גרעסטן טייל ציוניסטן.

עפּעס ענלעכעס האָט זיך איבערגעחזרט מיטן נאַציאָנאַלן פּאָעט, נתן ביטריצקי. זייַנע רעפֿעראַטן האָבן געמאַכט אַ גרויסן רושם. דאָס טע־אַטער „טעאָוסעקיללאַ" איז געווען איבערגעפּולט מיט ייִדן, און נישט קיין

קלענערן דערפאָלג האָבן אויך געהאַט אַלע זײַנע װײַטערדיקע אויפטריטן. די אָוונטן אָבער פלעגט ער פאַרברענגען מיט אונדז, און מען האָט אים דירעקט פאַרגעוואָרפן, וואָס ער גיט אָפּ צו פיל צײַט די „ייִדישיסטן"...

מיר האָבן נאָכדעם געהאַט קורצע בליץ־באַזוכן, און עפּנטלעכע אויפטריטן, פון לייב יפה און יוסף טרוכניצקי, און לשבח פון ישוב דאַרף געזאָגט ווערן, אַז באַגאָטאַ, און די אַלע אַנדערע קלענערע ישובים פון לאַנד, האָבן ברייטהאַרציק בײַגעשטײַערט פאַר אַלע ציוניסטישע פאָנדן און האָבן אין מאַסן באַזוכט די זיצונגען און רעפעראַטן. הײַנט פײַערן מיר שוין אַ האַלבן יובל פון מדינת ישראל, און פאַר דער צײַט האָט זיך עפּעס געענדערט. דער מאַטעריעלער בײַטראַג פאַר דער מדינה האָט זיך זיכער נישט געענדערט, און עס איז אויך נישט קלענער געוואָרן דער ענטוזיאַזם און די טרײַקייט צום ציוניסטישן אידעאַל, עס איז אָבער געפאַלן דער אינטערעס און דער ווילן צו אַן אַקטיוון געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן. „אַמאָל", פלעגט מען אויפנעמען אַ גאַסט מיט איבערגעפולטע זאַלן. הײַנט איז שווער צוזאַמענברענגען אַן עולם אויף אַן אַקט פון אַ ייִדישן רעדנער, מעג ער זײַן אַפילו ווי באַגאַבט און באַרימט. און די וואָס קומען, זײַנען מיט שניי־ווײַס באַדעקטע קעפּ. די נײַע דורות, אונדזערע יורשים, „פאַרשטייען נישט קיין ייִדיש" און אַז מען רעדט צו זיי אין זייער שפּראַך, איז אויך די מערכה נישט קיין סך בעסערע...

*

דעם דיכטער י. י. שוואַרץ האָבן מיר אַראָפּגעבראַכט קיין באָגאָטאַ אין יאָר 1955. זײַן נאָמען איז געווען גוט באַקאַנט יעדן ייִדישן לייענער, און מיר איז ער געווען באַזונדערס באַליבט. י. י. שוואַרץ האָט אונדז געגעבן אין ייִדישער איבערזעצונג צוויי טויזנט יאָר העברעיִשע פּאָעזיע, פון די אַלטע צײַטן ביז דער נײַער צײַט. אָנהייבנדיק פון שמעון בן סיראַס געזאַנג, וואָס איז געשריבן געוואָרן מיט צוויי הונדערט יאָר פאַר קריסטוסן, ביז די לידער פון יהודה לייב גאָרדאָן און חיים נחמן ביאַליק. י. י. שוואַרץ האָט אַרײַנגעפירט די ירושה־אוצרות פון אַריבער צוויי טויזנט יאָר שעפערישקייט אין דער נחלה פון דער קולטור אויף ייִדיש, און ער האָט פאַרבונדן די מאָדערנע ייִדישע ליטעראַטור מיט אַריבער די הונדערט דורות פון ייִדישער גײַסטיקער שאַפונג אויף העברעיִש און אַראַמיש.



די פאַמיליע גובערעק מיטן דיכטער י. י. שוואַרץ (אין מיטן)

אַזאַ קולטור־גאַסט האָבן מיר באַשטימט צו פֿאַרבעטן, און איך האָב אויף זיך גענומען די אויפֿגאַבע אויך זײַנע ווערק צו פֿאַרשפּרייטן. צוויי חדשים צײַט איז ער געווען דער גאַסט אין מײַן הויז, בײַ מײַן טיש. מײַן פֿרוי האָט אים אָפּגעהיט ווי אַ קינד. און דער דאָזיקער גרויסער דיכטער, האָט געהאַט אין זיך עפּעס פֿון קינדישער אומבאַהאָלפֿנקייט. אַ פֿאַרצערטל־טער בן הרב מיט אַ שוואַך האַרץ, איז ער געווען אַן אידעאַלער פֿון דער נאַטור און אַ גרויסער בעל־מידות, וואָס האָט ליב געהאַט מענטשן, און מענטשן האָבן געקלעפּט צו אים ווי בינען צו האָניק. אַן עכטער תלמיד־חכם, און גרויסער קענער פֿון דער מאָדערנער ליטעראַטור, האָבן די מסיבות מיט אים איבערגעלאָזן אַן אומפֿאַרגעסלעכן אײַנדרוק צווישן די אַלע, וואָס האָבן געהאַט דעם פֿאַרגעניגן אים צו הערן.

*

ד״ר שאַשקעס, דער „וועלט־רײַזנדער״, האָט באַזוכט קאָלאָמביע עט־לעכע מאָל. דאָס ערשטע מאָל האָט ער אונדז געבראַכט דעם פּײַנלעכן גרוס פֿון ייִדישן חורבן, וועלכן היטלער י״ש האָט פֿאַראורזאַכט אין איי־ראָפּע. ער איז געקומען אין אַ מיליטערישער „אונרא״ אוניפֿאָרם, און אויף זײַן רעפֿעראַט אין אַ גרויסן סאַלאָן, האָבן מענטשן איבערגעפֿולט דעם זאַל און געשטאַנען אין דרויסן. ד״ר שאַשקעס איז נישט נאָר געווען אַ באַגאַב־טער שרײַבער, וואָס האָט פֿאַראינטריגירט מיט זײַנע רײַזע־באַשרײַבונגען, נאָר ער איז אויך געווען אַ טאַלענטירטער רעדנער, וואָס האָט באַצוי־בערט דעם עולם מיט זײַן לעבעדיקער שילדערונג. דאָס איז געווען אין יאָר 1946, ער איז נאָכדעם געקומען אין שליחות פֿון פֿאַרשיידענע ייִדישע וועלט־אָרגאַניזאַציעס, און דער ישוב האָט אים שטענדיק אויפֿגענומען מיט פֿרײַנדשאַפֿט און ברייטהאַרציקייט.

מיט צוויי יאָר שפּעטער, האָב איך בלעטערנדיק די ייִדישע צײַטונגען באַמערקט, אַז בן־ציון גאָלדבערג מיט זײַן פֿרוי, שלום עליכמס טאָכטער, מערי, מאַכט אַ טור איבער די לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער. איז ווי לאָזט מען דורך אַזאַ געלעגנהײַט, און נישט פֿאַרבעטן קיין קאָלאָמביע איינעם פֿון די בעסטע פּובליציסטן פֿון אונדזער צײַט? איך האָב זיך באַראַטן מיט נאָך אַ פּאָר עסקנים, און אַלע זײַנען מסכים. איז גלײַך פֿאַרמירט געוואָרן

אַ קאָמיטעט, און מיר קלאַפּן אַ טעלעגראַמע קיין לימאַ, ווו ער האָט אין יענעם מאָמענט זיך געפונען. אויפן צווייטן טאָג באַקומען מיר אַ פּאָזיטיוון ענטפער, מיט באַדינגונגען, אַ היפּש ביסל איבער אונדזערע כוחות, אָבער דער „קאָמיטעט" איז ענטוזיאַזמירט, און די פאַרבעטונג ווערט אײַנשטימיק באַשטעטיקט.

מיר גרייטן אַ פּײַערלעכן קבלת־פּנים, אָבער איך שלאָף קיין נעכט נישט. איך קען גוט מײַן עולם, און ווייס זייער געשמאַק און פּאָליטישע אָנשויונגען. און איך ווייס אויך ווער בן־ציון גאָלדבערג איז, איך לייען מיט גרויס אינטערעס זײַנע באַלערנדיקע מאמרים, און כאָטש איך בין א סך מאָל מיט אים נישט מסכים, הערט ער מיך נישט אויף צו געפעלן צוליב זײַן עלאָקווענץ און שאַרפזיניקייט. דאָס איז געווען אין יענער צײַט, ווען די ייִדישע וועלט האָט נאָך געגנוי נישט געוווּסט — און נישט געוואָלט וויסן און גלויבן — פון די אַלע בלוטיקע מעשים פון סטאַליניסטישן רעזשים קעגן דער ייִדישער באַפעלקערונג. דאָס האָט זיך דאָך די ערשטע צײַט, אַזוי גוט ווי דער היטלעריסטישער גענאָסיד, נישט „געלייגט אויפן שכל" — אויפן ייִדישן הומאַניסטישן שכל...

וואָס טוט מען? ווי רעדט מען וועגן אַזאַ דעליקאַטן ענין מיט אַזאַ פּערזענלעכקייט? אַ קולטור־מענטש פון אַ הויכער מדרגה און אַן ערשט־ראַנגיקער ערודיט, וועט אַני הקטן אים זאָגן וואָס צו רעדן? מיר האָבן באַשטעלט פיר רעפעראַטן, און דער ערשטער טאָר נישט דורכפאַלן... דאָך האָב איך זיך אַנטשלאָסן. אין אַן אָוונט פאַרן ערשטן אויפטריט, האָב איך זיך געטראָפן מיטן גאַסט, און ווי זײַן געזעלשאַפטלעכער „עמפּרעסאַר" אים „אינפאָרמירט" וועגן סאָציאַלן כאַראַקטער פון אונדזער ישוב, וועגן זײַנע נאַציאָנאַלע סענטימענטן און סימפּאַטיעס. גאָלדבערג האָט מיך אויפ־מערקזאַם אויסגעהערט, און מיך באַרויִקט. — איך קען מײַנע לאַטייז־אַמעריקאַנער ייִדן, האָט ער מיר געזאָגט, אָבער מען דאַרף, ווי ווײַט מעג־לעך, זאָגן דעם אמת, וואָס איז רעכט און וואָס איז אומרעכט, און דער עיקר — דאַרף מען זען נישט נאָר דעם הײַנט און דעם מאָרגן פון אונדזער לעבן אויף דעם קאָנטינענט, נאָר מען דאַרף אויך זען דעם ווײַטן איבער־מאָרגן... אָבער איר מעגט זײַן רויִק, האָט ער צוגעגעבן. איך וועל זיך

באַמיִען אַלץ צו זאָגן אַזוי, אַז מען זאָל מיך פֿון באָגאָטאַ נישט אַרויס־טרײַבן...

און ווי געזאָגט, איז עס געווען אין יאָר 1948, מיט אַריבער פֿיר יאָר פֿאַר דער סטאַליניסטישער פֿאַרטיליקונג פֿון דער ייִדישער גײַסטיקער אינטעליגענץ. און גאָלדבערג האָט נאָך דעמאָלט פֿיגורירט אין דער „צווייטער" מחנה, אָבער גערעדט האָט ער פֿאַר אַן איבערגעפּולטן זאָל ווי אַ וואַרעמער און האַרציקער ייִד, וואָס האָט מיטן ערשטן רעפֿעראַט „אײַנגענומען" די באָגאָטאַנער „קליינבירגערלעכע" — ווי ער האָט זי באַצייכנט — ייִדישע פּעסטונג.

די ווײַטערדיקע צוויי רעפֿעראַטן האָבן איבערגעשטיגן דעם ערשטן. עס וועט נישט זײַן איבערגעטריבן צו זאָגן, אַז אין שטאָט איז נישט געבליבן קיין איין ייִד, וואָס זאָל כאָטש איין מאָל נישט האָבן געקומען צו הערן גאָלדבערגן. דעם פֿערטן רעפֿעראַט האָט געגעבן זײַן פֿרוי, מערי. מיט צוויי שעה פֿאַר דער באַשטימטער צײַט, איז שוין דער סאַלאָן געווען באַזעצט, און דער דערפֿאָלג האָט איבערגעשטיגן אַלע דערוואַרטונגען. זי האָט דערציילט „ווי טביה דער מילכיקער איז געקומען אויף דער וועלט", אַן ענין וועגן וועלכן שלום עליכמס לייענער האָבן נישט דעם מינדסטן אָנונג. ווי איז געקומען די אידייע פֿון טביהן צום געניאַלן מחבר? איז ער געווען אַ רעאַלע פּערזאָן, אָדער דעם שרײַבערס אַ פֿיקציע? וועגן דעם האָט אונדז שלום עליכם גאָרנישט געזאָגט. קומט אין דעם הויכן־קאַלטן־רעגנדיקן באָגאָטאַ שלום עליכמס ייִנגסטע טאָכטער און דערציילט „פֿון חדר", פֿון דער אינטימיטעט פֿון דעם אומשטערבלעכן מײַסטער, און דערציילט ווי אַזוי איז צו אים געקומען די אידייע פֿון אַזאַ ווערק, וואָס איז געוואָרן איינע פֿון די שענסטע פּערל אין דער ייִדישער, און אויך אין דער אוניווערסאַלער, ליטעראַטור.

מיט 25 יאָר צוריק, איז אונדזער ישוב נישט געווען רײַך, ער באָדט זיך הײַנט אויך נישט אין קיין גאָלדענעם טײַך, די אַבסאָלוטע מערהײַט: קליינע אינדוסטריאַלן און סוחרים, און כאָטש דער מאַראַלישער דערפֿאָלג פֿון די פֿיר רעפֿעראַטן איז געווען גרויס, איז אָבער די אײַננאַמע געווען נישט קיין גרויסע, און עס האָט אונדז אויסגעפֿעלט אַ געוויסע סומע אויף צו דעקן דעם צוגעזאָגטן האָנאָראַר. איך בין ווידער געווען אין אַ פֿאַר־

לעגנהײַט. ווי קומט מען מיט אַזאַ ענין צום גאַסט? אָבער מיט זײַן אײדעלן חוש האָט עס גאָלדבערג דערפילט און ער איז מיר אַנטקעגן געקומען מיט אַ פראַגע: — איר האָט אַוודאי נישט אויף צו דעקן אַלע הוצאות?... איז נעמט זיך נישט צום האַרצן; גיט איבער דעם קאָמיטעט, איך בעט אײַך, אַז מיר פאַרן אַוועק פון אײַך צופרידן, גליקלעך, און מיט די בעסטע געפילן און דעראינערונגען. איר האָט זייער אַ גוטן און ליבן עמך־פּובליקום...

דאָס איז אַ פּרט, וואָס זאָגט זייער אַ סך וועגן אַ ייִדישן אינטעלעקטואַל, און וואָס איז אויך באַשטעטיקט געוואָרן מיט דעם ווײַטערדיקן פילזאָגנדיקן פאַקט: דרײַ חדשים נאָך גאָלדבערגס פאַרלאָזן באָגאָטאַ, האָט פּאַסירט אַ גרויסער אומגליק; דעם 9טן אַפּריל, האָט מען אין באָגאָטאַ צוליב פּאָלי־טישע מאָטיוון דערמאָרדעט דעם באַרימטן פאָלקס־טריבון, כאָרכע אליעזר גייטאַן. ווי אַן אויסדרוק פון פאָלקס־צאָרן איז די אַלגעמיינע קאָמערץ — און צווישן איר אויך די ייִדישע — אַוועק מיטן רויך און פלאַמען. האָב איך אָנגעשריבן עטלעכע אָנגעווייטיקטע בלעטלעך צו גאָלדבערגן, און אים אויפגעקלערט, אַז די באָגאָטאַנער ייִדן נייטיקן זיך אין אַ ברידערלעכער ייִדישער הילף: אין הלוואות כדי זיך צוריקשטעלן עקאָנאָמיש. גאָלדבערג האָט מײַן ווענדונג אָפּגעדרוקט אין זײַן קאָלום, און האָט זיך אַליין משתדל געווען אין די געהעריקע אינסטאַנצן, און עס איז אונטערגעקומען דער „דזשאָינט" מיט אַ געהעריקער סומע. דער עסקן, אַלבערטאָ פּערלמאַן, איז אויסגעקליבן געוואָרן ווי אַ קאַסיר, און מען האָט אויפגעלעבט די חרובע ייִדישע געשעפטן. ביסלעכווײַז, האָבן זיי די חובות געסילוקט, און מיט צוועלף יאָר שפּעטער, האָב איך צופעליק געטראָפן דאָס פּאָר־פאָלק גאָלד־בערג אין ניו־יאָרקער אַטראַן־הויז אויף גראָסבאַרדס אַ רעציטאַל. ער האָט מיך האַרציק אַרומגענומען און געפרעגט: „וואָס מאַכן מײַנע קאָלאָמביאַנער ייִדן?", און בײַ אַ קאַווע האָבן מיר נאָכדעם מיט פאַרגעניגן דערמאָנט ווי זיי האָבן „אײַנגענומען די ייִדישע באָגאָטאַ", און איך האָב זיי פאַרזי־כערט אַז „מײַנע ייִדן" דערמאָנען זיי מיט ליבשאַפט און צום גוטן...

*

קורץ נאָכדעם, האָט אונדז באַזוכט אַ גאַנץ אייגנאַרטיקער קולטור־גאַסט. אַ שטילער מענטש, אַ פאַרטראַכטער, מיט שטילע רייד, מיט קנאַפּער באַוועגונג, ער גייט ווי אויף די שפּיץ פינגער, ווי ער וואָלט מורא געהאַט

צו באַלעסטיקן גאַנץ ערד און נישט שטערן קיין מענטשן. ראָבערט פעלד־מאַן, רעדאַקטאָר פון אַ שפּאַנישן זשורנאַל אין לימאַ — פּערו, וואָס גיט זיך אָפּ מיט אויסשליסלעך יידישער טעמאַטיק. ער קומט קיין באָגאָטאַ זאַמלען מאַטעריאַל וועגן ייִדישן לעבן אין דעם לאַנד, און וועט עס נאָכדעם פּובליקירן אין אַ ספּעציעלער אויסגאַבע.

שיינע עטלעכע מאָנאַטן האָט פעלדמאַן פאַרבראַכט ביי אונדז, מיר האָבן געגאָסן פון זיין געזעלשאַפט און עפּעס געלערנט. ער איז אויך אַרויס־געפאָרן אויף דער פּראָווינץ, און האָט גענישטערט, ווי אַן עכטער פאָר־שער, אין די מוזעאומס, ביבליאָטעקן און אויף די בית־עולמס. ער האָט געפונען אַ סך אַלטע שפּורן און דאָקומענטן פון ייִדישן לעבן אין לאַנד, און האָט אַרויסגעגעבן אַ וואָגיקן נומער „נאָסאָטראָס" (מיר), וואָס ברענגט אַ שלל מיט היסטאָרישן מאַטעריאַל וועגן ייִדן אויף דעם קאָנטינענט, ווי אַ „קולטור־גאַסט" איז זיין ביישטייער פאַרן ישוב גאָר אַ באַדייטנדיקער.

עס איז נאָכדעם געקומען אַ גאַנץ לאַנגער פּעריאָד פון קולטור־„שטילשטאַנד". מיר האָבן אַ לענגערע צייט קיין געסט נישט פאַרבעטן, און זיי האָבן צו אונדז נישט פאַרבלאָנדזשעט. מענטשן זיינען געוואָרן עלטער און קעלטער, און אויף דער „ייִדישער" גאַס איז געוואָרן שטילער. אַלע פעלקער האָבן אַ פּראָבלעם פון פּירוד הדורות, אַ צעטיילונג פון גענעראַ־ציעס, אַ קאַמף פון עלטערן און קינדער. ביי אונדז איז די מחיצה אַ טאָפּלטע: מיר רעדן אויף צוויי שפּראַכן. דער פאַקט וואָס מען האָט אָפּגע־ריסן די קינדער פון דער ייִדישער שפּראַך, איז אַ גרויסער נאַציאָנאַלער אומגליק. זיי קומען נישט אויף אונדזערע מסיבות, און מיר פילן זיך פרעמד אויף זייערע. אָבער זייער ייִדיש־געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט, אויף דער שפּאַנישער שפּראַך, האָט נאָך נישט קיין פליגל, קיין וואָרצלען און נישט קיין חסידיש־ייִדישע געפילן. און אָן חסידישן ברען און התלהבות איז שווער עפּעס מתקן צו זיין...

*

איז וואָס ווייטער געוואָרן אַלץ שווערער צו פאַרזאַמלען אויף אַ ייִדישן קולטור־אַקט אַ גרעסערן עולם, און אַזוי זיינען אַוועק יאָרן. אין איין שיינעם פרימאָרגן קלינגט מען מיר אָן פון דער קהילה און מען זאָגט מיר, אַז עס געפינט זיך אין שטאָט אַ ייִדיש־אַרגענטינער שרייבער, גרעגאָריאָ

סאַפּאָזשניקאָוו. דער נאָמען איז מיר געווען באַקאַנט, איך האָב אים געטראָפן אין די ייִדישע צײַטונגען פון מעקסיקע, סאַן פּאַולאָ, ריאָ און בוענאָס אײַרעס, און איך האָב געוווּסט, אַז ער מאַכט אַ ליטעראַרישן טור איבער די לענדער פון קאָנטינענט. ווען איך האָב איבערגעלייענט אין איינער פון די צייטונגען אַ פּרעסע־קאָמוניקאַט פון ייִדישן קולטור־קאָנגרעס אין ניו־יאָרק, אַז „פאָרשטייער פון דער ייִדישער שרײַבער־משפּחה און אינטעליגענץ, האָבן זיך באַטייליקט אין דעם קבלת־פּנים לכבוד דעם אַרגענטינער שריפטשטעלער און ליטעראַטור־קריטיקער"... און אַז „זײַן רעפעראַט איז אויסגעהערט געוואָרן מיט גרויס שפּאַנונג פון אַלע אָנוועזנדיקע, וואָס זײַנען פאַרכאַפּט געוואָרן פון רעפערנטס חידושים"... האָב איך געטראַכט, אַז עס וואָלט געווען זייער גוט ער זאָל זיך אויך צו אונדז אַראָפּכאַפּן. אָבער אין דעם מאָמענט בין איך געווען אין אַ פאַרלעגנהײַט. נישטאָ הײַנט דער „אַמאָליקער" עולם אויף אויפצונעמען אַ קולטור־גאַסט, האָב איך געטראַכט. דאָס איז געווען אין יאָר 1967, נײַנצן יאָר נאָך אונדזער ערשטער דערפאָלגרײַכער אויפנאַמע פון די גאָלדבערגס. באַלאָדן מיט אַזעלכע געדאַנקען, האָב איך זיך געלאָזט צום האָטעל פון דעם נײַעם גאַסט, וועלכער האָט גלײַך, נאָכן וואַרעמען ייִדישן שלום עליכם, מיך באַפרײַט פון יעדן צווייפל, און געלייזט די פראַגע וועלכע האָט מיך באַזאָרגט.

— אײַער פאַרוואַלטערין פון דער קהילה, האָט ער אָנגעהויבן, האָט מיך אַ ביסל אַנטוישט. אַראַנזשירן ייִדישע רעפעראַטן, האָט זי מיר געזאָגט, איז נישט פון די לײַכטע זאַכן; וויל איך אײַך זאָגן, אַז איך גיב אויך רעפעראַטן אין שפּאַניש, און דווקא וועגן ייִדישער ליטעראַטור; איך האָב גערעדט אין די אוניווערסיטעטן פון אַלע לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער, וועלכע איך האָב באַזוכט, און אין פאַרשיידענע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס. און ער ווײַזט מיר צײַטונגס־אויסשניטן און דאַנק־בריוו פון אייניקע אוניווערסיטעטן.

איך האָב זיך אָנגעכאַפּט אין דעם געדאַנק ווי אין אַ רעטונג. נאָך אַ דערפאָלגרײַכן רעפעראַט אין אַ שפּאַנישער קולטור־אינסטיטוציע, האָב איך געטראַכט, וועל איך נישט פאַרשעמט ווערן אויך מיט די ייִדישע אַקטן. עס וועט קומען אַן עולם, ס'איז אַ תרופה צו פּראָפּאַגאַנדע; אַ ייִדישער פּראָפעסאָר, וואָס רעדט אויף דער אוניווערסיטעט אָדער נאָך בעסער, אין

דעם באַרימטן קולטור־הויז „לויס אַנגעל אַראַנגאָ", וועט אַרויסרופן אַן אינטערעס ביי די עלטערע און אויך ביי דער יידישער יוגנט.

איך האָב זיך גענומען צו הילף דעם פּאָעט לויס ווידאַלעס, מיר האָבן באַקומען דעם זאַל, און סאַפּאָזשניקאָוו רעדט וועגן דער פּסיכאָלאָגיע פון יידישן הומאָר פאַר אַ פולער אוידיטאָריע פון זיבן הונדערט נישט־יידן. עס איז אויך בייגעווען אַן עלטערער גלח מיט אַ צאָלרייכער גרופּע קאַ־טוילישע סעמינאַריסטן, ווי עס שיינט זיינע תלמידים. נאָכן רעפעראַט, וואָס האָט געדויערט אַ שעה מיט אַ פערטל, איז דער אַלטיטשקער צוגעגאַנגען צום רעדנער און אים געזאָגט: „גאָט זאָל אייך בענטשן, פּראָפעסאָר, אייער רעפעראַט איז געווען דורכגעדרונגען מיט אַ טיפן רעליגיעזן גייסט". עס האָט זיך נאָכדעם אויסגעשטעלט אַ לאַנגע שורה מענטשן צו דריקן די האַנט פון יידישן שרייבער. דאָס קולטור־הויז גיט אויך אַרויס אַ ליטע־ראַרישע חודש־אויסגאַבע, און דער רעפעראַט איז געדרוקט געוואָרן אין דעם זשורנאַל, און דער שרייבער האָט נאָכדעם באַקומען אַ גאַנץ פיינעם האָנאָראַר פאַרן פאַרטראַג און פאַרן אַרטיקל.

דאָס וויטערדיקע איז שוין געגאַנגען ווי פון זיך אַליין. דער קולטור־גאַסט האָט מצליח געווען, און האָט נאָכדעם געגעבן עטלעכע רעפעראַטן אין זאַל פון דער קהילה, אין יידיש און פאַר דער יוגנט — אין שפּאַניש.

*

אויך יעקב בעלער האָט אונדז אַ פּאָר מאָל באַזוכט, און האָט גערעדט ימים נוראים אין די שולן. אונדזער לעצטער גאַסט איז געווען אַברהם ירושלמי פון תל־אָביב, רעדאַקטאָר פון דער דאָרטיקער „יידישער צייטונג", וועלכע האָט אויך אַ גרויסע צאָל אַבאָנענטן אין די לאַטיין־אַמעריקאַנער ישובים. ער איז געקומען ערב יום־כיפּור, און אין אַ זונטיק פרימאָרגן האָב איך אים אָפּגענומען פון לופט־פּאָרט און גלייך געפירט אויפן הייליקן אָרט, וווּ יידן האָבן שוין געוואַרט ביים מאָנומענט פון די קדושים, און דער גאַסט האָט גערעדט און שטאַרק אויסגענומען. ער האָט אויך אויפגע־טראָטן פאַר דער אוניווערסיטעטער יוגנט, אין שפּאַניש מיט אַ רעפעראַט וועגן קאָמוניזם, און האָט אויף אַ זייער בילדערישן און איבערצייגנדיקן אופן דערוויזן זיין אמתן טאָטאַליטאַרן פּרצוף. די צוהערער האָבן אים

אויסגעהערט מיט שפּאַנונג און באַלוינט מיט אַפּלויזן, אַ זאַך וואָס האָט מיך שטאַרק געפריית, ווײַל אין דער אמתן, האָב איך דערוואַרט אַן אַנדער אויפנאַמע פון אַזאַ מין שאַרפן אַנטי־קאָמוניסטישן רעפעראַט...

ווי איך האָב אין אָנהייב דערמאָנט, האָבן מיר באַצייכנט ווי „קולטור־געסט" נאָר די, וועלכע זײַנען אַרויסגעטראָטן מיט פאָרטראָגן אויף עפנט־לעכע אַקטן. עס האָבן אין פאַרלויף פון די יאָרן, באַזוכט באָגאָטאַ נאָך ייִדישע שרײַבער, וועלכע זײַנען געקומען צוליב פּערזענלעכע ענינים און אויך מיט געזעלשאַפטלעכע מיסיעס. אייניקע פון זיי האָב איך אין דעם אַרויסגעהאָלפן, און זיי זײַנען אַפילו געווען בײַ מיר זייער אָנגענעמע געסט, אָבער נישט קיין „געסט" פון ישוב.



אַ קלאַס פון דער ייִדישער מיטלשול אין באָגאָטאַ, קאָלאָמביע. די צווייטע, לינקס, דעם מחברס אַן אייניקל

## די פערספעקטיוון פון יידישן ישוב אין לאַנד

### מען דאַרף עפּעס לערנען פון דער פאַרגאַנגענהייט...

די וואָס האָבן מיר פאַרשאַפט דעם גרויסן כבוד און האָבן געלייענט ביז אָט די שורות, האָבן זיך אַוודאי געגעבן חשבון, אַז מיך אינטערעסירט דער עיקר דער מענטש, דער מענטש מיט זײַנע פּראָבלעמען. אַ מענטש איז דאָך אַ וועלט אַ גאַנצע — אַ מיקראָקאָסמאָס — דאַרף מען נאָך אַן אינטערעסאַנטערע טעמע? האָט דאָך דער קלוגער סאָקראַטעס נישט געטענהט אַ גאַנץ לעבן: „דערקען זיך אַליין?“ לערנענדיק יענעם, דערקענט מען זיך אַליין. איך האָב פײַנט סתם רייד, אַפילו שיינע רייד, הינטער וועלכע ס׳איז נישט פאַראַן עפּעס אַן עיקרדיקער ענין. און טאַקע ווי אַן עכטער ייד שטעל איך מיר אָפּטמאָל די פראַגע: — און וואָס וועט זײַן דער תכלית? ווי זעען אויס די פּערספּעקטיוון פון ידישן ישוב אין קאָלאָמביע?

כדי צו ענטפערן אויף דער פראַגע, וועגן דער צוקונפט דאַרפן מיר גיין צוריק: צום הײַנט, צום נעכטן, און ערשט נאָכדעם — צום מאָרגן. אַזוי לערנט די מאָדערנע וויסנשאַפט, די פוטוראָלאָגיע, דער שעפער פון וועלכער איז אויך מאחינו בני ישראל. עס הייסט, אויף דער וויסנשאַפטלעכער באַזע פון היסטאָרישע אַנטעצעדענטן קאָן מען מאַכן אייניקע אויספירן וועגן דער ווײַטערדיקער עקאָנאָמישער און סאָציאַל־פּאָליטישער אַנטוויקלונג. אויף פּראָסט מאַמע־לשון מיינט עס: זיך אַרײַנטראַכטנדיק אין דער פאַרגאַנגענהײַט קאָן מען זיך מאַכן אַ פאָרשטעלונג וועגן דער צוקונפט.

איך האָב שוין בײַ פיל געלעגנהײַטן דערמאָנט, אַז קאָלאָמביע איז אַ דעמאָקראַטישע רעפּובליק, און דאָס פאָלק איז פרײַנדלעך צום אויסלענדער בכלל, און פרײַ פון אַנטיסעמיטישע סענטימענטן. אין קאָלאָמביע איז די דעמאָקראַטיע אַ טיף פאַרוואָרצלטע טראַדיציע, און דאָס לאַנד איז פון די ווייניקע אויף דעם קאָנטינענט, אין וועלכן די קאַמפן פאַר מאַכט, זײַנען נישט געלייזט געוואָרן מיט דער שווערד, און אין איר געשיכטע זײַנען



פרעזידענט פון דער קהילה אין באָגאָטאַ ווערט באַערט צו זײַן ווערן אַ בן־שבעים. — פון לינקס: ד״ר פּאַול האַנע, פרעז׳ פון דער ספרדישער געמיינדע; ד״ר מאַרקאָס מילהעלם, פרעז׳ פון ועד הקהילות; הערבערט קריש, וויצע־פרעזידענט פון דער קהילה אין מאָנטעפּיאָרע, כאָסע קאָרן, ש. קאַוואַן, ד. ראָזענבוים, לוויג קאַלינער

נישט געווען קיין דיקטאַטורן, חוץ איינע וועלכע האָט נישט לאַנג אָנ־געהאַלטן.

אָבער די נאַציסטיש־פאַלאַנגיסטישע פּראָפּאַגאַנדע האָט אויך דער־גרייכט צו דעם דאָזיקן ווײַטן לאַנד, און אין סוף דרײַסיקער יאָרן, האָבן זיך אָנגעהויבן באַגרענעצונגען קעגן יידישער אײַנוואַנדערונג און אַן אָפּע־נער און באַהאַלטענער בירגער־קריג, וואָס האָט געדויערט אַ סך יאָרן. דער דיקטאַטאָרישער רעזשים איז שוין לאַנג אָראָפּגעזעצט, און עס איז ווידער אײַנגעשטעלט געוואָרן אַ דעמאָקראַטישער סדר, די יידן געניסן הײַנט פון אַלע בירגערלעכע פּריװילעגיעס, אָבער די איבערלעבונגען פון דער נאָענטער פאַרגאַנגענהײַט לאָזן זיך אַזוי גיך נישט פאַרגעסן...

*

אויף צו פאַרשטיין קאָלאָמביע דאַרף מען אַרײַנבליקן אין איר... געאָ־גראַפּיע און אין איר געשיכטע. ס׳איז אַ ריזיק לאַנד פון אַ מיליאָן מיט קאַרגע דרײַ הונדערט טויזנט קוואַדראַט קילאָמעטער, וואָס פאַרנעמט דעם צפון טייל פון דרום אַמעריקאַנער קאָנטינענט און גרענעצט זיך מיט פּאַנאַמאַ, וואָס געהערט שוין צו צענטראַל אַמעריקע. דאָס איז דאָס איינ־ציקע לאַנד פון דעם דרום קאָנטינענט, וואָס האָט פּאָרטן אויף ביידע אָקעאַנען, און קאָן שיקן אירע סחורות דירעקט מיטן אַטלאַנטיק קיין איי־ראָפּע און מיטן פּאַסיפיק אין די שטאַטן און אין אַזיע, וואָס גיט דעם לאַנד אַ גרויסע קאָמערציעלע און סטראַטעגישע באַטײַטונג.

דאָס לאַנד האָט אַ לאַנגע קייט פון בערג ביז די פינף קילאָמעטער די הויך און גרויסע טײַכן, געדיכטע אורוועלדער אין די טאָלן, אַלע פּיזאַזשן און אַלע קלימאַטן פון שניי אויף די שפּיץ בערג ביז טראָפּי־קאַלישע היצן אין דער נידער. זײַנען די בערג איבערגעלאָדן מיט מינע־ראַלן, מעטאַלן, איידלשטיינער און פּעטראָל. אין עקספּאָרט פון גאָלד פאַר־נעמט קאָלאָמביע איינעם פון די ערשטע פּלעצער אויף דעם קאָנטינענט און אין — פּלאַטין, דאָס פּערטע אויף דער וועלט. זי האָט אויך אַ גרויסע פּראָדוקציע פון קאַפע, פון גומי, און די רײַכקייט, וואָס איז פאַרבאָרגן אין אירע געהילצן, גיט ריזיקע מעגלעכקייטן פאַר אַן אינדוסטריע פון פּאַפּיר, כעמישע און מעדיצינישע פּראָדוקטן.

צו באַשרײַבן די שיינקייט פון לאַנד דאַרף מען האָבן טאַלענט פון אַ דיכטער. דערפאַר אפשר האָט קאָלאָמביע אַזוי פיל דיכטער און שרײַבער, אין פּראָפּאָרץ פיל מער ווי אַלע אַנדערע לענדער. די אַרכידעע, צום בײַשפּיל, איז אַ בלום פון גרויס לוקסוס און פון זעלטענער שיינקייט, זײַנען אין קאָלאָמביע פאַראַן צוואַנציק טויזנט מינים פון דער דאָזיקער וואונדער־בלום און זי וואַקסט, ווי ווילדגראָז, צווישןביימער און שטיינער, ווו נאָר אַ פרײַ שטיקל ערד דאָרט שפּראָצט זי אַרויס מיטן צויבער פון איר אַראָמאַט און חן פון אירע קאָלירן.

די פערצן גרויסע שטעט פון לאַנד ליגן אויף אַ באַטײַטנדיקער הייך. באָגאָטאַ — אויף קאַרגע דרײַ טויזנט מעטער. פיר פינפטל פון דער באַפעלקערונג לעבט אויף אַריבער די טויזנט מעטער. אונטן הערשט די טראָפּיקאַלישע היץ, דער דזשונגל, דער אורוואַלד, ווו אַרום די גרויסע טײַכן זיצן זינט טויזנטער יאָרן די אינדיאַנער שבטים, כאַפּן פיש, פאַרנעמען זיך מיט יאַגד, און פירן אַ פּרימיטיוו לעבן ווי זייערע אורעלטערן.

פון די קאַרגע 23 מיליאָן אײַנוווינער זײַנען אַ 30 פּראָצענט ווײַסע, די איבעריקע — געמישטע, נעגערס און אינדיאַנער. ווי איך האָב שוין אויבן דערמאָנט, צייכנט זיך אויס דאָס לאַנד נישט נאָר מיט זײַנע נאַטירלעכע שיינקייטן, נאָר אויך מיט זײַן אינטעליגענץ. די אַרכעאָלאָגישע אויסגראָבונגען באַווײַזן, אַז די אַמאָליקע אינדיאַנישע שבטים, וואָס האָבן באַוווינט די טעריטאָריע, די טשיבטשאַס און באַטשיקאַס, זײַנען געשטאַנען אויף אַ באַטײַטנדיקער קולטור־מדרגה. פון דער אַנדערער זײַט, האָבן אין קאָלאָמביע, מער ווי אין אַלע אַנדערע לענדער פון קאָנטינענט, געהאַט אַ גרויסן אײַנפלוס די מאַראַנען, וועלכע זײַנען אַנטלאָפן פון דער שפּאַנישער אינקוויזיציע. אַ בײַשפּיל פון דעם איז די בליִענדיקע פּראָווינץ אַנטיאָכיאַ, ווו זיי האָבן לכתחילה זיך באַזעצט און געבילדעט די אַריסטאָקראַטיע פון לאַנד אין וועלכער זיי זײַנען אַרײַנגעדרונגען.

דאָס לאַנד האָט פינף אוניווערסיטעטן, אַן אויסגעצייכנטע פּרעסע, דיכטער און שרײַבערס מיט אַ וועלט־באַמען, אַ ליטעראַרישן זשורנאַל, וועלכער ווערט גערעכנט ווי דער בעסטער אויפן קאָנטינענט, און וועלכער ווערט אַרויסגעגעבן דורך דער נאַציאָנאַל־באַנק, וועלכע האָט אויפגעבויט

און האָלט אויס אויך אַ קולטור־הויז אין צענטער שטאָט, ווו עס קומען פאַר, טעגלעך, רעפעראַטן און קאָנצערטן ביי פולע זאַלן, און אויף סימ־באָלישע פּרייזן...

## אַ בלאָנדזשענדיקע יידישע נשמה

דאָס יידישע לעבן אין קאָלאָמביע האָט אַ רייכע פאַרגאַנגענהייט. אַ גרויסער טייל פון דער באַפעלקערונג פון דער פּראָווינץ אַנטיאָכיאַ איז פון מאַראַנישער אָפּשטאַמונג און ווי געזאָגט, האָבן זיי עקאָנאָמיש און גייסטיק שטאַרק אַנטוויקלט די געגנט, און זיך איינטעגרירט אין די העכערע קלאַסן. אייניקע פון זיי דערמאָנען זייערע מאַראַנישע אָפּשטאַמונג מיט שטאָלץ, און ווייזן אַרויס אינטערעס און סימפּאַטיע פאַר יידן; אַנדערע דאַקעגן, האָט עס נישט געשטערט בעתן צווייטן וועלט־קריג, צו דערמוטיקן פאַר־שיידענע נאַציסטישע טענדענצן.

דאָ איז אפשר דער ריכטיקער פּלאַץ צו דערמאָנען נאָך איין בלאָנד־זשענדיקע יידישע נשמה, וואָס האָט קיינמאָל איר יידישן אָפּשטאַם נישט פאַרגעסן, און וואָס האָט גרויס געמאַכט דעם נאָמען פון קאָלאָמביע אין דער וועלט־ליטעראַטור. דאָס איז דער דיכטער און נאָוועליסט, כאָרכע איסאַאַקס, וועלכער איז שוין געבוירן געוואָרן אַ קאַטאָליק אין יאָר 1837, אָבער זיין פאָטער איז געווען אַן ענגלישער ייד, וואָס האָט פאַרבלאָנדזשעט אין דעם צפונדיקסטן לאַנד פון דרום אַמעריקע נאָך אין אָנהייב פון 19טן יאָרהונדערט. דאָ האָט ער זיך פאַרליבט אין אַ געגעראַלס אַ טאָכטער, און ווייל די פאַמיליע האָט פאַרלאַנגט ער זאָל זיך שמדן, האָט ער איר צוליב געטאָן.

אין יעדער קאָלאָמביאַנער שטאָט זיינען פאַראַן מאָנומענטן און גאַסן אויף זיין נאָמען. די יידישע שול אין קאַלי טראָגט דעם נאָמען פון דעם דיכטער, און זיינע לידער ווערן געלערנט און געזונגען אין אַלע שולן פון לאַנד. די לידער זיינען פערזענלעך לירישע אָדער נאַטור־שילדערונגען, אין ריינעם ראָמאַנטישן סטיל, וואָס ווערט באַטראַכט ווי אַ קלאַסישער מוסטער אין דער שפּאַנישער פּאָעזיע.

אַ שטורמיש לעבן האָט דער דיכטער דורכגעמאַכט. ער האָט געלעבט אין אַ צײַט פון רעוואָלוציעס, און ער איז געווען אַ פּאָליטיקער און אַ מי־ליטערמאַן, און ווען זײַן צד האָט פאַרלוירן, האָט ער זיך געמוזט אויסבאַ־האַלטן און ווען זײַן צד האָט געוווּנען, האָט ער אויך נישט באַקומען דאָס דאַזיקע, וואָס ער האָט דערוואַרט דאָך איז ער געווען אַ קאָלאָמביאַנער גענעראַל־קאָנסול אין טשילע, און ער איז געווען דעפּוטאַט און אַפילו סע־קרעטאַר אין אַ מיניסטעריום. דאָס גרויסע ווערק זײַנס, וואָס איז איבער־געזעצט געוואָרן אין פיל שפּראַכן און דערשינען אין אומצאָליקע אויסגאַ־בעס, איז די נאָוועלע „מאַריאַ״, וואָס באַשרײַבט די שיינע און טרויעריקע ליבע פון געשמדטן ייִדישן זון אפרים, צו דער געשמדטער ייִדישער טאָכ־טער, מאַריאַ. פאַראַן דאָ אַזאַ געמיש פון ליבע און קאַטויליציזם, אַז מען דערפילט אַן איבעריק מאָל, אַז אין קאַטויליציזם איז פאַרבאָרגן עראָטישער פײַער.

כאָרכע איסאַאַקס האָט געשילדערט זעלטן שיין און טרײַ די לאַנדשאַפט פון זײַן לאַנד, ער האָט אין דער שפּע פון זײַן שפּראַך געפונען ווערטער, טענער און קלאַנגען אויף איבערצוגעבן אַלע שיינקייטן פון קאָלאָמביאַנער פּייזאַזשן. אין משך פון פיל צענדליקער יאָרן האָט זײַן ווערק געגאָלטן ווי דאָס וויכטיקסטע פּראָזע־ווערק אין דער גאַנצער שפּאַנישער אַמעריקע. און כאָטש ער איז געווען דער קאָלאָמביאַנער שרײַבער אין דער דרום־אַמערי־קאַנער ליטעראַטור, האָט ער זײַן ייִדישן אָפּשטאַם קיין מאָל נישט פאַר־געסן. פאַר אים זײַנען ייִדן, באַטירלעך, נישט געווען קיין פאָלק, נאָר אַ „ראַסע״.

ווען ער איז געלעגן אויפן טויטנבעט, און אַ גײַסטלעכער איז געקומען אים אָפּנעמען די ווידוי און ער האָט אים געפרעגט, צי גלייבט ער דורכויס אין יעזוסן, און צי ער גיט־איבער זײַן נשמה אין גאַנצן אין זײַן רשות, האָט ער אים געענטפערט: „געוויס, איך געהער דאָך צו דער זעלביקער ראַסע צו וועלכער עס האָט געהערט מײַן גאָט!״

שמעון גובערעק

# אַ ביסל געשיכטע

דער איצטיקער קאָלאָמביאַנער ישוב האָט זיך אָנגעהויבן פאָרמירן אין סוף פון די זעכציקער יאָרן פון פאָרגאַנגענעם יאָרהונדערט. די ערשטע אימיגראַנטן זײַנען געווען ספרדישע ייִדן פון דער האָלענדישער קאָלאָניע קוראַסאַאָ, וועלכע האָבן זיך באַזעצט אין דער האַפן־שטאָט באַראַנקיליאַ. זיי האָבן אַנטוויקלט די זייד־אינדוסטריע, דערגרייכט אַ וויכטיקע פּאָזיציע אין האַנדל, און אין 1877 געגרינדעט די ערשטע באַנק אין לאַנד.

אַ גרעסערע ייִדישע אײַנוואַנדערונג איז געקומען ערשט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. די אײַנוואַנדערונג איז באַשטאַנען פון צוויי שטראָמען: פון מזרח־אייראָפּע און פון ארץ־ישראל. אָט די דאָזיקע ייִדן פון דער ליטע, רומעניע, פּוילן, בעסאַראַביע, דײַטשלאַנד, און פון די אַנדערע לענדער פון דער ייִדישער צעשפּרייטקייט, צוזאַמען מיט די ספרדים, האָבן עס געשאַפן דעם פּרצוף פון דעם הײַנטיקן ייִדישן ישוב אין קאָלאָמביע. יעדע פון די דאָזיקע גרופּעס אײַנוואַנדערערס האָט געגרינדעט באַזונדערע קהילות, מיט שולן און אַנדערע ייִדישע אינסטיטוציעס, אין דער שטרעבונג אָנצוהאַלטן ייִדישקייט, און ציִען ווײַטער דעם פֿאָדעם פון זייער המשך און קיום.

די אַלגעמיינע ייִדישע באַפעלקערונג אין לאַנד גרייכט קרוב צו די עלף טויזנט, די גרעסטע צאָל פון וועלכע עס וווינט אין דער הויפּטשטאָט, באָגאָטאָ, און איז אײַנגעטיילט אין דרײַ באַזונדערע קהילות, וואָס ציילן צוזאַמען אַריבער די זעקס טויזנט נפשות — פיר טויזנט פון מזרח־אייראָפּע, אַרום אַ פינף הונדערט דײַטשע ייִדן, און די רעשט ספרדים.

די מזרח־אייראָפּעיִשע קהילה, וועלכע הייסט „ייִדישער צענטער פון באָגאָטאָ“, שטרעבט צו קאָאָרדינירן די אַרבעט מיט די איבעריקע קהילות אויף אַלע געביטן. לעצטנס איז קאָנטראַקטירט געוואָרן אַ שוחט פאַרן ישוב, און עס איז געלייזט געוואָרן די פּראָבלעם פון כשרות. דער סעקטאָר פון די מזרח־אייראָפּעיִשע ייִדן איז דורכגענומען מיט אַ טיפן גלויבן אין ייִדישן קיום. ער פאַרמאָגט ווערטפולע געזעלשאַפטלעכע טוערס, וואָס וואָלטן געקאָנט פיל מער אויפטאָן ווען דער ישוב זאָל זײַן מער געאייניקט. דער צענטער פאַרמאָגט אַן אייגענעם בנין, ווי אויך אַ מוסטער־שול וועגן וועלכער

מיר האָבן שוין געניער דערציילט אויף אַ צווייטן פּלאַץ אין דעם בוך. די קהילה גיט איר צושטײַער אויף צו דעקן דעם שכר־לימוד פון אייניקע אומ־פאַרמעגלעכע קינדער, און באַטייליקט זיך אויך אין בודזשעט פון די ייִדי־שע לימודים.

וועגן ייִדישן גײַסטיקן לעבן אין לאַנד האָב איך שוין דערמאָנט בײַ פאַרשיידענע געלעגנהײַטן. דאָ וויל איך נאָר צוגעבן ווי אַ בײַטראָג, וועלכער קאָן אויך פאַררעכנט ווערן אויפֿן אַקטיוו פון דעם סעקטאָר, דעם מאָנאַט־



געזעלשאַפטלעכע באַערונג פאַרן פּרעזידענט פון דער קהילה אין באָגאָטאַ. — פון רעכטס: ל. קאַלינע, ע. לאַם, ש. קאַוואַן, ר. גובעריק, אַרטיכעקט ב. אַקערמאַן; א. מוגראַבי, וויצע־פּרעזידענט פון דער ספרדישער קהילה; ד״ר האַנע, פּרעז׳ פון דער ספרדישער קהילה; ד״ר מילהעלם, פּרעז׳ פון ועד הקהי־לות; ה. קריש, וויצע־פּרעזידענט פון דער דײַטשער קהילה; וו. גרינבערג, כ. קאָרן, ד. ראָזענבוים

לעכן זשורנאַל „מענאָראַ" (מנורה), וואָס דערשײַנט אין שפּאַניש, און וועלכן עס האָט מיט אַריבער צוואַנציק יאָר צוריק, געגרינדעט יצחק צעלניק ז"ל, און וועלכן עס רעדאַגירט הײַנט זײַן ייִנגערער ברודער, אליעזר צעלניק, וועלכער איז אויך אַ מחבר פון אַ בוך אין שפּאַניש וועגן דער געשיכטע פון ציוניזם. „מענאָראַ", איז אַ נאַציאָנאַל־ייִדישע טריבונע, וועלכע גיט אַ ברייטע אינפאָרמאַציע וועגן מדינת ישראל, וועגן אָרטיקן ייִדישן לעבן און דערפילט מיט ווערדע די מיסיע פון אַ גײַסטיקער בריק, וואָס פאַר־בינדט דעם שפּאַניש־לייענענדיקן ייִדן פון דער ווײַטער קאָלאָמביע מיטן אַלגעמיינעם ייִדישן לעבן.

די דײַטש־ריידנדיקע ייִדן זײַנען אָרגאַניזירט אין דער „אַסאָסיאַסיאָן איזראַעליטאַ מאָנטעפיאָרע" און די ספרדים גרופּירן זיך אין דער „קאָמו־נידאַד העברעאַ סעפּאַראַדי". זיי האָבן אויך אויפגעשטעלט אַ שול און אַ תלמוד־תורה. חוץ די קהילות זײַנען טעטיק אין שטאָט אַ רייִ ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס פון פאַרשיידענער פּאָליטישער באַפאַרבונג, ווי אויך פרויען־גרופּעס.

די צווייטע קהילה אין לאַנד, לויט דער גרייס, געפינט זיך אין דער שטאָט קאַלי, דער צענטער פון די אַרומיקע קלענערע ישובים אין דעם קאַוקאַ־טאָל, צוזאַמען בײַ די צוויי טויזנט נפשות, וועלכע באַשטייען אויך פון מזרח־אייראָפּעיִשע, דײַטשע און ספרדישע ייִדן. זיי האָבן אויך באַוויזן צו שאַפן אַ דאַך־אָרגאַניזאַציע, וועלכע באַדינט אַלע ישובים, און האָבן גע־שאַפן אַ שול, וואָס טראָגט דעם נאָמען „קאָלעכיאָ כאָרכע איסאַאַקס", בײַ די צוויי הונדערט תלמידים לערנען אין שול, אַ העלפט פון אַלע ייִדישע קינדער.

אין מעדעלין, די הויפּטשטאָט פון דער „ייִדישער" פּראָווינץ אַנטיאָכיאַ און אינדוסטריעלער צענטער פון קאָלאָמביאַ, וווינען בײַ די טויזנט ייִדן, דער גרעסטער טייל פון זיי מזרח־אייראָפּעיִשע. זיי זײַנען אָרגאַניזירט אין אַ ייִדישן צענטער וואָס האַלט־אויס אַ שול, אין וועלכער עס לערנען אַריבער די זיבעציק פּראָצענט פון אַלע ייִדישע קינדער.

בײַ די ברעגן פון קאַריבישן ים, אין דער האַפן־שטאָט באַראַנקיליאַ, וווינען בײַ די צוויי טויזנט ייִדן, פון זיי אַרום אַ העלפט פון מזרח־אייראָפּע, און די רעשט דײַטש־ריידנדיקע און ספרדים, וועלכע זײַנען אָרגאַניזירט אין צוויי קהילות. די קהילות געפינען זיך אָבער אונטער איין דאַך־אָרגאַניזאַ־

ציע, וואָס הייסט „פעדעראַציע פון ייִדישע אָרגאַניזאַציעס". דער ישוב האָט אויסגעבויט פּרעכטיקע בנינים פאַר זײַנע קהלשע אינסטיטוציעס און באַזונדערס פאַר דער שול, אין וועלכער עס לערנען אַ העלפט פון אַלע ייִדישע קינדער אין שטאָט. בײַ דער קהילה איז פאַראַן אַ גוט אָרגאַניזירטע יוגנט־גרופּע, וואָס גיט־אַרויס אַ שפּאַנישן זשורנאַל מיטן נאָמען „עקאָס".

הײַנט געפינט זיך די רעגירונגס־מאַכט אין לאַנד אין די הענט פון פּאָליטישע פּאַרטייען מיט דעמאָקראַטישע טראַדיציעס, און דער קאָלאָמביאַנער, ווי געזאָגט, איז אַ באַשיידענער און צוגעלאָזטער מענטש, וואָס האָט ליב אַ קאָנטאַקט מיט מענטשן. די ייִדן האָבן זיך גוט אײַנגעלעבט אין דער סביבה, און האָבן זייער פיל בײַגעטראָגן פאַרן לאַנד אויפן געביט פון אינדוסטריע און האַנדל. דאָס לאַנד איז גרויס און רײַך, און דער אונטערנעמונגס־גײַסט פון דער ייִדישער באַפעלקערונג קאָן זײַן אַ ברכה פאַר אַן אויפשטײַג אויף אַלע געביטן. אָבער די דערפאַרונג פון דער נישט ווײַטער פאַרגאַנגענהייט און באַזונדערס די אומרועז, וואָס האָבן הײַנט באַהערשט דעם קאָנטינענט, און וואָס האָבן אויך נישט אויסגעמיטן אונדזער לאַנד, צווינגען זיך צו פאַרטראַכטן וועגן די פּערספּעקטיוון, וואָס שטייען פאַר אין דער נאָענטסטער צוקונפט...

איך האָב אין דעם אויבנאויפיקן איבערבליק דערמאָנט בלויז די גרעסערע ישובים פון לאַנד. נאָך אייניקע גאַנץ אַקטיווע ייִדישע קיבוצים זײַנען צעוואָרפן איבער אַלע ווינקעלעך פון קאָלאָמביע. אויב איך וועל זוכה זײַן אַרויסצוגעבן נאָך אַ בוך זכרונות — און עס זײַנען נאָך בײַ מיר פאַראַן אַ סך פאַרצייכענונגען — וועל איך זיי דערמאָנען. בײַ דער געלעגנהייט וועל איך נאָך באַטאָנען, אין שײַכות מיט דער טעמע מיט וועלכער איך שליס די אָפּטיילונג, אַז הײַנט איז מער ווי שטענדיק נייטיק אָנצוהאַלטן די אייניקייט אויף צו פאַרטיידיקן די ייִדישע רעכט און מענטשלעכן כבוד. דאָס איז דער ציל פון אונדזער דאַך־אָרגאַניזאַציע, אונטער דער אָנפירונג פון אַזאַ אויסגעפרוווטן מנהיג, ווי עס איז דער ד"ר מאַרקאָס מילהעלם, וואָס שטרעבט וואָס מער צו פאַרברידערן אַלע ישובים פון לאַנד צווישן זיך, און זיי אויך ענגער פאַרבינדן מיט מדינת ישראל.



די „הערצל־ביאַליק״־שול אין קאַראַקאַס, ווענעסועלאַ

# יידן אין ווענעסועלאַ

קאַראַקאַס, די הויפּטשטאָט פון ווענעסועלאַ, האָט נאָך גאָר נישט לאַנג, מיט אַ דרייסיק יאָר צוריק, געטראָגן אויף זיך אַלע סימנים פון קאָלאָניאַלן סטיל און פון וויַטן מיטלאַלטער. כאַאָטיש צעוואָרפן, פּרימיטיוו און אָפּ־געלאָזן, אַזוי ווי די שפּאַנישע הערשער האָבן זי איבערגעלאָזן, מיט הונ־דערט זעכציק יאָר צוריק. פאַר די קורצע דריַי יאָרצענדליק איז די שטאָט פון צוויי הונדערט טויזנט איַנוווינער געוואָרן אַ מעטראָפּאָליע פון צוויי מיליאָן. און זי וואַקסט ווי אויף הייוון, אין דער בריייט און דער עיקר — אין דער הויך. יעדעס יאָר קומען צו נייַע געגנטן, נייַע וואָלקנקראַצערס, נייַע אויפּטוען און דערגרייכונגען. און אויב דער וווּקס וועט אָנהאַלטן מיטן זעלביקן גאַלאָפּירנדיק ריטעם, וועט נישט לאַנג דויערן און נאָך אַ ניו־יאָרק וועט אויסוואַקסן ביַי די ברעגן פון קאַריבישן ים, אויף דער ערד פון דער שפּאַניש־רעדנדיקער אַמעריקע. עס איז אָפּהענגיק פון דעם שוואַרצן גאָלד, און ווערטפולע מינעראַלן און מעטאַלן, וועלכע זיַינען פאַרבאָרגן אין די אינגעווײדן פון דער ווענעסולאַנער ערד און שפּיַיזט דאָס לאַנד מיט אירע אומאויסשעפּלעכע רעזערוון.

און לשבח פון די איַנוווינער פון לאַנד דאַרף געזאָגט ווערן, אַז זיי האָבן מיט גרויס דערפאָלג איבערגענומען די אַרבעטס מעטאָדן פון נאָרד אַמעריקע אויף אַלע געביטן. עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז די תלמידים זאָלן גאָר גיך איבערשטיַיגן דעם רבין. יעדע אונטערנעמונג ווערט דאָרט אויפגעשטעלט מיט שנעלטריט, מיט אַ בליץ־שנעלן טעמפּאָ. עס איז באַ־ווּסט, אַז דעם לאַטיין־אַמעריקאַנער איז פרעמד די כאַראַקטעריסטיק פון לויפן און יאָגן. ער האָט צייַט, ביַי גאָט זיַינען פאַראַן אַ סך יאָרן, און פון איַילעניש, זאָגט ער, שפּאָרט מען אָפּ — מידקייט״...

דער ווענעסולאַנער איז אין דעם זין אַן אויסנאַם. יעדע בויונג האָט דאָרט לכתחילה אַן אָנגעצייכנטע דאַטע ווען זי דאַרף פאַרטיק ווערן, און דאָס

איז אַ געזעץ, וואָס ווערט אויסגעפירט ווי אַ געבאָט פון הימל. מעגלעך אַז דאָס איז אַ רעזולטאַט פון דעם, וואָס דער ווענעסולאַנער אַרבעטער ווערט אַמבעסטן באַצאָלט, אין פאַרגלייַך מיט די אַרבעטער פון די אַלע אַנדערע לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער. מען דאַרף אויך צוגעבן, אַז די בוי־פירמעס פון לאַנד באַנוצן אויך די מאָדערנסטע טעכנישע מיטלען.

אין די יאָרן פאַר דער נאַפט־געדרעטעניש, איז אַן אַרבעטער אין דעם לאַנד אָפּגעקומען זייַן טאָג מיט עטלעכע באַנאַנעס און אַ שטיקל יוקאָ (ענלעך אויף קאַרטאָפל, דאָך עפּעס אַנדערש). ער האָט אויך מער נישט פאַר־דינט. און אונדזערע חכמים האָבן שוין לאַנג געזאָגט „אין קמח אין תורה״. אַז מען צאָלט נישט — אַרבעט מען נישט. הייַנט איז אַ פאַרגעניגן צו זען די איבערגעפולטע מאָדערנע קאַפעטעריעס און רעסטאָראַנען, אויף אַלע גאַסן, ווו עס זיצן מענטשן פון אַלע פאָלקס־שיכטן, צווישן זיי אויך האָרע־פּאַשניקעס אין זייערע אַרבעטס־קליידער, און לאָזן זיך וווילגיין בייַ גאָר פייַן סערווירטע טישן...

עס איז נישט ביליק אין ווענעסועלאַ, די פרייַזן שטייַגן און מען פילט דעם פולס פון אַן אינפלאַציע. אָבער ס׳איז אַ אינפלאַציע מיט געלט, און ווען דאָס פאָלק איז אויך אַ שטיקל שותף בייַם טיש פון לעבן און לייַדט נישט קיין נויט, איז עס אַ מזל ברכה פאַרן לאַנד און די בעסטע תרופה קעגן דער רויטער געפאַר, וואָס באַדראָעט אַ סך לענדער פון דער לאַטיי־נישער אַמעריקע.

ווענעסועלאַ איז אַ פעטער ביסן אויף וועלכן עס קוקן מיט גיריקער תאווה אַ סך פייַנטלעכע אויגן. די שכנותדיקע קובאַ און די ווייַטע מאָסקווע, הערן נישט אויף צו זייען אומרו און האָבן זייערע אַגענטן אין פאַרשיידענע קרייזן. דאָס שוואַרצע גאָלד לאָקט זייערע אַפּעטיטן און נישט קוקנדיק אויפן אָנשטענדיקן לעבנס־ניוואָ פון וועלכן עס געניסט די מערהייַט פון דער באַפעלקערונג, זייַנען דאָרט די אוניווערסיטעטן אין יאָר 1971 אַ לענגערע צייַט געווען געשלאָסן איבער די אומרוען פון די סטודענטן... אָבער ווען אַ פאָלק איז זאַט און געניסט פון דעמאָקראַטישער פרייַהייט, האָט עס עפּעס צו פאַרלירן, און וועט דעריבער אויף פּאָליטישע אַוואַנ־טורעס זיך נישט לאָזן פאַרפירן. איז צו האָפן, אַז די פינצטערע כוחות וועלן זייערע צילן אין ווענעסועלאַ נישט דערגרייכן.

*

אָט אין דעם לאַנד, וועלכן די נאַטור האָט אַזוי ברייטהאַרציק אויסגע־טיילט איינעם פון אירע טײַערסטע אוצרות, און צווישן דעם פאָלק, וואָס האָט מיט אויפריכטיקער פרײַנדשאַפט אויפגענומען די ייִדישע אימיגראַנטן, וועלכע זײַנען געקומען פון פאַרשיידענע לענדער, האָט אין פאַרלויף פון די לעצטע פערציק יאָר זיך פאַרמירט אַ שיינער ייִדישער ישוב, וואָס ציילט בערך אַ פופצן טויזנט נפשות.

הײַנט איז דער גרעסטער טייל פון דער ייִדישער באַפעלקערונג קאָנ־צענטרירט אין דער הויפּטשטאָט, קאַראַקאַס. אָבער דער בראשית פון דער ייִדישער געשיכטע אין דעם לאַנד איז פאַרבונדן מיט דער שטאָט וואַ־לענציאַ, דרײַ שעה רײַזע פון דער הויפּטשטאָט און אַכצן קילאָמעטער פון קאַראַבאָבאָ, דער היסטאָרישער פונקט ווו ס'איז אונטער דער אָנפירונג פון סימאָן באָליוואַר באַזיגט געוואָרן די קאָלאָניאַלע מאַכט פון שפּאַניע און דאָס ווענעסולאַנער פאָלק האָט דערגרייכט זײַן נאַציאָנאַלע פרײַהייט.

אין דער שטאָט האָבן זיך באַזעצט די ערשטע ייִדישע אימיגראַנטן, און דאָ איז געשאַפן געוואָרן דער יסוד פון אַן אָרגאַניזירט ייִדיש לעבן. אָבער מיט דער צײַט, ווען ס'איז אונטערגעוואָקסן דער צווייטער דור, און קינדער האָבן זיך גענומען צו פאַרשיידענע פּראָפעסיעס, און אַוועק אין שולן און אוניווערסיטעטן, האָט מען געדאַרפט האָבן ברייטערע האָריזאָנטן און גענומען איבערוואַנדערן אין קאַראַקאַס. אין וואַלענציאַ זײַנען געבליבן בלויז אייניקע געציילטע ייִדישע משפּחות.

איך האָב געהאַט דעם פאַרגעניגן צו קומען אין קאָנטאַקט מיט די ווענעסולאַנער ייִדן אין די ערשטע אימיגראַנטישע יאָרן. צווישן די גרונט־לייגער פון ישוב זײַנען געווען מענטשן, וואָס האָבן מיטגעבראַכט פון דער אַלטער היים אַ באַגאַזש ייִדישן וויסן און דער עיקר — ייִדישן ווילן. האָבן זיי פאַרזייט געזונטע קערנער, און געשאַפן דעם יסוד פאַר אַ ברייט פאַר־צווײַגטן ייִדישן לעבן. פון אָט די פּיאָנערן, — און אויך פון די ייִנגערע עסקנים, וועלכע זײַנען שפּעטער צוגעקומען, דאַרפן דערמאָנט ווערן מיט באַזונדער אָנערקענונג: מאַקס פרייליך, משה לאַנדאו, אברהם איגליטצקי, שלמה זאַבלאָדאָוויטש, אַהרן טשעכאָוויטש; די טשענסטאָכאָווסקיס, פּאָטער און זון, מיגעל און וואַלטער, משה נאַפּאַדעינסקי, ד״ר עילעק, יצחק אַקער־

מאַן, אַברהם סטעמפּעל, א. פישמאַן, אײדעלמאַן; ד״ר מײרענפעלד, פּרעזי־דענט פון דער קהילה, ד״ר לעאָן קלאַר, ד״ר חיים סעגאַל, ב. גליזשײנסקי, קלמן לאַבאָװסקי און יוסף לערנער, װעלכע האָבן זײער פיל בײַגעטראָגן פאַרן אָרטיקן חינוך װעזן, און זיכער אויך אַנדערע, װעלכע זײַנען מיר, צום באַדויערן, נישט באַקענט, אָדער קומען מיר נישט אין דעם מאָמענט אויפן זכרון, בעט איך זײ עס נישט אויסטײַטשן צום שלעכטן.



דער נײַער בנין פון „בני ברית" אין קאַראַקאַס, װענעסועלאַ

אגב, דער פאָטער טשענסטעכאָװסקי, אַ ייִד אַ למדן, האָט געלײגט דעם יסוד פון ייִדישן לעבן אין שטאָט. ער האָט דערלעבט אַ בכבודיקע עלטער און האָט אַ סך נחת פון זײַן גערעטענעם זון, װאָס גײט אין די דרכים פון זײַנע עלטערן. װאַלטער איז פּרעזידענט פון דער אָרטיקער ציוניסטישער

אָרגאַניזאַציע, איז פאַרטראָטן אין אַלע צענטראַלע אינסטיטוציעס און הויפּט טוער אין די נאַציאָנאַלע קרנס. אַ מענטש מיט אַ וואַרעם ייִדיש האַרץ און געזעלשאַפטלעכן שוווּנג, איז ער די צענטראַלע פיגור, אַרום וועלכער עס גרופּירן זיך אַלע רעסאָרטן פון ייִדישן לעבן.

עס דאַרף דערמאָנט ווערן מיט באַזונדער אָנערקענונג דער פאָלקס־טימלעכער עסקן, משה נאַפּאַדעינסקי, וואָס איז זיך מתעסק מיט אַ באַזונ־דער ליבשאַפט ביי אַלע ייִדישע קולטור־אַקטן, קומען ייִדישע אַרטיסטן, אָדער אַ רעפערענט, שפּאַרט ער נישט קיין צייט און קיין מי, און מיט זיין מיטאַרבעט איז געזיכערט דער דערפאָלג פון אַן אונטערנעמונג. אַ באַ־שיידענער ביז גאָר מיידט ער אויס פרסום; בין איך צופרידן וואָס איך האָב די געלעגנהייט צו זאָגן אַ גוט וואָרט וועגן אַזעלכע ליבע ייִדן.

די ייִדישע ווענעסועלאַ פאַרנעמט, אין פּראָפּאָרץ, זייער אַ חשובן פּלאַץ אין זין פון נאָכקומען אַלע נאַציאָנאַלע און ייִדישע פליכטן. זייט דער אַנט־שטייונג פון דער מדינה האָט דער ישוב אַרויסגעוויזן אַ געפיל פון טיפן נאַציאָנאַלן באַוווּסטזיין און ברייטהאַרציקייט. ביים טיש פון מגבית, צום ביישפּיל, זיינען פאַרטראָטן מענטשן פון אַלע פאָלקס־שיכטן און פון ביידע דורות, די פּיאָנערן מיט זייערע נאָכפאָלגער, די יורשים און דער המשך פון זייער פערזענלעכן און געזעלשאַפטלעך־ייִדישן פאַרמעגן.

*

אין די ייִדישע שולן פון קאַראַקאַס לערנען ביי די דריי טויזנט תּלמידים — דער גרעסטער טייל פון די ייִדישע קינדער אין שטאָט. די שולן שטייען אויף אַ גאָר באַטייטנדיקער פּעדאַגאָגישער הויך און ווערן אָנגעפירט דורך די עלטערן, אַ גרויסער טייל פון וועלכע זיינען מענטשן מיט מיטעלער און העכערער בילדונג. דער צווייטער דור האָט גענומען אויף זיך די אָנפירונג פון די ייִדישע שולן און די גרויסע אחריות פאַר דער ייִדישער דערציִונג, און די יונגע טאַטעס און מאַמעס טוען עס מיט אַ זעלטענער איבערגעגעבנ־קייט און ליבשאַפט. פיר ייִדישע שולן זיינען פאַראַן אין שטאָט, און איינע פון זיי מיטן נאָמען „יבנה", ווערט אָנגעפירט פון הרב ברענער און טראָגט אַ מער רעליגיעזן כאַראַקטער.

די שולן זיינען אינטעגראַלע, עס ווערט געלערנט שפּאַניש, ווי אין די רעגירונגס־שולן און אויך עברית, די שפּראַך, ליטעראַטור און תּנ"ך.

אין איינציקע שולן ווערט אויך געלערנט עטלעכע שעה אין וואָך יידיש. אין אַנדערע ישובים פון קאָנטינענט ווערן ביסלעכווייז פאַר־מאַכט די טירן פאַר דער דאָזיקער שפּראַך, און היינט הערט מען שוין נישט קיין קלאַנג פון לעבעדיקן יידישן לשון אין די שולן. דאָס איז זייער באַדויערנסווערט. אמת, קאַראַקאַס איז אין דעם זין אַן אויס־נאַם. ערגער איז אין פיל אַנדערע ישובים פון קאָנטינענט, און אַפילו אין בוענאָס איירעס איז נישט בעסער. אָבער אין דעם פאַל איז צרת רבים — אַ טאָפּלטע צרה. מיט וואָס האָט זיך עס דאָס יידישע לשון פאַר־זינדיקט בײַם יידישן פאָלק? איז דאָך די יידישע שפּראַך, צוגלײַך מיט דער רעליגיע, געווען אַ באַריער קעגן דער אַסימילאַציע! אין פאַרלויף פון הונ־דערטער יאָרן האָט דאָס יידנטום אין מזרח אייראָפּע גײַסטיק זיך אויס־געלעבט אויף דער שפּראַך, און האָט זיך אַזוי אַרום אויסגעהיט פון פרעמדע קולטור־אײַנפלוסן.

אויף דער יידישער שפּראַך איז דאָך געשאַפן געוואָרן אַ גאַנצע ציווי־ליזאַציע, אַ מאָדערנע קולטור, אַ ברייט פאַרצווײַגטע ליטעראַטור, וואָס האָט דערגרייכט צו די העכסטע שפּיצן. האָט דאָך דער נאָמען שלום עליכם באַקאַנט און באַליבט געמאַכט די יידישע גײַסטיקע שאַפונג צווישן אַ סך פעלקער און אויף אַ סך שפּראַכן. אַזעלכע קינסטלער ווי פּרץ, שלום אַש, איציק מאַנגער, יצחק באַשעוויס און פיל צענדליקער אַנדערע, וואָלטן געווען אַ שטאָלץ פאַר יעדן גרויסן און ציוויליזירטן פאָלק. איז פאַר וואָס שעמען מיר זיך מיט זיי, און פאַר וואָס האָבן מיר פאַרטריבן זייער שפּראַך און זייערע ווערק פון אונדזערע שולן?

דער אמת איז, אַז אין די „גרינע“ יאָרן איז דער ישוב — ווי די אַלע אַנדערע פון קאָנטינענט — געווען מער יידישער, פאָלקסטימלעכער, געזעלשאַפטלעכער... וואָס ווײַטער ווערן אונדזערע ישובים אַלץ מער נאָכגעביקער דעם אײַנפלוס פון דער אַסימילאַציע. שולדיק אין דעם זײַנען די, וועלכע האָבן פאַרמיאוסט דאָס יידישע לשון אין מויל פון אונדזערע קינדער, די וואָס האָבן פאַרטריבן יידיש פון די יידישע שולן.

מיט יאָרן צוריק איז אין איינער פון די יידישע שולן אין קאַראַקאַס, געווען אַ לערערין, סטאַוווסקי, וואָס האָט געלערנט יידיש די קינדער. צו יעדן שלוס פון לערן־זמן, פלעגט זי אײַנאָרדענען אַ פאָרשטעלונג אויף

וועלכער קינדער פלעגן אויפפירן פאַרשיידענע סצענקעס און אויפטרעטן מיט רעציטאַציעס און לידער. יעדע פאָרשטעלונג איז געווען אַן אמתע קולטור געשעעניש, וואָס פלעגט פאַרזאַמלען נישט נאָר די עלטערן פון די קינדער, נאָר אַ גרויסן טייל פון ישוב. אויך הײַנט ווערן דורכגעפירט אַזעלכע פאָרשטעלונגען, נאָר עס פעלט אין זיי די אַמאָליקע ייִדישע וואַרעמקייט, די חסידישע התלהבות, די אינטימיטעט, וואָס האָט פאַרבונדן אַלע דורות.

מיטן אומברענגען די ייִדישע שפּראַך איז אויסגעלאָשן געוואָרן אַ טייל פון ייִדישן גײַסט. קיין טובה פאַר העברעיִש איז פון דעם נישט אַרויסגעקומען און פאַרן ייִדישן לעבן אַוודאי נישט. אַ טויזנט יאָריקע קולטור איז אָפּגעמעקט געוואָרן, און דערמיט איז אויך דער ישוב קולטורעל געוואָרן אָרעמער.

*

אָבער צום גליק זײַנען נאָך די „אַלטע״ יונג אין גײַסט. אין קאַראַקאַס ווערט מען נישט אַזוי גיך אַלט און די פּיאָנערן, די גרונטלייגער פון ישוב, האָבן נאָך נישט פאַרלאָרן זייער יוגנטלעכן אימפּעט, זייערע ייִדישע געפילן, זייער גײַסטיקן אומרו. זיי זײַנען נאָך פאַרטראָטן אין פאַרשיידענע ייִדישע אינסטיטוציעס, אין דער קהילה, און זײַנען די ערשטע אויף צו שטיצן פאַרשיידענע ייִדישע איניציאַטיוועס און אַרויסהעלפן אין אַלע ייִדישע אונטערנעמונגען. זיי זײַנען די ערשטע וואָס גיבן און באַווירקן אויך צום גוטן די ייִנגערע. ווען ייִדישע אַרטיסטן קומען אַראָפּ אין ישוב, ווערט פריילעך אין שטעטל. די ערשטע זײַנען די „אַלטע״ וואָס גיבן אַ בײַשפּיל, און מען שפּילט פאַר פולע טעאַטערס. דאָס זעלבע איז ווען עס קומט אַ קולטור־גאַסט. אַ סך ייִדישע ביכער זײַנען אַרויסגעגעבן געוואָרן מיט דער הילף פון די ווענעסולאַנער ייִדן. און אין פאַרגלײַך מיט אַנדערע ישובים, איז גאָר באַטײַטנדיק די פּראָפּאָרץ פון ייִדישע צײַטשריפטן, פון ישראל און אַנדערע לענדער, וועלכע האָבן אַבאָנענטן און טרײַע לייענער צווישן די ייִדן פון ווענעסועלאַ. דאָס איז זייער אַ פּילזאָגנדיקער און פּאָזיטיווער פאַקט.

איז דעריבער פאַרשטענדלעך, אַז נאָך די לעצטע עטלעכע יאָר פון שטילשטאַנד אין ייִדישן לעבן, זאָל קענען קומען אַן אויפלעבונג, ווײַל עס

איז געווען ווער עס זאָל די אויפלעבונג פאַרווירקלעכן. די פּיאָנערן האָבן פאַרגעזעצט זייער ייִדישע שליחות. אַזוי ווי מיר האָבן אויבן דערמאָנט, נישט לאַנג איז אין קאַראַקאַס, דערעפנט געוואָרן אַ שלום עליכם קולטור פאַראיין. אין אַנדערע ישובים ווערן, צום גרויס באַדויערן, אַזעלכע אינ־סטיטוציעס איינגעשרומפּן, און גייען אונטער. אין ווענעסועלאַ זיינען נאָך אָבער פאַראַן יונגע ייִדישע ייִדן; איך מיין יונג אין גייסט, און ווי עס זינגט זיך אין אַ ייִדיש לידל: „יונג איז יעדער איינער, וועלכער וויל נאָר"... איז פאַר מיר דעריבער געווען אַן אמתער נחת רוח אויפצוטרעטן אויף דער טריבונע פון דעם שלום עליכם קולטור פאַראיין, און זען פאַר זיך אַ גרויסן פול־באַזעצטן זאַל מיט אַן ענטוזיאַסטישן און יום טובדיקן עולם. איך האָב נאָר באַדויערט בעת מעשה, וואָס מיר איז נישט באַשערט צו לעבן צווישן אָט די ליבע ייִדישע מענטשן, איז דאָך אַלץ וואָס זיי שאַפן און טוען אַ טייל פון מיין אייגן לעבן...

דער איניציאַטאָר פון דעם קולטור פאַראיין, ווי פון אַ סך אַנדערע ייִדישע איניציאַטיוועס, איז געווען דער שטענדיק אומדערמידלעכער קולטור טוער, מאַקס פריילידך, אַ „פּאַרטרעט" פון וועלכן עס ווערט אין דעם בוך געגעבן. אָבער ער איז נישט געווען דער איינציקער, לא אַלמן ישראל — גאָט האָט זיין פאָלק נישט פאַרלאָזן. אין קאַראַקאַס זיינען נאָך פאַראַן ייִדישע ייִדן, וואָס זיינען גרייט עפּעס צו טאָן פאַרן כלל, פאַרן לאַנד, פאַרן ייִדישן לעבן און אויך פאַרן ייִדישן לשון. איז מיט דער צייט געוואָרן אַ מנין חברים לדעה און זיי האָבן געשאַפן דעם קולטור צענטער אויפן נאָמען פון דעם וועלט־באַרימטן ייִדישן שרייבער, וואָס האָט געלערנט קיינמאָל נישט צו פאַרלירן דעם בטחון און די ליבע צו מענטשן. דער פאַראיין ציילט שוין פיל צענדליקער מיטגלידער, און פאַרזאַמלט אָפט דעם גאַנצן ישוב אויף זיינע קולטור אַקטן.

דער ערשטער פּרעזידענט פון דעם „שלום עליכם צענטער" איז אַהרן טשעכאָוויטש, איינער פון די שארית הפּליטה, וואָס האָט דורכגעמאַכט אַלע שבעה מדורי גיהנום פון ייִדישן חורבן אין פּוילן. זיינע איבערלעבונגען זיינען אַן עפּאָפּייע פון העראָיזם און ייִדישן אויסדויער. ער האָט באַוויזן צו אַנטלויפן פון דעם טרויעריק־באַרימטן פּאַוויאַק אין וואַרשע, און אויף

צו להכעיס אַלע ייִדישע שונאים, איז ער הײַנט אַן אַקטיווער טוער אין דער ייִדישער געזעלשאַפט.

און גאָר נישט לאַנג, אָנהייב 1973, איז אין קאַראַקאַס אונטערגענומען געוואָרן נאָך אַ וויכטיקע איניציאַטיווע. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ צענטראַלער חינוך־ראַט, וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל אַרײַנצונעמען אַלע ייִדישע קינדער אין די ייִדישע שולן. קיין איין קינד זאָל נישט בלײַבן אָן ייִדישער דערציִונג! צו דעם צוועק איז באַשטימט געוואָרן צו שאַפן אַ מיטלשול פאַר טויזנט צוויי הונדערט תּלמידים און אויסטיילן סטיפּענדיעס פאַר די אומפאַרמעגלעכע, וועלכע קאָנען נישט צאָלן קיין שׂכר־לימוד. דאָס איז אַוודאי אַן אויפטו, וואָס קאָן דינען פאַר אַ בײַשפּיל פאַר אַלע אַנדערע ישובים פון קאָנטינענט...

אין דער סביבה איז עס אויפגעקומען אַ באַטײַטנדיקע ייִדישע אינטעליגענץ, אַ צאָלרײַכע גרופּע פּראָפעסיאָנאַלן און אינטעלעקטואַלן, וועלכע פאַרנעמען שוין אַן אָרט אין אַלגעמיינעם גײַסטיקן לעבן פון לאַנד און וואָס גיט צו חשיבות דעם ייִדישן ישוב. איינע פון זיי איז אַ יונגע און טאַלאַנטירטע עסייאיסטן, אַליסיאַ פרייליך דע סעגאַל, אַ טאָכטער פון איינעם פון די פּיאָנערן פון ישוב און דעם אַקטיוון קולטור־טוער, מאַקס פריילידן, וועלכער איז — ווי מיר האָבן אויבן דערמאָנט — דער איניציאַטאָר פון אַ סך גוטע ייִדישע אויפטוען, אָנהייבנדיק פון סאַמע בראשית, פון ערשטן ייִדישן אַנשטאַלט ביז דעם הײַנטיקן שלום עליכם קולטור פּאַראיין.

אַליסיאַ האָט געלערנט אין אַ ייִדישער שול, האָט דערנאָך באַקומען אַ גרינטלעכע אַלגעמיינע בילדונג און האָט אָנגעהייבן גאַנץ יונג שרײַבן. זי פאַרעפנטלעכט אירע עסייען אין דער גרויסער טאָגצײַטונג „על נאַסיאָנאַל״ און באַטייליקט זיך אין פאַרשיידענע צײַטשריפטן.

עס האָבן דערגרייכט אויך וויכטיקע פּאָזיציעס אינעם אַלגעמיינעם גײַסטיקן און פּראָפעסיאָנעלן לעבן פון לאַנד, און באַזונדערס טאָקע אויך אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פון ייִדישן ישוב, די ד״ראַ פּאַולינאַ דע אַלמאַזשני, ד״ר כאַקאָבאָ גראַסיאַני, ד״ר בענאים פּינטאָ, און זיכער אויך אַנדערע. ס׳איז מיר ליב צו דערמאָנען צום גוטן יעדן ייִדן, וועלכער גיט אַ וועלכן נישט איז צושטײַער פאַרן ייִדישן לעבן.

ווענעסועלאַ ליגט אין דער זאָנע פון טראָפּיק, און אין די טאָלן הערשט

דעריבער אַ הייסער טראָפּיקאַלישער קלימאַט. אָבער קאַראַקאַס האָט זיך אויסגעשפּרייט אויף די פּליינען פון די בערג און די שטאָט געניסט פון אַ ריינעם בלויען הימל און פון אַן אייביקן פרילינג. ס׳איז אַן אמתער גן עדן ווינקל אויף גאָטס ערד, געבענטשט פון גאָט און אויך פון מענטשן. דאָס לאַנד האָט גוטע אויסזיכטן פאַר זײַן ווײַטערדיקער, און לאָמיר האָפן אויך, דעמאָקראַטישער אַנטוויקלונג. האָט דער ישוב אַ געזונטן באָדן פאַר אַ ייִדישן לעבן, און די מדינה, דער גײַסט פון די פּיאָנערן און דער שכל הישר פון די יונגע דורות, וועלן נישט לאָזן אײַנשלאָפן די ייִדישע סענטימענטן. אַ פאָלק מיט אַזאַ פּיל־טויזנטיאָריקער קולטור, וואָס האָט געגעבן דער מענטשהײַט דעם באַוווּסטזײַן פון די העכסטע מאָראַלישע ווערטן, וועט נישט אויפהערן צו אינספּירירן צו ייִדישן המשך. עס זײַנען פאַראַן אייניקע פעלערן, אויף וועלכע מיר האָבן אָנגעוויזן, אָבער עס איז דאָ גוטער ווילן, אַזוי בײַ די ייִנגערע דורות און אַוודאי בײַם עלטערן דור, ווײַטער צו בויען דאָס ייִדישע לעבן פאַרן וווילשטאַנד פון ישוב און פאַר מדינת ישראל.

# אַ פּאָרטרעט פון אַ יידישן קולטור־טוער

מיט צוואַנציק יאָר צוריק האָב איך באַשטימט די צײַט פון מײַנע אויסגעבענקטע וואַקאַציעס אָפּצוגעבן אויף — טוריזם און מסחר. עס איז אַן עכט יידישע קאָמבינאַציע, און טאַקע ווי אַ ייִד און ווי אַ סוחר, האָב איך געוואָלט זיך באַקענען מיט די ייִדישע ישובים פון די אַרומיקע לענדער, זיך טרעפן מיט זשעליכאָווער לאַנדסלײַט, און גלײַכצײַטיק אויספאָרשן דעם אָפּזאַץ־מאַרק אין אַנדערע לענדער פאַר אייניקע קאָלאָמביאַנער סחורות. אויף „וואַקאַציעס״ פאָרט מען דאָך נישט אַליין, האָב איך מיטגענומען מײַן אשת־חיל, און מיר האָבן באַשטימט קודם־כל צו באַזוכן ווענעסועלאַ און איר הויפּטשטאָט קאַראַקאַס.

געזאָגט און געטאָן. אין אַ שײנעם דעצעמבער־טאָג זײַנען מיר שוין געווען אין אַווילאַ, ווו מײַנע זשעליכאָווער האָבן אונדז צוגעגרייט זייער אַ פײַנעם סורפּריז, און האָבן אײַנגעאָרדנט אַ קבלת־פּנים אויף וועלכן עס איז געווען פאָרטראָטן דער גאַנצער ישוב. האָט מען גערעדט וועגן דער אַלטער און, דער עיקר טאַקע, וועגן דער נײַער היים, וועגן ייִדישן תכלית, וועגן דערציִונג פון קינדער און וועגן מדינת ישראל. איך האָב אויסגעניצט די געלעגנהייט אויפצומונטערן אַ ביסל מײַנע יידן צו מעשים־טובים, און אַזוי אַרום האָב איך אויף מײַן ערשטער סטאַנציע אין אויסלאַנד דערפילט אַ ייִדישע מצווה, וואָס איז אַרײַנגעגאַנגען אין פּלאַן פון מײַן טוריזם. איך קען דאָך נישט אין דער צײַט פון וואַקאַציעס אויפהערן צו זײַן דאָס וואָס איך בין — אַ ייִדישער כלל־טוער.

אין קאַראַקאַס האָב איך געהאַט אַן אַנדער סורפּריז, וואָס האָט מיר פאַרשאַפט נישט ווייניקער פאַרגעניגן. איך האָב זיך באַקענט מיט כלל־טוערס פון גאָר אַ הויכער מדרגה און געוואונען פרײַנד, וואָס האָבן באַרײַכערט מײַן לעבן. טאַקע ווי אַ ייִד און ווי אַ סוחר זײַנען אין מײַן „פאַרמעגן״ פאַררעכנט צוגלײַך מאַטעריעלע און מאָראַלישע ווערטן.

ווען מלך שאול דערציילט דער תנ״ך, אַז ער איז געגאַנגען זוכן די פאַרלוירענע אייזלען, האָט ער געפונען אַ קעניגרײַך. איך בין אין קאַראַ־קאַס געגאַנגען זוכן אַ סקלאַד פאַר די פּראָדוקטן, וואָס איך האָב געפּלאַנט צו עקספּאָרטירן, און האָב געפונען אויב נישט קיין קעניגרײַך, איז זייער אַ חשובן און ליבן ייִדן. אַ קעניגרײַך איז אַ קנאַפּע מציאה היינטיקע צײַטן, און איך וועל עס נישט בײַטן אויף אַ גוטן פרײַנד און ערלעכן מענטשן.

אַ לאַנדסמאַן האָט מיך באַגלייט אין דער קאָמערציעלער געגנט „על סילענסיאָ״, איך האָב געפונען דאָס וואָס איך דאַרף, און מיט דער צײַט איז דער סקלאַד געוואָרן אַן אַדרעס, וווּהין די פאַבריקן „קאָלטעכאַר״, „טעבי־קאַנדאָר״ און „פאַבריקאַטאַ״, האָבן געשיקט אַ באַטײַטנדיקן טייל פון זייער פּראָדוקציע.

אָבער איך האָב נישט געפונען נאָר אַ סקלאַד, נאָר אויך אַ גוטן שכן. ווי עס זאָגט אַ ייִדישער פאָלקסוואָרט: אַ גוטער שכן איז בעסער פון אַ ווײַטן ברודער. מאַקס פרייליך האָט אין דעם זעלביקן הויז אויך געהאַט עפּעס אַן אונטערנעמונג, און מיר האָבן זיך געטראָפן און זיך באַפרײַנדעט. מיר זײַנען צוויי מענטשן, אָבער פון דעם זעלביקן טייג געקנאָטן. מיר האָבן די זעל־ביקע אידייען און דעם זעלביקן קוק אויפן לעבן. מאַקס פרייליך איז אַ לײַדנשאַפטלעכער קעמפער פאַר ייִדיש, אַ פאַרליבטער אין ייִדישער קולטור, אַ שטורמישער געזעלשאַפטלעכער טוער, וואָס קעמפט אומדערמידלעך פאַר די אינטערעסן פון כלל, און ער מעג אַפילו נישט זײַן פאַרטראָטן אין דער אָנפירונג פון דער קהילה, הערט מען זיך צו צו זײַן וואָרט און ער האָט אין ישוב אַ דעה. ער אימפּאָנירט זיך מיט זײַן אידעאַליזם און ערלעכקייט. אַ דאַנק זײַן אומפאַראינטערעסירטער טעטיקייט זײַנען פאַראַן אין דעם קליי־נעם ישוב פיל צענדליקער אַבאָנענטן פון ייִדישע צײַטונגען, און עס שלאָגט דאָרט אַן אינטענסיווער פּולס פון אַ ייִדישן לעבן. אָט די אַלע אייגנשאַפטן, וואָס קאָסטן אים אַ סך געזונט; אָבער וואָס גיבן צו אַ סך ייִדישן געזונט דעם ישוב, — זײַנען מיר זייער צום האַרצן. איך לײַד אויך פון די אַלע „שוואַכקייטן״, און דעריבער שאַץ איך אַזוי הויך די פרײַנדשאַפט פון מאַקס פרייליכן.

מאַקס פרייליך איז געווען איינער פון די יעניקע ייִדישע בחורימלעך, וואָס האָט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה פאַרלאָזן זײַן קליין שטעטל מיט

אַ סאָלידן ייִדישן באַגאַזש, מיט גײַסטיקן אומרו און מיט אַ בענקשאַפט צו אַ שיינעם ייִדישן לעבן. ער האָט געלערנט אין חדרים און געהונגערט אויף „טעג" אין ישיבות פון וועלכע עס זײַנען אַרויסגעקומען אונדזערע בעסערע מענטשן. אין די אָרעמע שטעטלעך מיט די פינצטערע הײַזקעס און בלאָטיקע געסלעך, פאַרזונקען אין פרימיטיוון עלנט, האָבן זיי געירשנט שיינע מענטשלעכע מידות און מיט זיי געקומען אין די נײַע היימען, ווו זיי פלאַנצן מענטשלעכקייט און ייִדישקייט.



פּראָפעסאָרן פון דער מיטלשול „הערצל־ביאַליק" אין קאַראַקאַס

מאַקס פריילין איז פון די ווייניקע כלל־טוערס אויפן דרום־אַמעריקאַנער קאָנטינענט, וואָס האָט זיך אַרויסגעהויבן פון די לאָקאַלע ראַמען, און שטייט אין פאַרבינדונג מיט דער ייִדישער קולטורוועלט. ער האָט געזעלשאַפטלעך זיך דערהויבן צו אַ פיגור פון אַ גײַסטיקן מנהיג און מאָראַליש — צו דער הויכער מדרגה פון מתן־בסתר. נישט אין ייִדיש בוך איז דערשינען דורך זײַן מיטהילף און פאַרמיטלונג, אָבער אָן זײַן נאָמען... נישט

אומזיסט האָבן די וועגעסאָלאָנער ייִדן איבּ באַטיטלט מיטן נאָמען: „אַמבאַ־סאַדאָר פון ייִדישער קולטור". דער „אַמבאַסאַדאָר" דערפילט ערלעך זײַן שליחות, ער שטייט אויף דער וואַך און היט־אָפּ די אינטערעסן פון זײַן מלכות ייִדיש. ער איז אין כאַראַקטער נישט קיין פּאָליטיקער, ער איז גי־כער פון אַלץ — אַ קולטור־טוער.

שוין אַ יאָר פערציק, אַז מאַקס פריילִיך גיט זיך אָפּ מיט לײַב־און־לעבן לטובת הכלל. אין די ערשטע יאָרן האָט ער נאָר אַ טייל פון זײַן צײַט גע־קאָנט אָפּגעבן אויף דעם, אָבער זינט ער האָט געזיכערט זײַן עקאָנאָמישע פּאָזיציע, לעבט ער נאָר — ווי ער זאָגט — פון „גײַסטיקע ענינים". ער שרײַבט הונדערטער בריוו, דערהאַלט ביכער פון שרײַבערס פון פאַרשיי־דענע לענדער און גייט אַרום זיי פאַרשפּרייטן, ער שרײַבט קאָרעספּאָנדענצן און אַרטיקלען אין ייִדישע צײַטונגען, ער איז דער ערשטער וואָס איז זיך מתעסק מיט אַ קולטור־גאַסט וואָס קומט אין ישוב. ווען עמעץ איז אין אַ נויט אָדער האָט אַ סיכסוך, כאַפּט מען זיך אַראָפּ אין דער געגנט „סאַן בערנאַרדאָ" צו מאַקס פריילִיך. ס'איז אַן אַדרעס, וואָס איז באַקאַנט אין שטאָט און אויך באַוווסט אין אַנדערע לענדער.

מאַקס פריילִיך פּלאַנט צו שרײַבן די געשיכטע פון דעם ייִדישן ישוב אין ווענעסועלאַ. און ער איז זיכער דער בארופנסטער מענטש דאָס צו טאָן, ער איז דאָך איינער פון די אַקטיווסטע טוערס, וואָס האָט געמאַכט די גע־שיכטע. די קולטור־געשיכטע פון ישוב איז אַוודאי זײַנער אַן אויפטו, אויף זײַן איניציאַטיוו זײַנען אין פאַרשיידענע צײַטן פאַרבעטן געוואָרן ייִדישע שרײַבערס, און ער איז געווען דער, וואָס האָט אָרגאַניזירט און געזאָרגט פאַרן דערפאָלג פון די ליטעראַרישע אַקטן.

זייער אָפט האָט מאַקס פריילִיך סכסוכים מיט די פירערס פון ישוב, אָבער דאָס זײַנען סכסוכים לשמה. ער קעמפט פאַר דער ייִדישער שפּראַך אין דער שול־פּראָגראַם, פאַר אַ ייִדישן רעפּעראַט, פאַר אַ סובסידיע פון דער קהילה אויף אַרויסצוגעבן אַ בוך פון אַ ייִדישן שרײַבער, אויף אײַנ־צוקויפן ייִדישע ביכער, אויף צו אַבאָנירן אַ ייִדישע צײַטונג און ענלעכע ענינים. עס מאַכט דעם אײַנדרוק, אַז ער פאַרשאַפט זיך אומזיסטע שונאים, אַרום אים פלאַמען הייסע וויכוחים, אָבער קיינער בלײַבט נישט מיט קיין פאַרדראָס אויף פריילִיכן. מען ווייס, אַז ער פירט אַ קאַמף לשם שמים, און

אויב מען איז אַפילו ניט אײַנשטימיק מיט אים, פֿאַרלירט מען נישט דעם רעספּעקט צו זײַן פּערזענלעכקייט, און ווי בטבע אַ גוטער און אײדעלער מענטש, טראָגט ער אויך נישט קיין פֿאַרדראָס אויף קיינעם.

אָבער פֿרייליך האָט זײַן שטעלונג צו זאַכן, און ער פֿאַרטיידיקט זיי מיט וואָגיקע אַרגומענטן. איך בין, זאָגט ער, אַן איבערצײַגטער ציוניסט און פֿאַרשטיי, אַז די שפּראַך פֿון דער מדינה דאַרף זײַן עברית, און אַז מיטן אויפֿלעבן די העברעיִשע שפּראַך האָט מען קולטורעל פֿאַרבונדן דעם הײַנט מיט די ביבלישע קוואַלן. אָבער מיטן פֿאַרטרײַבן ייִדיש פֿון די תּפֿוצות פֿאַרשנעלערט מען דעם פּראָצעס פֿון אַסימילאַציע, און מען רויִנירט דאָס ייִדישע לעבן. די תּפֿוצות וואָס וועלן אויסגעליידיקט ווערן פֿון ייִדישקייט, וועלן זיך אויך אָפּרײַסן פֿון מדינת ישׂראל.



דער נײַער בנין פֿון דער ייִדישער קהילה אין קאַראַקאַס, ווענעסועלאַ

די יִידישע שפּראַך, זאָגט ער, האָט שוין אַ געשיכטע פון טויזנט יאָר, און איז צוגלײַך מיט דער רעליגיע געווען אַ שוץ־וואַנט, וואָס האָט אויס־געהיט דאָס פאָלק פון אויסמישונג. דאָס פאָלק האָט זיך אויסגעלעבט אין זײַן גלויבן און אין זײַן שפּראַך, אין וועלכער עס זײַנען געשאַפן געוואָרן גרויסע הומאַניטאַרע און קינסטלערישע ווערטן, וואָס גיבן־צו גרויס חשיבות דעם יִידישן פאָלק.

— די יִידישע שפּראַך האָט דעריבער דערפילט אַ וויכטיקע נאַציאָנאַלע מיסיע, און קאָן אויך אויף ווײַטער דינען ווי אַ נאַציאָנאַלער פאַקטאָר אויף צו דערהאַלטן דאָס יִידישע לעבן, באַזונטדערס אין די תפוצות. מיר זײַנען אַ פאָלק מיט איין קולטור אין צוויי שפּראַכן, ווײַל אויך די יִדישע שפּראַך און ליטעראַטור וואָרצלען טיף אין דער קולטור־ירושה פון דורות, און שעפּן פון די זעלביקע קוואַלן. די שנאה און ביטול צו יִידיש שאַפן אַ געפיל פון מינדערווערטיקייט, און די קינדער גייען־אַוועק פון יִידישן לעבן און דינען פרעמדע געטער און קולטורן... דאָס פאַרטיידיקן יִידיש, מיינט נישט אַז מען איז קעגן העברעיִש, און זײַן אַ העברעיִסט זאָגט נישט, אַז מען דאַרף זײַן אַ קעגנער פון יִידיש. די ביידע שפּראַכן דאַרפן זיך דערגאַנצן אין דער שטרעבונג צו איין ציל: צו דערהאַלטן דאָס יִידישע לעבן.

— דער פּראָצעס פון עליה — פון קיבוץ־גלויות — איז אַ לאַנגזאַמער. אין איין יאָר און אַפילו אין צוויי און דרײַ, וועלן אַלע יִדן נישט עולה זײַן קיין ישראל. אויך די מדינה וועט אין אַ קורצער צײַט זיי נישט קאָנען אויפ־נעמען. דאַרפן די אָרטיקע כלל־טוערס זאָרגן, אַז דאָס יִידישע לעבן אין די תפוצות זאָל נישט פאַרוואָסערט ווערן. די יִידישע שפּראַך און ליטעראַטור, צוגלײַך מיט עברית און אַלע אַנדערע יִידישע לימודים, שפּײַזן דעם יִידישן באַוווסטזײַן און אינספּירירן אַ ווילן צום יִידישן המשך. און אַזוי לאַנג ווי עס וועלן זײַן יִדן און אַ יִדיש לעבן, וועט די מדינה נישט אויפהערן צו באַ־קומען זייער בײַטראָג אין מיטלען און אין מענטשן... — דאָס זײַנען פריי־ליכס שטענדיקע טענות.

דער שפּראַכן־קאַמף האָט געשאַפן אַ סך בייז בלוט. מאַקס פריילִיך איז געווען אַן אַקטיווער מיטגרינדער פון דער יִידישער שול אין קאַראַקאַס. אַ גוטע שול וואָס איז דער שטאָלץ פון ישוב, אין וועלכער יִידיש ווערט שוין הײַנט ווייניקער געלערנט. עברית האָט פון דעם גאָר נישט געוווּנען, און

דער ייִדישער באַוווּסטזיַין פֿון די קינדער — אַוודאי נישט. פֿאַרקערט, עס איז פֿאַרגרעסערט געוואָרן די מחיצה צווישן די דורות און פֿאַרשלאָסן דעם צוטריט פֿון די קינדער צו גרויסע ייִדישע ווערטן. פֿרייליך האָט נאָך דעם קאַמף פֿאַר ייִדיש אין דער שול נישט אויפֿגעגעבן, האָט ער אויסגעקעמפֿט עטלעכע שעה ייִדיש אין די קלאַסן...

מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט מאַקס פֿרייליך באַזוכט מדינת ישראל און דאָרט זיך פֿאַרבונדן מיט אַ ייִדישער צייַטונג, אין וועלכער ער פֿאַר־עפֿנטלעכט, ווי מיר האָבן אויבן דערמאָנט, אַרטיקלען און רעפּאָרטאַזשן וועגן ייִדישן לעבן אין ווענעסועלאַ. ער איז אַ שאַרפֿזיניקער באַאָבאַכטער און מוטיקער קעמפֿער פֿאַר זייַנע אידעאַלן. איז גוט ווען אַ ישוב האָט אי־דעאַליסטן, וואָס קעמפֿן פֿאַרן ייִדישן קיום; מיט אַזעלכע קעמפֿערס פֿיל איך מיך אידענטיפֿיצירט, און בין שטאָלץ מיט מיַין פֿרייַנד און שכן.

## „זוך אין אַלץ די פּרוי"...

אין קאַראַקאַס, די הויפּטשטאָט פון ווענעסועלאַ, בין איך געווען זייער אַן אָפטער גאַסט, צוליב מײַנע קאָמערציעלע אינטערעסן. און אַז אַ ייִד ווי איך קומט אין אַ ייִדישן ישוב, און גיט־אָפּ דעם טאָג אויף גשמיות — פאַר קליענטן — לאָזט ער שוין איבער די אָוונטן, און אַ מאָל אויך אַ שטיק פון דער נאַכט, אויף רוחניות, און זוכט אַ פאַרבינדונג מיט געזעלשאַפטלעכע מענטשן. ווײַל יעדער ייִדישער ישוב, ווי ער זאָל נישט הייסן און ווו ער זאָל נישט זײַן, האָט אויך אַ ישוב של מעלה, ווו מענטשן גיבן זיך אָפּ מיט אַרבעט לטובת הכלל און מיט גײַסטיקע אינטערעסן, נישט פאַר זיך — נאָר לשמה, פאַר אַן אידעאַל — פאַר דער געזעלשאַפט.

און אַן אַדרעס פון „קאַראַקאַס של מעלה" איז געווען די שטוב פון מאַקס פריילין, דאָרטן האָבן זיך פאַרזאַמלט אַ גרופּע יונגע לײַט — אין די אָנהייב פערציקער יאָרן — און געפּלאַנט וועגן אַ ייִדישער קולטור־טעטיקייט אין שטאָט, וועגן אַ קלוב, רעפעראַטן, און דער עיקר — וועגן אַ זשורנאַל. אויף צו קאָנען אין גאַנצן זיך אָפּגעבן מיט דער אויסגאַבע, האָט פריילין אַפילו אָנגעהויבן ליקווידירן זײַנע פריוואַטע געשעפטן. צוזאַמען מיט אים זײַנען באַשטימט געוואָרן אין דער רעדאַקציע־קאָלעגיע יעקב שפּאַנקאַ, טשענסטאָכאָווסקי, זאַבלודאָוויטש, מײַן ווייניקייט, און נאָך איי־ניקע, פון וועלכע איך געדענק שוין נישט די נעמען.

„אונדזער געדאַנק" האָט געהייסן דער זשורנאַל, און ער איז געווען דורכגעדרונגען מיט דער גוטער כוונה צו דינען דעם נאַציאָנאַלן ייִדישן געדאַנק, סטימולירן די ייִדישע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט, און באַזונדערס אויפן געביט פון דערציִונג. עס איז געווען קריטיק אין זשורנאַל, אָבער אַ קריטיק אַ קאָנסטרוקטיווע, אַ קאָרעקטע, קיין מאָל נישט קיין פערזענלעכע; עס איז אויך געווען קאַמף, אָבער אַ קאַמף פאַר אידעאַלן, פאַר אַ נאַציאָ־נאַלן גײַסט, פאַר דער ייִדישער שפּראַך, און קיין מאָל נישט קעגן פערזאָ־

נען. דער זשורנאַל האָט אָנגעהאַלטן אַן אומאָפּהענגיקע געזעלשאַפטלעכע פּאָזיציע, און אין אַ קליינעם ישוב, וואָס איז צעטיילט אויף פּאַרטייען, איז זייער שווער אָנצוהאַלטן אַן אומאָפּהענגיקע טריבונע. זײַנען דעריבער מער ווי צוועלף נומערן נישט דערשינען...

אין שײַכות מיט מײַן אַרבעט פאַרן זשורנאַל האָב איך געהאַט די גע־



די ציוניסטישע פעדעראַציע אין קאַראַקאַס, ווענעסועלאַ

לעגנהייט נעענטער זיך צו באַקענען מיטן ישוב פון ווענעסועלאַ. דערבײַ איז כדאַי צו באַמערקן אַן אינטערעסאַנטן שטריך, וואָס איז אויך כאַראַקטע־ריסטיש פאַר פיל אַנדערע לאַטײַן־אַמעריקאַנער לענדער, און דאָס איז דער פאַקט, וואָס די ייִדישע פרוי פאַרנעמט דאָרט זייער אַ חשובן פלאַץ — און איז אָפט מאָל אַפילו אַ דאָמינירנדיקער פאַקטאָר — אין דער געזעלשאַפט־

לעכער באַוועגונג. דאָס דאַרף, חלילה, ניט אויסגעטײַטשט ווערן לגנאי דעם מענערישן מין — און אין ווענעסועלאַ אַוודאי נישט — אַ ישוב, וואָס שטייט, אין פּראָפּאָרץ, אויף זייער אַ באַטײַטנדיקער הויך לגבי זײַנע נאַציאָנאַלע התחייבותן. נאָר די מענער זײַנען פאַרטאָן בײַ זייערע געשעפטן און פּראָפעסיעס; פרויען האָבן מער צײַט און קאָפּ פאַר צרכי־ציבור, פאַר געזעלשאַפטלעכע ענינים, און צום גרויסן גליק גיבן יידישע פרויען זייער פרײַע צײַט אַוועק פאַר דער טעטיקייט פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס. אין אייניקע דרום־אַמעריקאַנער לענדער זײַנען די אָרגאַניזאַציעס אונטער זייער אָנפירונג — ווי די „וויצאָ״ צום בײַשפּיל — דער שטענדיקער אַדרעס פון פּערמאַנענטער אַקטיוויטעט, דער זאַמלפּונקט פון מאַסן און פון אײַנפלוס אין ישוב.

אויך דער ישוב פון קאַראַקאַס פאַרמאָגט אַזעלכע אידעלע ייִדישע טעכטער, וועלכע זײַנען טרײַ דער טראַדיציע פון זייער פאָלק, שטאָלץ אויף זײַן טויזנט־יאָריקער קולטור, און ווילן ממשיך זײַן דעם ייִדישן קיום און המשך. איך האָב געהאַט דאָס גליק נענטער זיך צו באַקענען מיט דרײַ אַזעלכע פירנדיקע פערזענלעכקייטן פון דער דאָרטיקער פרויען־באַוועגונג. די פרוי מרים ווײַס איז איינע פון זיי. איך האָב געהאַט דעם פאַרגעניגן פיל מאָל צו פאַרברענגען די פרײַטיק־צו־נאַכטן אין קרײַז פון איר משפּחה, צוזאַמען מיט איר מאַן, ר׳ דוד ווײַס, און צוויי קינדערלעך. ס׳איז נישט געווען קיין טראַדיציאָנעלער קבלת־שבת, נאָר אַן אמתער עונג־שבת, ווו מען האָט גערעדט וועגן אַלץ, וועגן פּאָליטיק, וועגן ליטעראַטור, וועגן ציוניזם און וועגן געזעלשאַפט, אָבער אין שטוב האָט מען געפילט די קדושה פון שבת.

די פרוי ווײַס שטאַמט פון אַ טראַדיציאָנעל ייִדישער היים. איר ברודער, יוסף טראַכניצקי, איז אַ באַוווסטער ציוניסטישער מנהיג, וואָס איז באַקאַנט אין דער ייִדישער וועלט. זי האָט אויך באַקומען אַ גוטע ייִדישע און אַלגעמיינע דערציִונג, און אין מעקסיקע, וווהין זי האָט לכתחילה עמיגרירט פון דער אַלטער היים, איז זי געווען אַן אָנגעזעענע לערערין. זי איז היימיש אין דער אַלטער און אין דער נײַער ייִדישער ליטעראַטור, אין העברעיִש און אין ייִדיש, אָפט גיט זי אַ רעפעראַט, און ווען עס קומט אַ קולטור־גאַסט אין שטאָט, מאַכט זי אים דעם שענסטן קבלת־פּנים בײַ זיך אין

שטוב, אויף וועלכן עס ווערן פֿאַרבעטן די פּירנדיקע טוערס פֿון דער ייִדי־שער געזעלשאַפֿט.

אָבער דאָס איז נאָר איין אַספּעקט פֿון איר טעטיקייט. אָפֿט טרעפֿט מען דער פֿרוי ווײַס, פּונקט ווי קלאַראַ שנײַדערמאַן און סאָפֿיאַ מישקין, איינציקווײַז אָדער פֿאַרלעכווײַז, גייענדיק פֿון הויז צו הויז, זאַמלען אויף פֿאַרשיידענע אינסטיטוציעס אָדער נאַציאָנאַלע קרנס, אָדער גאָר מיט פּעק ביכער פֿון ייִדישע שרײַבערס צום פֿאַרקויפֿן. בײַ אַ געוויסער געלעגנהייט האָט די פֿרוי מרים אַפֿילו מיך געמאַכט פֿײַר אַ שותּף צו איר דערהויבענער שליחות, און איך בין געווען געוואָרן איר „פֿאַקנטרעגער״. זי איז אַרויס פֿאַרשפּרייטן דעם בוך „פֿון ביידע זײַטן פּלויט״, פֿון דער העלדישער געטאָ־קעמפּעריןּ, וולאַדקע, אין אַ שפּאַנישער איבערזעצונג. מיט פֿאַרגעניגן קאָן איך פֿעסטשטעלן, אַז די פֿרוי ווײַס איז דורכויס אויפֿגענומען געוואָרן מיט גרויס דרך־ארץ און קיינער האָט איר נישט אָפּגעזאָגט. איר פּערזענלעכקייט און איר טעטיקייט, האָט געשאַפֿן אַ מין שול און געעפֿנט אַ פּערספּעקטיוו פֿאַר אַ ברייט־פֿאַרצווײַגטער געזעלשאַפֿטלעכער אַרבעט.

*

פֿרוי קלאַראַ שנײַדערמאַן, די אַרבעטס־חברטע פֿון מרים ווײַס, איז אַן אָנגעזעענע פּערזענלעכקייט אין ישוב, און באַזונדערס אין דער געזעלשאַפֿט־לעכער באַוועגונג. זי איז שוין יאָרן לאַנג די אַקטיווע און איבערגעגעבענע אָנפֿירערין פֿון „וויצאָ״. אויף דעם געביט פֿירט זי אַ ברייט־פֿאַרצווײַגטע אַרבעט, וואָס נעמט־אַרום אַ סך געביטן און מאָביליזירט דעם גרעסטן טייל פֿרויען פֿון ישוב. זי פֿאַרמאָגט שוונג און וויזיע, און אין פּראָפּאָרץ צו די מעגלעכקייטן פֿון קליינעם ישוב, האָט זי געשאַפֿן אַ מאַסן־באַוועגונג. זי איז אומדערמידלעך. אַ הויכע, אַ שלאַנקע; מיט אויגן, וואָס דריקן־אויס די גאַנ־צע גוטסקייט פֿון איר האַרצן, איז זי אַ זעלטענער צווילינג פֿון שיינקייט מיט אײַדעלער גוטהאַרציקייט. אויך איר היים איז אָפֿן פֿאַר געסט פֿון אַו־מעטום, און אויך זי דינט ווי אַ בײַשפּיל פֿאַר אַנדערע פֿרויען.

קיין קאַראַקאַס שטראָמען ייִדן פֿון אַלע וועלטטיילן, און נישט נאָר ווײַל מען יאָגט זיך נאָך די „האַרטע״ באָליוואַרעס, ווײַל אין וועלכן לאַנד פֿון אונדזער קאָנטינענט האָט איר אַזאַ פֿעסטע מטבע ווי אין ווענעסועלאַ? נאָר בײַ ווענעסאָלאַנער ייִדן געפֿינט איר אויך פֿאָלקסטימלעכע ייִדישע וואַ־

רעמקייט, און זיי נעמען־אויף מיט טיפער פאַרשטענדעניש דעלעגאַטן פון ישראל, הערן־אויס רעדנערס פון פאַרשיידענע לענדער, און פעלן נישט צו די פאָרשטעלונגען פון אַרטיסטן, וועלכע קומען זיי באַזוכן. קאַראַקאַס איז אַ באַרימטער אַדרעס אין דער יידישער וועלט. און דער ערשטער אַד־רעס אין דער שטאָט קאַראַקאַס, איז דער אַדרעס פון פרוי קלאַראַ שניי־דערמאַן.

ווען עס קומט אַ מענטש מיט אַ געזעלשאַפטלעכער שליחות אין קאַראַ־קאַס, איז ווי נאָר ער לייגט־אַוועק די וואַליזעס אין האָטעל, קוקט ער אַריין אין זיין נאָטיץ־ביכעלע, און קלינגט־אָן צו דער פרוי שניידערמאַן. דאָס איבעריקע ווערט שוין געטאָן ווי פון זיך אַליין, דורך די מיסטעריעזע וועגן פון דער פרויען־אָרגאַניזאַציע. קלאַראַ קלינגט שוין אָן אין איר „שטאַב״, און עס ווערט גלייך פאַררופן אַ זיצונג; ווען מען דאַרף — ווערט אינפאָר־מירט די קהילה, אָדער די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, עס ווערט פאַרבעטן צו דער זיצונג דער גאַסט, און אין אַ טאָג אָדער צוויי ווערן באַוועגט אַלע רעסאָרטן, און עס ווערט פריילעך אין שטעטל...

עס דערמאָנט זיך מיר אָן אָוונט לכבוד וולאַדקען ביי די שניידערמאַנס אין שטוב. דאָס איז געווען אָן אומפאַרגעסלעכע איבערלעבונג. אַ הונדערט פערזאָן פון די אָנגעזעענסטע תושבים אין ישוב, האָבן זיך פאַרזאַמלט. די שטוב האָט אויסגעזען ווי אַ פּאַלאַץ. קלאַראַ האָט פאָרגעשטעלט אונדזער העלדין, און אירע רייד האָבן אונדז פאַרטראָגן אין אַנדערע עולמות. אין יענער בגידישער שטוב האָט עפּעס מיט אַ מאָל זיך געענדערט אין אונ־דזערע נשמות. מיר האָבן זיך דערזען אין אונדזער היסטאָרישער ווירק־לעכקייט, אויף אַ קורצער ווײַלע פאַרגעסן דעם רויקן און שיינעם הײַנט, און זיך דערמאָנט דעם טראַגישן און העראָישן נעכטן. דאָס אַלטע, פאַר־באָרגענע קיין מאָל נישט פאַרשטומטע קול פון אונדזער שטאַם — דער נצח־ישראל — האָט אונדז אַלעמען פאַראייניקט, און אונטערן קלאַנג פון אירע ווערטער האָבן אין איין ריטעם פולסירט די הערצער, מען האָט עס ממש געקאָנט אָנטאַפּן אין דער לופטן.

*

ס׳איז דאָ אַן אַלט יידיש ווערטל וואָס זאָגט, אַז „האָבן אַ שליטה אי־בערן געלט, איז אַ גרויסע מעלה״; דאָס הייסט, האָבן מאַכט איבערן געלט,

קענען זיך בײַשטײַערן פֿאַר אַנדערע, איז אַ מעלה — אַ מאָראַלישע אייגנ־שאַפֿט. „מאַכן" געלט, דאַקעגן, איז נישט קיין מעלה, עס האָט נישט צו טאָן מיט קיין מאָראַל — ס׳איז אַ פֿעיִקייט! יעקב מישקין איז אין קאַראַקאַס איינער פֿון די גרויסע ייִדישע אונטערנעמערס, װעלכער באַטייליקט זיך אין פֿאַרשיידענע אינדוסטריעלע און קאָמערציעלע פֿירמעס. אָבער דער געוועזענער תּלמיד פֿון דער סלאָנימער ישיבה, האָט אויך די שיינע ייִדישע מעלה



בית־תּפֿילה „תּפֿארת ישׂראל" אין קאַראַקאַס, װענעסועלאַ

צו האָבן אַ שליטה איבער זײַן פֿאַרמעגן. אמת, ער האָט די „מצווה" איבער־געגעבן זײַן פֿרוי, אָבער זי טוט עס זיכער מיט זײַן וויסן און ווילן.

איך האָב פּערזענלעך זיך באַקענט מיטן הער מישקין אין קאַראַקאַס, וועגן דער פֿרוי סאָפֿיאַ האָב איך געלייענט אין די ישׂראלדיקע צײַטונגען.

גאַנצע קאָלומס ווערן דאָרט אָפּט אָפּגעגעבן פֿאַר זייער ברייטהאַרציקן בײַ־שטײַער פֿאַרן לאַנד און פֿילאַנטראָפּישער טעטיקייט, און אין צוזאַמענהאַנג דערמיט ווערט דערמאָנט מיט לויב דער נאָמען פֿון ייִדישן ישוב אין ווע־נעסועלאַ.

צוזאַמען מיט דער פֿרוי קלאַראַ שנײַדערמאַן, איז די פֿרוי סאָפּיאַ מיש־קין פֿון די אָנפֿירנדיקע מיטגלידער אין דער „וויצאָ"־אָרגאַניזאַציע פֿון קאַראַקאַס. אויסער דעם, באַטייליקט זי זיך מיט איר מיטאַרבעט און בײַ־שטײַער פֿאַר שפּיטאָלן, סאַנאַטאָריעס און שולן אין ישראל. איר לעצטער אויפֿטו איז געווען פֿאַר אַ קליניק פֿון אויגן־קראַנקע אין ירושלים, וועלכן זי האָט באַזאָרגט מיט דער מאָדערנסטער אויסשטאַטונג. אין יוני 1967, בעת די היסטאָרישע מלחמה־טעג, האָט זי אָנגעפֿירט אַן אינטענסיווע אַק־טיוויטעט, וואָס האָט געגעבן זייער גוטע רעזולטאַטן. אַ צאָלרײַכער פֿרויען־קאָמיטעט באַגלייט זי אין דער אַרבעט, עס איז פֿאַראַן פֿאַרשטענדעניש פֿאַר די נויטן פֿון דער מדינה און אידעאַליזם — אין דעם פֿאַל — בײַ די טוערינס.

*

אויך אין דער רײַכער ווענעסועלאַ זײַנען פֿאַראַן אָרעמקייט און ראַנד־געגענטן צווישן ייִדן, זקנים, אינוואַלידן, פֿאַרוואַרלאָזטע. די פֿרוי מישקין מיט איר קאָמיטעט זאָרגט פֿאַר זיי. דער גאַנצער „דרײַלינג" איז פֿאַקטיש באַטייליקט אין דער אָרטיקער סאָציאַלער טעטיקייט און פֿירט־דורך נישט נאָר זאַמל־אַקציעס. אין אַזעלכע פֿאַלן איז דער ענין געלט אַוודאי דער עיקר. נאָר זיי קומען אויך אונטער, ווו מען דאַרף, מיט פּערזענלעכער, מיט מענטש־לעכער וואַרעמקייט, מיט טרייסט און פֿרײַנדשאַפֿט, וואָס לאָזט זיך גאָר מיט קיין באַנקנאָטן ניט אָפּשאַצן.

ס'איז דאָ בײַ די פֿראַנצויזן אַ ווערטל, וואָס איז זייער כאַראַקטעריס־טיש פֿאַרן פֿראַנצייזישן פֿאָלק: „זוך אין אַלץ די פֿרוי". דאָס מיינט, אַז אַלץ וואָס פּאַסירט אין לעבן פֿון אַ מענטשן, און אַפֿילו פֿון אַ פֿאָלק, איז אַ רע־זולטאַט פֿונעם אינטערעס פֿאַר דער פֿרוי. אַלץ ווערט געטאָן צוליב די ווײַ־בער. זיי זײַנען דער באַוועג־כּוח פֿון דער וועלט. אַ קאַסיר האָט באַגנבֿעט זײַן באַנק — האָט ער עס זיכער געטאָן צוליב אַ פֿרוי; אַ פּאָר מענער האָבן זיך צעשלאָגן — איז ווידער די זעלביקע מעשה, לויטן פֿראַנצייזישן

שטאַנדפּונקט, מוז דערביי זיין פאַרמישט דער אינטערעס צו עפּעס אַ ווייבל. אַפילו ווען עס ברעכט־אויס אַ מלחמה, מוזן פּרויען עפּעס האָבן אין דעם אַ האַנט... ביי ייִדן גייט עס נישט אַזוי. דעם ייִדישן גייסט איז גאָר פרעמד אַזאַ אופן פון דענקען און פילן, דאַקעגן, ווו איר האָט נאָר אַ שפּראָץ פון אַ ייִדיש געזעלשאַפטלעך לעבן, דאָרט האָט איר די ייִדישע פרוי. אין די לאַ־טיין־אַמעריקאַנער ייִדישע ישובים איז באַזונדערס אַזוי. ווו אַ קלוב, אַ שול, אַ באַוועגונג, אַ מושב־זקנים, אַן אָרגאַניזאַציע, אַ נאַציאָנאַלע, אַן אומפּאַר־טייִישע, דאָרט זיינען דורכויס פאַרטראָטן אונדזערע פרויען — און אָפט מאָל אין די פאָדערשטע רייען, און אויף אָנפירנדיקע פּאָזיציעס. דער פּרעכטיקער „דריילינג" פון קאַראַקאַס, איז פון דעם אַ גלענצנדיקער מוס־טער, און ער איז נישט דער איינציקער אין די צווייטע און צעשפּרייטע ייִדישע ישובים פון דרום־ און צענטראַל־אַמעריקע. „זוך אין אַלץ די ייִדישע פרוי", איר צאַרטע מוטערלעכע האַנט איז טריי דער ייִדישער טראַדיציע און טוט — מעשים־טובים...



דער דעקאָראַטיווער אַריינגאַנג צו דער ביכער־אויסשטעלונג אין שלום־עליכם־יאָר.

## דער יידישער ישוב אין לאַנד

### בוענאָס־איַירעס — אַ וועלטשטאָט

איך פרעטענדיר נישט צו זיין „דער גאַסט אויף אַ וויל, וואָס זעט אויף אַ מייל". נאָר אַז מען קומט אין אַזאַ מעטראָפּאָליע ווי בוענאָס איירעס, וואָס קאָן זיך פאַרגלייכן מיט די גרעסטע הויפּטשטעט פון דער וועלט, און אַז מען זעט אַזאַ יידישן ישוב, וואָס שפּרודלט מיט יידישן לעבן, ווערט מען איבערגעראַשט פון דעם פאַרנעם, און עס עפענען זיך פאַרן מענטשן גאַנץ נייע און ברייטע האָריזאָנטן. די הויפּטשטאָט פון אַרגענטינע איז אין דער ווירקלעכקייט אַ וועלט־שטאָט, וואָס איז ראוי פאַר אָט דעם נאָמען אין אַלע היגזיכטן. דער פאַרנעם שטעקט אָן און רופט אַרויס שטוינען.

אין בוענאָס איַירעס איז אויך דער הויפּט־צענטער פון יידישן לעבן אין גאַנץ לאַטיין־אַמעריקע און די גרעסטע השפּעה אויפן קאָנטינענט, און ווי אַזעלכע איז זי אָרגאַניזירט אויף אַ מוסטערהאַפטן אופן, אַזוי אַז מיט רעכט ווערט זי באַטראַכט ווי די יורשטע פון דעם פאַרשניטענעם מזרח־אייראָפּעישן יידנטום.

דער שטאַרקער לעבנס־ריטעם, וואָס שלאָגט אין אַלגעמיינעם בוע־נאָס איַירעס, רופט זיך אויך אָפּ אויפן יידישן לעבן אין דער דאָזיקער פּרעכטיקער און גרויסער שטאָט. און בוענאָס איַירעס געפינט זיך אין אומאויפהערלעכן פונאַנדערבוי, אין שטענדיקן וואַקסן אין דער ברייט און דער עיקר — אין דער הויך. און צוזאַמען מיט איר וואַקסט אויך דאָס אינסטיטוציאָנעלע לעבן פון ישוב, אַזוי אין דער הויפּטשטאָט ווי אין צענדליקער ישובים פון דער פּראָווינץ.

די פּראָווינץ־שטעט לאָזן זיך, דאָס גליַיכן, געגנוג הערן מיט זייער שטורמישער אַקטיוויטעט, ממילא איז אויך דאָרט, אין ראָזאַריאָ, אין טו־קומאַן, אין קאָרדאָבאַ, אין סאַנטאַ פע, אין פּאַראַנאַ, אין מענדאָסאַ, אין



טעמפל, אויף דער גאַס פּאַסאָ, בוענאָס־אײַרעס

רעסיסטענסיאַ, שטאַרק קענטיק די רירעוודיקייט פון די ייִדישע קאָלעק־טיווויטעטן אויפן עקאָנאָמישן געביט, און במילא אויך אין ייִדיש־געזעל־שאַפטלעכן לעבן. ייִדן האָבן געוווּנען חשיבות אין דער אַלגעמיינער עפנט־לעכקייט, כאָטש לעצטנס האָט דער באַשײַמפּערלעך אימפּאָרטירטער אַנטי־ייִדישער סם געגומען אויפהייבן דעם קאָפּ, אָבער די אָרגאַניזירטע ייִדישע עדה איז געגוג דערוואַקסן צו דערלאַנגען איבערן קאָפּ דעם חוצפּהדיקן כוליגאַניזם, אַלצאיינס צי ער איז פון היימישער נאַציאָנאַליסטישער ראַסע, אָדער ער שטאַמט פון ישמעאלס חדר.

אין גאַנץ אַרגענטינע איז פאַרשפּרייט די נעץ פון „דאַיאַ"־אָפּטיי־לונגען, וועלכע היטן שטאַרק אַז די טמא אַרבעט פון דער אַנטיסעמיטי־שער הידרע זאָל נישט האָבן קיין ברייט פעלד פאַר ווירקונג. אין וואָרצל ווערן דערשטיקט די פּרוּוון פון די רויטע צי שוואַרצע מנוולים צו פאַרשפּרייטן די זריעה פון ייִדן־האַס. די „דאַיאַ" איז די רעפּרעזענטאַ־טיווע ייִדישע קערפּערשאַפט, וועלכע שטייט אויף דער וואַך פון ייִדישן כבוד און ייִדישע רעכט, ווי לאָיאַלע בירגער פון אַ דעמאָקראַטישן לאַנד. אויף יעדן אָנגריף קעגן ייִדן צי קעגן מדינת ישראל, קומט מצד איר דער רעכטצײַטיקער, ווירדיקער ענטפער. און צום גליק רעכענען זיך אויך די מאַכטהאָבערישע אָרגאַנען מיטן וואָרט פון אָט דער אָפיציעלער ייִדישער אינסטאַנץ, און זי געפינט מיטלען צו צוימען באַצײַטנס יעדן אויפ־שפּראָץ פון אַנטי־ייִדישן ווילקיר.

## דער ייִדישער אָנטייל אין דער ווירטשאַפט פון לאַנד

צו אונדזער שטאָלץ ווערט דער ייִדישער חלק אין פונאַנדערבוי פון דער אַרגענטינער עקאָנאָמיק, פון איר אינדוסטריע און האַנדל, געהעריק אָפּגעשאַצט פון דער אַלגעמיינער עפנטלעכקייט. און דער ייִדישער צו־שטײַער איז אָנזעעוודיק אין דעם גאַנצן גרויסן לאַנד. מיר האָבן אויך אין זינען דאָס אורבאַנישע אין דער אַרגענטינער מעטראָפּאָליע, דעם גרויסן אָנטייל פון ייִדן אין דער אַנטוויקלונג פון דער הויפּטשטאָט און

פון גאַנצן לאַנד, וואָס זײַנן פלייש, וואָל, בוימוואָל, לעדער און טעקסטיל האָבן אַ גרויסע נאָכפראַגע אין דער וועלט. אוודאי, אויך די אַרגענטינער לײַכטע אינדוסטריע, וואָס געפינט זיך לרוב אין ייִדישע הענט, ווי פּראָדוקציע פון באַקליידונג און ענלעכע אונטערנעמונגען, מאַניפעסטירן די קאַפּאַציטעט פון דער ייִדישער איניציאַטיוו און אויפטו אין דעם לאַנד פון פּלאַטאַ־טײַך.

דער ייִדישער אַנטייל אין דער אַרגענטינער עקאָנאָמיק, וואַרפט זיך אין די אויגן אין בוענאָס אײַרעס, אָבער נישט ווינציקער אין די ברייט פונאַנדערגעשפּרייטע פּראָווינצן פון דעם ריזיקן לאַנד. אַזוי האָבן ייִדן שטאַרק אַנטוויקלט די ווײַן־אינדוסטריע אין מענדאָסאַ, אין סאַן כואַן, די בוימוואָל־פּראָדוקציע אין טשאַקאָ און ייִדן גרויסע לאַנד־באַזיצערס האָבן אויך זייער ראָלע אין טיפן הינטערלאַנד.

פאַרשטייט זיך, אַז דער עם הספר קען נישט בלײַבן גלײַכגילטיק צום ענין ייִדישער חינוך, בכלל צו ייִדישער גײַסטיקייט, און דאָס אויך אין דער ווײַטער ווי נאָענטער פּראָווינץ. למשל, אין דער ירושלים ד׳אַרגענטינע, אין שטעטל מאָזעסוויל, וואָס שטייט נאָך הײַנט צו טאָג אונטערן צייכן פון דער באַרימטער באַראָן הירש קאָלאָניזאַציע, וואָס האָט בשעתו שטאַרק אויפגערודערט די וועלט־עפנטלעכקייט, עקסיסטירט אַ גרויסער לערער־סעמינאַר (מיט אַן אינטערנאַט), וואָס גרייט צו לערערישע קאַדרען פאַר ייִדישע עלעמענטאַר שולן און מיטלשולן פאַר דער אַרגענטינער פּראָווינץ, ווו ייִדן לעבן אײַנצופלאַנצן ייִדישן באַוווסטזײַן אין זייערע קינדער. ס׳איז באמת שווער צו קריגן ייִדישע לערערס פאַר די בילדונג־אַנשטאַלטן אין די אַרגענטינער קליינע ווײַטע ישובים, גרייט צו דאָס באַרימטע מאָזעסוויל, יונגע ייִדיש־העברעיִשע לערערס. עס קאָסט אַ סך אָנשטרענגונג, נאָך מער געלט, שווערע מיליאָנען, אָבער עס האָט די ווערט. אַרגענטינער עסקנים קוועלן אָן פון די אַבסאָלווענטן וואָס קומען אַרויס פון מאָזעסווילער סעמינאַר. ענלעכע, הגם קלענערע לאָקאַלע סעמינאַרן, זײַנען טעטיק אין אייניקע אַנדערע שטעט פון אַרגענטינע, ווי ראָזאַריאָ, קאָרדאָבאַ און סאַנטאַ פע.

## די קהילה

וועגן דעם פאַרנעם פון די סעמינאַרן און מיטלשולן, וואָס פירן אָן אַ ברייטע אַרבעט אין בוענאָס אײַרעס, איז כדאי באַזונדערס צו שרײַבן, עס איז אַ גרויסע שול־באַוועגונג, וואָס שטייט אונטערן צייכן פון דער שטענ־דיקער זאָרג פאַרן ייִדישן חינוך, הײַנט מיטן טראָפּ אויף ישראל־קענ־טעניש.

די קהילה אין בוענאָס אײַרעס טראָגט אויס דעם גרעסטן עול פאַר די ייִדישע בילדונג־אַנשטאַלטן אין גאַנצן לאַנד, נישט נאָר אין דער הויפּט־שטאָט. די בוענאָסער אײַרעסער קהילה איז נעמלעך דער גרויסער יש פון ייִדישער ציבור־אַרבעט אין לאַטיין־אַמעריקע אַזוי ווײַט, אַז מערערע קאָלעקטיוויטעטן אין אַנדערע לענדער, פאַרקוקן זיך אויף בוענאָס אײַרעס ווי אויף אַ מוסטער וואָס ס׳איז כדאי נאָכצומאַכן. צום באַדויערן, באַווײַזן עס נישט אַ סך ישובים, וואָס קענען נישט ווערן קיין קהילה בדמות בוענאָס אײַרעס.

עס וועט זײַן נישט איבערטריבן צו זאָגן, אַז בוענאָס אײַרעס איז אין פּרט פון אָרגאַניזירטקייט און אין פּרט פון פאַרנעם, אַ יחידה במינה. און וואָס נאָך וויכטיקער: בוענאָס אײַרעסער קהילה האָט אַ גרויסן פינאַנץ־בודזשעט, וואָס ווערט פאַרווענדעט אויף פונדאַמענטאַלע הצטרכותן, נעמלעך אויף ייִדישער דערציִונג, אויף קולטור־אַרבעט, אויף סאָציאַלער הילף, און אונטערצושטעלן אַ פּלייצע דער גרויסער פאָלקס־אידייע פון מדינת ישראל אין איר זאָרג פאַר פאַרפעסטיקונג און באַשיצונג קעגן די צעווילדעוועטע שונאים פון דאָ און דאָרט.

די בוענאָס אײַרעסער קהילה איז אָן אמתע מאַמע פון אַרגענטינער ישוב און אַ געטרײַע טאָכטער פון ארץ ישראל, אמתדיקע סופּערלאַטיוון, וואָס לאָזן זיך באַשטעטיקן למעשה טאָג איין, טאָג אויס. טאַקע דאָס קען מען זען, ווען מ׳איז אַפילו אַ גאַסט אויף אַ ווײַל אין אַרגענטינע.

די בוענאָס אײַרעסער קהילה גיט אויס, ווי געזאָגט, הונדערטער מי־ליאָנען אַ יאָר אויף חינוך, האַלט אויס אייגענע וועלטלעכע און רעליגיעזע שולן אין שטאָט און פּראָווינץ; זי דעקט אַ העלפט פון אַלע שול־בודזשעטן,

גיט גרויסע סובסידיעס פאַר בויען נײַע שולגעבײַדעס, זומער־קאָלאָניעס אאַ״וו. זי סובסידירט און פירט אַליין אָן מיט דעם אינסטיטוט פון העכערע ייִדישער בילדונג „מדרשה״, לערער־סעמינאַרן, האַלט אויס אַ ישיבֿה גבוהה, וואָס בילדט־אויס קומענדיקע רבנים, שוחטים, מוהלים, פאַר אייגענעם באַדאַרף ווי פאַר שכנישע לענדער, אויך טוט זי אומגעהײַער אַ סך אָנצוהאַלטן אין ייִדישן גבול די ייִדישע יוגנט, זאָרגט פאַר איר ייִדישלעכער גרינטלעכער דערציִונג. די קהילה אין בוענאָס אײַרעס באַמיט זיך אַרויסצורײַסן פון אָפּגעפרעמדקייט גרויסע שיכטן פון דער ייִדישער יוגנט, וועלכע געפינט נישט אין די אייגענע היימען קיין ניצוץ פון ייִדישער אַטמאָספער; פאַר דעם צוועק האַלט זי אויס אין דער הויפּטשטאָט אַ פּרעכטיק אײַנגעאָרדנטע סטודענטן היים א״נ פון משה שרת ז״ל, אָרדנט אײַן פאַר זיי קלוב־אָוונטן, גיט זיי סטיפּענדיעס און סטימולירט דעם שטודיום פון ספּעציפיש ייִדישע קעגנשטאַנדן.

אַנדערע יוגנטלעכע שיקט די קהילה אַוועק אויף השתלמות אין מדינהשע הויכשולן. דערצו גיט די קהילה אַרויס ספּעציעלע פּובליקאַציעס אין דער שפּאַנישער שפּראַך פאַר דער סטודענטישער ייִדישער יוגנט.

אַזאַ אָנגעשטרענגטע מי מוז געבן פּרוכטן. די פאַרבלאָנדזשעטע יוגנטלעכע געפינט סוף כל סוף איר וועג אַהיים. די אומבאַוווסטזיניקע געווינען ייִדישן באַוווסטזײַן, און זי בלײַבט אַ געווינס פאַרן ייִדישן פאָלק. אמת, עס איז אַן אַרבעט אויף אַ ווײַטערער צײַט־מעטע, אָבער די קהילה פון בוענאָס אײַרעס פירט דורך די דאָזיקע גרויסע אַרבעט פאַרן מאָרגן פונעם אייגענעם ישוב ווי פאַרן פאָלק בכלל.

## די קאָאָפּעראַטיווע באַוועגונג

די קהילה היט די אינעווייניקדיקע יסודות פונעם ישוב און אויך זײַן צוקונפט. זי שטייט אויך אויף דער וואַך פון דער מאָראַל פון קאָלעקטיוו און זײַן חשיבֿות כלפּי דער עפנטלעכקייט. האָט לעצטנס זיך אַנטפּלעקט אַ טיפער ריס אין דער סאָלידקייט פון דער ייִדישער קאָאָפּעראַטיווער



חודש פון יידישן בוך אין קהילה־זאַל פון בוענאָס־איירעס. — דער עולם קויפט ביכער און ספרים

באַוועגונג פון בוענאָס איירעס, האָט די קהילה גענומען אויף זיך בכל אופנים צו סאַנירן אָט די פּיינלעכע חולאת. טייל ייִדישע עסקנים, וועלכע זיינען פאַר אַ צייט אַנגעגאַנגען פאַר אָרנטלעכע, געטרייע טוערס אין די קרעדיט־קאָאָפּעראַטיוועס (אַ דריי הונדערט זיינען זיי אין צאָל אין בוע־נאָס איירעס) זיינען נכשל געוואָרן, ווייל זיי האָבן געגראַבלט אין שווערע געלטער, וואָס זיינען זיי אַנגעטרויט געוואָרן פון צענדליקער טויזנטער אָפּשפּאָרערס און אַקציאָנערן. עס איז געוואָרן אַ בהלה אין ייִדישן געסל און עולם האָט, פאַרשטענדלעך, געקלאַפּט טרעוואָגע: מען האָט אונדז אומ־גליקלעך געמאַכט, מ׳האָט צוגערויבט די לעצטע פּקדנות פון אונדזער לעבן. און באמת, ס׳האָט גענומען שמעקן מיט סכנות נפשות ממש מיט זעלבסטמאָרדן. הקיצור, ס׳איז אויפגעדעקט געוואָרן ביי אייניקע פינאַנץ־אינסטיטוציעס אַ שטאַרקע פוילונג, און די קהילה האָט געמוזט נעמען אַ וואָרט אין דעם ענין.

דער ציבור איז גערופן געוואָרן צו באַזינונג, און מ׳האָט גענומען זוכן מיטלען אויסצומיידן אַ קאַטאַסטראָפע פאַרן גאַנצן ישוב. אָבער קודם כל האָט מען אויסגעשלאָסן פון קהל אַ צאָל אומפאַראַנטוואָרטלעכע מאַכערס פון צווישן די קאָאָפּעראַטיוויסטן, די וואָס האָבן צוגערויבט דעם צוטרוי פון די מאַסן צו דער אינסטיטוציע, דעם קאָאָפּעראַטיוו, ווי אַ הויפּטבאַזע פון דער געזעלשאַפט אין אַקטועלן עקאָנאָמישן ייִדישן לעבן פון אַרגענ־טינע. ס׳איז טרויעריק צו שרייבן דערפון, אָבער ס׳איז אַ פאַקט, וועגן וואָס עס קלינגט שוין דאָ אין אַלע גלעקער.

## דער לאַטיין־אַמעריקאַנער ייִדישער קאָנגרעס

דער אַרגענטינער ישוב אָטעמט מיט אַן אינטענסיוו שעפעריש ייִדיש לעבן. עס נעמט אויפלעבן דער מסחר אין די צענטראַלע גאַסן פון דער הויפּטשטאָט, עס קערן זיך אום פון זומער־אָפּרו די געזעלשאַפטלעכע טו־ערס, די שולן עפענען טיר און טויער פאַרן נייעם שול־יאָר, און עס נעמט אַ סוף צום זומער־סעזאָן אין אַלגעמיינעם לעבן פון לאַנד. דער האַנדל

גרייט זיך שוין צום האַרבסט־און ווינטער־סעזאָן, כאָטש די טעג זײַנען נאָך געטונג הייסע און זוניקע.

אָן אַרײַנפיר צו דער ברייט־פאַרמאָסטענער אַרבעט פון ייִדישן עפנט־לעכן לעבן אין אַרגענטינע האָט געגעבן דער לאַטיין־אַמעריקאַנער ייִדי־שער קאָנגרעס, וואָס האָט זײַן זיצאָרט אין בוענאָס אײַרעס, און ווערט אָנגעפירט פון דעם אָנגעזעענעם זשורנאַליסט און אויסגעפּרוּווטן טוער, מאַרק טורקאָוו.

דער לאַטיין־אַמעריקאַנער ייִדישער קאָנגרעס איז דער אייגנטלעכער דרום־אַמעריקאַנער צווײַג פון ייִדישן וועלט־קאָנגרעס, וואָס זײַן צענטער געפינט זיך אין ניו־יאָרק, אונטער דער פּרעזידענץ פון ד״ר נחום גאָלדמאַן. גראָד איצט איז אויסגעפאַלן דער מאָמענט ווען די לאַטיין־אַמעריקאַנער עקזעקוטיווע האָט געדאַרפט אויפנעמען אין זײַן נײַעם אַמט דעם נײַ־באַ־שטימטן פּרעזידענט פון לאַטיין־אַמעריקאַנער ייִדישן קאָנגרעס, מחמת דער ביז איצטיקער פּאָרזיצער ד״ר משה גאָלדמאַן, אַ פאַרדינסטפולער כלל־טוער און אַן אָנגעזעענער מעדיצינער, האָט דעמיסיאָנירט פון זײַן אָנ־פירנדיקן אַמט נאָך עלף יאָר אינטענסיוון דינען די אינטערעסן פון ייִדישן וועלט־קאָנגרעס.

ווי אַ פאַרטרעטער פון ישוב אין קאָלאָמביע, איז מיר אויסגעקומען בײַצוזײַן אין בוענאָס אײַרעס אַ זיצונג פון דער עקזעקוטיווע פון ייִדישן וועלט־קאָנגרעס, און נעמען זיך באַקענען מיט די פירער פון דער וויכ־טיקער אָרגאַניזאַציע. דער ד״ר משה גאָלדמאַן, וועלכער איז זייער געשעצט אין ישוב ווי אַן עסקן פון ברייטן פאַרנעם, און ווי אַ קולטור־מענטש און פּראָפעסיאָנאַל, איז אַן אַרגענטינער ייִד מבטן ומלידה, אַ קינד פון די קאָ־לאָניסטישע משפחות־פּיאָנערן האָט געהאַלטן פאַר נייטיק אָפּצוטרעטן דאָס אָרט פאַר אַ יונגערן טוער, בפרט אַז ער גופא איז אויפן לעצטן צוזאַמענפאָר פון וועלט־קאָנגרעס אין ישראל נאָמינירט געוואָרן ווי דער וויצע־פּרעזידענט פון ייִדישן וועלט־קאָנגרעס אין אינטערנאַציאָנאַלן מאַסשטאַב.

דעם ד״ר משה גאָלדמאַן איז אויסגעדריקט געוואָרן אַ הייסער דאַנק און אָנערקענונג פאַר זײַן געטרײַשאַפט צו די אַרבעטן פון ייִדישן וועלט־קאָנ־גרעס, אָבער ער האָט אגב צוגעזאָגט ווײַטער צו שטיין אין דינסט פון דער

העכסט־וויכטיקער קערפּערשאַפט פון וועלט־ייִדנטום כּלפּי דער צערודער־טער וועלט און אירע מוראדיק קאָמפּליצירטע אינטערעסן.

אַ געקליבענער עולם פון בוענאָס אײַרעסער מנהיגים, אויך פאָרשטייערס פון די שכנותדיקע לענדער, האָבן אָנטייל גענומען אין דער פײַערלעכער מסיבה פון איבערגעבן דעם נײַעם אַמט דעם פריש באַשטימטן פּרעזידענט פון לאַטיין־אַמעריקאַנער ייִדישן קאָנגרעס, אַדוואָקאַט יצחק גאָלדענבערג, און געזעגענען דעם אָפּטרעטנדיקן ד״ר משה גאָלדמאַן. געווען רירנדיקע מאָמענטן פאַר די דעלעגאַטן. ס׳האָט געקלונגען אַ נאָטע פון חשבון הנפש מצד ד״ר משה גאָלדמאַן און יראת הכבוד מצד ד״ר גאָלדענבערג, פּנים אל פּנים מיט די נײַע אחריותן וואָס ער נעמט אויף זיך. אגב, דער נײַער פּרעזידענט פון לאַטיין־אַמעריקאַנער ייִדישן קאָנגרעס האָט שוין אַ גרויסן סטאַזש פון געזעלשאַפטלעכער אַרבעט אין אַרגענטינע און ער האָט צוגעזאָגט אויף להבא צו פאַרדינען זיך דעם צוטרוי וואָס די עדה גיט אים פון ס׳נײַ.

מיט דעם פײַערלעכן אָוונט אין הויז פון ייִדישן וועלט־קאָנגרעס האָט אָנגעפירט, מאַרק טורקאָוו, דער סעקרעטאַר פון לאַט. אַמעריק. אָפּטיילונג פון ייִדישן וועלט קאָנגרעס, וועלכער האָט מיט וואַרעמקייט אָפּגעשאַצט די פּערזענלעכקייט פון אַוועקגייענדיקן פּרעזידענט און געגעבן קרעדיט דעם וואָס ווערט דער ממלא מקומו. דער אָוונט איז געווען אַן אויסדרוק פון גרויסער אַרבעט און פון אַ גרויסן ציבור, וואָס איז דורכגעדרונגען מיט אחריות פאַרן גורל פון די ישובים אויפן לאַטיין־אַמעריקאַנער קאָנטינענט.

## אין ייִדישן בוענאָס־אײַרעס

כּמעט אַ חודש צײַט האָב איך פאַרבראַכט אין אַרגענטינע, דער עיקר אין איר הויפּטשטאָט בוענאָס אײַרעס. געשפּאַצירט איבער אירע הויפּט־גאַסן, לאַוואַזשע, קאָריענטעס און אַנדערע. באַזוכט אַ טייל פון די ייִדישע מוסטער אינסטיטוציעס, און דערציִונגס־אַנשטאַלטן, אײַנגעאָטעמט אין זיך



אויף אַ לעקציע פון אַ קולטור־גאַסט אין קהילה־זאַל פון בוענאָס־איירעס

עפּעס פון דעם קוואַלעדיקן, אָדער שפּרודלדיקן, געזעלשאַפטלעכן און קול־טורעלן לעבן, מיט וועלכן עס ברויזט ממש די ייִדישע אַרגענטינע.

נאָכן אָפּלעבן אַריבער די פערציק יאָר אין קאָלאָמביע, דערצו נאָך אין דער „קאַלטער" באָגאָטאַ האָב איך זיך פּלוצים דערזען אין אַ היימיש־וואַרעמער סביבה פון אַ ייִדישער שטאָט, און איך האָב זיך געפילט ממש פאַרשיכורט פון די איינדרוקן. ס'איז אַ ישוב וואָס קאָן דינען ווי אַ מוסטער און ווי אַ שטאָלץ פאַרן איבערגעבליבענעם ייִדישן פאָלק.

ווי געזאָגט, איז די מוטער־אינסטיטוציע פון ישוב, ריכטיקער געזאָגט: פון אַלע ישובים אין לאַנד — די קהילה, וואָס איז פּאָפּולער מיטן נאָמען „אַמיאַ" (אַסאָסיאַסיאָן מוטואַל איזראַעליטאַ אַרגענטינא); ווייל דורכן ועד־הקהילות איז די קהילה פון דער הויפּטשטאָט ענג פאַרבונדן און טראָגט די אחריות, פאַר די הונדערטער צען ייִדישע קהילות פאַרשפּרייטע איבערן גאַנצן לאַנד. די סאָלידע פילשטאָקיקע געביידע פון דער „אַמיאַ", מיט די פיל צענדליקער באַאַמטע, איז דער צענטראַלער נערוו, די אמתע טרייב־קראַפט, פון דער ייִדישער געזעלשאַפטלעכקייט אין לאַנד.

נישט ווייט פון דער קהילה געפינט זיך דער „היכל החינוך", אַן אמתער פּאַלאַץ פון צוועלף שטאָק וועלכן די קהילה האָט נישט לאַנג אויסגעבויט, און אין וועלכן עס געפינט זיך דער לערער סעמינאַר, וואָס גרייט צו דער־ציִער פאַר די ייִדישע עלעמענטאַר שולן און די הויכשול — „מדרשה", וועלכע גרייט צו לערער פאַר די מיטלשולן. דער קולטור־דעפּאַרטאַמענט ביי דער קהילה פירט אָן אַ סיסטעמאַטישע קולטור־טעטיקייט, וואָס באַ־שטייט אין רעפעראַטן מיט קינסטלערישע פּראָגראַמען, וואָס ווערן דורכ־געפירט אין קהילה־זאַל, און עס ווערן געשיקט רעפערענטן אין אַלע ייִדישע אינסטיטוציעס, וועלכע פאַרלאַנגען עס נאָר, אַזוי אין שטאָט ווי אין דער פּראָווינץ.

די קהילה איז אין יאָר 1956 אַרויסגעוואַקסן פון דער חברה קדישא — וועלכע איז געשאַפן געוואָרן אין יאָר 1894 — און ווערט אויסגעוויילט אויפן יסוד פון פּראָפּאָרציאָנעלע און געהיימע וואַלן. ציילט היינט צו טאָג עטלעכע און פופציק טויזנט מיטגלידער, פון אַ באַפעלקערונג פון 350 טויזנט נפשות אין דער הויפּטשטאָט. די 150 טויזנט ייִדן פון דער פּראָווינץ

זײַנען אָרגאַניזירט אין באַזונדערע קהילות. די ציפערן זײַנען בערכדיקע, ווײַל קיין צענז איז נישט דורכגעפירט געוואָרן.

## דער קולטור־דעפּאַרטאַמענט

גלײַך בײַ איר גרינדונג האָט די קהילה באַשטימט, אַז זי סובסידירט לויט אירע מעגלעכקייטן אַלע קולטור־מאַניפעסטאַציעס און קולטור אינ־סטיטוציעס פון ישוב, ווי שולן, פאַרלאַגן, טעאַטער און אַלע זשאַנערן פון ייִדישער קונסט. אין אַ קורצער צײַט אַרום, איז אָט דער באַגריסונגסווערטער אויפטו — וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין ממשותדיקע ציפערן — פאַר־ברייטערט געוואָרן מיט אַ פּילזאַגנדיקן באַשלוס „נישט נאָר צו סובסידירן, נאָר אויך אַליין טאָן קולטור־אַרבעט". און אָט דער „אַליין טאָן קולטור־אַרבעט" מצד דער קהילה, האָט זיך אויסגעדריקט ווי מיר האָבן אויבן דערמאָנט, אין די קולטורעלע „זונטיק־פרימאָרגנס" אין קהילה־זאַל, דורך סטימולירן און סובסידירן די קולטור־טעטיקייט פון אַנדערע אינסטיטו־ציעס, און אויך אין פאַרבעטן „קולטור־געסט" פון אויסלאַנד און אין דעם „חודש פון ייִדישן בוך" וואָס ווערט יערלעך דורכגעפירט אין זאַל פון דער קהילה, ווו עס ווערן פאַרקויפט פיל טויזנטער ייִדישע ביכער אויף ביליקע פרײַזן, ווײַל די הנחה וואָס ווערט געגעבן די קליענטן צאָלט די קהילה פון איר קאַסע.

אַזוי איז דאָס אייגנאַרטיקע פון ייִדישן לעבן אין אַרגענטינע, וואָס קאָן אַפילו באַצייכנט ווערן ווי אַן אייגענער נוסח, איז די ברייט־פאַרצווײַגטע טעטיקייט, וועלכע ווערט דורכגעפירט און סטימולירט דורכן קולטור־דע־פּאַרטאַמענט בײַ דער קהילה, און וואָס קומט, אין דער ערשטער ריי, צום אויסדרוק אין די הונדערטער רעפעראַטן וואָס ווערן געגעבן אין פאַרלויף פון אַ „קולטור־זמן", אין צענדליקער ייִדישע אינסטיטוציעס פון שטאָט און פּראָווינץ, ווו עס טרעטן אויף אָרטיקע און אויסלענדישע גײַסט־מענטשן.

דאָס כאַראַקטעריסטישע פאַרן אַרגענטינער ייִדישן ישוב — אין פאַר־גלײַך מיט אייניקע אַנדערע ישובים — איז דאָס וואָס ער ווײַזט אַרויס אַ

ווילן צום „לערנען" און אַ ליבע צום „יידישן וואָרט". דאָס איז די ירושה פון דער מזרח־איירָאָפּעיִשער קולטור און פון דעם עכט־פאָלקסטימלעכן כאַראַקטער פון ישוב, אין וועלכן עס לעבט נאָך דער גייסט פון די פּיאָנערן, וועלכע זיינען געקומען פון די יידישע שטעט און שטעטלעך פון דער ליטע און פּוילן. אָבער איך גיב זיך רעכענונג, אַז אויך אין דעם ישוב מערקט זיך אין פאַרלויף פון די לעצטע עטלעכע יאָר אַן אָפּשוואַכונג אין דער קולטור־טעטיקייט, אַ טענדענץ צו פאַרבייטן דעם רעפּעראַט מיט אַ קאָנצערט, דאָס יידישע וואָרט מיט אַ יידישן ניגון, דאָס לערנען — מיט פאַרברענגען, וואָס האָט אין אייניקע קלענערע ישובים פון דעם קאָנטינענט, זיך אויסגעלאָזן מיטן זיך פאַרזאַמלען אין יידישן פאַראיין ביי אַ היימישן פּאָקערל...

## אויף אַ באַזוך אין די שולן

איך האָב באַזוכט עטלעכע יידישע שולן, וואָס האָבן ביי מיר אַרויסגערופן אַ געפיל פון שטאָלץ און פאַרגעניגן. שולן — פּאַלאַצן, מיט אַלע מאָדערנסטע איינריכטונגען און באַקוועמלעכקייטן מיט אַ פריידיקן געפילדער פון טויזנטער יידישע קינדער אין ווייסע כאַלאַטלעך און ליכטיקע יידישע אויגן. ווו נאָך האָט איר אַ פאָלק, וואָס זאָל דורך טויזנטער יאָרן אַזוי זאָרגן פאַרן חינוך פון זיינע קינדער? וואָס האָט דורך הונדערטער דורות געזיכערט דעם יידישן המשך...

דער יידישער שול־וועזן אין אַרגענטינע שטייט אונטער דער אָנפירונג פון איין צענטראַלער אָרגאַניזאַציע — דער ועד החינוך המרכזי — וואָס האָט די אויפזיכט, דורך זיינע אינסטרוקטאָרן, איבער דער פּעדאַגאָגישער און אַדמיניסטראַטיווער אָנפירונג פון די שולן אין שטאָט און אין דער פּראָווינץ. דער גרעסטער טייל פון די שולן זיינען „אינטעגראַלע", דאָס הייסט, אַז די יידישע קינדער באַקומען אין זיי אַלגעמיינע וויסן, אין הסכם מיט דער פּראָגראַם פון נאַציאָנאַלן דערציִונגס־ראַט, און צוזאַמען דערמיט לערנען זיי אויך יידישע לימודים לויט דער פּראָגראַם פון ועד החינוך

המרכזי. „צענדליקער יאָרן ציל־באַוווּסטער חינוך־אַרבעט, — זאָגט מיר דער לערער וואָס באַגלייט מיך — האָבן געשאַפן גרויס פּרעסטיזש דעם היגן שולוועזן ווי דאָס קרוינווערק פון אַרגענטינער ייִדישן ישוב“.

אויסער די אינטעגראַלע שולן זײַנען אויך פֿאַראַן פּאַראַלעלע־אָדער צוגאָב־שולן. דאָס הייסט, אַז די קינדער באַזוכן די רעגירונגס־שול אין האַלבן טאָג, און דעם צווייטן — גייען זיי אין דער ייִדישער שול, ווו „דורך די ייִדישע לימודים שעפּן זיי באַגײַסטערונג און גלויבן אין דער ייִדישער אומה“, זאָגט מיר מײַן באַגלייטער.

עס זײַנען פֿאַראַן פיר טיפּן שולן: ייִדיש־העברעיִשע, העברעיִש־ייִדישע, ריין־העברעיִשע און רעליגיעזע. אין אַלע שולן ווערן אָבער דורכגעפירט קבלת־שבתן, אינערלעכע קלאַסן־פײַערונגען פון אַלע ימים־טובים, און די לערנביכער און די פּראָגראַמען, זײַנען אומעטום כמעט ווי די זעלבע. עס ווערן אויך געלערנט די זעלבע קעגנשטאַנדן ווי עברית, ייִדיש, געשיכטע, תורה, תנך, ידיעות הארץ, געזאַנג, טראַדיציע. לויטן כאַראַקטער פון דער שול, גיט מען יעדע איינע מער צײַט דעם אָדער יענעם קעגנשטאַנד, אָבער אין תוך איז דער ציל פון אַלע שולן דער זעלבער.

אין גאַנצן לאַנד פונקציאָנירן הײַנט צו טאָג 90 עלעמענטאַר שולן, 19 מיטלשולן, 4 ישיבות און 1 הויכשול. צוזאַמען 114 שולן. דער גרעסטער טייל פון זיי אינטעגראַלע און אָנגעשלאָסענע אין ועד החינוך המרכזי. 16 שולן פון אייניקע ספרדים און אַנדערע ייִדישע עדות, וועלכע זײַנען נישט אָנגעשלאָסן אין ועד החינוך און אין וועלכע עס לערנען 3000 קינדער. אין די אַלע 130 שולן פון לאַנד — אַרײַנגערעכנט אויך די נישט אָנגעשלאָסענע אין ועד החינוך — לערנען 25 טויזנט תלמידים.

פינף און צוואַנציק טויזנט ייִדישע תלמידים אין אַ ישוב, כן ירבו, איז זייער אַ פײַנע צאָל. אויף מײַן פראַגע, וואָס פאַר אַ פּראָצענט עס באַטרעפט פון דער אַלגעמיינער צאָל ייִדישע קינדער אין שול־עלטער, האָב איך קיין קלאָרן ענטפער נישט באַקומען. — אין זין פון סטאַטיסטיק, האָט מיר אַ שול־טוער באַמערקט, זײַנען מיר אַ היפּש ביסל אָפּגעשטאַנען אין בוענאָס אײַרעס. אָבער ווען איך בין צוגעשטאַנען מיט דער פראַגע און געפרעגט אויך אַנדערע יודע דבר, האָב איך באַקומען אַן ענטפער, אַז עס

ווערט גערעכנט, לערך אַז 25 פּראָצענט פון אַלע קינדער אין שול־עלטער באַקומען אַ יידישע דערציִונג...

אַ מוסטערהאַפטער שולוועזן, אַ גוטע אָרגאַניזאַציע, פּרעכטיקע שולן, גוט־צוגעגרייטע לערער — מיט דעם אַלעם מעג ווירקלעך שטאָלצירן דער אַרגענטינער ישוב. אָבער — דער פּראָצענט קינדער, וואָס באַקומען אַ יידישע דערציִונג, איז נישט קיין גרויסער... פיל קלענערע ישובים פון לאַטיין־אַמעריקאַנער קאָנטינענט קאָנען נישט שטאָלצירן מיט אַזאַ שולוועזן, אָבער כמעט ווי דורכאויס איז דאָרט דער פּראָצענט יידישע קינדער אין די יידישע שולן — אַ פיל גרעסערער, און אין אייניקע לענדער אַפילו דער־גרייכט ער קרוב צו די הונדערט פּראָצענט. זיכער קאָן מען אין דעם נישט באַשולדיקן די שול־טוער, עס מוזן זיין אין דעם געגנוג באַרעכטיקטע אָב־יעקטיווע סיבות, און אין דער ערשטער ריי דער איינפלוס פון דער פרעמ־דער קולטור־סביבה און פון דער גרויסער מעטראָפּאָליע — און אַרגענטינע איז אין פאַרגלייך מיט אייניקע אַנדערע לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער — אַ הויך קולטורעל לאַנד — וואָס ווירקט אויף דער יידישער מינדערהייט אויפן זעלבן אופן, ווי די גרויסע וועלט־צענטערס פון אייראָפּע און פון דער גרויסער אַמעריקע, ווו דער פּראָצענט קינדער אין די יידישע שולן איז נישט קיין גרעסערער...

עס דאַרף געווען ווערן אין אַכט נאָך איין מאָטיוו, האָט מיר באַמערקט אַ שול־טוער, וואָס האָט באַזוכט דעם קאָנטינענט און קען גוט די יידישע ישובים פון לאַטיין־אַמעריקע: די רעגירונגס־שולן אין אַרגענטינע — פון אַלע מדרגנות — שטייען אויף אַ גאַנץ באַטייטנדיקער פּעדאַגאָגישער הויך, און דאָ זיינען אויך פאַראַן פּריוואַטע שולן זייער גוטע. מען קאָן אָבער נישט זאָגן דאָס זעלבע פון אַלע לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער, ווו די בע־סערע שולן זיינען, דאָס רוב, קאַטוליש־רעליגיעזע. אַזוי אַז יידישע עלטערן האָבן נישט געהאַט קיין ברירה, און אַפילו די פון זיי, וואָס שטייען ווייט פון יידישן לעבן, האָבן צווישן אַ קאַטוילישער שול און אַ יידישער — בעסער אויסגעוויילט די לעצטע...

## יוגנט־קלובן

אָבער אַפּילו די קינדער, וואָס באַזוכן נישט קיין ייִדישע שול — און אפשר טאַקע איבערהויפּט די — ווערן דורך אַנדערע קאַנאַלן אַרײַנגעפּירט אין ייִדישן לעבן. די ייִדישע אַטראַקציע־קראַפט פון דעם ישוב איז אַ גרויסע, און דער געזעלשאַפטלעכער דינאַמיזם און פיל־יאָריקע טראַדיציע האָבן געשאַפן אַ גײַסטיקע אַטמאָספערע, אין אַ גאַנצער ריי אינסטיטוציעס, אַרום וועלכע עס גרופּירן זיך צענער טויזנטער ייִדישע יוגנטלעכע. אַזוי ציילט די „העבראַיקאַ“ עטלעכע און דרײַסיק טויזנט מיטגלידער. און ס׳איז נישט נאָר קיין ספּאָרט־קלוב, נאָר אַ קולטור־אַנשטאַלט, וואָס באַמיט זיך, אויף זײַן אופן, צו באַווירקן זײַנע מיטגלידער אין ייִדישן גײַסט. דער שווים־קלוב „הכוח“ ציילט צען טויזנט מיטגלידער און „מכבי“ — פינף טויזנט.

אויף אויסצורעכענען אַלע ייִדישע אינסטיטוציעס אין אַרגענטינע, און אינפאָרמירן וועגן זייער טעטיקייט, דאַרף מען האָבן אַ גאַנץ בוך. די קהילה טוט עס אין אירע פּנקסים, וועלכע דערשײַנען פּעריאָדיש. איך האָב געזען אַזאַ מין „פּנקס פון דער קהילה“ פון גרויסן פאָרמאַט און 650 זײַטן. וועל איך נאָר דערמאָנען, אַז אין בוענאָס אײַרעס דערשײַנען צוויי טעגלעכע ייִדישע צײַטונגען פון זייער אַ הויכן ניוואָ: „די אידישע צײַטונג“ און „די פּרעסע“, און עס דערשײַנט אויך אַן אייגנאַרטיקער זשורנאַל פאַר דער פילאָסאָפישער עסיי „דווקא“, אונטער דער רעדאַקציע פון שלמה סוסקאָוויטש. דער איינציקער זשורנאַל פון דעם מין אויף דער ייִדישער שפּראַך.

מיר וועלן דערמאָנען נאָר איין סאַניטאַרע אינסטיטוציע — און זי איז נישט די איינציקע אין שטאָט — דעם ייִדישן שפּיטאָל „עזרה“, וואָס ווערט באַטראַכט ווי איינער פון די בעסטע שפּיטאָלן אין לאַנד. דער שפּיטאָל אַליין איז אַ שטעטל אַ גאַנצע, און איז באַזאָרגט מיט די מאָדערנסטע עקיפּן און מיט אַ קאַפּאַציטעט פאַר עטלעכע הונדערט אינטערנירטע, און פיל טויזנטער קראַנקע ווערן באַהאַנדלט טעגלעך אין די אויסערלעכע קאָנסולטאָריעס, ייִדן און נישט ייִדן. די טעטיקייט פון דעם הייל־אַנשטאַלט פאַרשאַפט אַ סך פרייַנד און כבוד דעם ישוב צווישן דער ייִדישער און נישט־ייִדישער באַפעלקערונג.

# די ביורא פון יידישן וועלט־קאָנגרעס פאַר לאַטיין־אַמעריקע

אין דער אַטמאָספערע פון געזעלשאַפטלעכן דינאַמיזם, וואָס ברויזט און קאָכט מיט יידיש לעבן אין בוענאָס־איירעס, עקסיסטירט אַן אינסטיטוציע, וועלכע טראָגט דעם נאָמען „ביורא פון יידישן וועלט־קאָנגרעס פאַר לאַטיין־אַמעריקע״, וועלכע דערפילט אַ וויכטיקע מיסיע אין קאָנטינענטאַלן מאָסשטאַב און פאָדערט דעריבער אויך אַ ברייטערע באַהאַנדלונג.

אמת, מיר האָבן זייט לאַנג שוין געוווסט און געהערט פון דער דאָזיקער עקסיסטענץ און פון איר טעטיקייט. דאָס איז אָבער אַלץ מאָגער און בלאָס, לגבי דער רעאַלערווירקלעכקייט. בעת מען כאַפּט אַ בליק אין דעם אמתן אינעווייניק פון דער דערמאָנטער אינסטיטוציע, וועלכע מאַכט דעם איינדרוק פון אַ גרויסער שיף, און מיט אַ געניטן קאַפּיטאַן, וועלכע האַלט אין זיין האַנט דעם רודער. און דאָס איז דער פיינער יידישער שרייבער, רעדנער און געזעלשאַפטלעכער פירער, מאַרק טורקאָוו.

נאָך אַ חודש צייט בעת איך האָב זיך געזעגנט מיטן יידישן בוענאָס איירעס, און איצט בעת מען זיצט פאַרטראַכט אין די מחשבות, לעבט אויפסניי אויף דאָס בילד, פון קאָריענטעס אין די צוויי טויזנטער, ווו איך בין געווען כמעט אַ טאָג טעגלעכער גאַסט, און כ׳זיץ איצט ביי מיין שרייב־מאַשין און זע אויפסניי די פאַרחלומטע אויגן, מיטן זילבערנעם קאָפּ האָר, מיטן דינעם ציגאַרל אין מויל, גלייך ווי אָט דאָס ציגאַרל וואָלט דאָס געווען דער נאָענטער פריינט פון מאַרק טורקאָוון, און איז זיין באַגלייטער, אויף זיינע שליאַכן און וועגן, צו דינען בלב ונפש די אינטערעסן פון יידישן פאָלק, אָדער אמווייניקסטנס אַ פופציק יידישע קהילות צעזייטע און צע־שפרייטע איבערן לאַטיין־אַמעריקאַנער קאָנטינענט.

דער טעלעפאָן רוט נישט אַ רגע, עס רופט אָן אויפהער דאָס יידיש־גע־זעלשאַפטלעכע לעבן פון דער גרויסער שטאָט. דאָ אַהער קומען אויך רופן

פון דער אַרגענטינער פּראָווינץ, ווו עס פּולסירט אַ געזונט ייִדיש לעבן. אויך פון אויסלאַנד רייַסט זיך אַרייַן אַ רוף וועגן פאַרשיידענע פראַגן און ענינים. די דאָזיקע ביוראָ, האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַן אַלגעמיינעם אַדרעס, פּונקט ווי עס וואָלט אויסגעזען אַ אמתע מלוכה.

דער טעלעפאָן שטעלט זיך אָפּ אַ רגע, און טורקאָוו מאַכט אַ באָטיק, לויפט אַרייַן אין די אַנדערע צימערן, ווו עס זיצן אַ שטאַב פון זייַנע סעקרעטאַרן. ער קומט פון דאָרט צוריק מיט בריוו און צירקולאַרן, וועלכע וועלן גלייַך צעשיקט דורך דער פאַרמיטלונג פון די הייַנטיקע מאָדערנע קאָמוניקאַציע מיטלען איבער אַלע ייִדישע קהילות.

און נישט נאָר באַוועגט זיך די טעטיקייט פון דער ביוראָ, דורך דער טעלעפאָן פאַרמיטלונג. דאָ מערקט זיך טאָג־טעגלעך אַ באַוועגונג פון מענטשן, סיי פון שטאָט ווי דער פּראָווינץ, און אויך פון די שכנותדיקע לענדער. מען קומט צו מאַרק טורקאָוון נאָך אַן עצה, נאָך אינסטרוקציעס, אָדער מיט ענינים פון דער קהילה.

טורקאָוו איז דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער לאַטיין־אַמעריקאַנער אָפּטיילונג פון ייִדישן וועלט־קאָנגרעס. אָבער אין זייַן שטאָט פּולסירט אַ פולבלוטיק געזעלשאַפטלעך לעבן, איז ער דאָ אומעטום, מיט זייַן פּערזאָן, מיט זייַן אָנטייל און זייַן וואָגיק וואָרט. עס איז ממש צו שטוינען, אַזאַ פּאַק פון געזעלשאַפטלעכקייט, ליגט אויף די פּלייצעס פון אַ יחיד. כמעט נישט פאַראַן אַ וויכטיקע זיצונג פון אַ „דאַיאַ", פון „אַמיאַ" און פון אַנדערע וויכטיקע אינסטיטוציעס, פון דערציִונגס־וועזן, אַז טורקאָוו זאָל נישט פאַרנעמען דאָרט זייַן אָרט. און אין ברויזנדן קולטורעלן לעבן פון ב. איירעס, איז דער דאָזיקער מענטש אויך אַ מיטבאַטייליקטער און נישט סתם אַ צושויער. זייַן באַזונדער בייַטראַג — דער פאַרלאַג „דאָס פּוילישע ייִדנטום" וועט אייביק אַרויסלייַכטן פון היכל פון אונדזער ייִדישער ליטעראַטור.

איך האָב געהאַט דעם פאַרגעניגן בייַזייַן אַ זיצונג, וועלכע דער וועלט־קאָנגרעס האָט פאַררופן, מיטן ציל צו אָרגאַניזירן אַן אַקציע צו פאָדערן אַ פרייַען אַרויספאָר פון די סאָוועטישע ייִדן, וואָס ווילן עולה זייַן קיין מדינת ישראל. מיט דער זיצונג האָט אָנגעפירט טורקאָוו, און עס זייַנען בייַגעווען פאַרשטייער פון אָרטיקע ייִדישע אינסטיטוציעס, און פון אייניקע ישובים



אַ גרופּע זשעלעכאָווער און גאַרוואָלינער אין זייער פאַראיין אין בוענאָס־אײַרעס. — פון רעכטס זיצן: א. רידעלמאַן, ש. לעווינסקי, אַל. פרויעמזאָן, י. פאַרבער (פון קאָסטאַ־ריקאַ), א. ראָכווערגער, פּ. ראָכווערגער, ל. קורצטאָג, ל. דע ראַפּעלד, מאַקס שלאַק, פּ. פאַסטמאַן, ע. ווייניצער, ז. שיצערמאַן, מ. שלאַק, ח. פרוימזאָן, פּ. ווײַניצער, ר. גובער, וו. שיפּערמאַן, מ. פאַסטמאַן, ל פאַסטמאַן, מ. ווייניצער, דובינסקי, פּ. דובינסקי, ב. נאַכטיילער, ג. נאַכטיילער, מ. פרוי־עמזאָן, ש. ווייניצער, מ. רובינשטיין, מ. אײַזענבערג, ד. פאַסטמאַן, י. גובער, ד. קורצטאָג, מ. שלאַק, י. ראַפּעלט, י. רובינשטיין

פון די אַרומיקע שכנישע לענדער. אַ באַזונדערס גוטן אײַנדרוק האָט גע־מאַכט די גרויסע צאָל יונגע מענטשן, פון צווייטן און פון דריטן דור, וועלכע האָבן אָנטיילגענומען אין די דעבאַטן.

מען האָט געפילט, אַז די יונגעלייט זײַנען דורכגעדרונגען מיט ייִדישן באַוווּסטזײַן, און נעמען אויף מיטן גאַנצן ערנסט די אחריות צו קעמפן פאַרן ייִדישן המשך און זאָרגן פאַר דער מדינה, און אײַנשטימיק איז באַ־שלאָסן געוואָרן דורכצופירן אַ פּראָטעסט־אַקט אין „לונאַ פּאַרק“, וואָס נעמט אַרײַן בײַ די פינף און צוואַנציק טויזנט מענטשן.

ער האָבן גערעדט עטלעכע רעדנערס אין שפּאַניש, און מאַרק טורקאָוו האָט גערעדט ייִדיש. אַ טריבון אין פּולן זין פון וואָרט; ער האָט די ריכטיקע שפּראַך פאַר די ברייטע מאַסן און קאָן דערוועקן ייִדישע געפילן. אין די לאַנגע יאָרן פון מײַן געזעלשאַפטלעכער אַקטיוויטעט, איז נאָך מיר קיין מאָל נישט אויסגעקומען בײַצוזײַן אַזאַ ייִדישע מאַסן־פאַרזאַמלונג. דער ריזיקער זאַל איז געווען געדיכט באַזעצט אויבן און אונטן, אַ וואַלד מענטשן־קעפּ, און צווישן זיי טויזנטער יוגנטלעכע פּנימער און אַ קעמפערישער ענטו־זיאַזם פון יונגע שטימען פאַרהילכט די לופט מיט „שלח את עמי!“.

די אָרטיקע אָפּטיילונג פון וועלט־קאָנגרעס, מיט דער באַטייליקונג פון דער „דאַיאַ“ און אַנדערע אינסטיטוציעס, האָט אָרגאַניזירט די מאַניפעס־טאַציע און דער ישוב האָט אויסגעדריקט זײַן מיטגעפיל און זײַן אָנוועזנהײַט. און מיר גלייבן, אַז דער רוף וועלכער האָט הילכיק אָפּגעקלונגען אין דעם אויבן־דערמאָנטן בוענאָס אײַרעסער „לונאַ פּאַרק“, האָט באַקומען אַ טיפן אָפּקלאַנג איבער אַלע טיילן פון דער ברייטער ייִדישער וועלט, אומעטום ווו ייִדן לעבן און שאַפן. אויך צו אונדזערע ברידער פון סאָוועטישן „גן עדן“ וועט אפשר זיך דורכרײַסן אַן אָפּקלאַנג פון ווײַטן לאַטיין־אַמעריקאַנער ייִדנטום, און זיי דערמוטיקן פאָרצוזעצן דעם קאַמף פאַר זייערע רעכט זיך צו פאַראייניקן מיט זייער פאָלק און עולה זײַן אין מדינת ישראל.

די לאַטיין־אַמעריקאַנער אָפּטיילונג פון ייִדישן וועלט־קאָנגרעס אין בוענאָס אײַרעס, טוט אויך קולטורעל־דערציִערישע אַרבעט, און פון זייער אַ באַדײַטנדיקן פאַרנעם. זי גיט אַרויס אַ ביבליאָטעק פון ייִדישע פּערזענ־לעכקייטן, היסטאָרישע געשעענישן און בכלל פון יודאַיִסטישער טעמאַטיק, וואָס איז באַשטימט פאַר דער יוגנט און פאַר די אַלע וואָס ווילן באַרײַכערן

זייער ייִדישן וויסן. אַכציק בראָשורן זײַנען שוין אַרויס, אין שפּאַניש, פון אָרטיקע און אויסלענדישע ייִדישע שרײַבער און גײַסט־מענטשן.

די אָפּטיילונג פון ייִדישן וועלט קאָנגרעס אין בוענאָס אײַרעס פאַר־בינדט אַלע ישובים פון קאָנטינענט אין איין גרויסער ייִדישער משפחה, וואָס זעט אין דער סאָלידאַרישער מיטאַרבעט און אייניקייט דעם וועג, וואָס זיכערט דעם ייִדישן קיום און המשך.

מיט דער פאַמיליע טורקאָוו פאַרבינדט מיך אַ פרײַנדשאַפט פון אַ סך יאָרן. מיט זיגמונדן, דעם טאַלענטירטן אַרטיסט און „בלאָנדזשענדיקן שטערן" איבער דער ייִדישער וועלט, בין איך געשטאַנען אין פּערמאַנענ־טער שריפטלעכער פאַרבינדונג, באַזונדערס אין דער צײַט ווען ער איז געווען אויף אונדזער קאָנטינענט. אין יאָר 1936 האָב איך אַראַנזשירט פאַר אים דרײַ פאָרשטעלונגען אין באָגאָטאַ, און כאָטש ער איז אײַנגעשטאַנען אין אַ האָטעל, איז ער פון מײַן שטוב נישט אַרויסגעטראָטן. ער איז געווען די אײדלקייט אַליין. אין דעצעמבער 1969 אָדער 1970, האָב איך באַקומען פון אים אַ בריוו, אַז ער פאָרט דרינגענדיק קיין ישראל. זײַן ייִנגערער ברודער, יצחק, איז ערנסט קראַנק, און זײַן אָנוועזנהײַט, שרײַבט ער, וועט זײַן פאַרן קראַנקן אַ טרייסט און דערלײַכטערונג. ער איז געווען בײַם קראַנקן בעט פון ברודער אַ פּאָר וואָכן און האָט באַקומען אַ האַרצשלאָג... אין אַ פּאָר מאָנאַטן אַרום איז אויך יצחק נפטר געוואָרן...

יצחק איז געווען מײַן יוגנט־חבר, און באַקענט האָב איך זיך מיט אים אין — אַ הכשרה, בײַם שטעטעלע מישעוו, אין פּוילן, אין יאָר 1921. איך געדענק עס פּונקט ווי עס וואָלט געווען נעכטן. אין מישעוו, האָבן אין איין שיינעם טאָג באַזוכט זייער מיזיניק — איציקלען — זײַנע עלטערן. דער פאָטער טורקאָוו, האָט אויסגעזען ווי אַ פּרינץ און די מוטער — אַ פּרינצעסין. זייער אויסזען, קליידונג און האַלטונג, האָבן באַשטעטיקט דעם אײַנדרוק. יצחק, איז אין ישראל געווען דירעקטאָר פון „שלום אַש מוזיי" און רעדאַקטאָר פון אַ וויכטיקער צײַטשריפט, „פּאָלקסבלאַט", אָרגאַן פון דער פּועלי־ציון פּאַרטיי. ער פלעגט מיר רעגולער שיקן די אויסגאַבע, און מיר האָבן אָנגעהאַלטן אַ שריפטלעכע פאַרבינדונג. אַזוי, אַז די משפחה טורקאָוו איז מיר גוט באַקענט און זייער נאָענט צום האַרצן.

# דער יידישער ישוב אין פּאַנאַמאַ

## געאָגראַפיע, וואָס מאַכט געשיכטע

פּאַנאַמאַ איז אַ קליינע רעפּובליק פון 75 טויזנט קוואַדראַט קילאָמעטער מיט אַ באַפעלקערונג פון אָנדערטהאַלבן מיליאָן נפשות. די געשיכטע פון דעם לאַנד, איז אין אַ גרויסער מאָס אַ רעזולטאַט פון זײַן געאָגראַפישער לאַגע. די געאָגראַפיע איז אין אַלע לענדער אַ וויכטיקער פאַקטאָר אין דעם גורל פון אַ נאַציע. אין פּאַנאַמאַ אָבער, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַ מין שמאָלע ערדישע בריק — פון זעכצן קילאָמעטער די ברייט אין אייניקע ערטער — וועלכע פאַרבינדט דעם צפון־ מיט דרום־אַמעריקע, און צע־שיידט דעם אַטלאַנטישן פון שטילן אָקעאַן, האָט די געאָגראַפיע געשפּילט אַ דעצידירנדיקן אײַנפלוס.

ביזן יאָר 1903 איז אָט דער שמאָלער פּאַס ערד געווען אַן אינטעגראַ־לער טייל פון קאָלאָמביע. אָבער דער מעכטיקער שכן פון צפון, די פאַראיי־ניקטע שטאַטן, האָט פאַרטראַכט אויסצובויען אַ קאַנאַל, וואָס זאָל פאַרבינדן די ביידע אָקעאַנען, דאָס האָט געפאָדערט די נאַציאָנאַלע זיכערקייט פון דעם גרויסן לאַנד, און אויך די אינטערעסן פון אינטערנאַציאָנאַלן האַנדל. און ס'איז אויסגעבויט געוואָרן אַ קאַנאַל, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר די העכסטע דערגרייכונג פון דער מאָדערנער אינזשעניערן־קונסט. די זאָנע פון קאַנאַל איז געבליבן אונטערן אויסשליסלעכן קאָנטראָל פון די פאַראייניקטע שטאַטן, און די „בריק" אין איר גאַנצער לענג, מיט אַ היפּשן הינטערלאַנד אַרום, איז דערקלערט געוואָרן ווי אַ פרײַע און אומאָפּהענגיקע מלוכה...

אַזוי אַז פּאַנאַמאַ איז די ייִנגסטע רעפּובליק אויף דעם קאָנטינענט, וואָס האָט פאַר דער קורצער צײַט פון איר עקסיסטענץ פאַרלייגט די גרונט־יסודות פון איר נאַציאָנאַלער זעלבשטענדיקייט, און שטרעבט איצט אויך צו „פאַרהיימישן" און אײַנשליסן איר איר נאַציאָנאַלן פאַרמעגן די קאַנאַל־זאָנע. דאָס לאַנד האָט אויך געזיכערט זײַן עקאָנאָמישע און קולטורעלע אַנט־

וויקלונג, פאַר וועלכע די ייִדישע אימיגראַנטן האָבן אויך באַטייטנדיק ביי־געטראָגן.

ייִדן האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן אין פּאַנאַמאַ נאָך אין דער צייט פון דער קאָלאָניאַלער עפּאָכע. אַ גרעסערע איינוואַנדערונג איז געקומען פון דער צווייטער העלפט פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, פון דעם ענגלישן אינדזל יאַמייקאַ און פון דעם האָלענדישן קוראַסאַאָ. זיי זיינען געקומען מיט קאַפּיטאַל, און האָבן זיך גענומען צום האַנדל, צוקער־אינדוסטריע, און קאָנסטרוקציע פון שיפן און הייזער. אין יאָר 1876, האָבן זיי געשאַפן דעם ערשטן ייִדישן פאַראיין און אויסגעבויט אַ שול, אַרום וועלכער עס גרופּירן זיך די עלטערע תושבים, וואָס האָבן זיך איינגעבירגערט און זיך דאָ גוט איינגעלעבט מיט די העכערע קלאַסן פון לאַנד, צו וועלכע זיי געהערן לויט זייער עקאָנאָמישער און סאָציאַלער פּאָרמאַציע.




דער „אַלבערט איינשטיין"־אינסטיטוט אין פּאַנאַמאַ, מיט דער עמבלעם פון מדינת ישראל — די מנורה און בוך — ביים אַריינגאַנג אין שול

אַ גרעסערע אײַנוואַנדערונג איז סוף פאָריקן יאָרהונדערט געקומען פון ספרדישע ייִדן, פון פאַרשיידענע אַראַבישע לענדער, און קורץ פאַרן צווייטן וועלטקריג און באַלד נאָך אים, האָבן זיך אויך באַזעצט אין פּאַנאַמאַ ייִדן פון די מזרח־אייראָפּעיִשע לענדער, וועלכע האָבן אין יאָר 1945 געשאַפן אַ שיינעם ייִדישן צענטער, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ שול צום דאַוונען און אַ קלוב פאַר אַלגעמיינער טעטיקייט, אין וועלכן זיי פאַרזאַמלען זיך אָפט בײַ פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע אַקטן.

נישט אַזוי לײַכט איז עס אָנגעקומען צו שאַפן אַן אייגן געזעלשאַפטלעך הויז. אין יענער צײַט איז נאָך אַ גרויסער טייל פון די אַשכנזישע ייִדן גע־ווען „גרינע", נישט אײַנגעפונדעוועט, נישט זיכער מיטן באָדן אונטער די פיס, און כאָטש דער אינטערעס פאַר אַ ייִדישן צענטער איז געווען גרויס, איז אָבער געשטאַנען אין וועג די פּראָבלעם פון פינאַנצירן אַזאַ אונטערנעמונג און די פראַגע פון דער אידעיִשער אָריענטאַציע, וועלכע מען וועט דער נײַער אינסטיטוציע געבן. חברה איז געקומען פון די פּוילישע און ליטווי־שע שטעט און שטעטלעך מיט אַ געזעלשאַפטלעכן באַגאַזש, מיט פּאָליטישע סימפּאַטיעס, מיט אַן אָנגעהעריקייט צו פאַרשיידענע „איזמען", און זיי האָבן אין דער נײַער היים געוואָלט זיך אויסלעבן אין הסכם מיט זייערע אידעאַלן.

לאַנגע מאָנאַטן האָט מען אויף פאַרזאַמלונגען דעבאַטירט וועגן כאַראַק־טער פונעם צענטער, וועגן זײַנע צילן און אויפגאַבעס, און ענדלעך איז מען געקומען צו אַ הסכם וועגן די עיקרדיקע פּרינציפּן און באַשלאָסן, אַז עס דאַרף געשאַפן ווערן אַ קהילה פון די מזרח־אייראָפּעיִשע ייִדן, וואָס זאָל באַפרידיקן אַלע ייִדיש־טראַדיציאָנעלע און געזעלשאַפטלעכע הצטרכותן. און עס איז אָנגעטרויט געוואָרן מײַן לאַנדסמאַן, שאָלעק אַלטמאַנען, אַז ער זאָל אויסאַרבעטן די „קאָנסטיטוציע" פון דער נײַער געזעלשאַפט, וועלכע וועט דאַרפן באַשטעטיקט ווערן דורך דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג.

## נוסח זשעלעכאָוו

און שאָלעק האָט צוגעשטעלט אַ דאָקומענט, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש מיט זײַן ערנסטער אידעיִשער וויזיע, געזונטער נאַציאָנאַלער אָריענטאַציע

און קליינשטעטלדיקער תמימות, ווי אַ טרײַער אויסדרוק פון „זשעליכאָווער נוסח", וואָס האָט געזוכט אַ סינטעז פון דער רעליגיעזער טראַדיציע און די פּראָגרעסיווע אידעאַלן, און וואָס ווערט אין די תקנות פון דער יונגער ייִדי־שער קהילה אין פּאַנאַמאַ, פאָרמולירט אין דעם צוזאָג צו שעפּן אינספּיראַ־ציע „פון די אַלטע און נײַע ייִדישע קוואַלן".

און שאָלעקס פּרינציפּן־דעקלאַראַציע ווערט צוזאַמענגעשטעלט פון די ווײַטערדיקע פּונקטן, וועלכע מיר גיבן אין זייער פולן און אָריגינעלן טעקסט, ווי אַ היסטאָרישן דאָקומענט, וואָס זאָגט עדות אויפן געפיל פון נאַציאָנאַ־לער אַחריות און ייִדישן באַוווּסטזײַן, וועלכע די מזרח־איראָפּעיִשע אימי־גראַנטן האָבן מיטגעבראַכט ווי אַ ירושה פון זייער אַלטער היים:

„א. — דער צענטער וועט זײַן דער פאַראייניקטער כוח פון אַלע ייִדן אין ישוב, אָן אונטערשייד פון פּאָליטישע איבערצײַגונגען;

ב. — דער צענטער שטרעבט צו אינספּירירן אַלע שעפערישע כוחות, אַז זיי זאָלן קומען צום אויסדרוק פאַרן נוצן פון אַלע ייִדן;

ג. — דער צענטער שטרעבט צו שאַפן אַ ברידערלעכע משפחה, ווו יעדער ייִד זאָל געפינען און קאָנען דערוואַרטן אַ וואַרעמע האַנט און הילף אין צײַט פון נויט;

ד. — אונדזער אָרגאַניזאַציע וועט ציִען אינספּיראַציע פון אַלטע און נײַע ייִדישע קוואַלן. עס קאָן נישט זײַן קיין אמת ייִדיש לעבן, אַז דאָס רע־ליגיעזע לעבן זאָל אויסגעלאָזט ווערן. יעדע פאָרעם פון קולטור, ציט איר אינספּיראַציע פון רעליגיעזן געפיל און האָט זיך אָנגעהויבן מיט רעליגיע. דער פאַרלאַנג פון פּרימיטיווען מענטשן צו דערקלערן זיך די אַרומיקע וועלט, האָט אים געפירט צו רעליגיע. די ערשטע און גרעסטע קעמפערס אין דער מענטשלעכער געשיכטע זײַנען געווען די ייִדישע נביאים, זייערע געדאַנקען זײַנען נאָך גילטיק ביז צום הײַנטיקן טאָג. צו איגנאָרירן די דאָזיקע לערע איז פשוט אַן אומזין;

ה. — דער ייִדישער בײַטראָג צום קאַמף פאַר פרײַהייט אין דער גע־שיכטע פון דער מענטשהייט — אָנהייבנדיק פון די נביאים ביז אונדזערע צײַטן — איז זייער באַטײַטנדיק אומעטום, און אין אַלע עפּאָכעס ווו ס'איז פאָרגעקומען אַ קאַמף פאַר גערעכטיקייט, זײַנען אונדזערע ברידער און



פאָרשטייערס פון דער רעגירונג און אַקאַדעמישע אינסטיטוציעס, רבנים, מיטגלידער פון דער פאַרוואַלטונג און עלטערן פון קינ־
קינדער, אויף אַ שול־אַקט אין „אַלבערט איינשטיין״־אינסטיטוט, אין פּאַנאַמאַ

שוועסטער געווען אין די פֿאָדערשטע רייען, אַזוי אין קאַמפּן קעגן די באַ־דריקערס, וואָס האָבן געוואָלט אַרויספּצווינגען זייערע פּאַגאַניסטישע געטער, ביזן קאַמף פֿאַר אַ גערעכטער וועלט אין אונדזער צײַט.

ציוניסטן און סאָציאַליסטן שטרעבן צו אַ גערעכטער וועלט, זײַנען קינ־דער און אייניקלעך פֿון יענע גרויסע לערערס אונדזערע, וואָס האָבן געפֿריי־דיקט ליבשאַפֿט צו אַלע מענטשן נאָך מיט טויזנטער יאָרן צוריק. מיר ווילן די דאָזיקע לערע ווײַטער פֿאָרזעצן און דאָס איבערגעבן אונדזער נײַעם דור;

ו. — דער צענטער וועט זײַן די גײַסטיקע היים פֿון אַלע ייִדן אין פּאַ־נאַמאַ. מיר וועלן, לויט אונדזערע מעגלעכקייטן, אָפּשפּיגלען דאָס קאָליר־פֿולע לעבן אין דער גאַנצער ייִדישער וועלט און אויפֿן גאַנצן פֿאַרנעם פֿון דער ייִדישער געשיכטע. די ייִדישע ליטעראַטור אין אַלע אירע פֿאָרמען, די שפּאַניש־אַראַבישע גאָלדענע תקופֿה, ביז דער מאָדערנער ייִדישער לי־טעראַטור אויף ייִדיש און העברעיִש. אַלץ דאַרף אונדז זײַן ליב און היימיש. מיר וועלן עפֿענען אַ ביבליאָטעק און זיך באַמיִען צו אַנטוויקלען, דורך פֿאַרשיידענע קולטור־אַקטן, דעם גײַסטיקן מצב פֿון אונדזערע מיטגלידער;

ז. — ייִדישע ימים־טובים וועלן געפֿײַערט ווערן ווי עס פּאַסט פֿאַר אַ ייִדישער אינסטיטוציע. אַ יום־טוב איז אַ טאָג אַרויסגעשיילט פֿון דער טאָג־טעגלעכקייט, וועלכער דערהייבט גײַסטיק; אַ טאָג, אין וועלכן עס איז פֿאָר־געקומען אַ וויכטיקע היסטאָרישע געשעעניש, וועלכע דאָס פֿאָלק האָט גע־פֿונען צו פֿאַראייביקן לדורות;

ח. — דער צענטער וועט עפֿענען אַ קינדער־שול, וואָס וועט דערציִען אונדזערע קינדער אין ייִדישן גײַסט, און די היגע ייִדישע תושבים וועלן מער נישט זײַן געצוווּנגען, קעגן זייער ווילן, צו שיקן זייערע קינדער אין קאַטוילישע שולן;

ט. — דער צענטער וועט שטיצן פֿינאַנציעל אַלע שעפֿערישע כּוחות אין ייִדישן לעבן איבער דער גאָרער וועלט, און וועט זאָרגן פֿאַר די סאָ־ציאַלע הצטרכותן פֿון לאָקאַלן ישוב, מיטן ציל צו פֿאַראייניקן און קאָנ־סאָלידירן דעם היגן ייִדישן ישוב".

קיין גבירים זײַנען נאָך אין יענער צײַט צווישן אַשכּנזישע אימיגראַנטן נישט געווען, דאָך האָט מען אין אַ קורצער צײַט באַוויזן צו שאַפֿן אַ סומע

פון דרײַסיק טויזנט דאָלאַר. אין יאָר 1945 איז אָפיציעל דערעפנט געוואָרן דער ייִדישער צענטער, וואָס האָט זיך געשטעלט אויף דער באַזע פון „אינטעגראַלער ייִדישקייט" און איבער־פּאַרטייִישקייט, וואָס האָט דערהאַלטן די גאַנצקייט פון דער אַשכנזישער גרופּע, און געפירט צו אַ געמיינזאַמער און אײַנפאַרשטענדיקונג פון אַלע ייִדן אין פּאַנאַמאַ.

## ייִדישע אַחריות

בײַ די צוויי טויזנט נפשות ציילט דער ייִדישער ישוב אין פּאַנאַמאַ, אַריבער אַ העלפט פון זיי געפינען זיך אין דער הויפּטשטאָט, און די איבעריקע אין קאָלאָן און אין אייניקע קלענערע שטעט.

אַזוי אַז דער ייִדישער ישוב איז צוזאַמענגעשטעלט פון דרײַ פאַרשיידענע עדות, מער־ווייניקער גלײַכע אין צאָל, אָבער גאַנץ באַזונדערע אין זייער סאָציאַלער אָנגעהעריקייט און גײַסטיקער קולטור. די ענגליש־האָלענדישע ייִדן, וועלכע האָבן באַוויזן צו דערגרייכן וויכטיקע פּאָזיציעס אין עקאָנאָמישן און קולטורעלן לעבן פון לאַנד, זײַנען אין אַ געוויסער מאָס קאָסמאָפּאָליטיש געשטימט, און זײַנען געווען דערווײַטערט פון די אַלע אַנדערע סעקטאָרן פון דער ייִדישער באַפעלקערונג.

די צווייטע גרופּע אין צאָל, די ספרדים, זײַנען טיף רעליגיעז געשטימט, רעדן צווישן זיך אַראַביש, און זאָרגן שטאַרק פאַר דער רעליגיעזער דערציִונג פון זייערע קינדער. די מזרח־אייראָפּעיִשע ייִדן — דאָס רוב ייִדיש־רעדנדיקע — זײַנען אָרגאַניזירט, ווי מיר האָבן אויבן דערמאָנט, אין אַ באַזונדער קהילה, וועלכע האָט געזוכט אַ קאָנטאַקט און אַ בשותפות־דיקע פּלאַטפאָרם פון צוזאַמענאַרבעט מיט די אַנדערע צוויי סעקטאָרן פון דער ייִדישער באַפעלקערונג.

נישט אַזוי לײַכט איז געווען אײַנצושטעלן אַ פאַרבינדונג און צוזאַמענאַרבעט פון די דרײַ גאַנץ באַזונדערע גרופּן. דאָך איז דאָס דערגרייכט געוואָרן; קודם כל, אַ דאַנק דעם בשותפותדיקן אינטערעס פאַר מדינת ישראל, אַ דאַנק דעם דינאַמיזם און גוטן ווילן פון דער אַשכנזישער

קהילה, — הײַנט בראש מיטן ה׳ ראובן קאַץ, — און אין די לעצטע יאָרן — אַ דאַנק דעם פּערזענלעכן אײַנפלוס פון הרב ד״ר העשל קלעפּפיש, דירעקטאָר פון דער אַלבערט איינשטיין שול און אַלגעמיין אָנערקענטער און באַליבטער גײַסטיקער מנהיג.

און נאָך לענגערע פאַרהאַנדלונגען איז געשאַפן געוואָרן אַ „ראַט פון יידישע קהילות", וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע צו קאָאָרדינירן די קאָמונאַלע אַרבעט פון די באַזונדערע קהילות און רעפּרעזענטירן דעם ישוב כלפּי־חוץ. עס איז אויך געוויילט געוואָרן אַ צענטראַלער קאַמפּיין קאָמיטעט, וואָס פירט אָן מיט די אַקציעס פאַר די לאָקאַלע יידישע הצטר־כותן און פאַר מדינת ישראל. די לעצטע עטלעכע יאָר ווערן אײַנגעאָרדנט צענטראַלע אַקטן צום אַניווערסאַר פון דער מדינה, צום אָנדענק פון וואַר־שעווער געטאָ־אויפשטאַנד און אַנדערע, אין וועלכע עס באַטייליקן זיך הונדערטער יידן פון אַלע סעקטאָרן.

*

אין אַלע ישובים פון דער יידישער וועלט האָט די אַנטשטייונג פון דער מדינה, און איר העראָישער קאַמף מיט די אַרומיקע שונאים, דערוועקט די פאַרשלאָפענע יידישע געפילן, און אַרײַנגעבלאָזן אַ רוח החיים פון גלויבן אין דער אייגענער פולווערטיקייט. אָבער אין ערגעץ איז עס נישט געקומען צו אַזאַ בולטן אויסדרוק ווי אין דעם קליינעם יידישן ישוב פון פּאַנאַמאַ, ווו די העכערע יידישע שיכטן זײַנען וואָס ווײַטער אַלץ מער אַרײַנגעוואָקסן אין דער אָרטיקער אַריסטאָקראַטיע, און די אַלע אַנדערע האָבן זיך געפילט איזאָלירט און אויסגעשטעלט אויף די אײַנפלוסן פון דער אַסימילאַציע. די מדינה האָט דערנענטערט די דרײַ באַזונדערע סעק־טאָרן, וועלכע האָבן גערעדט גאַנץ פאַרשיידענע שפּראַכן, און האָט זיי פאַראייניקט אויף דער באַזע פון אַ געמיינזאַמער פּלאַטפאָרם פון אַרבעט פאַרן יידישן לעבן אויפן אָרט און פאַר מדינת ישראל.

## אַ ייִד אין קאָלאָמביע

# הרב ד״ר העשל קלעפּפיש

זייער פיל בײַגעטראָגן האָט פאַר דער דאָזיקער דערנענטערונג, ווי געזאָגט, האָט דער ד״ר העשל קלעפּפיש. אַ בעל מידות טובות, און אַ מענטש מיט אַן אַלזײַטיקער און טיף ייִדישער קולטור, באַווײַזט ער צוזאַמענברענגען אַלץ מער אונטער איין דאַך די באַזונדערע דרײַ ייִדישע סעקטאָרן. צו זײַנע דרשות אין בית־תפילה קומען ייִדן פון אַלע גרופּן, און אין זײַן שול, אויפן נאָמען פון פּראָפ׳ אַלבערט איינשטיין, לערנען כמעט ווי אַלע ייִדישע קינדער. פיל עלטערן האָבן אַרויסגענומען זייערע קינדער פון די ענגלישע און קאַטוילישע שולן, און זיי געשיקט אין דער איינשטיין שול. דער ד״ר העשל קלעפּפיש איז אַ צענטראַלע פיגור, אַרום וועלכער עס גרופּירט זיך דאָס גאַנצע גײַסטיקע ייִדיש לעבן. אונטער זײַן אײַנפלוס האָט דער קיבוץ גלויות, וואָס איז באַשטאַנען פון דרײַ באַזונדערע שבטים דורכגעמאַכט אַ פּראָצעס אויב נישט פון צונויפשמעלצונג, איז פון אַ באַטײַטנדיקער דערנענטערונג, סײַ אין געזעלשאַפטלעכן לעבן ווי אַפילו אין פּערזענלעכע באַציִונגען.

איך האָב געהאַט דעם פאַרגעניגן זיך צו באַקענען מיטן ד״ר קלעפּפיש בעת מײַן באַזוך אין פּאַנאַמאַ, מיט אַ יאָר צען צוריק. איך האָב געוווּסט, אַז ער האָט על פּי נס זיך געראַטעוועט פון נאַציסטישן גיהנום און זײַנער אַ ברודער, אַ פירער פון אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ, איז אומגעקומען על קידוש השם. אויך זײַנע עלטערן, און די איבעריקע מיטגלידער פון דער משפּחה — אויסער איין שוועסטער — זײַנען אומגעקומען מיט די זעקס מיליאָן קדושים.

עס האָט מיך באַגלייט מײַן לאַנדסמאַן, שאלעק אַלטמאַן, רעדאַקטאָר פון „זשעליכאָווער בולעטין״, און דער ד״ר קלעפּפיש האָט אונדז אויפגענומען אין זײַן „קינדערשער מלוכה״. אַ מאָדערנע און ליכטיקע געבײַדע, אַרומגערינגלט מיט אַ פּאַרק, אין הויף שטייען עטלעכע גרויסע שיינע בוסן, וואָס ברענגען די קינדער אין שול, ס׳איז די צײַט פון לימוד. מיט אַ געפיל פון שטאָלץ פירט אונדז דער דירעקטאָר און ווײַזט אָן: דאָ איז דער קינדערגאָרטן; דאָרט, די קלאַסן פון דער עלעמענטאַר שול און דאָ — די מיטלשול.



גראַדויִרונג־אַקט אין „אַלבערט איינשטיין״־אינסטיטוט, אין יאָר 1964. — ד״ר קלעפּפּיש גיט איבער דעם מלוכה־פּרעזידענט, ד״ר ראָבערטאָ פ. טשיאַרי, אַן עקזעמפּלאַר פון שול־יאָרבוך, בײַ דער אָנוועזנהייט פון בילדונג־מיניסטער און דירעקטאָר פון פּראָטאָ־קאָל בײַם מיניסטריום פון אויסערן־ענינים

— וואָס לערנט מען אין שול? פרעג איך.

— אַלץ וואָס דאַרף געלערנט ווערן אין אַ יידישער שול, ענטפערט מיר דער ד״ר קלעפּפיש. יידישע געשיכטע, עברית, תנ״ך, ליטעראַטור, אָבער אַזוי ווי די שול איז אַן אינטעגראַלע, ווערן אויך געלערנט אַלע לימודים פון אַן אַלגעמיינער שול אין דער לאַנד־שפּראַך, און לויט די אָפיציעלע פּראָגראַמען. די שול האָט זיך קונה־שם געווען אין שטאָט ווי איינע פון די בעסטע שולן, לערנען אין איר אויך אייניקע נישט יידישע קינדער. יידישע געשיכטע ווערט געלערנט אין שפּאַניש און איז אָבליגאַטאָריש פאַר אַלע תלמידים, עברית — אָפּטאַטיוו, דאָך לערנען עברית אויך אייניקע נישט־יידישע קינדער, און צייכענען זיך אויס אין דער שפּראַך. די שול האָט געוווּנען אַ סך פּרײַנד אין שטאָט און דער עיקר — זי האָט געוווּנען דעם ישוב, און עס לערנען שוין הײַנט אין שול כמעט ווי אַלע יידישע קינדער...

*

אין דירעקטאָר־צימער, און אויף אונדזערע שפּעטערדיקע באַגעגענישן, האָט מיר דערציילט דער ד״ר קלעפּפיש, אַז זײַן פאָטער ז״ל איז געווען איינער פון די וווּנדערלעכסטע יידישע דערציִער, וואָס דאָס פּוילישע יידנטום האָט אַרויסגעגעבן. ער האָט געשאַפן אַן אייגנאַרטיקן פּעדאַגאָגישן מעטאָד, און האָט געשטרעבט צו אַנטוויקלען דעם כאַראַקטער פון זײַנע שילער, שטאַרקן זייער יידישן באַוווּסטזײַן און פאַרבינדן אויך די עלטערן מיט דער שול, וואָס אין יענער צײַט זײַנען עס געווען גאַנץ נײַע אידייען. ער האָט אויך געשאַפן אָוונט־קורסן, און האָט פאַראינטערעסירט און אַרײַנגעצויגן אין לימוד פון תורה און וויסן אויך די דערוואַקסענע.

ער האָט געשטאַמט פון גרויסן יידיש־פּוילישן יחוס. פון דער משפּחה פון באַרימטן וואַרשעווער רב, רבי שמואל זיינוויל קלעפּפיש ז״ל, און זײַן זיידע פון מוטערס צד, איז געווען דער גאון העשיל שאַפּיראָ ז״ל, רב פון שצוצין, לאָמזשער געגנט. אָבער דער פאָטער פון ד״ר קלעפּפיש האָט נישט נאָר געהאַט זכות אבות, נאָר אויך זכות עצמו. פון זײַן פריסטער יוגנט האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט עלוייִשע פעיִקייטן. געלערנט אין גרויסע ישיבות אין פּוילן און ליטע, און באַקומען סמיכות אויף רבנות. ער האָט

אויך אַרויסגעוויזן אַ נייגונג צו השכלה און בילדונג, און איז אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין דער חיבת־ציון באַוועגונג.

געקומען איז ער אין די ערשטע יאָרן פון הײַנטיקן יאָרהונדערט קיין זשיראַרדאָוו, ווײַל ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ פרוי פון דאָרטן, מיט ברכה פרידמאַן, וואָס האָט געשטאַמט פון איינער פון די פּאַטריאַרכאַלע געשטאַלטן אין ישוב, אַ צוקער־סוחר און עושר, און אַן עסקן פון גרויסן פּאַרנעם, איינער פון די בויערס פון דער קהילה, און באַליבטער, האַר־ציקער בעל־תפילה אין די ימים־נוראים.

אין זשיראַרדאָוו איז דאָס הויז פון רבי זלמן קלעפּפיש, געווען אַ צענטער פון תורה און השכלה. לומדים פלעגן אַרײַנקומען צו אים רעדן אין לערנען. חסידים אין „שטיבל" האָבן געוווסט, אַז קיינער פון זיי קאָן אים נישט איבערשטײַגן אין באַהאַוונטקייט אין די שיטות און אין דער געשיכטע פון חסידות. יונגעלײַט משכילים, „אויפגעקלערטע", פלעגן מיט אים דיסקוטירן איבער די נײַ־דערשינענע אויסגאַבעס אין דער העברעי־שער און יידישער ליטעראַטור. צו זײַן גרויסער בקיאות אין אַלע צווײַגן פון יידישן וויסן, און זײַן חריפות, איז אויך צוגעקומען זײַן זעלטענע אייגנ־שאַפט פון אַ גײַסטרײַכן מיטשמועסער. אין זײַן נשמה האָט געלעבט אַ וווּנדערלעכער סינטעז פון אַלע שטרעמונגען פון יידישן גײַסט.

די כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון דער דאָזיקער שיינער יידישער פּערזענלעכקייט זײַנען אויך דורכויס חל אויפן זון, אַזאַ איז ער הרב ד"ר העשל קלעפּפיש, דער גײַסטיקער מנהיג פון פּאַנאַמאַ, וואָס איז נאָך צו דעם אַ גרויסער מכניס אורח, אַ בעל־מידות טובות און אַ באַשיידענער מענטש, וואָס קוקט אויף דער וועלט ווי אויף די קינדער פון זײַן שול, מיט פּאַרליבטע און שמייכלענדיקע אויגן.

און ווי עס שײַנט, איז דער ד"ר העשל קלעפּפיש געבליבן טרײַ דער ירושה פון זײַנע אבות, ער האָט אויפן באָדן פון דער ווײַטער פּאַנאַמאַ, איבערגעפלאַנצט דעם פּעדאַגאָגישן נוסח פון זײַן פאָטער, און דורכגעדרונגען מיט אַ געפיל פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער יידישער צו־קונפט פון דעם ישוב, האָט ער מיט טיפער ליבשאַפט זיך אָפּגעגעבן דער דערציִונג פון יונגן דור און אויך פון זײַנע עלטערן. און „נוסח זשיראַר־דאָוו" אין פוילן, אין דעם שטעטל ווו דער ד"ר קלעפּפיש איז געבוירן



אַביטוריענטן פון דער 10טער גראַדויִירונג אין „אַלבערט אײַנשטיין״־אינסטיטוט, אין פּאַנאַמאַ

געוואָרן, און ווי זײַן פאָטער האָט געהאַט דעם „חדר מתוקן״ — ווי מען פלעגט דעמאָלט אַזעלכע שולן רופן — האָט אויפן באָדן פון דער ייִדישער פּאַנאַמאַ זייער גוטע פרוכט געגעבן. די קינדער פון די דרײַ פאַרשיידענע וועלטן, זײַנען געוואָרן איין באַוווסטזיניקע ייִדישע יוגנט.

## די ייִדישע ציוויליזאַציע

דער ד״ר קלעפּפיש האָט אַרויסגעגעבן אַ זאַמלונג פון זײַנע רעדעס אין שפּאַניש „רעאַליטעט און וויזיע״, וואָס קאָן דינען ווי אַ האַנטבוך פון אַ הויכער מדרגה פאַר די גײַסטיקע פירער און לערער, וועלכע האָבן די אויפגאַבע מחנך צו זײַן זייערע עדות אין גײַסט פון תורה און יהדות. עס איז אויך זייער אַן אינטערעסאַנטער לייען־און לערן־בוך פאַר די אַלע, וואָס ווילן זיך טיפער באַקענען מיט די גרונט־יסודות פון ייִדישקייט.

ווי אַ פּראָפעסאָר פון דער קאַטעדרע פאַר שפּראַך און העברעיִשער קולטור, בײַ דער אוניווערסיטעט אין פּאַנאַמאַ, האָט דער ד״ר קלעפּפיש בײַ דער דערעפענונג, דעם 16טן מאַי 1963, געהאַלטן אַ רעדע, וועלכע איז זייער גינציק קאָמענטירט געוואָרן אין דער אָרטיקער פּרעסע. ער האָט אָנגעוויזן, אַז דער אינטערעס פאַר דער העברעיִשער שפּראַך און איר קולטור, האָט זיך דערוועקט נאָך אין די אַלטע צײַטן, פיל יאָרהונדערטער פאַר דער אַנטשטייונג פון קריסטנטום. אַזוי אַז אין דעם 3טן יאָרהונדערט פאַר דער איצטיקער צײַטרעכענונג, איז געמאַכט געוואָרן אַן איבערזעצונג פון תנ״ך אויף גריכיש אין אַלעקסאַנדריע, וואָס איז אין יענער צײַט געווען אַ צענטער פון העלענישער קולטור. דער רעליגיעזער און עטישער געדאַנק פון דער מענטשהײַט איז באַרײַכערט געוואָרן דורך דעם ספר הספרים וואָס האָט שאַרף באַקעמפט די געצנדינערײַ און געפירט צו דער אַנטשטייונג פון אַ נײַער ציוויליזאַציע.

זיך באַציִענדיק אויף דער וויטאַליטעט פון דער שפּראַך, האָט ער געזאָגט, אַז עברית האָט נישט אויפגעהערט צו לעבן אין דער געדעכעניש פון פאָלק, און איז געוואָרן אַ שפּראַך פון טעגלעכן געברויך און אינטענ־

סיווער גײַסטיקער שאַפונג אין מדינת ישראל. אויף דער שפּראַך האָבן געפּריידיקט די נביאים, און זייער וואָרט איז געוואָרן אַ קוואַל פון אינ־ספּיראַציע, וואָס האָט געהאַט אַ טיפן אײַנפלוס אויף דער אַנטוויקלונג פון דער מענטשלעכער קולטור. נישטאָ קיין צווייט בוך אויף דער וועלט, וואָס זאָל אין דעם זין זיך קאָנען פאַרגלײַכן מיט דער ביבל. אָבער אויך נאָכן שליסן די ביבל, האָט דער שעפערישער גײַסט נישט פאַרלאָזן דאָס פאָלק, און עס איז געשאַפן געוואָרן דער תלמוד, די ייִדישע מיסטיק, די פילאָסאָפיע, די ליטעראַטור, וועלכע האָבן איבערגעלאָזן טיפע שפּורן אין דער מערב קולטור. „אין די אַלע שאַפונגען האָט דער מענטשלעכער באַ־וווסטזײַן דערפאַרן דעם תכלית פון לעבן און געלערנט ליבשאַפט צו מענטשן״...

## שאָלעק אַלטמאַן

נאָך אַ געמיטלעכן שמועס מיטן ד״ר קלעפּפיש בײַ וועלכן ס׳איז בײַגעווען מײַן שטענדיקער באַגלייטער אין פּאַנאַמאַ, מײַן לאַנדסמאַן, שאָלעק אַלטמאַן, פרעג איך אים שפּאַצירנדיק אין דער פּרעכטיקער פּאַל־מען־אַלייע אין דער אַריסטאָקראַטישער געגנט פון דער איינשטיין שול:

— ווי וואָלט עס, אַ שטייגער, די ייִדישע פּאַנאַמאַ אויסגעזען אָן דעם ד״ר קלעפּפיש? שאָלעק האָט מיך אָנגעקוקט מיט זײַנע קלוגע שמייכלענ־דיקע אויגן, און מיר געענטפערט:

— זי וואָלט אַזוי ייִדיש נישט אויסגעזען, גלייב מיר; זי וואָלט נישט געהאַט דעם איצטיקן ייִדישן פּנים...

— זיכער, האָב איך צוגעגעבן, און כ׳האָב געטראַכט אויף וועגן דעם „פּנים״, וואָס שאָלעק האָט באַקומען אין פאַרלויף פון די לאַנגע יאָרן זינט ער האָט פאַרלאָזן זשעליכאָוו. ער איז געווען עלטער פון מיר מיט עטלעכע יאָר און איז שוין געווען אַ „פּאָלנער״ אַרבעטער, בעת איך בין נאָך געווען אַ ייִנגל. אין יענער צײַט האָב איך אים אָפּט געזען ווען ער פלעגט גיין צו אָדער פון דער אַרבעט. נאָכדעם איז שאָלעק באַרימט געוואָרן אין שטעטל ווי אַ בונדישער טוער, ווי אַ גרויסער „אָראַטאָר״, וואָס פלעגט

אַרויסטרעטן אויף אַרבעטער פּאַרזאַמלונגען, און אויף דיסקוסיעס מיט ציוניסטן און קאָמוניסטן.

ווען נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט די עמיגראַציע אָנגעהויבן אויסליידיקן דאָס שטעטל פון יונגע יידישע בחורים, איז שאָלעק געווען איינער פון די ערשטע, וואָס איז אַוועק קיין אַמעריקע. ער האָט דאָרט מיטגעמאַכט דאָס לעבן פון אַ בונדישן פּראָלעטאַריער, און דאָס מיינט פון אַן אַרבעטער וואָס האָט נאָך אַ טאָג שאַפּ, און שפּעטער פון עפּעס אַ ביורא, געלעבט אַן אינטענסיוון געזעלשאַפטלעכן און גייסטיקן לעבן. און ווען אין צוואַנציק יאָר אַרום האָט ער זיך באַזעצט אין פּאַנאַמאַ מיט זיין גאַנצער משפחה, אַ פרוי און דריי קינדערלעך, האָב איך געזען פאַר זיך גאָר אַן אַנדער מענטשן. קודם כל אַ גרויסער פּאַטריאָט פון ישראל. שאָלעק האָט אַ סך געלערנט אין אַמעריקע, ער האָט געלעבט אין ניו־יאָרק, אין גרויסן צענטער פון יידישער קולטור, וואָס האָט אין די פּאַריקע יאָרן געבליט אויף אַלע געביטן. ווי אַן אַקטיווער פּאַרטייִשער טוער האָט ער עס אַלץ דורכגעלעבט און מיטגעמאַכט. און ווען נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן די פאַרשפּרייטע איבער דער וועלט זשעליכאָווער לאַנדסלייט, אונטערגענומען אַן איניציאַטיוו צו העלפן די שארית־הפליטה פון דער אַלטער היים, איז צו דעם צוועק אין ניו־יאָרק דערשינען אַ „זשעליכאָווער בולעטין". דער ערשטער רעדאַקטאָר איז געווען לייביש ווייסלענדער, און דער וויכטיקסטער מיטאַרבעטער און טוער איז געווען שאָלעק, און ווען ווייסלענדער האָט צוליב אַ קראַנקייט זיך געמוזט צוריקציִען, האָט שאָלעק אַלטמאַן רעדאַגירט דעם זשורנאַל, און ער האָט אים פאַרוואַנדלט נישט נאָר אין קיין זשעלאָכאָווער, נאָר אין אַן אַלגעמיינער יידישער טריבונע.

*

דער ד"ר העשל קלעפּפיש איז די לעצטע יאָרן געווען אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער פון זשורנאַל, און זיינע קליינע שטודיעס, געשריבן מיט אַ סך בקיאות און עלעגאַנץ, האָבן אַרויסגערופן אינטערעס און צוגעגעבן חשיבות דער אויסגאַבע. אויפן פאַרשלאַג פון שאָלעקן האָט דעריבער דאָס זשעליכאָווער פאָלק איינשטימיק באַשלאָסן צו באַערן אונדזער חשובן מיט־אַרבעטער, דעם ד"ר קלעפּפיש, און אַרויסגעבן אין בוכפאָרם די אַלע עסייען, וועלכע ער האָט געדרוקט אין „זשעליכאָווער בולעטין". מיר איז

אָנגעטרויט געוואָרן די זייער אָנגענעמע מיסיע צו באַגלייטן דאָס ווערק מיט אַ וואָרט „פון די אַרויסגעבער" אין וועלכן איך זאָג צווישן אַנדערעס:

„נישט קיין הקדמה האָבן מיר בדעה צו שרייַבן, דאָס וועלן טאָן מער באַרופענע פון אונדז, נאָר מיר זייַנען אויסן צו דערקלערן פאַר דער ייִדישער עפנטלעכקייט, וועלכער מיר טראָגן צו דעם דאָזיקן ספר פון הרב ד"ר העשל קלעפפיש, אַז די לאַנדסלייַט פון זשעלעכאָוו, פאַרשפּרייטע איבער פאַרשיידענע לענדער פון דעם לאַטיין־אַמעריקאַנער קאָנטינענט, האָבן אויף זיך גענומען די אויפגאַבע אַרויסצוגעבן דאָס בוך, ווי אַן אויסדרוק פון יראת הכבוד צום חשובן מחבר, ווי אַן אָנערקענונג פאַר זייַן פּיליאָרי־קער מיטאַרבעט אין „זשעלעכאָווער בולעטין", און ווי אַ צייכן פון אונדזער אידענטיפיקאַציע מיט די גייַסטיקע ווערטן, וועלכע דער ד"ר קלעפפיש פאַרשפּרייט מיט גרויס טאַלענט און ערודיציע, אַזוי אין לעבעדיקן וואָרט ווי אין שריפט, צווישן ייִדן און נישט־ייִדן.

„מיר זייַנען, אויף אַזאַ מין אופן, באַשיידענע שותפים צו אָט דעם טיף ייִדישן ווערק פון אַ תלמיד־חכם און געלערנטן, און באַטראַכטן עס ווי אַ זכות און ווי אַ מצווה, לזכר אונדזער פאַרשניטענעם געבוירן־שטעטל אין פּוילן.

„הרב ד"ר העשל קלעפפיש, איז דער גייַסטיקער מנהיג פון אַ וויכטיקן ייִדישן ישוב אין צענטראַל אַמעריקע, און דירעקטאָר פון איינער פון די בעסטע ייִדישע שולן אויפן קאָנטינענט, אין וועלכער עס לערנען כמעט ווי אַלע ייִדישע קינדער און אויך אַ צאָל נישט־ייִדן, קינדער פון די אינ־טעלעקטועלע שיכטן. זייַן גייַסטרייַכע פּערזענלעכקייט און טאָג־טעגלעכע טעטיקייט אין ייִדישן קיבוץ, און ווי אַ פּראָפעסאָר פון יודאַיִסטיק אויף דער נאַציאָנאַלער אוניווערסיטעט, פאַרשאַפט ער כבוד דעם ישוב און האָט געוווּנען די סימפּאַטיע פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג. זייַן אייַנפלוס איז ווייַט אַריבער די גרענעצן פון פּאַנאַמאַ, און פאַר די ייִדישע ישובים פון די אַרומיקע לענדער איז דער ד"ר קלעפפיש דער מורה דרך, דער אַלגעמיין אָנערקענטער אויטאָריטעט, וואָס דערוועקט די פאַרשלאָפענע ייִדישע סענטימענטן און פאַרשפּרייט ייִדישן וויסן דורך זייַנע ווערק אין ייִדיש און שפּאַניש.

„פאַר די זשעלעכאָווער לאַנדסלייַט איז הרב ד"ר קלעפפיש ווי איינער

פון אונדזער משפחה, ער שטרעבט אָבער צו פאַרוואַנדלען אין איין משפחה אַלע ישובים פון קאָנטינענט, אַלע ייִדן. דאָס דאָזיקע בוך, וועלכן מיר האָבן דעם כבוד צוטראָגן דעם ייִדישן לייענער, פירט צו דעם דערהויבענעם ציל, וועלכן דער מחבר האָט זיך געשטעלט ווי זײַן לעבנס־אויפגאַבע".

מיר וועלן בקרוב פֿײַערן דאָס דערשײַנען פון בוך, עס וועט אָבער אויף דער שמחה פעלן דער הויפּט־מחותן. אונדזער שאָלעק אַלטמאַן איז אַוועק אין דער אייביקייט, אַ שווערע קראַנקייט האָט אים פאַר דער צײַט פאַר־שניטן. שאָלעקס שיינגײַסט וועט אָבער אויף דער שמחה נישט פעלן. ער וועט אויך נישט פעלן אין האַרצן פון יעדן זשעלעכאָווער, וועלכע האָבן אים טיף געשעצט און ליב געהאַט.